

.КУЕМ МЫ СЧАСТИЯ КЛЮЧИ!

# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כודעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פֿאַרבאַנד פון פססר

דערשײַנט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל"
מאָסקווע

נאָיאַבער

11

1987

# אינהאַלט




**הויפּט־רעדאַקטאָר**

א. ווערגעליס

**רעדקאָלעגיע:**

כ. ביידער (שטעלפאַרטרעטער פון הויפּט־רעדאַקטאָר),
ש. גאָרדאָן, ט. גען,
א. טווערסקאָי,
נאָטע לוריע, ב. מאָגילנער,
ב. מילער, כ. מעלאַמוד,
ה. פּאָליאַנקער,
י. שוסטער (פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר), י. שרײַבמאַן



ביז רעכט זײַנען מיר שטאָלץ דערמיט, וואָס מיר האָבן די קוואַלן פֿון דער סאָציאַלער תּיאָריע און פּראַקטיק, סײַ פֿונעם נײַעם דענקען איז געשטאַנען און שטייט אונדזער לאַנד. די וועלט האָט זיך געענדערט ביז ניט צו דערקענען זי פֿאַר די לעצטע 70 יאָר — מאַטעריעל, גײַסטיק און פּאָליטיש. דער בײַטראָג פֿונעם גרויסן אָקטיאַבער אין דעם סאָציאַלן און אידייִשן פּראָגרעס פֿון דער מענטשהײַט איז די גרעסטע דערגרייכונג פֿון דער הײַנטצײַטיקער און קומענדיקער ציוויליזאַציע. מיר האָבן די פֿולע מעגלעכקײַט צו מאַכן וואָגיקער דעם דאָזיקן בײַטראָג מיט דער איבערבויונג, מיט אירע פּראַקטישע רעזולטאַטן, און דאָס אַנטשפּרעכט פֿולקום אונדזערע אינטערעסן.

(פֿון דער רעדע פֿונעם כאַווער גאָרבאַטשאָוו מ. ס. אין דער שטאָט מורמאַנסק דעם 1 אָקטיאַבער 1987)

# דער גרויסער אָקטיאַבער און די היסטאָרישע גוירהלעס פון אונדזער היימלאַנד

ס׳איז צו מערקן, אַז רעוואָליוציעס, וועלכע האָבן איבערגעלאָזט א טיפן שפּור אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, זיינען אַרויסגערופן געוואָרן צום לעבן ניט נאָר מיט די באַדערפענישן אין דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון די לענדער, וווּ זיי זיינען פאָרגעקומען, נאָר אויך מיט דער אַנטוויקלונג פון דער וועלט אינגאַנצן גענומען. די גרויסע סאָציאַליסטישע אָקטיאַבער־רעוואָליוציע שרייבט זיך אָרגאַניש אַריין אינעם קאָנטעקסט פון אָט דער אַלגעמיינער געזעצמעסיקייט. אין אָנהייב פון XX יה., ווען עס איז אין אַלוועלטלעכן מאַסשטאַב רייף געוואָרן די אויפגאַבע פונעם איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם, האָט גראָד דער אָקטיאַבער פולער פון אַלץ זי אויסגעדריקט, עפענענדיק די עפּאָכע פון דער רעוואָליוציאָנערער איבערבויונג פון דער וועלט אויף נייע, סאָציאַליסטישע יסודות. צוזאַמען דערמיט האָט די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע געהאַט טיפע וואָרצלען אין דער רוסלענדישערווירקלעכקייט און האָט אַנטשפּראָכן די נאַציאָנאַלע אינטערעסן און באַדערפענישן פון די פעלקער אין רוסלאַנד. איר אומפאַרענדערלעכע באַדייטונג באַשטייט אין דעם, וואָס זי האָט אומצעטיילבאַר פאַרבונדן דעם סאָציאַליזם מיט די היסטאָרישע גוירהלעס פון אונדזער היימלאַנד. און שוין קימאַט 70 יאָר איז דער סאָציאַליזם דער נאַציאָנאַלער וועג פון אונדזער אַנטוויקלונג.

„אין אונדזער באַוווּסטזיין, אין אונדזערע געפילן איז דער אָקטיאַבער א זאַך פון דעם העכסטן נאַציאָנאַלן שטאָלץ פון די סאָוועטישע מענטשן, — איז געזאָגט אין דער ווענדונג פונעם צק קפּסס „צום סאָוועטישן פאָלק”. — די רעוואָליוציע איז געוואָרן א ביישפּיללאָזער אויפשוווּנג פון דער היסטאָרישער שאַפונג פון די מאַסן, א שטערן־שאָ פונעם זיגרייכן פאָלק, וואָס האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם יאָך פון קאַפּיטאַליסטישער און פּריצישער עקספּלואַטאַציע”.

די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט אָנגעהויבן פון דעם, וואָס זי האָט אויסגעבעסערט דעם פּאַטאַלן און, וואָלט זיך געדוכט, אומפאַרענדערלעכן גאַנג פון די געשעענישן — געראַטעוועט רוסלאַנד פון א נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע. די געקומענע צו דער מאַכט אין פעברואַר 1917 בורזשואַזיע, האָט, אַרויסגייענדיק פון שמאָל־קלאַסנווע, אייגננוציקע אינטערעסן, ניט נאָר פאַרגרעסערט די פאַרהאַסטע מיצאַד דעם פאָלק מילכאָמע, נאָר אויך פאַרטאָפּלט דעם ווירטשאַפטלעכן כורבן, צו וועלכן ס׳האָט דערפירט די מילכאָמע, באַוווּסטזיניק געשטויסן דאָס לאַנד אינעם טהאָם פון א קאַטאַסטראָפע, האָפנדיק, אַז דער עקאָנאָמישער קראַך וועט „אומקערן צום כייכל” דאָס פאָלק און פאַרמיידן א פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציע. אין דער זעלבער צייט האָבן די קריגס־מאַפּאָלעס, וועלכע האָבן אונטערגעריסן דעם מיליטערישן שוץ־פּאָטענציאַל פון רוסלאַנד, געמאַכט פאַר רעאַל די געפאַר צו פאַרלירן די נאַציאָנאַלע זעלבשטענדיקייט און די טעריטאָריעלע גאַנצקייט. וו. אי. לענין האָט שיר ניט דער ערשטער דערזען די דאָזיקע געפאַר, אָנווייזנדיק, אַז די גיגאַנטן־אימפּעריאַליסטן דראָען צעטיילן און דערשטיקן רוסלאַנד.

די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, שטירצנדיק די בורזשואַזיע, האָט אומגעקערט אונדזער היימלאַנד דעם סטאַטוס פון א גרויסער מעלוכע אין דער וועלט, אָנפילנדיק זי מיט א נייעם סאָציאַלן אינהאַלט. און שפּעטער, ווען די ווייסגוואַרדייער האָבן אין הורט און לאַכאַדים אויספאַרקויפט זי די אויסלענדישע אימפּעריאַליסטן, האָבן גראָד די פּאַרטיי פון קאָמוניסטן און די סאָוועטנמאַכט זיך

באַוויזן פאַר די אויגן פון די פאָלקסמאַסן ווי מוטיקע פּאַרטיידיקער פון די נאַציאָנאַלע אינטערעסן און רעכט פון די פעלקער פון רוסלאַנד, פון זײַן מעלוכישער סוווערעניטעט און איינהײַט.

איינע פון די ערשטראַנגיקע אַלנאַציאָנאַלע אויפגאַבן פון דער רעוואָלוציע איז געווען — ליקווידירן די אָפּגעשטאַנענקײַט פון רוסלאַנד. זײַענדיק די גרעסטע קאַפּיטאַליסטישע מעלוכע אין יענער צײַט, איז רוסלאַנד אייגנצײַטיק מערקבאַר אָפּגעשטאַנען פון די פאַרגעשריטענע מײַרעוו־לענדער אין טעכניש־עקאָנאָמישן פּראָט. דערבײַ איז אין די ערשטע יאָרצענדליקער פונעם XX יה. די דאָזיקע אָפּגעשטאַנענקײַט נאָך מער געשטיגן. א סאָציאַלער אויסדרוק פון דעם זײַנען געווען דער נידעריקער לעבנס־ניוואָ, דער דאַלעס און דאַקעס פון דער באַפעלקערונג, באַזונדערס פונעם פּויערטום. די קולטורעלע אָפּגעשטאַנענקײַט פון רוסלאַנד האָט אויך זיך פאַרוואַנדלט אין א נאַציאָנאַלער טראַגעדיע. רוסלאַנד האָט געגעבן דער וועלט קלאַסישע מוסטערס פון קינסטלערישער און וויסנשאַפטלעכער שאַפונג, פיל קאָריפייען פון קולטור און וויסנשאַפט. גלײַכצײַטיק איז די דערוואַקסענע באַפעלקערונג געווען פאַר דער רעוואָלוציע אויף דרײַ פערטל אַנאַלפאַבעטן. וואָס איז שייַעך די רעגירנדיקע קרײַזן פון רוסלאַנד, האָט דער ראש פון דער צאַרישער רעגירונג קאַקאָווצאָוו, אַרויסטרעטנדיק אין דער מעלוכע־דומע (מײַ 1913), מיט מאַקסימאַלער אָפּנהאַרציקײַט דערקלערט: „זיך פאַרשטעלן, אַז פאַר א צײַט־אָפּשניט פון אוועלכע־ניט־איז עטוואָס מער פון 20 יאָר וואָלטן מיר געקאָנט דעריאָגן די מעלוכעס מיט א דורכעסדיקער קולטור, — דאָס איז אזא פאַדערונג, וועלכע מע דאַרף ניט אַרויסשטעלן“.

די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָט דרייסט, אַנטשיידנדיק און גיך, ווי קיין שום אַנדער רעוואָלוציע אין דער וועלט־געשיכטע, אָפּגערייניקט דאָס לאַנד פונעם מיטלאַלטערלעכן כלאָם — פון אָט דער, ריידנדיק מיט לענינס ווערטער, „באַרבאַרישקײַט, פון אָט דער שאַנד, פון אָט דעם גרעסטן טאַרמאָז פון יעטווידער קולטור און פון יעטווידן פּראָגרעס אין אונדזער לאַנד“ (פולע זאַמלונג פון ווערק, ב. 44, ז. 144). מיט איין קלאַפּ האָט זי באַפרײַט די פילמיליאָניקע פּויערישע מאַסן פון דער פריצישער קנעכטשאַפט. עס זײַנען אויך ליקווידירט געוואָרן די שטאַנדן, די פּריווילעגירטע לאַגע פונעם קלויסטער, די ניט־גלײַכבאַרעכטיקונג פון די פרויען.

די געשיכטע האָט באַשטעטיקט די ריכטיקײַט פון לענינס וויסנשאַפטלעכן פּראָגנאָז: בלויז א רעוואָלוציאָנערער איבערגאַנג צו א מער העכערער, סאָציאַליסטישער פּראָדוצירונג און צו א מער פאַרפולקומטער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע פון דער געזעלשאַפט, דאָס אַרויסבאַפרײַען די דערדריקטע מיטן יאָך פונעם צאַריזם און פון דעם קאַפּיטאַל מעכטיקע געזעלשאַפטלעכע קוואַלן, וועלכע זײַנען געווען פאַרבאָרגן אין די פאָלקסמאַסן, האָט געעפנט א רעאַלע מעגלעכקײַט אַרויספירן רוסלאַנד פונעם טעמפּן ווינקל פון אָפּגעשטאַנענקײַט אַפן וועג פון נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט און סאָציאַלן פּראָגרעס. מיר וועלן דערמאָנען, אַז אין סאַמע ערעוו פונעם אָקטיאַבער, אין יענע טעג, ווען דאָס לאַנד איז געלעגן אין כורווס און מע האָט, וואָלט זיך געדאַכט, געקאָנט טרוימען בלויז וועגן א שטיקל ברויט, האָבן זיך דערהערט די באַגײַסטערטע ווערטער פונעם פירער פון דער רעוואָלוציע: „דעריאָגן די פאַרגעשריטענע לענדער און איבעריאָגן זיי אויך עקאָנאָמיש“ (ב. 34, ז. 198).

די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָט גלײַך ווי איבערגעשלאָסן די שנעלקײַט אין דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פונעם לאַנד, באַשײַמפּערלעך באַוויזן, אַז אינעם סאָציאַליזם זײַנען פאַרלייגט גיגאַנטישע קויכעס און מעגלעכקײַטן צו פאַרשנעלערן דעם סאָציאַלן, עקאָנאָמישן און קולטורעלן פּראָגרעס. בײַקומענדיק אומגעהייערע שוועריקײַטן און נויט, האָט דאָס סאָוועטישע פאָלק אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, נאָך אין דער מיט פון די 20־ער יאָרן א סאך געמאַכט מיט די פאָלגן פונעם ווירטשאַפטלעכן כורבן. שוין צום סאַך פונעם ערשטן פינפיאָר האָט דער סאָוועטנפאַרבאַנד פאַרנומען לויטן ניוואָ פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוצירונג דאָס ערשטע אָרט אין אייראָפּע און דאָס צווייטע אָרט אין דער וועלט. אונדזער לאַנד האָט אין קירצסטע היסטאָרישע טערמינען דערוואָרבן אזא מאַצעוו, וועלכע די מײַרעוו־לענדער האָבן דערגרייכט פאַר פיל יאָרצענדליקער און אפילע יאָרהונדערטער. אין דאָרף איז אָנשטאָט קליינע און צעדרויבלטע פּויערישע ווירטשאַפטן אויפגעקומען א גרויסע סאָציאַליסטישע פּראָדוצירונג. די קולטור־רעוואָלוציע האָט דערמעגלעכט ליקווידירן דעם אַנאַלפאַבעטיזם בא דער מערהײַט פון דער באַפעלקערונג, צוגרייטן קאַדרען פון א נײַער, סאָוועטישער אינטעליגענץ, שאַפן א דורכויסיקן פראָנט פון וויסנשאַפט.

מיט דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע איז אומצערײַסלעך פאַרבונדן די לייזונג פון אזא ערשטראַנגיקער לויט איר וויכטיקײַט פאַר א פילנאַציאָנאַל לאַנד פּראָבלעם, ווי דאָס פאַרניכטן דעם נאַציאָנאַלן יאָך און גאַראַנטירן דאָס רעאַלע רעכט פון יעדן פאָלק אויף נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג. די רעוואָלוציע האָט באַטײַט — א ראַדיקאַלער איבערבראַך אינעם לעבן פון יעדן פון די פעלקער אין רוסלאַנד, געשאַפן פאַר זיי מאַטעריעלע, סאָציאַלע און פּאָליטישע באַדינגונגען פאַר נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט און אַנטוויקלונג אויפן יעסאָד פון גלײַכהײַט, פרײַהײַט און פרײַוויליקער מיטאַרבעט

אין די ראַמען פון אן איינהייטלעכער פאַרבאַנדישער מעלוכע. טרעפנדיק די פעלקער פון אונדזער לאַנד אױף פאַרשיידענע מאַדרייגעס פונעם עקאָנאָמישן און קולטורעלן פּראָגרעס, האָט דער סאָציאַליזם געזיכערט דאָס אויסגלייכן די ניוואָען פון זייער אַנטוויקלונג, די פאַקטישע גלייכהייט פון די נאַציעס און פעלקערשאַפטן אין אַלע ספערן פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, דעם אויפבלי פון דער קולטור — אַ נאַציאָנאַלע לויט דער פאָרם און אַ סאָציאַליסטישע לויטן אינהאַלט.

אין גאַנג פון די סאָציאַליסטישע איבערגעשטאַלטיקונגען זיינען היסטאָרישע ענדערונגען פאָרגעקומען אויך אין געביט פון מאָראַל און סאָציאַלער פּסיכאָלאָגיע פון די מאַסן. אַנשטאָט דער בורזשואַזער מאָראַל און קליינבירגערלעכער פּסיכאָלאָגיע זיינען אין דער סאָוועטישער געזעלשאַפט איינגעפונדעוועט געוואָרן און געלאָזט טיפע וואָרצלען נייע סאָציאַליסטישע פּרינציפּן פון הומאַניזם, קאָלעקטיוויזם און כאַווערישער קעגנזייטיקער הילף.

פאַרוואַנדלענדיק אונדזער היימלאַנד אין אַ פאָרגעשריטענער און מעכטיקער מעלוכע, האָט דער סאָציאַליזם אין גרונט געענדערט איר לאַגע און איר ראָל אױף דער וועלט־אַרענע. אויב אין דער ערשטער וועלט־מילכאָמע איז דאָס בורזשואַז־פּריצישע רוסלאַנד אַרויסגעטראָטן ווי אַ מעשאָרעס פון די מײַרעוודיקע פאַרבינדעטע, איז דער סאָוועטנפאַרבאַנד אין דער צווייטער וועלט־מילכאָמע געווען די פירנדיקע קראַפט אין דער אַנטיהיטלער־קאָאַליציע און האָט אַרייַנגעטראָגן אַן אַנטשיידנדיקן צושטייער אין דעם זיגרייכן אויסגאַנג פון דער מילכאָמע. גראָד דער סאָציאַליזם האָט צוגעגעבן אונדזער לאַנד אַזאַ מעכטיקייט און שטאַנדהאַפטיקייט, אין וועלכע עס האָבן זיך צעקלאַפּט אַלע פּרווון פונעם שלאָג־אָטריאַד פון דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־רעאַקציע — פון דעם היטלער־דייטשלאַנד — צו נעמען אַ סאָציאַלן רעוואַנש און פאַרשקלאַפן דאָס סאָוועטישע פאָלק. אין די יאָרן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע האָבן אין דעם באַוווסטזיין פון די סאָוועטישע מענטשן זיך צונויפגעגאָסן צוזאַמען די גורלעס פונעם היימלאַנד און די גורלעס פונעם סאָציאַליזם, און דאָס איז געוואָרן איינער פון די אידייִשע קוואַלן פונעם סאָוועטישן פּאַטריאָטיזם און מאַסן־העראָיזם.

ווי מיר זעען, האָט די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע פּאָליטיש, מאַטעריעל, גייסטיק און מאָראַליש באַניַיט אונדזער לאַנד. די דאָזיקע ענדערונגען, וועלכע האָבן אַן אַלוועלטלעך־היסטאָרישע באַדייַטונג, זיינען מעגלעך געוואָרן דערפאַר, וויַיל זיי האָבן געבראַכט אין באַוועגונג דעם גראַנדיעזן שעפערישן פּאָטענציאַל פון די פאָלקסמאַסן, אויפגעוואַכט אין זיי דעם דאָרשט צו בויונג און צו זעלבשטענדיקער שאַפונג. אין די ערשטע יאָרצענדליקער פון דער סאָוועטנמאַכט האָבן די ברייטע פאָלקסמאַסן, זעענדיק, ווי אַדאַנק זייערע דירעקטע רעוואָלוציאָנערע און אַרבעטס־באַמיִונגען צעוואַלגערט זיך די אַלטע וועלט און עס ווערט איבערגעשטאַלטיקט דער אויסזען פונעם היימלאַנד, צום ערשטן מאָל דערפילט זייער אָנגעהעריקייט צו „מאַכן“ די געשיכטע. דערפון דרינגט אַרויס דער אומגעהייַערער לויט דער מאַסנהאַפטיקייט און אָפּריכטיקייט רעוואָליוציאָנערער ענטוזיאַזם און דער אַרבעטס־פּאַטאָס פון די 20־ער — 30־ער יאָרן. די מייַסים און האַנדלונגען פון באַזונדערע פּערזאָנען און פון גאַנצע קאָלעקטיוון האָבן אָפּגעשאַצט ניט נאָר די מיטגלידער פון דער פּאַרטיי און די קאָמיוגיסטן, נאָר אויך די ברייטע קרייַזן פון די אַרבעטנדיקע לויט דעם העכסטן פאַר יענער צייַט קריטעריִ: צי אַנטשפּרעכן זיי יאָ, צי אַנטשפּרעכן זיי ניט די אינטערעסן פון דער רעוואָליוציע און פונעם סאָציאַליזם. אַ הויכע אידייִש־מאָראַלישע אַטמאָספער — דאָס איז יענער קרעפטנדיקער יעסאָד, וועלכער איז הייַנט אַזוי נייטיק, קעדיי מאָראַליש געזינטער מאַכן אונדזער געזעלשאַפט!

די פירנדיקע באַדייַטונג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע פאַר די היסטאָרישע גורלעס פון אונדזער היימלאַנד באַשטייט אין דעם, וואָס זי האָט געעפנט פאַר די פאָלקסמאַסן אַ וועג פאַר אַן עכט דעמאָקראַטישן פּראָגרעס. ווי באַוווּסט, אין רעזולטאַט פון אַ לענגערער הערשאַפט פונעם צאַרישן אַבסאָליוטיזם, אין רעזולטאַט פון דער שוואַכקייַט פונעם בורזשואַזן ליבעראַליזם, האָבן אין רוסלאַנד זיך ניט געשאַפן קיין דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס און טראַדיציעס. אָבער אַליין די פאָלקסמאַסן האָבן אין פּראָצעס פון דער רעוואָליוציע פאַרפולט אָט דעם היסטאָרישן בלויז, שאַפנדיק סאָוועטן פון אַרבעטער און פויערישע דעפּוטאַטן. לויט דער מאָס פון דעמאָקראַטיזם האָבן זיי איבערגעשטיגן יעטווידע אינסטיטוציעס פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע און געוואָרן אָרגאַנען פון דער פאָלקסמאַכט און פון דער דעמאָקראַטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג.

פון דער אַנדערער זייַט, האָט די בורזשואַז־דעמאָקראַטישע אָרדענונג, וועלכע האָט זיך איינגעשטעלט אין רוסלאַנד נאָך דער פעווראַל־רעוואָליוציע, באַוויזן פאַר אַ קורצן טערמין איר באַגרענעצטקייַט — זי האָט ניט געגעבן די אַרבעטנדיקע קיין רעאַלע דערגרייכונגען: ניט קיין שאָלעם, ניט קיין ברויט, ניט קיין ערד. אַליין די רוסישע בורזשואַזיע האָט מאַכמעס דער איימע פאַר דער רעוואָליוציאָנערער זעלבסטעטיקייַט פון די מאַסן שנעל זיך אַנטוישט אין דער בורזשואַזער דעמאָ־

קראַטיע און זיך אָפּגעזאָגט האַרבסטצײַט 1917, ווי ס'האָט אַנערקענט דער לידער פֿון דער איקערדיקער בורזשואזער פּאַרטיי — קאַדעטן — מיליוקאָוו, אונטערצושטיצן די בורזשואזע רעפּובליק. זי האָט געפּלאַכטן קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע פֿאַרשווערונגען מיטן ציל צו דערשטיקן די רעוואָלוציע און ראַטעווען די מאָנאַרכיע. דער היסטאָרישער עמעס באַשטייט אין דעם, אַז די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע, אַראָפּוואַרפֿנדיק די בורזשואַזיע, האָט געראַטעוועט די דעמאָקראַטישע דעראָבערונגען פֿונעם פֿאָלק, אַנטוויקלט, פֿאַרטיפֿערט זיי און זיי פֿאַרשפּרייט אויף די סאָציאַל־עקאָנאָמישע באַציִונגען.

נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָבן די סאָוועטן דערלויבט פֿאַרייניקן די דעמאָקראַטיע מיטן סאָציאַליזם און דערמיט גופֿע צוציִען די ברייטע אַרבעטנדיקע מאַסן צו אַן אַקטיוון אָנטייל אינעם פּאָליטישן לעבן, צו פֿאַרוואַלטן מיט די מעלוכישע ענינים. אין די ערשטע יאָרצענדליקער האָבן די סאָוועטן אויף אַלע ניוואָען אַקטיוו אָנטיילגענומען אין די סאָציאַליסטישע איבערגעשטאַלטיקונגען און געהאַט אַ שטאַרקן אויטאָריטעט און צוטרוי מיצאַד די פֿאָלקסמאַסן. דעריבער דאַרפֿן מיר ניט הײַנט, ווען די פּאַרטיי האָט גענומען אַ קורס אויף צו פֿאַרברייטערן די כאַציאַליכטישע דעמאָקראַטיע, אַנטלײַען ערגעץ מוסטערן פֿון דעמאָקראַטיזם, זיי זײַנען פֿאַראַן אין אונדזער געשיכטע, אין אונדזער דערפֿאַרונג.

פֿאַרשטייט זיך, אַז אין גאַנג פֿון דער סאָציאַליסטישער אַנטוויקלונג זײַנען איבער אָביעקטיווע און סוביעקטיווע סיבעס און שוועריקײַטן געווען סײַ כעסרוינעס, סײַ בלויזן, סײַ פֿעלערן, וועלכע האָבן ניט זעלטן אָנגענומען אַ דראַמאַטישן כאַראַקטער. דאָס איז אויך אַ היסטאָרישער עמעס. אַמאָל דוכט זיך, אַז דראַמאַטישע און צומאָל אויך טראַגישע סיטואַציעס זײַנען געווען אין אונדזער געשיכטע מער, איידער זיי וואָלטן געקאָנט זײַן. ערשטנס, זײַנען אויף אונדזער גורל אויסגעפֿאַלן אַלע מעגלעכע און ניט־מעגלעכע שוועריקײַטן און אויספּרווון, וועלכע עס דערוואַרטן פּיאָנערן אויף די נאָך ניט־אויסגעטראָטענע וועגן פֿון סאָציאַלן פּראָגרעס. צווייטנס, האָט זיך אויסגעקלאָרט, אַז אויך באַם סאָציאַליזם גייט די היסטאָרישע אַנטוויקלונג מיט אַ זיגזאַגאַרטיקן וועג. אויף דעם האָט נאָך אויפֿמערקזאַם געמאַכט לענין, אָפּמערקנדיק אין 1921 יאָר אין שײַכעס מיטן איבערגאַנג צום נעפּ: די פּאַרטיי „האָט געמיינט, אַז אונדזער באַוועגונג וועט גיין לויט אַ גראָדער ליניע. האָט זיך אַרויסגעוויזן, ווי ס'האָט קעסיידער זיך אַרויסגעוויזן אין דער גאַנצער געשיכטע פֿון רעוואָלוציעס, אַז די באַוועגונג איז אַוועק מיט זיגזאַגן" (ב. 43, ז. 65).

דריטנס, דאַרף מען נעמען אין אַכט די היסטאָרישע יונגקײַט פֿונעם סאָציאַליזם אַלס נײַע געזעלשאַפֿטלעך־עקאָנאָמישע אָרדענונג. 70 יאָר איז פֿאַר דער געשיכטע לאַכלוטן ניט קיין גרויסער טערמין. דעריבער האָט דער סאָציאַלאַזם, האַגאַם ער האָט טאַקע באַוויזן דעמאָנסטרירן זײַן שעפֿערישע מעכטיקײַט און די אומבאַשטרײַטבאַרע פֿאָרצוגן פֿאַרן קאַפּיטאַליזם, ניט געקאָנט אין דער פֿולער מאָס פֿאַנאַנדערוויקלען זײַנע שעפֿערישע מעגלעכקײַטן. באַזונדערס שווער גייט די פֿאָרמירונג פֿון אַ נײַעם טיפּ דעמאָקראַטיע.

דאָס איז אָבער אַן אַלגעמיין־היסטאָרישע געזעצמעסיקײַט. אין פֿראַנקרײַך, לעמאָשל, האָבן צוליב אײַנפֿונדעווען די בורזשואזע דעמאָקראַטיע (אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס אַ פֿאָרמעלע) זיך געפֿאָדערט דרײַ בורזשואזע רעוואָלוציעס (1789—1794, 1830 און 1848), איין פּראָלעטאַרישע (די פּאַריזשער קאָמונע פֿון 1871) און אין אונדזער צײַט — די עפּאָפּיי פֿונעם פֿאָלקס־פֿראָנט (1936—1938).

און, לעסאָף, ס'איז אויסגעקומען מיט אַ טײַערער פּרײַז צו צעצאָלן זיך פֿאַר די אָפּווײַכונגען פֿון די לענינישע פּרינציפּן און מעטאָדן פֿון דער בויונג פֿון אַ נײַער געזעלשאַפֿט, פֿאַרן ברעכן די סאָציאַליסטישע געזעצלעכקײַט, די דעמאָקראַטישע לעבנס־נאָרמעס אין דער פּאַרטיי און אין דער געזעלשאַפֿט, פֿאַר די וואָליונטאַריסטישע פֿעלערן, פֿאַרן דאָגמאַטיזם אינעם אויפֿן פֿון דענקען, פֿאַר דער אינערציע אין די פּראַקטישע האַנדלונגען.

אויף דער גרענעץ פֿון די 70־ער — 80־ער יאָרן האָט זיך געשאַפֿן אַן אַליאַרמירנדיקע פֿאַר די היסטאָרישע גורלעס פֿון אונדזער היימלאַנד אַלס סאָציאַליסטישע מעלוכע סיטואַציע. און די זאַך באַשטייט ניט נאָר אין דעם, וואָס אין אָט דער צײַט האָבן זיך פֿאַרלאַנגזאַמט די טעמפּן פֿונעם עקאָנאָמישן וווּקס און פֿון זײַנע סאָציאַלע פֿאָלגן. ס'האָט זיך פֿאַרטאָרמאָזירט און דערנאָך איז אַוועק אויף צוריק דער אָנגעהויבענער נאָכן XX פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר פּראָצעס פֿון דעמאָקראַטיזירן דאָס געזעלשאַפֿטלעכע לעבן; ווידער האָבן גענומען די אויבערהאַנט די אַדמיניסטראַטיוו־ביוראָקראַטישע מעטאָדן פֿון אָנפֿירן מיט דער עקאָנאָמיק, קולטור, וויסנשאַפֿט; ס'איז זיך צעוואַקסן דער פֿאַרוואַלטונגס־אַפּאַראַט; עס זײַנען געבראָכן געוואָרן די פּרינציפּן פֿון סאָציאַלער גערעכטיקײַט; אַלץ באַשײַמפּערלעכער איז געוואָרן דער אײַנרײַס צווישן וואָרט און טאַט. אין רעזולטאַט דערפֿון איז באַ אַ טייל פֿון די סאָוועטישע מענטשן, באַזונדערס באַ דער יוגנט, אָפּגעשוואַכט געוואָרן דער גלויבן אין אונדזערע רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַליסטישע אידעאַלן.

אָבער די דאָזיקע פֿאַרקריפּלונגען און דעפֿאָרמאַציעס זײַנען ניט געדרונגען פֿון דער נאַטור פֿונעם סאָציִאַליזם, ניט געענדערט זײַן טאָך, ניט צעוואַקלט די טרײַהײַט פֿונעם סאָוועטישן פֿאָלק צו זײַן פֿונדאַמענטאַלן סאָציִאַליסטישן אויסוואַל. גראָד מיטן סאָציִאַליזם זײַנען פֿאַרבונדן דער סאָציִאַלער און נאַציִאָנאַלער ווידערגעבורט פֿון אונדזער היימלאַנד, זײַן היסטאָרישער אַרופֿשטײַג פֿון דער אָפּגעשטאַנענקײַט צו די הייכן פֿון דער הײַנטצײַטיקער ציוויליזאַציע און מעכטיקײַט, אונדזערע האָפֿענונגען און געדאַנקען, אונדזער הײַנטיקער און מאָרגעדיקער טאָג.

פֿאַר די 70 יאָר פֿון דער סאָוועטנמאַכט האָט אונדזער לאַנד זיך דערשלאָגן גיגאַנטישע רעזולטאַטן. איבערראַשנדיקע ענדערונגען זײַנען פֿאָרגעקומען אין אַלע ספֿערן פֿון דער פֿאָלקסווירטשאַפֿט און פֿונעם פֿאָלקס־וווילשטאַנד. אויף אײביק זײַנען אַנטרונען אין דער פֿאַרגאַנגענהײַט די אַרבעטלאָזיקײַט, דער דאַלעס און דאַכקעס פֿון די אַרבעטנדיקע. דאָס סאָוועטנלאַנד האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין דעם גרעסטן זעלבשטענדיקן וועלט־צענטער פֿון וויסנשאַפֿטלעך־טעכנישן און קולטורעלן פּראָגרעס. לויט באַליביקע מאָסן קאָן מען ניט די דאָזיקע רעזולטאַטן אָפּשאַצן אַנדערש, ווי אַ פּריִער אומגעהערטן שפּרונג אין דער אַנטוויקלונג פֿון די פּראָדוציר־קרעפֿטן און פֿון דער קולטור. אַזאַ איז דער היסטאָרישער עמעס וועגן די דערגרייכונגען פֿונעם סאָציִאַליזם אין פֿססר.

דער אַפּרעל־פּלענום (1985) פֿון צק קפּסס, דער XXVII פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר האָבן פֿאַנאַנדערגעאַרבעט די פּאָליטישע ליניע פֿון דער פּאַרטיי, וואָס איז אויסגערעכנט אויף אַ ראַדיקאַלער באַנײַונג פֿונעם סאָציִאַליזם און אויף אַן אַלמעגלעכער פֿאַרשנעלערונג פֿון דער סאָציִאַל־עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פֿונעם לאַנד.

גרויסע, פּרינציפּיעלע וויכטיקע באַשלוסן זײַנען אָנגענומען געוואָרן אויפֿן יאַנואַר־פּלענום (1987) פֿון צק. זיי באַוואָפֿענען די פּאַרטיי און דאָס פֿאָלק מיט דער טעאָריע פֿון איבערבויונג, מאָביליזירן זיי אויף מער טיפֿערע רעפֿאָרמען, אויף דרייסטע מאָסמיטלען, וועלכע זײַנען באַרופֿן צוצוגעבן דעם סאָציִאַליזם הײַנטצײַטיקסטע פֿאָרמען פֿון דער אָרגאַניזאַציע פֿון דער געזעלשאַפֿט. דער שליסל אויף צו דערגרייכן די דאָזיקע צילן איז די רעוואָליוציִאָנערע איבערבויונג, די דעמאָקראַטיזאַציע פֿון אַלע ספֿערן פֿונעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, דאָס פֿאַנאַנדערבינדן די איניציִאַטיוו און די זעלבסטעטיקײַט פֿון די מאַסן.

אונדזער אויסוואַל איז שוין געמאַכט. „ניט אין אַ זײַט פֿונעם סאָציִאַליזם, נאָר מער סאָציִאַליזם" — האָט באַטאָנט מ. ס. גאָרבאַטשאָוו. אַזאַ איז דער אומבאַשטרײַטלעכער אימפּעראַטיוו פֿון דער געשיכטע. אַזאַ איז דער ענטפֿער פֿון דער פּאַרטיי און פֿונעם פֿאָלק אויפֿן אַרויסרוף פֿון אונדזער האַרבער און פֿאַראַנטוואָרטלעכער צײַט.

פּ א וו ע ל  וו אָ ל אָ ב ו י ע וו,
מיטגליד־קאָרעספּאָנדענט
פֿון דער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע פֿון פֿססר



# דער אָטעם פֿון דער שטורעם־צײַט

## רעפּאָרטאַזש פֿון דער ייִדישער פּרעסע אין די יאָרן 1917 — 1920

❁ פּאַרגעלטע בויגנס, אָפּגעריבענער שריפֿט, בלאַסע פֿאַרב. צײַטונגען, וועלכע ליגן שוין פֿיל יאָרצענדליקער אין די אַרכיוו־פּאָנדן. שווײַגנדיקע אײדעס פֿון שטורעמטעג.

אויב אַ בלעטער טאָן אָט די אויסגאַבעס, וועט זיך גלײַך אַנטפּלעקן אַ צײַט פֿון היסטאָרישן גערנגל, ווען ס'איז געבוירן געוואָרן די וועלט, אין וועלכער מיר לעבן שוין זיבעציק יאָר.

אַ ברייטע פֿאָרשטעלונג וועגן דעם, וואָס דאַן איז פֿאָרגעקומען, געפֿינען מיר אין די דערציילונגען, נאָוועלעס, פֿאַרצייכענונגען, לידער, וועלכע די צײַטונגען און זשורנאַלן פֿלעגן פֿאַרעפֿנטלעכן פֿון טאָג צו טאָג, פֿון וואָך צו וואָך, פֿון כוידעש צו כוידעש.

## דאָס פֿאָלק איז אַרויס אויף דער גאַס

גאַנץ רוסלאַנד איז אַרויס אויף דער גאַס. די גאַס האָט גערוישט, געקאָכט, געמיטינגט. אַלע טאָג — מאַניפֿעסטאַציעס, דעמאָנסטראַציעס, פֿאַרזאַמלונגען. מיט רויטע פֿאָנען, מיט פֿלאַמיקע רעדעס, מיט לאָזונגען און אויסגעשרייען „הוראַ!". די גאַס האָט גערודערט.

ס'איז געווען נאָך דעם, ווי מע האָט שוין אַראָפּגעוואָרפֿן דעם קייסער, און דאָס פֿאָלק האָט פֿאַרבונדן מיט דער מאַפּאָלע פֿון דער זעלבסטהערשונג פֿרײַדיקע האָפֿענונגען. איינער פֿון די ערשטע אין דער ייִדישער ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק האָט אויף די דאָזיקע געשעענישן זיך אָפּגערופֿן דער 75־יאָריקער שרײַבער מאָרדכע ספּעקטאָר (1858—1925). זײַן נאָמען איז דעם ייִדישן לייענער געווען גוט באַקאַנט. אויף אַ יאָר עלטער פֿון שאָלעם־אַלייכעמען, האָט ער אין איין צײַט מיט אים (1883) זיך אָנגעהויבן דרוקן אין פּעטערבורגער „ייִדישן פֿאָלקסבלאַט". אין 1917, נאָך דער פֿעברואַל־רעוואָליוציע, איז מ. ספּעקטאָר געווען אַ מיטאַרבעטער אין דער אָדעסער צײַטונג „דאָס נײַע לעבן", און דאָרט טאַקע האָט ער אינעם נומער פֿאַרן 27 דעקאַבער 1917 פֿאַרעפֿנטלעכט די נאָוועלע „מאַרסעליעזע".



ווען מאָרדכע ספּעקטאָר האָט געשריבן זײַן נאָוועלע, האָבן אין אָדעס זיך פֿאַנאַנדערגעוויקלט בלוטיקע געשעענישן — די קאָנטער־רעוואָלוציע איז אויך אַרויס אויף דער באַפֿרײַטער גאַס, און אָדעסער שטאָט־פּלעצער זײַנען פֿאַרגאָסן געוואָרן מיט בלוט (וועגן דעם האָט געגעבן דערציילט דער סאָוועטישער ייִדישער פּראָזאַיקער שײַע שקאַראָווסקי אין זײַן ראָמאַן „אָדעס", אַן אויסצוג פֿון וועלכן „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט אָפּגעדרוקט אינעם פֿאַריקן נומער).

# מאַרסעליעזע

(צײַט־בילדער)

## 1

— וואָס איז פאַר אַזאַ ראַש אין גאַס? דאַכט זיך, עס שפּילט מוזיק? אַך, ווי שיין זיי שפּילן!

די דאָזיקע ווערטער האָט גערעדט דער בלינדער יאָסל, וועלכער האָט שטענדיק געשוויגן. [ער האָט] צוגעהערט זיך צו דער מוזיק, וואָס אירע טענער האָבן זיך אַלץ נעענטער דערהערט. אויף זײַן פּנים מיט די פאַרמאַכטע אויגן האָט אָנגעהויבן שפּילן אַ גליקלעכער שמייכל.

די היימישע אין שטוב, דערזעענדיק דעם שמייכל, האָבן זיך דערפרייט, וואָס יאָסל איז אַ ביסל פריילעך געוואָרן, ווײַל זינט ער איז געקומען פון די אָקאָפּעס, האָט מען אויף זײַן פּנים קיין פריילעכע מינע ניט געזען.

— מאַמע, — האָט ער זיך געווענדט צו זײַן מוטער, וועלכע איז קיינמאָל ניט אָפּגעטראָטן פון אים, — דאַכט זיך, אַז מע שפּילט די מאַרכעליעזע? אַך, ווי שיין!

— יאָ, די מאַרסעליעזע, מײַן קינד, אַלע זינגען הײַנט די מאַרסעליעזע. אויב עס געפעלט דיר אַזוי, קום מיט מיר אַ ביסל אויף דער גאַס, וועסטו בעסער הערן די מוזיק, אַלע זײַנען איצטער אין גאַס.

— און מע מעג פרײַ הערן די מאַרסעליעזע?

— נאַרעלע, — האָט זיך אָנגערופן דער ייִנגערער ברודער, — דו ווייסט דען ניט, אַז מיר לעבן איצטער אין אַ פרײַ לאַנד און אַז עס איז מער קיין זשאַנדאַרמען ניטאָ, מע זאָל פאַר זיי מוירע האָבן?

— איך האָב פאַרגעסן, איך בין אַלץ צוגעוווינט צו זינגען די רעוואָלוציאָנערע לידער ערגעץ באַהאַלטן אין וואַלד, הינטער דער שטאָט.

— נו, דו גייסט, מײַן זון? — האָט די מוטער געפרעגט, וועלנדיק איר אומגליקלעכן זון ארויספירן אויף דער פרישער לופט.

— באַלד, מאַמע, גיב מיר מײַן נײַע שינעל.

די מוטער האָט אים אָנגעטאָן אין זײַן נײַער שינעל, אויף וועלכער עס איז געהאַנגען אַ מעדאַל מיט צוויי „געאָרגיעווסקי קרעסטן", און, געפירט פון דער מוטער, האָט ער זיך אויפגעהויבן אויף די עטלעכע טרעפּלעך פון זייער קעלערשטוב, און זיי זײַנען ארויס אויף דער גאַס, ווו די זון האָט העל געשײַנט און די מוזיק און דער פריילעכער ראַש האָט זיך קלאָרער און שטאַרקער געהערט.

— אַך, וואָס פאַר אַ גוטע, מעכײַעדיקע לופט!

— אַוודע, דו ביסט שוין אַזוי לאַנג אויף דער גאַס ניט געווען. קום, מײַן קינד, וועלן מיר גיין מיט דעם עולם, צוזאַמען מיט דער מוזיק.

און ביידע האָבן זיך אויסגעמישט צווישן דעם גרויסן עולם, וואָס האָט פאַרפולט די גאַס.

## 2

שוין אַ האַלב יאָר, אַז יאָסל, נאָך דרײַ יאָר ליגן אין די אָקאָפּעס, האָט זיך אומגעקערט אַהיים אַ בלינדער פון די גיפטיקע גאַזן.

זײַנע עלטערן האָבן זיך זייער געפרייט מיט זײַן צוריקקומען, ווײַל זיי האָבן שוין פון אים לאַנג קיין בריוו ניט באַקומען און גערעכנט, אַז ער איז געהאַרגעט געוואָרן. אָבער זייער שׂימחה איז פאַרשטערט געווען, וואָס ער האָט זײַנע ביידע אויגן אין דער מילחמה פאַרלוירן. נאָר מיט אַלע קרעפטן האָבן זיי אײַנגעהאַלטן זייער גרויסן טרויער און צער, אים אָפּגעהיט און געגאַנגען אַרום אים מיט דער גרעסטער ליבע.

אין אָנהייב האָט זיך יאָסל געפרייט מיט זײַן צוריקקומען אַהיים, נאָר באַלד איז ער אַרײַנגעפאַלן אין מאָרעשכוירע, פילנדיק, אַז ער איז אַ געזונטער מענטש און קאָן ניט אַרבעטן, אָן אומזיסטער עסער אינדערהיים, ווו אַלע — דער טאַטע, די מאַמע, די שוועסטער און דער ברודער אַרבעטן שווער, יעדער אין זײַן פאַך. פריִער איז ער געווען אַ בלעכער און האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט זײַן טאַטן, גערעכנט זיך פאַר דעם בעסטן אַרבעטער, און איצטער — צו וואָס טויג ער אָן אויגן? טאָג און נאַכט פלעג ער שווײַגנדיק ליגן אָדער זיצן אין ווינקל אויף זײַן בעטל, און ניט איין מאָל פלעג ער בײַ זיך טראַכטן: פאַרוואָס האָט אים דענסטמאָל דער גיפטיקער גאַז אינגאַנצן ניט פאַרסאַמט?

נאָך איצטער, דערהערנדיק פרײַ שפּילן און זינגען די רעוואָליוציאָנערע לידער אַף די גאַסן, האָט ער פאַר דער גאַנצער צײַט אופגעלעבט און איז, געפירט פון זײַן מוטער, אַרויס אין גאַס גלײַך מיט אַלע מענטשן.

די דאָזיקע ניגונים און לידער זײַנען אים פון לאַנג באַקאַנט, ווען ער פלעג צוזאַמען מיט זײַנע כאַווײרים אַרבעטער זיי זינגען ערגעץ אין באַהעלטעניש.

3

ווען יאָסל איז איצטער צוריק מיט זײַן מוטער געקומען פון גאַס, האָט ער געזאָגט:

— איך בין גליקלעך, וואָס איך האָב דערלעבט צו הערן די לידער פרײַ געזונגען, כאָטש זען דעם פרײַען יאָמטעוו אַף די גאַסן קאָן איך שוין ניט.

און פון דעם טאָג אָן פלעג יאָסל פונעם הויף, פון אַלע שטאָקן הערן זינגען און שפּילן די רעוואָליוציאָנערע לידער. אַפילע פונעם צווייטן שטאָק, וווּ עס וווינען די רײַכע „בורזשוקעס", האָט ער געהערט, ווי זייערע טעכטער שפּילן אַף דער פּיאַנינע די מאַרסעליעזע. פון אַלע שטאָקן — פון די קעלערשטיבער ביז דעם פערטן שטאָק האָבן זיך די רעוואָליוציאָנערע טענער געהערט, און זיי האָבן דערגרייכט צו יאָסלען אין קעלערשטוב. אַפילע פון די קיכן האָבן זיך געהערט די שיינע קלאַנגען פון דער מאַרסעליעזע, און די קינדער, ווען זיי פלעגן זיך שפּילן, האָבן פאַרהילכט דעם גאַנצן הויף מיט דער מאַרסעליעזע.

און יעדעס מאָל, ווען די טענער האָבן דערגרייכט צו יאָסלען אין קעלערשטוב, פלעג ער זיך אופכאַפּן פון זײַן מאָרעשכוירע און, טאַפּנדיק מיט די הענט, זיך צושלעפּן צום קליינעם פענצטערל און א שײַנענדיקער, א גליקלעכער, אָפּשטיין די גאַנצע צײַט, ביז די זיסע קלאַנגען האָבן ניט אופגעהערט.

און איינמאָל איז יאָסל גאָר א גליקלעכער געווען. אין הויף איז אַרײַן אַן אַלטער מיט א פידעלע אין די הענט און געשפּילט און געזונגען:

Отречемся от старого мира,
Отряхнем его прах с наших ног...
Вперед, вперед, рабочий народ!

יאָסל איז געוואָרן אַזוי אַנציקט, אַז, אָנטאַפּנדיק דאָס פענצטערל, האָט ער צוזאַמען מיטן אַלטן, פול מיט היסלײַוועס, געזונגען די ליד, וועלכע איז אים פון לאַנג באַקאַנט.

און זײַנע היימישע האָבן אָנגעקוואָלן, צוזעענדיק, אַז זייער יאָסל האָט צוריק אופגעלעבט, ווי אין די פריערדיקע יאָרן.

...עס זײַנען אַוועק טעג, וואָכן און כאַדאָשים, און וואָס ווײַטער, האָבן זיך די קלאַנגען פון דער מאַרסעליעזע אַלץ ווייניקער געהערט אינעם הויף.

פריער פאַר אַלע האָבן אופגעהערט די קלאַנגען פונעם צווייטן שטאָק, וווּ עס האָבן זיך געפונען די פּיאַנינעס, און אָנשטאָט דער מאַרסעליעזע האָבן געקלונגען טענער פון דער אָפּערעטקע „די שיינע יעלענע", דערנאָך איז עס דערגאַנגען צו די אַנדערע שטאָקן. אַפילע די קינדער אַפן הויף האָבן אופגעהערט צו זינגען די מאַרסעליעזע.

און דער אַלטער, וואָס פלעג מיט זײַן פידעלע יעדע וואָך קומען אין הויף, האָט אויך אופגעהערט צו זינגען די רעוואָליוציאָנערע ליד, און אָנשטאָט איר זינגט ער זײַן אַמאָליקע ליד:

פאַריאָמערט, פאַרקלאָגט,
פון זײַן היים פאַריאָגט...

שטיל איז איצט אינעם הויף, שטיל איז איצט אויך אין דער קעלערשטוב בא יאָסלס עלטערן. ער איז ווידער אַרײַנגעפאַלן אין זײַן פריערדיקער מאָרעשכוירע, זיצט אָדער ליגט אינעם ווינקל אַף זײַן בעטל און טראַכט אָפּט: „פאַרוואָס האָט מיך דער גיפּטיקער גאַז אינגאַנצן ניט פאַרסאַמט..."



„מאַרסעליעזע". קינסטלער פ. ריוד

## אַדעס: כראָניק פון דער רעוואָליוציע

מאַרט 1917. עס אָרגאַניזירט זיך אַ ראַט פון אַרבעטער־דעפּוטאַטן.

יוני 1917. ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ באָלשעוויסטישער פּאַרטיי־קאָמיטעט.

דעקאַבער 1917. דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון די באַוואָפנטע קויכעס נעמט אָן די רעזאָליוציע פון די באָלשעוויקעס וועגן פאַרכאַפן די מאַכט.

15 (28) יאַנוואַר 1918. נאָך דרייטאָגיקע פאַרביטערטע שלאַכטן ווערט איינגעשטעלט די ראַטנמאַכט.

מאַרט 1918. די מאַכט פאַרכאַפן די קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע צענטראַלע ראַדע און די דייטשישע אָקופּאַנטן.

נאָיאַבער 1918. די צענטראַלע ראַדע און די דייטשישע אָקופּאַנטן ווערן אַרויסגעטריבן.

פון נאָיאַבער 1918 ביז אַפּרעל 1919. אין דער שטאָט הערשן די ענגליש־פראַנצויזישע אינטערווענטן.

6 אַפּרעל 1919. די ראַטנמאַכט ווערט אופגעשטעלט.

אווגוסט 1919. דעניקינס ווייסגוואַרדייִשע אַרמיי פאַרכאַפּט די שטאָט.

7—8 פעווראַל 1920. דאָס מיליטער פון דער רויטער אַרמיי באַפרייט ענדגילטיק די שטאָט פון די ווייסגוואַרדייער.


№ 1

# דער יונגער ארבעטער

יונגער אידישער ארבעטער דיין איינציגער פארטיידיגער איז די קאמוניסטישע יוגנט באוועגונג.

## זייט באַגריסט, יונגע פּראָלעטאַריער!

נאָך לאַנגער, שווערער אונטערערדישער אַרבעט, נאָך פינצטערער טפיסע־שטימונג פון לאַנג־דויערנדיקער דערוואַרטונג ווילט זיך פריי אויס־שרייען:

— זייט באַגריסט, יונגע יידישע פּראָלעטאַ־ריער!

ווען אַ וואָלקן האָט אייער הימל באַדעקט, ווי אָפּגעריסענע בלעטלעך זייט איר געווען צעזייט אין די אייגענע קוואַרטאַלן, אין די טונקעלע הייליקן און דאָרט אונדזערע ליכטיקע אידעאַלן פונעם קו־מענדיקן מאָרגן געוועקט. דערשלאָגן פון שווערער רעאַקציע, איז אונדז, יונגע פּראָלעטאַריער, אויס־געקומען איבערצולעבן נאָך אַ פינצטערער נאַכט, דער בלוטיקער קאַשמאַר פון דעניקינס ווילדע פּאָג־ראָם־באַנדעס האָט אייך אין די טורמעס איסגעמאַ־טערט, און ווי שווער דער מאָמענט איז ניט געווען, דאָך האָט העל געפלאַקערט דער רעוואָליוציאָנע־רער שטורעם־געפיל אין אונדזערע הערצער...

די פעלדזן־שטאַרקע האָפענונג, אונדזער פעס־טער גרענעצלאָזער גלויבן אינעם זיג פון דער פּראָ־לעטאַרישער רעוואָליוציע, וועלכע וועט אונדז דאָך באַפרייען, האָט צעבראָכן אונדזער ייִעש־שטימונג און פאַרבונדן אונדזערע טרוימענדיקע נעשאָמעס מיט דער נאָענטסטער פּראָלעטאַרישער ווירקלעכ־קייט.

און די לאַנג דערוואַרטע שאָ פון באַפרייונג איז געקומען. דער אוואַנגאַרד פון דער סאָציאַלער רע־וואָליוציע, דער סימבאָל פון אונדזער באַפרייונג — די זיגרייכע רויטע אַרמיי האָט צעוואָרפן די איי־זערנע ווענט פון רעאַקציע.

אויף די גאַסן פון אָדעס האָבן רויטע פאָנען גע־פלאַקערט, די ייִדישע אַרבעטער־יוגנט, וואָס איז אַרויס פון טפיסע פון דעם אונטערערדישן קאַשמאַר, האָט זיך אויף דער גאַס אַ באַוואָפנטע באַוויזן, אויף די פאַרשמאַכטע פּנעמער — אַ ליכטיקער שמייכל, און אין די הערצער — רעוואָליוציאָנערע באַגייס־טערונג. און איצט כאַווירים יונגע ייִדישע אַרבע־טער, ווען דער ליכטיקער טאָג גיסט אונדז צוניף, פאַלבט צוזאַמען אין איין בלייענדיקער מעכטיקער קראַפט, ווען די נעשאָמע פילט דעם פרייד־זיג פון נעם פּראָלעטאַריאַט, ווען אונדזערע טרוימען ווערן פאַרווירקלעכט, לאָמיר שטאַלץ און מעכטיק אויף־הייבן די פאָן פון באַפרייונג און אויסשרייען:

— זייט באַגריסט, יונגע ייִדישע פּראָלעטאַ־ריער!

**ב ע צ א ל ע ל**

(„דער יונגער אַרבעטער", בײַלאַגע נומ. 1 צו דער צײַטונג „קאָמוניסטישע שטים", אָר־גאַן פון אָדעסער ביוראָ פון דער ייִדישער סעקציע באַם שטאָטישן און גובערניאַלן קאָ־מיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון אוקראַינע. נומ. 56. פרײַטיק, 26 מאַרט 1920).

## די אונטערערדישע אַרבעט פון דער ייִדישער סעקציע פונעם אָדעסער קאָמוניסטישן אַרבעטער־יוגנט־פאַרבאַנד

מיט זעקס כאָדאָשים צוריק איז פון אָדעס אַוועק די ראַטנמאַכט. די רויטע פאָן פון דער רע־וואָליוציע איז צײַטווײַליק אַראָפּגענומען געוואָרן, קעדיי איינגיכן ווידער זי אופהייבן. די הערשאַפט פון די ווייסע גוואַרדייִעס האָט איבערגעלאָזט אַ פינצטערן רושעם בײַ יעדן אַרבעטער.



א דעמאָנסטראַציע אין אָדעס נאָכן באַפרײַען די שטאָט
פון די אינטערווענטן

צום נײַעם לעבן



ווי מע האָט געדאַרפט דערוואַרטן, איז מיטן אָנקומען פון די ווײַסע גוואַרדייצעס אין אָדעס אַוועק אין „פּאָדפּאָליע" אַלץ, וואָס ס'איז געווען דערהויבנס און אידיישס אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, און צוזאַמען מיט זיי אויך די ייִדישע סעקציע פונעם קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד.

די קאָנטער־רעוואָלוציע אין אָדעס האָט אַנטוויקלט אַ שרעקלעכן טעראָר, און אונדזערע כאַווירים האָבן ניט געהאַט די מעגלעכקײַט די ערשטע צײַט זיך צונויפקומען. לעסאָף אָבער איז די דאָזיקע שטערונג באַזײַטיקט געוואָרן, און ס'איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון אַלע אַקטיווע כאַוויירים פון דער סעקציע. אַף דער פאַרזאַמלונג זײַנען געווען 15 מיטגלידער. ס'איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט פון 5, וועלכער האָט אונדז געדאַרפט צוזאַמענבינדן מיטן קאָמיטעט פונעם קאָמוניסטישן אַרבעטער־יוגנט־פאַרבאַנד. דעם דאָזיקן קאָמיטעט איז אויסגעקומען צו אַרבעטן אין זייער שווערע באַדינגונגען, נאָר מיט דער צײַט האָט זיך אײַנגעגעבן צו פאַרבינדן זיך מיט אים. מיר האָבן אָנגעהויבן צו באַקומען ליטעראַטור, ס'איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ לעקטאָרן־קאָלעקטיוו, אַף די פאַרזאַמלונגען פון די קאָלעקטיוון האָט מען געלייענט פאָרטראָגן, נאָך וועלכע עס פלעגן פאָרקומען הייסע דעבאַטן.

די דאָזיקע אַרבעט אָבער איז איבערגעריסן געוואָרן איבערן אַרעסט פון איניקע כאַוויירים אונדזערע. די קאָנטער־רעוואָליוציאָנערן האָבן געמיינט, אַז מיט די קלעפּ פון שאָמפּאָלן וועלן זיי צווינגען אונדזערע כאַוויירים אַרויסצוגעבן זייער אָרגאַניזאַציע, נאָר זייער האָפענונג איז געווען אַ פאַלשע. אונדזערע כאַוויירים האָבן פעסט געדענקט, אַז זיי זײַנען קאָמוניסטן, און האָבן זיך געהאַלטן באַם פּרינציפּ: „אַלע פאַר איינעם, איינער פאַר אַלעמען".

ענדלעך, האָבן זיך אָנגעהויבן דערטראָגן גוטע ידיעות פונעם פראָנט. די רויטע אַרמיי האָט אָנגעהויבן שלאָגן דעניקינס באַנדעס און זיך דערנעענטערט צו אָדעס. די אָפּעראַטיווע באַריכטן זײַנען געוואָרן דערפרייענדיקע, און אונדזער סעקציע האָט אָרגאַניזירט אַ קאַמפּס־דרוזשינע. דערנאָך, ווען די רויטע אַרמיי האָט שוין געהאַלטן באַם אַרײַנגיין אין אָדעס, זײַנען די מיטגלידער פון דער ייִדישער סעקציע אַרויסגעטראָטן מיט געווער אין די הענט צו העלפן, די פּאָליטישע מאַכט זאָל אַרײַנפאַלן אין די הענט פונעם פּראָלעטאַריאַט. איינער פון די כאַוויירים פון דער ייִדישער סעקציע איז דערבײַ שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן.

איצט, ווען די מאַכט געפינט זיך אין די הענט פונעם אַרבעטער־קלאַס, דאַרף זיך די אַרבעטער־יוגנט נעמען פאַר דער בויונג פון דער ראַטנמאַכט, געדענקענדיק, אַז די צוקונפט געהערט איר.

**אַלעקסאַנדער**

(„דער יונגער אַרבעטער", אָדעס, 26 מאַרט 1920)

■



די ייִדישע פּרעסע האָט ברייט אָפּגעשפּיגלט די געשעענישן אין אַלע געגנטן פון רוסלאַנד. פון דער פּאָליטישער עמיגראַציע קערן זיך אום אַ סך רעוואָליוציאָנערע טוער און גיסן זיך טייקעף אַרײַן אין די רייען פון די קעמפער. איינעם אַזאַ עפּיזאָד שילדערט בער אָרשאַנסקי (1883—1945) אין זײַן נאָטיץ וועגן אַ דעמאָנסטראַציע אין אַ שטאָט פון ווײַסרוסלאַנד.

## בער אָרשאַנסקי

# אַ יאָמטעוו אין פרײַען רוסלאַנד

אַ גרויסער, מורעדיקער פּלאַץ אינמיטן שטאָט. אַרום — מויערן, באַפּוצט מיט רויטע פאָנען. עס ווערט פאַרענדיקט די צוגרייטונגס־אַרבעט. פיר כאַוויירים מיט העמערלעך אין די הענט שלאָגן צו די לעצטע צוועקעס אין די גראַנדיעזע פאָנען, וועלכע זײַנען צעהאַנגען אַף דער טריבונע. די כאַווי־

רים, וועלכע קומען אָן פּונדאַסנייַ, דריקן איינער דעם אַנדערן די הענט, קושן זיך כאַווריש־האַרציק און ווייַזן אָן אויף די פאָנען: זעט, צו וואָס מיר האָבן דערלעבט!

די זון, ווי זי וואָלט זיך אויך געפרייט, וואָס עס איז ענדלעך געקומען די פרייַהייַט, האָט מיט א באַזונדערער ראַכוועסדיקייַט באַגאָסן דעם פּלאַץ מיט אירע שטראַלן. עס דערטראָגן זיך פון די גאַסן אָפּגעריסענע טענער פון רעוואָליוציאָנערע לידער, אויסגעשרייען, בראַוואָ־פּאַטשערייען.

קינדערלעך פריילעכע, לעבעדיקע לויפן אַרום איבערן פּלאַץ מיט רויטע פּאַפּירענע פאָנען אין די הענט. איינער קומט מיט א רויט פּאַפּירן היטל, אים רינגלען אַרום די איבעריקע קינדער, פּאַטשן אים איבערן קאָפּ, ער שטופּט זיי אָפּ און אַנטלויפט. מערסטנטייל זייַנען די קינדער אַרום די גרויסע, זיי רינגלען זיי אַרום, הערן זיך נייַגעריק צו צו זייערע דערציילונגען וועגן די אַמאָליקע צייַטן.

עס הערט זיך א פּעסט און זיכער זינגען פּו־נעם „אינטערנאַציאָנאַל". ווי ער וואָלט פון א ווינקל גאַס אַהער אָפּגעקערט, ווערט דער ניגן הילכיקער און פעסטער. עס באַווייַזט זיך א גרויסע דעמאָנסט־ראַציע. ס׳גייען צענדליקער טויזנטער מענטשן מיט רויטע פאָנען אין די הענט און זינגען רעוואָליו־ציאָנערע לידער. אומעטום זייַנען, נאַטירלעך, דאָ קינדער, זיי שפּרינגען שטיפעריש, לויפן פאָרויס.

אַלע דעמאָנסטראַציעס קלייַבן זיך אייַנציקווייַז צונויף צום פּלאַץ. די גרויסע טריבונע, וואָס שטייט אינמיטן, ווערט אייַנגעטוקט אין פאָנען, וועלכע בלישטשען גיגאַנטיש, פריילעך און לעבעדיק אויף דער באַגייַסטערטער זון. אין דער זייַט, אויף א ספּעציע־לער טריבונע, זיצט דער אָרקעסטער.

באַלד הייבן זיך אויף עטלעכע מענטשן אויף דער טריבונע. איינער פון זיי טיילט זיך אויס. באַרויִקט דעם עולם און גיט דאָס ערשטע וואָרט א כאַ־ווער, וועלכער האָט זיך נאַרוואָס אומגעקערט פון דער קאַטאָרגע. ער ווערט באַגעגנט מיט רוישיקע אַפּלאָדיסמענטן. אַלע הייבן אָן צו וואַרפן די היט־לען, שטרעקן צו אים אויס די הענט. א בלאַסער, אָן אויפגערעגטער, שטייט ער אויף דער טריבונע. טרערן האָבן זיך אים אין די אויגן געשטעלט. ער טוט א שאַר איבער זייַנע לאַנגע שוואַרצע האָר, נייגט זיך אָן און באַדאַנקט דעם עולם. די אַפּ־לאָדיסמענטן ווערן רויִקער. ער הייבט אָן צו ריידן און דערציילט פון די שרעקן, וואָס די עמעסע קעמפער האָבן איבערגעלעבט, און בעט, מע זאָל שפּילן דעם טרויער־מאַרש. דער אָרקעסטער הייבט אָן שפּילן, אַלע נעמען אַראָפּ די היטלען, בייגן אָן די קעפּ, ווערן אָנגעשטרענגט שטיל.

א דווערנדיקע פּאַוזע. שטיל לאָזט זיך אַראָפּ דער פאָרהאַנג. ער הייבט זיך באַלד ווידער אויף עטלעכע מאָל. דער גאַנצער עולם זינגט די מאַר־סעליעזע און דעם „אינטערנאַציאָנאַל".

(„קולטור און בילדונג", נומ. 9—10, 12 נאָיאַבער 1918)



די באַפרייַטע גאַס האָט אויך צוגעצויגן צו זיך דאַוויד בערגעלסאָנען, וועלכער האָט שוין דעמלט געהאַט א שעם אַלס איינער פון די גרעסטע מייַסטערס אין דער יידישער פּראָזע, אויטאָר פון אַזעלכע ווערק, ווי „נאָך אַלעמען", „אַרום וואָקזאַל" און אַנדערע. אין דער פּעטראָגראַדער „די נייַע צייַט" האָבן זיך געדרוקט זייַנע דערציילונגען, צווישן זיי — „אויף דער באַ־פרייַטער גאַס". אויך אין קיִעוו איז ד. בערגעלסאָן געווען טעטיק, און אין איינעם פון די ערשטע נומערן פון דער צייַטשריפט „דאָס פרייע וואָרט" געפינען מיר זייַן סקיצע „דער פּעמפּיק" — אויך אַן אָפּשפּיגלונג פון דעם אויפגעוואַכטן רעוואָליוציאָנערן לעבן.



## דאַוויד בערגעלסאָן

### דער פּעמפּיק

א קורץ און פלוסטערדיק־פעט מענטשל — א רויטלעכס און א שוויציקס. מיט קורצע גראָבע פיסלעך שנאָרעט עס אַרום דורכויס איבער דער יאָמטעוודיקער גאַס. ס׳שמייכלט מיטן אָפּנעם פרעסל־מייַלכל, מיטן קליינעם פאַריסנעם וווּנד־פלייש־קייַקעלע, דעם נעזל, און אַפילע מיט דער לאָך, וואָס אָפן אָרט פון די אויסגעזעצטע פאָרנ־טיקע צייַן.

כ׳טענצלט אונטער פֿון ווילטיק, ס׳פּאַרוואַרפֿט דערבײַ אין א זײַט דאָס קעפֿל און ס׳ציט אויס צו מיר ביידע הענט אויף האלדזן זיך.

— ווער ביסטו? — פֿרעג איך בא דעם.

דער פּעמפּיק ענטפֿערט ניט.

— און וואָס ווילסטו?

— קושן זיך.

— און וואָס איז עפּעס היינט דער מער?

— רעוואָליוציע!...

געקומען איז דער גרויסער טאָג, דער טאָג פֿון גרויסן יאָמטעוו און באַפֿרײַטן ווילן. ס׳לײַכטן א סאך זונען, און צווישן זיי — זי, די גרויסע און די אייביקע. ס׳שאלט די גאס פֿון מענטשן. ס׳שטראַלן יאָמטעוודיקע געזיכטער. בלומען־קראַנצן אויף קעפּ און פֿאָנען אויף די מויערן. נײַע אויסגעשרייען פֿון גליק, פֿון א פֿריש אויסגעכאַלעמט פֿרילינג־לעבן.

ס׳טאַנצן קינדער אין די גאַסן. אין נײַע ווײַסע קליידעלעך, מיט בלומען אין די פֿאַנאַנדערגעלאָזטע בלאָנדע האָר, טאַנצן זיי אין א רעדל, האלטנדיק זיך דאָרט האַרט איינס אינעם צווייטן. און אינמיטן רעדל גאַנוועט זיך דאָך אריין אָט דאָס קורץ פֿלוס־טערדיק־פּעט מענטשל, א רויטלעכס און א שוויציקס. אויף קורצע גראָבע פֿיסלעך טאַנצט דאָרט אינמיטן רעדל ער, דער פּעמפּיק. ער שמייכלט מיטן אָפֿענעם פֿרעסל־מויל, מיטן קליינעם פּאַריסענעם ווונדפֿלייש־קײַקעלע, דעם נעזל, און שטרעקט אויס די הענט אויף האלדזן זיך און קושן.

אין ווײַסע קליידער, מיט בלומען אויף די קעפּ, מיט צעלאָזטע האָר טאַנצן קינדער אין א רעדל.

עפּשער ווייסן ניט די קינדער, אז דער פּעמ־פּיק טאַנצט אין מיטן...

און אָט איז א נאָטיץ אין דער פּעטערבורגער „די נײַע צײַט“ נומ. 4 פֿאַרן 7־טן (20־טן) סענטיאַבער 1917. דאָס בילדל איז מאַמעש אראָפּגעכאַפּט פֿונעם האַמוין, וועלכער פֿלעגט אין יענע טעג זיך צונויפֿקלײַבן אויף באַהאַנדלען און באַטראַכטן די פּאָליטישע אומגעבונג.

## דאָוויד וואָלקענשטיין

# פֿון דער גאַס

די קיִעווער גאַס האָט ווידער אופֿגעוואַכט...

אויף די מיטינגען זוכט מען נאָך דאָס נייטיקע וואָרט.

די רעדנער בעטן זיך:

— כאַווייִרים! אצינד דאַרף געזאָגט ווערן דאָס מעכטיקע וואָרט!

אָבער דאָס געווונטשענע, דאָס מעכטיקע וואָרט איז דערווײַל ניטאָ.

די אָרגאַניזירטע אַרבעטער־מאַסן האָבן קענטיק אין די עטלעכע כאַדאָשים עפּעס גרויס איבערגע־לעבט...

רעדלעך און רעדלעך מענטשן. מע רעדט וועגן די לעצטע געשעענישן.

מענטשן קאָנען ניט גלײַכגילטיק דורכגיין לעבן דעם טעאַטער־פּלאַץ.

אינווייניק, אין טעאַטער, קומען פֿאָר זיצונגען, פֿאַרזאַמלונגען פֿונעם אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַט.

מע שטעלט זיך אָפּ אויף א ווײַלע און מע פֿאַר־בלײַבט שוין אויף שאָען.

— פּאַפּאַ... פּאַפּאַ... — זאָגט א מיידעלע און ציט דעם פֿאָטער, א טשינאָווניק, פֿאַר דער פּאָ־לע. — קום שוין אהיים... פּאַ־פּאַ, נו? דו הערסט?

— אָט באלד, טײַערינקע, אָט באלד גיי איך, — ברומט דער פֿאָטער, ווי פֿונעם שלאָף, און רעדט ווײַטער, און אמפֿערט זיך היציקער.

— הענגט! איך זאָג אײַך — הענגט אויס אלע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערן. ניטאָ פֿאַר די הינט קיין ראַכמאָנעס! — שרײַט עמעצער מיט א קוויטשיק קאָל.

— אָבער ווו זשע וועט איר דאַן באַקומען גענעראַלן? אלע גענעראַלן זײַנען קאָנטער־רעוואָליו־ציאָנערן... אלעקסייעוו איז ניט בעסער פֿון ברוסי־לאָוון... ברוסילאָוו איז ניט שענער פֿון קאָרנילאָוון... אלע וואָלט זיי די רעוואָליוציע דערטרונקען אין א לעפֿל וואַסער... מיט וועמען וועט איר איצט פֿירן די מילכאָמע?

— מילכאָמע? — ענטפֿערט אַן אַלטער ברייט־פֿלייציקער מאַן. — אַצינד, מײַן ליבער, איז אויס מילכאָמע! וווּנדערט זיך ניט. איך האָב אין דער מילכאָמע דרײַ זין געהאַט, און האָב שוין נאָר צוויי, און פֿון בײדע זין, אַכוץ די יעסוימים, איז מיר געבליבן אַף דער עלטער קליינע קינדער צו האָדעווען... גענוג, אויב מיר האָבן שוין יאָ דערלעבט די רעוואָליוציע, איז אויס מילכאָמע! אַלע קויכעס דער רעוואָליוציע! זאָלן מײַנע צוויי זין קומען אַהיים, און זאָלן זיי בעסער פֿאַר דער רעוואָליוציע פֿאַלן... מײַן הארץ איז שוין סײַ־ווי־סײַ צעבראָכן. איך בין אַן אַלטער מאַן. וואָס נאָך ווילט איר פֿון מיר? — וויינט ער. — ניין, גענוג! מיר דאַרפֿן שוין מער ניט. גענוג שוין אונדזערע טרערן... גענוג יעסוימימלעך, וואָס וואַלגערן זיך אין דער פֿרעמד... אין די פֿריווטן...

— אוואַדע, אוואַדע, — קומט אַן אַרבעטער אין קאָן אַרײַן. — גענוג מילכאָמע! קאַרג צערוּיִנירט יעדערן באַזונדער — וואָס זשע דאַרפֿט איר נאָך? רוסלאַנד קאָן דאָ ניט אײַנעמען. מיט קיין שטרויענער שווערד געווינט מען ניט מילכאָמעס, שוין צײַט זיך מוידע זײַן. גענוג גענאַרט דעם אוילעם... האָט זשע מוט זיך מוידע זײַן כאָטש אַצינד, אַז ס'איז פֿאַרפֿאַלן... נאָר שאָלעם... אַלע מיטלען פֿאַר אַ שאָלעם!..

נאָך אַזעלכע רייד הייבט זיך אָן אַ פֿײַער, אַ טומל, אַ גערודער.

— ווי קאָן מען אַפֿילע צום מויל אַזוינס ברענגען? — שרײַען אייניקע, צום מײנסטן מיט זעטיקע פּענעמער, טשינאָווניקעס אַף דער אײַזנבאַן. — אַזוינס קאָנען נאָר סאָנים רעדן. די מילכאָמע אין לאַנד איז אַזוי־ווי אַ מעסער אין אַ ווונד. נעמט אַרויס דעם מעסער פֿון דער ווונד — גייט דער פֿאַרווונדעטער אויס. אָן דער מילכאָמע וועט אַצינד רוסלאַנד צעפֿאַלן ווערן.

די מערהײַט, קענטיק, האַלט ניט דערפֿון.

— אָבער וואָס זשע קאָנט איר טאָן, — פֿרעגן אייניקע, — אַז די מילכאָמע איז מיר אין קאַרק? אָט שטייען סאָלדאַטן, פֿרעגט בא זיי — וואָס וועלן זיי אײַך ענטפֿערן?

די סאָלדאַטן אין אָנהייב קווענקלען זיך, נאָר צום סאָף (און אַזוי אומעטום, ווּ ס'קלײַבן זיך צונויף סאָלדאַטן מיט שטאַטסקע) זאָגן זיי, אַז יעדן גלוסט זיך אַהיים... זאָלן די, וועלכע שרײַען דאָ אין טיל — מילכאָמע! — זאָלן זיי גיין פֿאַרבײַטן די אָקאָפּניקעס, די פֿראָנטאָוויקעס...

דאָוויד וואָלקענשטיין (1891—1960). דער אוטאָר פֿון דער דאָזיקער נאָטיץ האָט אָנגעהויבן זײַן ליטעראַרישע טעטיקײַט מיט אַ דערציילונג אין רוסיש אין מ. גאָרקיס „ליעטאָפּיס" (פּעטראָגראַד, 1915—1917). ער האָט געלעבט אין קיעוו, מיטגעאַרבעט אין דער צײַטונג „קיעווסקאַיאַ מיסל" און אין אַנדערע רוסישע אויסגאַבעס. אין 1917 אָנגעהויבן זיך דרוקן אין יידישע צײַטשריפֿטן. שפּעטער פֿאַרעפֿנטלעכט דערציילונגען, פֿאַרצייכענונגען און ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען אין די זשורנאַלן „שטראָם", „די רויטע וועלט", אין די צײַטונגען „קאָמוניסטישע פֿאָן", „דער עמעס". זײַן ערשטע זאַמלונג דערציילונגען „רויגעשריי" איז דערשינען אין 1929.

■

# איבער די ראַכוועסן פֿון רוסלאַנד

רוסלאַנד איז געווען אין וועג. די ערשטע וועלט־מילכאָמע האָט זיך נאָך ניט פֿאַרענדיקט. עשעלאָנען מיט סאָלדאַטן זײַנען געגאַנגען פֿון מײַרעוו אַף מיזרעך, פֿון צאָפֿן אַף דאָרעם. אויך די צוגן האָבן געאָטעמט מיט די זעלבע געשעענישן, ווי די גאַסן און פּלעצער. דאָוויד בערגעלסאָן האָט באַשריבן אַזאַ צוג אין זײַן סקיצע, וועלכע איז געווען פֿאַרעפֿנטלעכט אין דער שוין דערמאָנטער קיעווער צײַטשריפֿט „דאָס פֿרײַע וואָרט". און עטוואָס פֿריִער האָט ער אין דער פּעטערבורגער „נײַער צײַט" אָנגעמאָלט אַ שטעטל, וואָס וואַרט, אַן אָפּגעשוואַכטס און פֿאַרכוישעכטס, אַף דער נײַער צײַט.

## ד אָ וו י ד  ב ע ר ג ע ל ס אָ ן

### וועלט־אײַן, וועלט־אויס

(קליינשטעטלדיקע שאָטנס)

געווען גרין אַמאָל די פֿעלדער.
איצט שוין אָפּגעשניטן און פֿאַרלעגערט.
געווען שאָקן אַף די פֿעלדער...
שאָקן, שאָקן ביז ווײַטן הימל־רוים.

איצט שוין לײדיק און פֿאַרגעסן.
גרויע סטערניעס אַף די פֿעלדער,
ווי די שטעכער פֿון אַן אַלטער האָרטער באָרד.

פוסט פאַרלאָזן שוין די פעלדער,
און אַף זיי דער וועג:
אַלץ ער נייגט זיך
און ער בייגט זיך
און קומט אָן אין אַלטן שטעטל.

---

און איך בין דאָרט געווען, לעבן אָט דעם וועג. איך האָב געזען, ווי ער איז פוסט; ער רופט אַרויס אַזאַ געפיל, ווי דער וועג, וואָס פירט צו אַ בעסוי־לעם.

און דאָס שטעטל אַליין — דאָס אַלטע שטעטל — ס'איז „אַלעווהאַשאַלעם", ס'איז כּאַרעוו געוואָרן און אויסגעגאַנגען דאַפּקע פאַר די לעצטע נעפּלדיקע און ראַשיקע דרײַ יאָר, וואָס די גרויסע שטאָט האָט עס געזויגן און געשיט אַף דעם מיט פּאַרנאַסעס.

איצט ליגט עס צווישן אַפּגעשניטענע פעלדער, ווי עפּעס אַ פּוסטע קײַלע, און דרעמלט גאַנצענע טעג און האָט ניט וואָס מער צו נעמען בא דער וועלט און וואָס דער וועלט צו געבן. ס'האָט ניט מער מיט וואָס צו מאַכן אַן אויסטויש. צאַנקט עס און בענקט:

געוועזן שאָקן אַף די פעלדער.
שאָקן, שאָקן ביזן ווײַטן הימל־רוים.
איצט פאַרלאָזן שוין די פעלדער,
און אַף זיי דער וועג:
אַלץ ער נייגט זיך
און ער בייגט זיך
און קומט אָן אַהין, אין שטעטל.

---

און ניט נאָר אויסערלעך איז דאָס שטעטל גע־וואָרן כּאַרעוו, נאָר אויך אינערלעך, אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן, אינעם יאָמטעוו און אינעם אינדער־וואָכן, און אַפּילע אין דער מענטשלעכער באַציִונג פון איינעם צום צווייטן.

באַכערימלעך, איינער ניט ענלעך אַפן צווייטן, וואָס קריגן זיך מיִעס מיט טאַטע־מאַמע פאַר אַ שלעכט־געגעבענער אייצע אין מיסכער און פאַר לייגן אַ פּאָר „פּאַדמעטקעס", ניי־אויסגעשפּראָצטע גווירימלעך, גראָבלעכע און נאַרישע, וואָס לאַכן פריילעך בעשאַס מע זאָגט אַף עמעצן אַמהאַרעץ און זײַנען זיכער, אַז דאָס מיינט מען אַן אַנדערן. אַן אַלטער לאַנג אופגעקומענער גוויר מיט אַ פּליך אַפן גרויען קאָפּ, וואָס שמעקט מיט בלעטל־הונ־דערטער, מיט קאַמצן פאַר דער גאַנצער וועלט און מיט אײַנשפּאָרן אַף עסן פאַר זיך אַליין און פאַר אייגענע ווײַב און קינדער, ווייסט ניט, אַז די גאַנ־צע וועלט האָט אים פײַנט, און ער באַרימט זיך מיטן ניי־געקויפטן הויז אין אַדעס. און אַלץ איז בא אים ניי, פונעם הויז מיטן מעבל און ביז די שיך, וואָס אַף זײַנע פיס. ס'איז מער ניט: פאַרבלײַבן בא אים נאָך אַן אַלט ווײַב פון אַמאָל, אַ שיווערע־קײַלע און דערצו נאָך געוואָרן איוועריק־באַטל אַף דער עלטער, באַקומען אַ געלעגערטן מויעך מיט אַ געלעגערטער צונג. שפּאַנט זי אַרום איבער די פרעמדע כאַדאָרים פונעם נײַעם גרויסן הויז, וואָס אויסער דעם שטעטל, שפּאַנט מיט גע־שוואָלענע פיס און מיט קליינע ציטערדיקע טרע־טעלעך פון אַ קינד, וואָס לערנט זיך גיין און האָט מוירע, אַז ס'וועט פאַלן. די יידענע האָט שוין לאַנג פאַרגעסן, וויפל קינדער זײַנען בא איר געשטאָרבן און וויפל זײַנען שטאַרק רײַך ערגעץ־ווו, אין קיִעוו צי אין מאַסקווע. עפּעס אַ שטיבעלע געדענקט זיך איר, נאָר אין סאַמע געדיכטן מיטן פונעם שטעטל. דאָס איז דאָס ערשטע אייגן שטיבעלע, ווו זי האָט יאָרנלאַנג כאַלע גענומען און ליכט געבענטשט און וואָס דער מאַן אירער האָט עס אַקאַרשט איצט, אין יאָקרעס, ניט לאַנג פאַרקויפט.

זי פילט זיך פרעמד דאָ, אין דער גרויסער רײַכער שטוב, בלאָנדזשעט זי אַרום פאַמעלעך מיט געדראָלענע ציטערדיקע פיס און פאַרשפּרייט אַרום זיך אַ שלעכטן רייעך, קוקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, און פון צײַט צו צײַט הערט זיך, ווי ס'רופט איר אַלט געלעגערט קאָל:

— שימען, כ'וויל אַהיים... פיר מיך אַפּ אַהיים...

---

צעלויפט מען זיך אַף אַ גאַנצער וואָך צוליב מיסכער פונעם שטעטל, ווערט עס נאָך פוסטער, אויסגעשטאָרבענער. אַ שמיד קלאַפּט נאָך פויל און ניט־ווילנדיק מיט זײַן האַמער ערגעץ־ווו בא דער גריבלדיקער הרעבליע, און אַליין איז ער צעדרייט פון מאַלע רעציכע, דערפאַר וואָס דער צווייטער שמיד אנטקעגן, לעבן ברעג טײַכל, איז שוין רײַך געוואָרן און די קוזניע זײַנע איז שוין געשלאָסן. קלאַפּט ער אַזוי אײַנמיטן העלן טאָג מיטן האַמער און עסט זיך בעשאַסמײַסע, זידלט אַף דער גאַנצער וועלט, זידלט אַף זיך אַליין און אַף דעם ווײַב צי אַפן קינד, וואָס ברענגט אים עפּעס וואַרעמס אין טעפּל.

— ווײַל וואָס טויג האַרעווען, אַז אָט קוק צו דער געשלאָסענער קוזניע, וואָס אנטקעגן...

און גרייט איז ער פון האַרצווייטיק אין יעדער רעגע די קוזניע שליסן און לאָזן לעבן איר איינעם אַליין דעם וואַרטנדיקן פויער מיט זײַן איבערגע־קערטן ניט־דערקאַוועטן וואָגן.

גרילצט נאָך אַ שאַרך־הובל ערגעץ אין אַ סטאָ־ליאַרישער שטוב, וואָס אין טיפן הינטערגעסל פו־נעם שטעטל, רײַסט ער זיך שוין אויך אַפּט איבער צוליב מישפּאָכע־קריג, וואָס שמעקט מיט האַנדל און מיט קינע צום סטאָליער, דעם שאָכן. אַמאָל האָט געפּאַקט זיך פּאַשעט מיט גנייווישע ברעטער, אָט דער שאָכן דער סטאָליער, און איצט טראַסקעט ער מיט „פּאַדריאַדן" און איז שוין ערגעץ ווײַט, קומט אַמאָל צו פאָרן אַ קוק טאָן אַף ווײַב און

קינדער און אַנטלויפֿט באַלד צוריק צו זײַנע מיסכאַרים, וואָס אין די פֿרעמדע ווײַטע גובערניעס.

---

און איין אַליין, אין אָנהייב שטעטל, באַם אַרײַנפֿאָר, מיט פֿאַרלאָזטע ליימיק־אָפּגעשווענקטע ווענט און מיט ניט קיין געשמירטן דאַך שטייט דער אַלטער יווירעד, דער בעסמעדרעש, שטייט פּוסט און געשלאָסן, און ס׳דאַכט זיך, אַז ער טרוימט — ער געדענקט אַמאָליקע גוטע צײַטן:

געווען אַ לעבן אין יענע צײַטן.

מיטן וועג קומט אָן אַ דורכפֿאָרער אַהער אין שטעטל. זײַן וואָגן טרייסלט זיך אים דאָ מידלעך און פּאַמעלעך, און ער אַליין זיצט אויבנאָן און קוקט אַהער, צום בעסמעדרעש דעם אַלטן...

ווי אַמאָל רוקן זיך אָף אים אָפּ און אויף די שאָטנס פֿון די אַרומיקע שכײנישע הײַזער, נאָר ער אַליין, דער בעסמעדרעש, — ער שטייט דאָ ווי אַן אַלטער קאַפּצן באַם אַרײַנפֿאָר און מאָנט עפּעס שטומערהייט בײַ יעדן דורכפֿאָרער און באַם גאַנצן שטעטל. ס׳דאַכט זיך, ניט אַנדערש, נאָר ער האָט אָף עפּעס געוואַרט אַ גאַנצן לאַנגן זומער, און אָט איז שוין געקומען עלעל־צײַט. פֿאַרקירצטע קיווערוועסדיקע טעג. אַ קיל ווינטל בלאָזט אין דער לופֿט, אַ בושל ערגעץ אָף אַ דאַך קלאַפּט זיך צו מיטן שנאָבל און כאַפּט אַ ציטער פֿאַרן אָפּפֿליִען ערגעץ ווײַט אין די וואַרעמע לענדער. אַלץ דערמאָנט אַזוי שטאַרק אײנעם בלאָז פֿונעם אַלטן טויזנטיאָריקן שויפֿער און אינעם פֿרומען פּאַכעד, וואָס דאַרף באַפֿאַלן עלטערע ייִדן און קליינע פֿאַרטראַכטע קינדער. נאָר דער פּאַכעד אַליין — ער קומט ניט.

אין קאַלטער רויטקײַט וועט באַלד די זון פֿאַרגיין ערגעץ־ווו אַרויס דעם שטעטל. רויטלעך וועבט זיך די קילע לופֿט מיטן מאַרק, וואָס ציט זיך צווישן די לאַנגע צוויי שורעס קלייטן, און אַ שטעטלדיקער ייִד אַ סויכער וועט זיך האָבן נאָרוואָס אומגעקערט פֿון זײַן מיסכער, וואָס אין געגנט, מיט אַ בלוי־קאַלטער נאָז פֿונעם וועג. וועט ער זיך אַרומדרייען דאָ אין מאַרק און וועט צונויפֿזוכן אַ מיניען צוליב אַ יאָרצײַט, וואָס ער האָט זיך אים צופֿעליק דאָרט בײַ זײַן מיסכער דערמאָנט.

— ער האָט אים פּונקט הײַנט אין אָוונט נאָכן טאַטן צי נאָך אַ זיידן.

דער שאַמעס וועט דאַן דעם אַלטן בעסמעדרעש אָפּשליסן און אַ מיניען ייִדן וועלן זיך אַהין שטיל אַרײַנשאָטלען און וועלן אויסהערן אַן אַלטע טפֿילע — אַ טפֿילע פֿאַר אַ געשטאָרבענעם דאָ אינעם געשטאָרבענעם שטעטל.

---

נאָר ס׳קאָן אויך טרעפֿן:

דער סטודענט דער רעדנער פֿון דער נאָענטער גרויסער שטאָט זאָל פּלוצעם ווידער האָבן אָנגעפֿאָרן אַהער אין שטעטל.

צוויי ייִנגלעך, וואָס שעמען זיך דערפֿאַר, וואָס אַלע ווייסן דאָ, וויפֿל יאָר זיי זײַנען אַלט און מיט וויפֿל גוטע פּאַרנאָסעס זײַנען פֿאַרזאָרגט זייערע טאַטעס, וועלן אים מיט גרויס דערעכערעץ פֿירן פֿריִער צום שאַמעס נאָכן שליסל און פֿון דאָרט ווײַטער צום בעסמעדרעש.

אין שטעטל וועט זיך דאַן אין אָוונט לײַכטן שפּעטער ווי אַלעמאָל, ווי צו סליכעס. פֿײַערלעך וועלן זיך דאָ און דאָרט באַווײַזן אין די פֿענצטער, אויפֿבליצן און זיך צוריק פֿאַרלעשן, און שלעפֿעריקע קינדער וועט מען פֿון שלאָף וועקן און זיי אָנזאָגן, זיי זאָלן די טיר פֿאַרשליסן און די שטוב גוט היטן. און נאָכדעם וועט מען אייַנציקווײַז און פּאָרלעכווײַז פֿון אומעטום גיין אַרויף צום יאָמים־נויראָימדיק־באַלויכטענעם בעסמעדרעש, און ענג וועט דאָרט זײַן, לאָמפּן וועלן זיך זעצן און ווענט וועלן שוויצן.

קאָפּ אָף קאָפּ וועט מען דאָרט שטיין אָף די בענק און מע וועט הערן. עלטערע ייִדן וועלן קנייטשן מיט די אַקסלען און וועלן נאָך אַלץ ניט וויסן אָף געוויס, צי זיי טוען גוט, צי זיי טוען שלעכט אָט מיט דעם, וואָס זיי שטייען דאָ און הערן. ווײַבער וועלן נאָכדעם דערציילן, אַז ס׳איז געווען ענג:

— איך זאָג אײַך: ערד־טרעטעניש, טאַקע מאַמעש ווי אַמאָל צו קאָלנידרע.

און נאָר מיידלעך מיט ייִנגלעך וועלן זיך נאָכדעם אויפֿגערעגטערהייט אַהיים אומקערן און וועלן גלייבן, אַז ס׳איז עפּעס געשען:

זיי האָבן געהערט אַ נײַ וואָרט וועגן אַ נײַעם באַנאַכטוואַכנדיקן שטעטל.

(„נײַע צײַט“, פּעטערבורג, נומ. 2, 3 [16] סענטיאַבער 1917).

# דער רויטער צוג

פֿון דעם לאַנגן קאָרידאָר פֿונעם וואַגאָן דערהערט זיך פּלוצעם גאַנצפֿרי אַ האַסטיקער געררודער, אַ טומל מיט אַ לויפֿערײַ אין דרויסן אַרויס. פֿאַרבײַלויפֿנדיק, טוט עמעצער אַפּגיך אַ רוק אָפּ די טיר פֿון אונדזער קופּע, און אויך אַזוי גיך שרײַט ער אַרײַן אײַנווייניק:

„גאָספּאָדאַ! דער צוג לויפֿט מיט אַ גרויסער רויטער פֿאָן פֿון פֿאָרנט... מיט אַ גרויסער רויטער פֿאָן!...“

ער שרײַט אַרײַן און ווערט פֿאַרשווונדן.

מיר וואַרפֿן זיך דורך פֿון שלאָף — איך און די פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן אַ גאַנצע נאַכט גע־

שפּילט אין פּרעפּעראַנס. מיר זעצן זיך מיטאָמאָל אויף אַף די גאַלעגערס.

— מיט א גרויסער רויטער פּאַן?..

פאַרוואונדערט, ווי נאָך א לאַנגן הינערפּלעט, קוקן מיר איינער דעם צווייטן אין פּאָנעם אַריין און באַמערקן, אַז ס'איז מאָדנע: באַ יעדן פון אונדז אין „גאַרנישט" אין די אויגן — פולע אויגן מיט „גאַרנישט". איצט אַקאָרשט האָבן מיר זיך צום ערשטן מאָל אין לעבן אופגעכאַפּט און זיך צום ערשטן מאָל דערזען — אויסגעוואַקסענע, פאַרוווּנ־דערטע און מיט „גאַרנישט" אין די אויגן:

— מיט א גרויסער רויטער פּאַן פון פאַרנט?

מיר האָבן נאָך אַלץ קיין וואָרט ניט איינער פאַרן אנדערן. שטומערהייט קוקן מיר איינער אופן צווייטן, גלייך ווי מיר דאַרפן זיך אַקאָרשט אָנ־הייבן לערנען רעדן. נאָר פּלוצעם קוקן מיר זיך אַלע אום אופן פּאַסאַזשיר, דעם יונגן וווקסיקן בלאָנדין, וואָס שטאַמלט פון טאָמיד אָן, בעשאַס ער רעדט, און דערוועקט דערפאַר פון טאָמיד אָן ראַכמאָנעס.

— עט־טאַ ניע ד־ד־דורנאַ! (ווי געפעלט דאָס אייך!) — טוט ער פּלוצעם און פרייליך א זאָג.

און דאָס איז שוין אויך אזוי מאָדנע — דאָס ערשטע מאָל אין לעבן באַמערקן מיר, אַז א מענטשן קאָן פאַסן, וואָס ער שטאַמלט.

מיר זיצן שוין ווידער יעדער אין זיין ווינקל און טראַגן אין זיך יעדערער זיין אופגערעגט האַרץ. און דער צוג — ער טראָגט זיך ווידער, ער לויפט איבער אומענדלעכע שנייִקע פעלדער.

דער צוג, וואָס מיט דער גרויסער רויטער פאַן פון פאַרנט...

■



און נאָך איין באַשרייבונג פון א צוג, וועלכע ס'האָט פאַרעפנטלעכט נויעך לוריע (1886 — 1960). דער יידישער שרייבער גיט איבער די שטימונג פונעם פּאַשעטן פאָלק, אווי צו זאָגן, אופן צווייטן טאָג נאָך דער אָקטיאַבער־איבערקערעניש. די אָרענע פונעם עפּיזאָד — א פראַכט־צוג, אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן.

## „זיי וועלן באַצאָלן!"

...דער צוג איז געגאַנגען זיין ווייטן וועג דורך פאַרשנייטע וויסטע פעלדער און זומפּן. ס'איז גע־ווען נאַכט. די פּאַסאַזשירן, סאָלדאַטן און אַרבעטס־לייט, וואָס האָבן אָנגעפּילט די „טעפּלושקע", זיי־נען געזעסן, ענג איבערגעפּלאָכטן די גופים, מע־שונעדיק פאַרוואָרפן אָדער אַראָפּגעפאַלן די קעפּ, מיט אויסגעמאַטערטע בלינדע פּנעמער, מיט טעמ־פּע אָפּגעגעטע מײַלער. איבער זיי האָט געטאַנצט די טונקעלע שיין פון א שטיקל ליכט, צוגעשמאָלצן צו א ליַיסט. דער וואַגאָן האָט געקלאַפּט און גע־טרייסלט, די געדאַנקען אין מוידער האָבן זיך גע־מישט. אָן אומבאַשטימט, נאָר א זייער פּיַינלעך געפיל האָט, ווי א וווּנד, געגאָגט אין האַרצן. איינער א סאָלדאַט, פאַרשאָטנט דאָס פּאָנעם, איז געזעסן רעכטס פון מיר און האָט גערעדט. ער האָט גע־רעדט מיט א שטיל, טיף, הייס קאָל. דאָס קאָל האָט זיך געגאָסן אין דער נעשאָמע, ווי צעגליטער מעטאַל. נאָר די ווערטער האָב איך קוים געהערט. ער פאַרט אהיים אף דריי באַדאָשים — פאַרוואונדעט אין א פוס, נאָר ניט אף רו [פּאָרט ערן], נייַן, ניט די צייט. ס'איז גרויסע טעג, „טעג פון מישפּעט און נעקאָמע"...

איך האָב צוגעניגט דעם אויער.

— „...דאָס פֿאָלק איז אופגעשטאַנען, זײַן שאָ האָט געשלאָגן. ס׳האָט זיך שוין אָנגעהויבן די ראַספּראַווע. אומזיסט איז זייער שטעלן זיך אנטקעגן. קאָן דען אײַנשטיין זאמד פֿאַר א געוויסער? זעט, זיי פֿאַרבאהאַלטן זיך שוין, פֿאַרשפּאַרן די טירן, ליגן שטיל. עס וועט ניט העלפֿן. מע וועט זיי געפֿינען אומעטום, ארויסשלעפּן פון די לעכער אפן ברוק, אף די פּלעצער, שולדיק און אומשולדיק, ניט איבערגעקליבן, אפן פֿײַער פונעם פֿאָלקס צאָרן. אויב ער האָט ניט געפּײַניקט, האָט זײַן טאַטע געפּײַניקט, זײַן זיידע און עלטערזיידע. יאָרן און יאָרהונדערטער האָבן מיר געלעבט אין נויט און אין פֿינצטערניש, פֿאַר זייערע פּיס זיך געוואַלגערט. זיי האָבן אונדז אפילע ניט באמערקט. איצטער וועלן מיר זיי דערמאָנען, זיי וועלן באצאָלן — פֿאַר זייערע אייגענע [זינד] און פֿאַר זייערע אָוועס זינד. מוז דאָך אמאָל קומען די הערשאַפט פון גערעכטיקײַט אף דער ערד. טויזנטער יאָרן האָבן זיי אונדז געטראָטן. ניט שוין קאָן עס זײַן, זיי זאָלן ניט באשטראָפט ווערן דערפֿאַר? נעקאָמע — א שטילונג דעם הארץ — דאָס איז זיסער פון ווײַן און טײַערער פון גאָלד... פֿאַרברענען זייערע הויפֿן, צעשטערן זייערע הײַזער. צעטרעטן זייערע זײַדנס, צעשטערן זייער פּוץ און צירונג און איידלשטיינער. באַקעטע און באָרוועסע יאָגן זיי דורך אש און רויך, זיי זאָלן זיך וואַרפֿן, ווי פֿאַרסאַמטע, און אײַלן, ווי פֿאַרווונדעטע כײַעס, און קיין אָרט ניט געפֿינען...

מיר דאַרפֿן ניט זייערע רײַכטימער מיט זייערע אוצרעס. די אלע פּאַלאַצן, די אלע טורמעס מיט די ווײַסע זײַלן, דאָס אלץ איז דאָך אָנגעטרונקען מיט אונדזער בלוט, דאָס אלץ איז דאָך געבויט אף גזיילע און רעציכע, שטייט אפן געגעם פון אונדזערע לײַדן. עס שרײַט, עס קרעכצט נאָך נעקאָמע און באצאָלונג. אויב מיר וועלן עס מיט אונדזערע הענט ניט כאָרעוו מאכן, וועט דאָס אמאָל אליין אופרודערן זיך — אָט די שטומע ציגל, דער מאַרמאָר, אײַזן און גאָלד — דאָס וועט, זאָג איך דיר, אמאָל נאָך אליין זיך אופהייבן, ארויס פון די ברעגן, ווי א מאבל ארוף אף דער ערד און דערטרינקען זי אין אירע אייגענע זינד און אומרעכט...

מיר דאַרפֿן עס ניט. מירן לעבן אין בײַדלעך, מירן עסן ברויט מיט וואסער, נאָר אלע זאָלן זײַן גלײַך, אלע זאָלן זײַן ברידער. גוטסקײַט, ליבע און יוישער זאָלן הערשן צווישן מענטשן. אָט ביסטו א זשיד — וואָס האָב איך צו דיר, ווײַבאַלד דו האַלטסט פֿאַרן עמעס. פֿאַרקערט, איך וויל דיר די הענט מיט די פּיס קושן, ווײַל דו ווייסט און פֿאַרשטייסט אלץ. נאָר אף אײַערע שווינדלער, אף אײַערע און אונדזערע רויבער לאָמיר גיין צוזאמען. ווי א שטורעמווינט, ווי אן ערדציטערניש, לאָמיר זיך וואַרפֿן, צעטראָגן אלץ, וואָס זיי האָבן אופגעשטעלט, און באגראָבן זיי אונטער די כורוועס, — דאַן וועט אָנקומען דאָס נײַע...”

ס׳האָט זיך מיר אויסגעוויזן, איך זע א כאָלעם. איך האָב זיך אָפּגערוקט פון דער שײַן און נאָענט אָנגעקוקט דעם, וואָס האָט גערעדט צו מיר. א געוויינלעך פּנעם מיט קומערלעכע אויגן. דער צוג איז נאָך אלץ געגאַנגען זײַן ווײַטן וועג. ס׳האָט געקלאַפּט און געטרייסלט. איבערגעפֿלאָכטן און אויסגעדרייט איינער איבער דעם אנדערן, האָבן זיך געוואַלגערט אין האַלב־טונקל פֿאַרמאַטערטע מענטשן־גופים. די געדאַנקען האָבן זיך געמישט, און אין הארצן האָט געברענט א ווייטיק, ווי פון א רײַסנדיקער ווונד.

**נ ו י ע ך   ל ו ר י ע**

(זשורנאַל „יידישע פֿאָלקסבלאַט”, פּעטראָגראַד, נומ. 7, 21 נאָיאַבער 1917)



אַן אָטריאַד רויטגוואַרדייער

ס'איז דורכגעגאַן אַ יאָר צײַט נאָכן שטורמעווען דעם ווינטער־פּאַלאַץ. אין די שטעט פֿונעם מוידישן רוסלאַנד זײַנען נאָך ניט צענומען געוואָרן ווי ס'געהער צו זײַן די באַריקאַדן. די מאַכט אין באַזונדערע ערטער גייט נאָך איבער פֿון הענט אין הענט. אָבער מע רעדט שוין וועגן בויען די נײַע, פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור, אין געגעבענעם פֿאַל — די ייִדישע.

## אַ פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור

איצט, ווען די פֿראַגע פֿון דער פּראָלעטאַרישער קולטור שטייט אויף דער טאָג־אָרדענונג, ווען עס ווערן שוין געמאַכט די ערשטע רעאַלע שריט צו שאַפֿן פּראָלעטאַרישע קולטור־ווערטן, איז די ריכטיקע צײַט צו דערמאָנען די ייִדישע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור...

איך וויל דאָ ניט רעדן וועגן דער ליטעראַטור און וועגן דער קונסט, וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג, די אײַנגעשטעלטע אויף גערעכטיקע יעסוידעס סאָציאַלע אָרדענונג וועט מיט זיך ברענגען. דאָס וועט זײַן די עכטע קונסט פֿון דעם פֿרײַען גלײַכבאַרעכטיקטן, שאַפֿנדיקן אַרבעטער־מענטש, וועלכער וועט פֿאַרמאָגן זײַן גרויסן גײַסט, דעם קינסטלער פֿון פּערזענלעכער האַרמאָניע און פּערזענלעכן גליק. דעמאָלט וועט שוין די אַרבעטער־קונסט ניט באַטײַטן קיין פֿאַרדולנדיקן מאַשינען־רויש, קיין מיליאָנערישע טרערן־אַשירעס, קיין בלוטיקן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאַמף, קיין גרויסע נויט און קיין אייביקן שאָטן פֿון הונגער. זי וועט זײַן די ליד פֿון דעם פֿרײַען מענטשן אין דער רײַכער און פֿרײַגעביקער נאַטור. גליק איז דער טאַכלעס פֿונעם מענטשלעכן לעבן בכלל און פֿון דער קונסט בכלל...

ווען מיר רעדן וועגן אַ ספּעציפֿיש־פּראָלעטאַרישער קונסט, האָבן מיר אין זינען דעם אַרבעטער, דעם פּראָלעטאַריער פֿונעם הײַנטיקן טאָג, וואָס לויט זײַנע לעבנס־תּנאָים קאָן נאָר ער זײַן דער אָנזאָגער פֿון אַ ליכטיקן טאָג, וועלכער וועט קומען, דער בעכער, וואָס אין אים זאַמלען זיך אָן די טרערן פֿון דער לײַדנדיקער מענטשהײַט, דער אויסדריקער פֿונעם דאָרשט און פֿון דעם שטרעבן צום גליק, וואָס איז אַזוי ווײַט פֿון אונדז. זײַן קראַפֿט באַשטייט אַמערסטן דערין, וואָס ער וועקט דעם מענטשן אין דעם קנעכט, וואָס ער גיט אונדז צו פֿילן די נײַע קלאַנגען, וועלכע טראָגן זיך פֿון די אַרבעטער־קוואַרטאַלן, דעם דראַנג פֿון דער אונטערדריקטער, אָבער ניט געבראָכענער מענטשלעכער נאַטור, די נײַע עלעמענטן, וואָס וועלן סאָפֿקאָלסאָף באַשאַפֿן אויף אָרט פֿון דער אַלטער וועלט אַ נײַע וועלט...

קוים האָט אויף דער ייִדישער גאַס זיך אָנגעהויבן אַ פֿאָלקס־באַוועגונג, קוים האָבן די ייִדישע מאַסן גענומען אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך דעם יאָך פֿון דער קאָהאָלשער קליקע, דעם אָפּשײַן פֿון דעם זײַדענעם יונגערמאַנטשיק און [זיי זײַנען] אוועק אויפֿן וועג פֿון כאַציאַלער צעשטערונג פֿון דעם, וואָס דאַרף אָפּשטאַרבן, איז אויסגעוואַקסן אַ האַמוינישע, דעמאָקראַטישע ליטעראַטור.

אונדזער ליטעראַטור בעדערעך קלאַל, אונדזער ליריק ביפֿראַט פֿאַרמאָגט ניט די פֿאַרבן־רײַכקײַט פֿון וועלכער־עס־איז אַנדערער ליטעראַרישער ליריק. די ראַכוועסדיקע נאַטור מיט אַלע אירע כײַנען, מיט אַלע קישעפֿן פֿון וועלדער, לעוואָנעשטראַלן, גליקלעכע ליבע־ווייען און דאָס וווּנדערלעכע רייכעס־ און פֿאַרבן־לעבן פֿון דער בלומען־וועלט, די עמעסע בענקשאַפֿט צום אומענדלעכן, וואָס נאָר אַ גליקלעכער, באַזאָרגטער און ניט פֿאַרפּלאָנטערטער אין נויט־נעץ מענטש קאָן פֿילן אין זײַן האַרץ, — פֿעלן קימאַט אין אונדזער ליריק.

דער ייִדישער דיכטער קען ניט דעם סאָלאָוויי, ער ווייסט ניט די נעמען פֿון די בלומען, ער האָט ניט קיין פּאַסיקע ווערטער פֿאַר דער עמעסער מוזיק. דערפֿאַר אָבער קען ער אויסשטרעקן אַ צאָרנדיקן פֿויסט, ווי באָװשאָווער, וויינען און שעלטן, ווי מאָריס ראָזענפֿעלד, און אַזוי ווײַמיטלעך־וואָר שילדערן, ווי רייזען, די גרויסע נויט.

אויף איין לאַכנדיקן שאָלעם־אַלייכעם האָבן מיר צענדליקער וויינער, אויף איין געזונטן מאָלער האָבן מיר צענדליקער פּאַרטרויערטע לעבנס־שילדערער. דאָס איז די שוואַכקײַט פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, אָבער אויך איר באַזונדערע באַדײַטונג, איר באַזונדערע קראַפֿט. לויט איר עצעם צייט זי איר יעניקע פֿון אירע לייענער — די אָרעמע, אַרבעטנדיקע מאַסן, און די קינסטלער גופֿע זײַנען קינדער פֿון די דאָזיקע מאַסן, וואָס ניט געקוקט אויף די שרעקלעכע תּנאָים, וואָס זיי לעבן אין זיי, איז די נויט ניט אימשטאַנד צו טייטן אין זייערע הערצער „די זריזע פֿונעם לעבן”, ווי באָװשאָווער דריקט זיך אויס.

עס איז ניט קיין צופֿאַל, וואָס אין דער שפּראַך פֿונעם געדריקטן קלאַס איז געשאַפֿן געוואָרן אַ ליטעראַטור, וואָס דער פּראָלעטאַרישער עלעמענט אין איר פֿאַרנעמט דאָס ערשטע אָרט...

אין דעם סייפֿער־האַזיכרוינעס פֿון די געבורטס־ווייען פֿון דער נײַער מענטשהײַט וועט די ייִדישע ליטעראַטור, די ליטעראַטור פֿון די ייִדישע קעלער־

שטיבער אין װאַרשע און װילנע, פֿון די ייִדישע שנײַדערס און פּרעסער פֿון די ניו־יאָרקער סוועטשאַפּן, פֿונעם ייִדישן באָכער, װאָס נעכטיקט ניט, װוּ ער טאָגט, פֿון דעם ייִדישן געני, װאָס זײַן מוֹיעך און האַרץ האָבן ניט אויסגעהאַלטן דעם נײַעם ציוויליזאַציע־געניעם, און מיט א ווילדער קראַפט האָט ער אויסגעזונגען זײַנע קאַמפּס־לידער און אַראָפּ פֿון זינען, פֿון דעם ייִדישן וואַסערטרעגער, װאָס מיט זײַן פּראָסטן פֿאַרשטאַנד און פֿילנדיקן האַרץ האָט ער אין פּערעצעס געשיכטן דערגרייכט די העכסטע מאַדרייגעס פֿונעם מענטשלעכן גײַסט, — אין קומענדיקן סײַפֿער־האַזיכרוינעס פֿון דעם פֿאָלקס פֿרייד און לייד ערעוו זײַן געוּלע וועט די ייִדישע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור פֿאַרנעמען א בעקאָוועדיק אָרט.

(„קולטור און בילדונג”, נומ. 6, 8 אָקטיאַבער 1918)


Цѣна 50 коп.

פּרייז פֿון נומער 50 קאָפּ.

Культур ун Билдунг.

קולטור און בילדונג

נעהמ ארוים איינמאל אין וואָך.

ווערט ארויסגעגעבן פֿון דער קולטור־און בילדונגס־אפּטיילונג
בא דעם קאמיסאריאט פאר אידישע ענינים.

אבאנעמענטס־פּרייז
2 רובל א חודש, 3 חדשים—6 רובל.

אדרעס פֿון קאנטאר און רעדאקציע
Москва, Пречистенка, 16.

№ 6

דינסטאג, ב׳ מרחשון תרע״ט.

8 אָקטיאבער 1918

■

## באַם סאַמע אָנהייב

די געשיכטע פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור באַווײַזט, אַז שוין אין סאַמע אָנהייב פֿון די שטורמישע געשעענישן אין רוסלאַנד זײַנען אירע שעפֿער ניט געשטאַנען אין א זײַט. אויף שפּאַלטן פֿון די דעמאָלטיקע צײַטונגען און זשורנאַלן האָבן זיך באַוויזן די שוין באַקאַנטע נעמען פֿון די יונגע אין יענער צײַט דאָוויד האָפֿשטיין (1889—1952), אָשער שוואַרצמאַן (1889—1919), מוישע קולבאַק (1896—1940), לייב קוויטקאָ (1890—1952), פּערעץ מאַרקיש (1895—1952). מיט באַגײַסטערטע לידער באַגריסן די רעוואָליוציע די נײַע שעפֿער: דער אַרבעטער מענדל אַבאַרבאַנעל (1888—1957), די מינסקער לערערן סאָרע קאַהאַן (1895—1974), דער רויטאַרמייער דאָוויד אויטקעס (1898—1959). שפּעטער זײַנען געקומען פֿון די פֿראָנטן פֿונעם בירגערקריג און האָבן אָפּגעדרוקט זייערע ערשטע לידער איזי כאַריק (1898—1937, וועלכער האָט צוערשט גענומען פֿאַר א פּסעוודאָנים דעם נאָמען פֿון זײַן געבורטסשטעטל זעמבין, איציק (ייִצכאָק) פֿעפֿער (1900—1952) און א סאַך אַנדערע.

מיר ברענגען דאָ אייניקע מוסטערן פֿון פּובליקאַציעס, וועלכע מיר נעמען פֿון די צײַטשריפֿטן פֿון יענע יאָרן.

## ל ײ ב  ק ו ו י ט ק אָ

• • •

מיט דעם וואָרצל טיף אין דר׳ערד,
מיט דעם קאָפּ אין הימל,
בײַגעקומען שטאַנג און שווערד,
הונגער, קעלט און שימל, —
שפּאַנט ער שטאָלץ מיט ריזן־שפּאַן,
דער אַרבעטס־מאַן!

רייען, רייען — און א פֿאָלק
מיט פֿרײַע קעפּ און פּלייצעס, —
דאָס באַצווינגט דאָס לעבן זיך,
קרעפֿטיק האַלט די לייצעס, —
שטרײַט ער, אין דער פֿרײַהײַטס שפּיל,
צום העכסטן ציל!

רינג אין רינג, און שלאָס צו שלאָס,
די קייט זאָל אייביק הענגען, —
זי ציט צום גרויסן מאָרגן־לאַנד
און וועט צום גליק אונדז ברענגען.
שטאָלצער, שטאָלצער, ריזיק שפּאַן,
דו אַרבעטס־מאַן!

(„דער ייִדישער פּראָלעטאַריער”, קיִעוו, נומ. 1, 30 מײַ [12 יון] 1917)

# דאַוויד האָפשטיין

## שנייען

גדיכטער, גדיכטער פאַלט, שנייען!
אײַלט גיכער פאַרדעקן
די שמוציקע פלעקן
פון בלוטיקע ווייען
מיט דעקן פון טויט.

אײַלט, שנייען, אַלצדינג צו פאַרגלײַכן,
אײַלט אַלץ צו פאַרבײַטן:
די בלײַענע ווײַטן,
די וויסטיקע שליאַכן,
פאַרכווישעכט פון קויט.

און איידער דער מענטש וועט דערוועגן
זיך דורכשנײַדן ברודיקע וועגן
אין לויטערן שויס —
פאַרבלענדט אים מיט לויטערער ריינקייט,
פאַרבלענדט אים מיט אייביקער שיינקייט
און לויטערט אים אויס.

גדיכטער, גדיכטער פאַלט, שנייען!
פאַרדעקט שוין דעם ערדישן קויט —
אויף קאַלטע, אויף שנייִיקע דעקן
צו הייס זײַנען מענטשלעכע ווייען,
צו רויט — זײַנע בלוטיקע פלעקן,
צו רויט!

(„די נײַע צײַט", קיעוו, 11 [24] דעקאַבער 1917)

# מענדל אבארבאנעל

## קאַמפּס-לידער

I

אויסגעצירט אין רויטע בענדער,
מיט דער פאָן אין האַנט
שענקען מיר די לײַב-און-זעלע
פאַר דעם גליק פון לאַנד.

הילכיק קלינגט די ליד פון פרײַהייט,
ווי א שיפער, שאַלט:
„פוס אין פוס און פעסט געשלאָסן
גייען יונג און אַלט.

הערצער ציִען, הערצער גליִען
מיט א הייליק פלאַם;
פול מיט אימפּעט, ברויזט דאָס לעבן,
שטורעמט ווי א יאַם.

אויף דעם פולן טאָל מיט ביינער
ציט זיך אָן א הויט:
זעט, עס רירט זיך, און א לעבן
שנעל ווערט אויפגעבויט!"

II

מיר זײַנען אַלע איין מישפּאָכע,
מיר, אַרבעטער פון גאַר דער וועלט:
איין אָרעמקייט האָט אונדז געבוירן,
איין נויט, איין הונגער און איין קעלט.

מיר זײַנען אַלע איין מישפּאָכע:
ווי גרויס און שטאַרק איז אונדזער צאָל!
און ווי צו אַלע אונטערדריקער,
ווען מיר דערוואַכן מיטאַמאָל!

III

קאַלזמאַן איך וועל צו דיר ניט קומען,
ניט רוף מיך העלד.
מיך האָט דער קאַמף אײַנגאַנצן דורכגענומען,
מיך ציט אין פעלד.

מיך ציט אַהין,
ווו ס'הערשט נאָר שטורעם בלוט און פײַער
און שווערדנקלאַנג...
אַך, ליבסטע, ווייס,
מיר איז דער קאַמף דאָך ליב און טײַער —
ניט האַלט מיך לאַנג.

און ווען דו קאָנסט
מיט מיר זיך איצט ניט שיידן,
דאַן קום אויך מיט
אין הייסן קאַמף — דו הערסט?
— עס רופט אונדז ביידן
זײַן שטורעם-ליד!

(„קולטור און בילדונג", נומ. 1, 19 אויגוסט 1918)

## כאַים גילדין




# איך בין דער גליקלעכסטער

(אויסצוג)

איך בין דער גליקלעכסטער צווישן אײַך,
כאַווײרים פון מײַן יוגנט-טרוים!
איך בענטש די שאָ,
וואָס האָט באַצירט די לירע פון מײַן בענקעניש
מיט דונערן פון שטורעם-קאַמף
און צויבער פון טריומף.
מײַן ליד איז הייס,
מײַן ליד איז פרײַ,
מעלאָדיש אײַנגעהעפט אין ריטם-קלאַנג
פון שטאָלצע לעגיאָנען-טריט,
באַשמעקט מיט פרילינג-הויך,
מיט גײַסט פון מי און שטרײַט...
מײַן ווילן צייכנט אויס
א נײַעם שטראַליקן קאָמעטן-שטעג
אין ענדלאָזיקער ראַכוועס פון מײַן שטראַליקן באַגער,
און מיט דער דונערדיקער טויכעכע פון אַלע ליידן
וועק איך,
וועק איך רויִקײַט פון שווערן הינערפלעט
און וויכער איר געפיל.

באַהויכט מיט צאַרטן רויזן-דופט פון פרילינג קינפטיקן,
איך צי דעם פײַערדיקן אַקער פון מײַן כאָלעם
איבער אַלע שטויביקע מידבאָריעס
פונעם אויסגעשמאַכטן לעבנס-שויס
און שנײַד,
און בלימל אויס א שטעגעלע א פאַרביקס
צום בלויען קיניגרײַך פון פרעכטיקײַט און מי.

אויפגעמערידעט האָט אין מיר די כורבן-קראַפט
פון די פאַרשקלאַפטע דוירעס,
און א פעסטונג נאָך א פעסטונג
פון מײַן שטורעם פאַלט.
טיטאַניש כ׳ראַנגל זיך אויף אַלע פּאַליוסן
פון אומרעכט, צווייפל און ראַכמאָנעס,
און כ׳ווער ניט אײַנגעמידט,
איך ווער ניט אַלט.

איך בין דער גליקלעכסטער —
פון ליידן, צאַר און שטורעם א געזאַלבטער זיגער
און כ׳בענטש די שאָ,
וואָס האָט געפליגלט מײַן געמיט.

באַ מײַנע פּיס אין אַש פֿון אירע כוואַליעס
ליגט די אַלטע וועלט, געקנוילט אין פּײַן,
און ווי אַ שטאָלצער אײדעס
שטיי איך בײַ איר שטויביק גויסעס־בעט
און צייל
און רייב די גרוי־געגנעפּלטע סעקונדעס פֿון איר „זיין".
איך בין דער גליקלעכסטער צווישן אײַך,
כּאַוויירים פֿון מײַן יוגנט־טרוים,
און ווי אַ שטאָלצער זיגער
טראָג איך הויך די קרוין פֿון מײַן באַרוף,
און ווער איז גלײַך צו מיר?
און ווער איז גלײַך צו מיר!

(„די קאָמוניסטישע וועלט", מאָסקווע, נומ. 9,
נאָיאַבער 1919)

## איזי זעמבין (כאַריק)

### אונטער רויטע פֿאָנען

אונטער רויטע פֿאָנען
גאַסן גיי איך איבער,
בין איך ווי פאַרשיקערט
פֿונעם פֿלאַמען־פֿיבער.

פּלעצער... רויטע גאַסן...
דעכער און באַלקאָנען...
בין איך אײַנגעשלאָסן
אין די מיליאָנען.

פֿאַלן גרויזאַם העלדן,
בלוטיקן די פּליטן,
קוקן מיר ניט אום זיך,
האַלטן ניט די טריט אײַן.

שטעלן מיר ניט אָפּ זיך —
פֿעסט איז אונדזער גלויבן,
שטרעקן מיר די פֿויסטן
צו דעם קאַלטן אויבן...

איבער קעפּ די פֿאָנען
פֿלאַטערן און פֿאַכן.
ריידן זיי און וואַכן,
רווישן פֿון ניצאַכן.

אונטער רויטע פֿאָנען,
אויף די רויטע גאַסן —
מיט די זעכציק טויזנט,
מיט די פֿרײַע מאַסן!

(זשורנאַל „כוואַליעס", וויטעבסק, 1920)

### זיי און מיר

זיי זײַנען די לעצטע
פֿון צווייפֿלען און טראַכטן,
זיי זײַנען די לעצטע
פֿון טונק'לע פֿאַרנאַכטן.
זיי קענען זיך זעלבסט נאָר
אין טרויער פֿאַראַכטן...
זיי זײַנען די לעצטע.

מיר זײַנען די ערשטע,
די ערשטע, וואָס גייען
באַגײַסטערטע, שטאָלצע
אין אײַזערנע רייען
צו זון, צו דעם אויפֿגאַנג
אָן שרעקן, אָן ווייען...
מיר זײַנען די ערשטע.

זיי זײַנען די לעצטע
פֿאַרגאַנגענע טרוימען,
זיי זוכן אַ טיקן
אין ראָזעווע רוימען.
זיי זײַנען די לעצטע
פֿאַרלאָרענע זוימען...
זיי זײַנען די לעצטע.

מיר זײַנען די ערשטע,
די זוניקע שטראַלן,
וואָס קעמפֿן און שטרײַטן,
וואָס זיגן און פֿאַלן
און ווייסן: עס וועט שוין
דאָס גליק ניט פֿאַרפֿאַלן...
מיר זײַנען די ערשטע.

## אין שטורעם

פלאַם און רויך, רויך און פלאַם —
גאַנצע יאַמען פײַער.
הוק און האַק! נאָך א קלאַפּ!
שמיד זיך, לעבן נײַער!

פונק און פלאַם, פײַער־פלאַם,
וועלטן גאַנצע קראַכן.
ווער ס'איז שטאָלץ — קום מיט אונדז,
האַלט צוריק דעם שוואַכן.

סערפּ און האַמער! ווערט ניט מיד
לײַטערן דעם פורעם!
לעבן זאָל דער פײַער־פלאַם,
לעבן זאָל דער שטורעם!

(זשורנאַל „די קאָמוניסטישע וועלט", מאָסק־
ווע, נום. 14—15, מאַרט—אַפּרעל 1920).

## יִצכאָק פעפער


№ 56
קאָמוניסטישע שטים

## מײַן יוגנט־שיף

מײַן נעשאָמע כוואַליעט,
ווי א יאַם געפילן.
ווי א שיף אינמיטן,
איז אָן ברעג מײַן ווילן.
ווי דער ראָש פון שטורעם,
פליט מײַן יוגנט־שיף,
שנײַדנדיק די יאַמען
פונעם קאָלעקטיוו.

אינעם פלאַם פון הײַנטן
ווערט פאַרברענט מײַן נעכטן,
אין די מאַרגן־סרײַפעס
סמאָלעט זיך דער איצט,
אינעם ראָש פון שטורעם,
אױף א וועג געדעכטן
ווערן וועגן נײַע
בלוטיק אויסגעקריצט.

אינעם נעכטן־נעפּל
אױף פאַרפּירטע שטעגן
בלאָנדזשען אַלטע קינדער,
שלעפּן זיך צוריק,
בלאָנדזשען אין דער ברייטקייט,
שטייען בא די וועגן —
צווישן הײַנט און נעכטן
איז נישטאָ קיין בריק.

(„קאָמוניסטישע שטים", אָדעס, 25 סענטיאַ־
בער 1920)

## פון דער וואַנטבלאַט „רוסטא" (ראָסטא — Российское телеграфное агенство.

**(האָמלער געגנט־ביוראָ)**

א לאָזונג איבער דער גאַנצער זײַט:

„דער וואָפנשטילשטאַנד מיט פּוילן איז שוין אונטערגעשריבן געוואָרן, אונדזער רויטע אַרמיי האָט געצוווּנגען די פּוילישע פּריצים מיט אונדז שאָלעם צו שליסן.
קעדיי דער שאָלעם זאָל זײַן א דויערנדיקער, מוז מען פאַרשטאַרקן די רויטע אַרמיי.

(נום. 169, 20 סענטיאַבער 1920)

## אַרוף אין פערזן:

פרווו מיט דײַן האמער דאָס הארץ פון דער באַן,
ארבעטער, זע נאָר, צי שטארק איז דײַן פראָנט!
זע, צי איז ערגעץ קיין בראָך ניט פאראַן:
הײַנט איז דער אָנהייב פון „וואָך פון רעמאָנט".

## הײַנט איז דער אָנהייב!

הײַנט הייבט זיך אָן אף די מײַרעוודיקע אײַזנבאנען די „רעמאָנט־וואָך". דער ציל פון דער דאָזיקער „וואָך" איז — ברענגען אין אָרדענונג און צורעכט מאכן אלע געבײַדעס פון דער אײַזנבאַן און די סטאנציעס, אלע ווערקשטעלן, און ביכלאל ברענגען אין אָרדענונג די גאנצע אײַזנבאַן־ווירטשאפט. ברענגען אין אָרדענונג די פארוואָרלאָזטע דורך דער מילכאָמע אײַזנבאַן־ווירטשאפט מוז מען ביז ווינטער. ווינטער איז דאָך א סאך שווערער צו פאריכטן די כורבוינעס, איידער איצט.

יעדער ארבעטער און פויער האָט אף זײַן אייגענעם רוקן געפילט דעם גאנצן „פארגעניגן" פונעם טראנספאָרט־כורבן. נעמען מיר דעם הונגער און קעלט, נעמען מיר די מילכאָמע מיט די פריצים און באראָנען, נעמען מיר די עפּידעמיע אדג., — פון דעם אלץ וואָלט מען געקאָנט גיכער פּאָטער ווערן, ווען דער באַן־טראנספּאָרט וואָלט געשטאנען אף דער געהעריקער הייך.

אין פולן באַוווּסטזײַן פון דער באַדײַטונג פון דער „וואָך", מיט ענערגיע און מעסירעסנעפעש ווען אלע, אין ווען עס קלאָפּט אָן אָרנטלעך האַרץ פון אַ ארבעטער, צוטרעטן צו דער שאַפונגס־ארבעט.

לעבן זאָל די „רעמאָנט־וואָך"!

לעבן זאָל די באַוווּסטזיניקע ארבעט — דער זיכערער ניצאָכן איבערן כורבן!

(פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטאָר — ה. קאָזאקעוויטש
ארויסגעבער — רוסלענדישע טעלעגראַף־אגענטור „ראָסטא")

## אפן רויטן פראָנט

(אָפּעראַטיווער באריכט פונעם 13 אָקטיאבער)

אינעם ראיאָן פון מאָלאָדיעטשנאָ—קײַדאנאָווא קומען פאָר פארביסענע שלאַכטן מיט איבערגייענדיקע ניצכוינעס.

אין סלוצקער ראיאָן פירן אונדזערע אָפּטיילונגען שלאַכטן בא דער שטאָט סלוצק. אף דאָרעם־מײַרעוו פון דער שטאָט האָבן מיר פארנומען עטלעכע דערפער און געפאנגענע.

אין קאָראָסטענער און זשיטאָמירער ראיאָנען זעצן מיר פאָר אונדזער אָנגריף.

אין סטאראָקאָנסטאנטינאָווער ראיאָן קומט פאָר א שלאַכט אפן לינקן ברעג פונעם טײַך בוג.

אין פראָסקוראָווער ריכטונג גייען פארביטערטע שלאַכטן אף מײַרעוו פון דער ליניע לעטישעוו — דעראזשנע.

אין נאָוואָושיצער ראיאָן קומען פאָר שלאַכטן.

אין ווערכניעטאָקמאקער ראיאָן האָבן מיר ארויסגעשלאָגן דעם פײַנט פונעם דאָרף און פון דער סטאנציע צארעוואָ־קאָנסטאנטינאָווקע.

(נומ. 67, דאָנערשטיק, 14 אָקטיאבער 1920)

# דאָוויד אוטקעס

## אָ, שרעקט אײַך!

שוין ווידער אין פעסטע געשלאָסענע רייען,
אָן פאכעד פאר ווינטן, אָן מוירע פאר שנייען,
דעם שעקער פארניכטן — די גלײַכהײַט פארזייען,
מיר טרעטן איצט ווידער צום קאַמף!

אַ, שרעקט אײַך, איר מאכנעס פון ווילדע בארבארן!
מיר וועלן ניט שוינען קיין פּריצים, קיין „הארן",
מיר מוזן באזיגן, מיר גארן, מיר גארן
צום זען אײַך אין שטארבנדן קראמף.

זעט איר די פאָנע פון פלאמיקן רויט —
זי ברענגט א ניצאָכן, דעם שעקער — א טויט,
זי טראָגט פאר די ארבעטער פרײַהײַט און ברויט,
זי קומט ווי א ליכטיקער טרוים.

אַ, שרעקט אײַך, איר מאכנעס פון ווילדע בארבארן!
די שווערד קומט נעקאָמע איצט נעמען פון „הארן",
מיר מוזן באזיגן — מיר גארן, מיר גארן
צערײַסן פון אומרעכט דעם צוים!

(„רוסטא", טעגלעכע וואנטצײַטונג, ארויסגע־
געבן פון דער יידישער אגיטביוראָ בא דער
פּאָליט־אָפּטײלונג פון דער 16־טער ארמיי.
נום. 67, 14 אָקטיאבער 1920)

• • •

ווען עס פאלן איצט די קייטן
פון דער שקלאפן־צײַט —
העלף די פאראזיטן טייטן,
שטיי ניט פון דער ווײַט!

אָפּפער פאר די קעמפער טרײַע,
העלף זיי, העלף אין שטרײַט —
בוי מיט זיי די צוקונפט נײַע,
שטיי ניט פון דער ווײַט!

(„רוסטא", טעגלעכע וואנטצײַטונג, ארויסגע־
געבן פון דער יידישער אגיטביוראָ בא דער
פּאָליט־אָפּטײלונג פון דער 16־טער ארמיי.
נום. 77, 25 אָקטיאבער 1920)



דאַוויד אוטקעס (1898 — 1959) האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין די יאָרן פונעם בירגערקריג. צו צוואנציק יאָר איז ער ארײַנגעטראָטן אין דער קאָמוניסטישער פּארטיי, געפירט אָן אונטערערדישע ארבעט אין זײַן היימשטאָט ביאַליסטאָק. אין נום. 3 פון „סאָוועטיש היימלאנד" פארן 1962 איז געווען פארעפנטלעכט ד. אוטקעסעס א ציקל לידער מיט אַן ארײַנפיר פון איינער פון די עלטסטע טוערנס פון דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּארטיי פון 1898 יעלענא סטאסאָווא, אין וועלכן זי האָט געשריבן אין א בריוו צו דער רעדאקציע:

„מיטן אוטאָר פון אָט די לידער בין איך גע־ווען פערזענלעך באקאנט, איך האָב א סאך יאָרן געארבעט מיט אים צוזאמען...

אינעם פײַער פון דעם בירגערקריג האָט ד. אוטקעס דערגרייכט פולע פּאָליטישע רײַפקײַט. אין אָט די יאָרן האָט ער זיך ארויסגעוויזן אלס עכ־טער רעוואָליוציאָנערער דיכטער. קעמפנדיק אין די רייען פון דער רויטער ארמיי, האָט ער אָנגע־שריבן א גרויסע צאָל לידער, וועלכע האָבן זיך טעגלעך געדרוקט אין דער יידישער צײַטונג „ראָס־טא", אָרגאַן פונעם פּאָליט־אָפּטײל פון דער 16־טער ארמיי פון דעם מײַרעוו־פראָנט.

ווי דער גאנצער מאטעריאַל פון אָט דער צײַ־טונג, זײַנען אויך דאָוויד אוטקעסעס לידער געווען געווידמעט די טעמעס, וועלכע זײַנען געבוירן גע־וואָרן אין פּראָצעס פונעם קאמף קעגן די פּילצאַ־ליקע סאָנים פון דער יונגער סאָוועטן־רעפּובליק. באַײַנפלוסט פון דעמיאַן בעדניס בײַשפּיל, האָט ער אונטערן פּסעוודאָנים „דאָווידל קאפּצן" אָפּגע־דרוקט א ריי לידער, וועלכע זײַנען דורכגעזאַפּט מיטן גײַסט פון פּאָליטישער סאטירע. דעמיאַן בעד־ניס פרוכטבארע ווירקונג פילט זיך אויך אין אוט־קעסעס אנדערע לידער, אין וועלכע עס קלינגען די שלאכט־רופן און רעוואָליוציאָנערע לאָזונגען פון א דיכטער א רויטארמייער".

## אַפן רויטן פראָנט

(אָפּעראַטיווער באַריכט פון 24 און 25 אָקטיאַבער 1920)

אין אַלעקסאַנדראָווסקער ראַיאָן האָבן אונדזערע פאָדערשטע אָפּטיילונגען פאַרנומען די שטאָט אַלעקסאַנדראָווסק.

אינעם ראַיאָן פון דער סטאַנציע סינעלניקאָוואָ האָבן אונדזערע אָפּטיילונגען דעם 22 אָקטיאַבער פאַרנומען די שטאָט סלאַווגאָראַד. דער פּײַנט רײַסט אויף די אײַזנבאַן־געבײַדעס.

אַף מיזרעך האָבן אונדזערע אָפּטיילונגען דעם זעלבן טאָג, איבערגייענדיק אין אָנגריף פון דער זײַט פון ניקאָלײַעווקאַ (40 וויאָרסט אַף צאָפן־מיזרעך פון אָרעכאָוו), פאַרנומען דאָס דאָרף מיכײַלאָווקאַ און די סטאַנציע סאָפּיעווקאַ (20 וויאָרסט אַף צאָפן־מיזרעך פון אַלעקסאַנדראָווסק) און האָבן פאַרכאַפּט אין געפאַנגענשאַפט דעם 4־טן פײַנטלעכן דראָזדאָווער פּאָלק.

דעם 23 אָקטיאַבער אינדערפרי האָבן זיי דערגרייכט בא דער סטאַנציע ליזשינאָ דעם אײַזנבאַן־וועג אַלעקסאַנדראָווסק—אָרעכאָוו.

דער אָנגריף ווערט פאָרגעזעצט.

אין מאַריופּאָלער ראַיאָן — אָן ענדערונגען.

## מוידאָע

די ביוראָ פאַר אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג בא דער פּאָליט־אָפּטיילונג פון דער 16־טער אַרמיי אָרדנט אײַן דינסטיק, דעם 26 אָקטיאַבער, אינעם סטודיע־טעאַטער (סאַדאָוואַיאַ־גאַס, 35) אַ מיטינג־ספּעקטאַקל, געווידמעט דער אומפּאַרטייִשער אַרבעטער־קאָנפערענץ. אין דער „רויטער וואָך" — נאָכן מיטינג וועלן געשפּילט ווערן „מענטשן" פון שאָלעם־עליכעמען, מאָנאָלאָגן, מעלאָדעקלאַמאַציע, געזאַנג און מוזיק, אויסגעפירט פון דער ערשטער ייִדישער מיליטערישער פראָנט־טרופּע בא דער פּאָליט־אָפּטיילונג פון דער 16־טער אַרמיי. בילעטן צו באַקומען אין דער רעדאַקציע פון דער ייִדישער „רוסטאַ" דינסטיק פון 12 ביז 3 אַזייגער נאָך מיטיק לויט די פאָדערונגען פון די פּראָפּאַרײַנען, ראַטן־אַנשטאַלטן און רויטאַרמייִשע אָפּטיילונגען. אָנפאַנג — האַלב 9 אַזייגער.

# קאָנסטאַנטין באַלמאָנט

## ווי דער מאָרגן זײַן!

ווער עס וויל, די שוואַרצע שאָטנס זאָלן בלייך ווערן, פאַרפליִען,
ווער ס'האָט פּײַנט נאָך אַלץ דאָס זעלבע, פאַרן טרויער וויל ניט קניִען, —
מוז דעם נוצנלאָזן אומעט פון זײַן זעל פאַרוואַרפן ווײַט,
מוז פאַרשלייערן, וואָס ס'דריקט אים, זײַן דורך זיך אַליין באַפרײַט.

טיף די וועלט איז — דו ביסט גרונטלאָז, אין דער הינזיכט זײַט איר
טו אַ קוק מיט אָדלער־אויגן — וועסט ניט בלײַבן אין דער נידער.
ס'איז אַ טהאָם די וועלט די גאַנצע, אויך אַ טהאָם ביסטו אַליין, —
פּרוּוו נאָר בלײַבן אונטערטעניק — וועסטו זינקען, ווי אַ שטיין.

אָ, ווי טיף די בליקן דרינגען! אָ, ווי הויך די וואָלקנס שוועבן!
טיפער, העכער דרינגט דער פלאַקער פון באַוווּסטזײַן און פון שטרעבן,
נאָר באַפעל — און ס'וועט געשען. דו באַגרײַף, פאַרוויל נאָר גלײַך —
וועכסט זײַן מעכטיק, וועסט זײַן ליכטיק, ווי דער קלאָרער מאָרגן־רײַך.

פרײַ איבערגעזעצט — ל. ר.
(„קולטור און בילדונג", נומ. 9—10, 12 נאָיאַבער 1918)

# נ ו י ע ד  ג אַ ר ע ל י ק

## פרײַהײַט

פרײַהײַט האָב איך אײַנגעזויגן
ווי א ליכט אין מײַנע אויגן,
אָנגעטאָן זיך בײַ,
אָף מײַן דאָך איך פאַן פאַרצויגן
און געוואָרן פרײַ.

פרײַ, ווי דער געדאנק פון טרוימער,
ווי דער פויגל צווישן בוימער,
ווי דער וואסערפאַל,
וואָס, קעדײַ זיך מאכן גרוימער,
שלאָגט אין פעלדזן־וואַל.

פרײַ, ווי קינדער, ווען זיי שפּילן
אָף דער גאס און וואָס זיי ווילן,
פרײַ, ווי ליבסטע צוויי,
און פון ליבע די געפילן
שטילן קאָנען זיי.

פרײַהײַט האָב איך אײַנגעזויגן,
ווי א ליכט אין מײַנע אויגן...

(„דער שטערן“, מינסק, נומ. 22, 24 יאנוואר 1919)

נויעד גאַרעליק (1893—1942) האָט געלעבט אין ווײַסרוסלאנד. אווטאָר פון לידער, וועלכע ער האָט געדרוקט אין די זשורנאלן „גרינינקעביימעלעך“, „די וואָך“, „רוף“, שפּעטער — אינעם זשורנאל „דער יונגער פּיאָנער“. אין 1918 איז אין כארקאָוו דערשינען זײַן מײַסעלע „דער סויכער מיטן בער“, אין 1928 — זײַן בוך „קינדער־לידער“ (מינסק), אין 1929 (אויך אין מינסק) — „יוגנט־לידער“. אומגעקומען אין מינסקער געטאָ.

■

# ס אָ ר ע  ר ײ ז ע ן

## דער וועג צום ציל

דער וועג צום ציל
דורך דערנער פירט, —
דאָך מוט און האָפן
אים באַצירט.

און פאַלט אין שלאכט
דײַן ברודער שטיל,
דו ווײַטער גײ
צום ענדע־ציל.

באפרײַונג ברענג,
באפרײַונג טראָג,

אז העל זאָל זײַן
דער צוקונפט־טאָג.

אז נאָך דער שלאכט
זאָל יאָמטעוו זײַן,
א יאָמטעוו העל,
ווי זונען־שײַן.

און מער קיין שמערץ,
און מער קיין צאר,
און מער קיין קנעכט,
און מער קיין האר!

(„דער שטערן“, מינסק, נומ. 22, 24 יאנוואר 1919)

* * *

מיר קומען, די וועלט פון איר קנעכטשאפט
באפרײַען
די כורוועס די אַלטע מיר קומען באנײַען, —
מיר טראָגן פון צוקונפט דעם טאָג.

עס האָבן זיך דוירעס נאָך דוירעס געצויגן,
קיין פרייד און קיין שמייכל אין זייערע אויגן, —
נאָר קוואַלן פון טרערן און שמערץ.

אַ דאָר צו אַ דאָר האָט דעם גוירל געטראָגן,
ס'האָט קיינער געוואגט זיי אַ וואָרט ווען צו
זאָגן, —
דער טויט איז געווען זייער טרייסט.

אויך דאָ אויף דער ערד מוז אַ יאָמטעוו באַלד ווערן,
די רויז וועט באשײַנען די טאָלן פון טרערן, —
די ערד איז באשאפן פאר גליק.

מיר קומען, די וועלט פון איר קנעכטשאפט
באפרײַען,
די כורוועס די אַלטע מיר קומען באנײַען, —
מיר טראָגן פון צוקונפט דעם טאָג.

(„דער שטערן", מינסק, נומ. 47, 23 פעברואַל 1919)



סאָרע רייזען (1885 — 1974) איז געווען די ייִנגערע שוועסטער פון אַבֿרהם און זאַלמען רייזען. אין 1914 אַרויסגעגעבן די ערשטע זאַמלונג סקיצן און מײַסעלעך. אין 1924 האָט דער ווילנער פאַריין פון ייִדישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן אַרויסגעלאָזט אַ בוך אירע לידער. די לעצטע עטלעכע צענדליקער יאָרן געלעבט אין אַמעריקע.

■

## ע ל י ע צ י א נ אָ ו ו ס ק י

### איינס־צוויי

שטרענג די פענעמער, אַנטשלאָסן,
שפאנען שווײַגנדיק אין ריי...
ערגעץ ווײַט זיך הערן שאָסן
און דאָס שפאַנען דאָ — איינס־צוויי.
איינס־צוויי... איינס־צוויי...

ס'גיט אַ דונער פון קאַנאָנען
און אין ברעקלעך זיך צעשיט.
אָנגעצויגן ווערט דאָס שפאנען
און געשפאנטער אַלץ די טריט.
איינס־צוויי... איינס־צוויי...

יעדער טראָגט זײַן סאָד אין הארצן,
יעדער טראָגט זײַן גוירל מיט —
מיט דעם שווײַגעניש דעם שווארצן
טײַנען דראָענדיק די טריט.
איינס־צוויי... איינס־צוויי...

(„רויטע אַרמיי", נומ. 3, 1919)

עליע ציאַנאָווסקי (1886 — 1920) איז געווען אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי, אַנטיילגענומען פונעם בירגערקריג. אומגעקומען אין שלאַכט מיט די מאַכנאָווצעס דעם 22 יול 1920. ע. ציאַנאָווסקי איז געווען אַשער שוואַרצמאַנס אַ נאָענטער פרײַנט.

## דאנ:יעל מארשאק

### די בלוטרויטע פאָן

עס טראָגט זיך אין שטורעם די בלוטרויטע פאָן,
ווי פלאַמען אין רײַסנדן בראַנד;
עס פלייצן די פעלקער און ראַסן נאָך איר,
ווי כוואַליעס צום ברויזנדן שטראַנד.

ניט איין מאָל שוין האָט זי, די בלוטרויטע פאָן,
צום שטרײַט און צום זיג זיי געפירט.
עס טראָגן זי טרײַע און זיכערע הענט —
די הענט, מיט מאָזאָליעס באַצירט.

צעשמעטערט האָט טראָנען די בלוטרויטע פאָן
און שטאָלצע טיראַנען געבייגט,
און דעספּאָטן ווילדע, ווי עלנטע קנעכט,
אין שענדלעכע קייטן געלייגט.

און הימלס־ליכט טראָגט זי, די בלוטרויטע פאָן,
צו שקלאַפן אין פינצטערער נאַכט,
און מויערוועגט פעסטע און קייטן — צו שטויב
צערײַבט זי מיט געטלעכער מאַכט.

און אייביק וועט רופן די בלוטרויטע פאָן
צום שטרײַט פארן גליק דאָ אַף דר׳ערד,
ווי לאַנג נאָך עס קלינגען די קייטן דאָ שווער
און טויט־קרעכצן ווערן געהערט.

קלינג הויך זשע, מײַן ליד פון דער בלוטרויטער
פאָן,
צעטראָג זיך מיט שטורמישן קלאַנג,
ווי פאָנען־געפלאַטער, ווי וואָפן־געריוש,
ווי זיגנדער ארבעטער־גאַנג.

(„די פרײַע וועלט“, מינסק, נום. 2, מארט 1919)

פּראָלעטאַריער פון אלע לענדער, פאַראייניגט זיך!

קאַמף און לעבן

ערשיינט איין מאָל אין צוויי וואָכן

רעדאַקטאָר זרח גרינבערג.

דאנ:יעל מארשאַק (1872 — 1937) האָט פון די יונגע יאָרן זיך אָנגעשלאָסן אין דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. דעביוטירט אין דער ליטעראַטור אין 1905 מיט א דערציילונג, וועלכע ער האָט אָנגעשריבן, זיצנדיק אין טורמע. שפּעטער געדרוקט דערציילונגען און לידער אין פאַרשיידענע אויסגאַבעס. אווטאָר פון פּראָזע־ביכער און פּיעסעס, פונעם ראָמאַן „די פאַרשטויסענע“, וועלכער איז דערשינען אין 1936 אין מינסק.

## קאַמף און לעבן

(לויט א היסטאָרישער נאָטיץ אין זשורנאַל „די רויטע וועלט“ נום. 11—12, 1929)

ווען אין אַפּרעל 1919 איז אין פּעטראָגראַד דערשינען דער ערשטער נומער פונעם צווייוואָכנט־לעכן ליטעראַריש־קינסטלערישן און געזעלשאַפט־לעך־פּאָליטישן זשורנאַל „קאַמף און לעבן“, האָט די רעדאַקציע אינעם פאָרוואָרט געשריבן:

„כאָטש לענין האָט געלונגען באַמערקט, אַז דעם סאָציאַליזם מוזן מיר בויען פון דעם מענטשן־מאַטעריאַל, פון די מענטשן־ציגל, וואָס מיר פאַר־מאָגן איצט. דאָס זעלבע קאָן אויך מיט רעכט אָנ־געווענדט ווערן בענעגייע דעם יידישן קולטור־

**ביניען. מיר דארפן אינעם איבערבויונגס־פּראָצעס פון דעם אינערלעכן ייִדישן לעבן אויסניצן די אַלע קויכעס, וואָס קאָנען אונדז אין דעם פּראַט צוניץ קומען, האגאם זיי געהערן נאָך ניט אינגאנצן צו אונדזער לאגער. מיר מיינען דערמיט צו זאָגן, אַז פאר יענע קולטור־קויכעס פונעם פאָלק, וועלכע זײַנען ביז איצט געוווינט געווען צו שאפן אין א באלעבאטישער אָדער גווירישער אטמאָספער, מוז געגעבן ווערן די מעגלעכקײַט צו שאפן איצט אין די נײַע לעבנס־באדינגונגען. מיר דארפן זיי נישט בלויז ניט דערווײַטערן פון דער ארבעט, נאָר אונדזער כויוו איז — זיי מעקאָרעוו צו זײַן, קעדיי מיט זיי און דורך זיי ארײַנדרינגען אין די ברייטסטע פאָלקס־שיכטן, ווו זייער וואָרט האָט גאָר א באזונדער כיין און אווטאָריטעט... די רעדאקציע מיינט, אַז עס וואָלט געווען אן אומפארצײַלעכער, גרויסער היסטאָרישער טאָעס, ווען מיר זאָלן איגנאָרירן די אַלע ייִדישע שריפטשטעלער און זשורנאַליסטן, וואָס זײַנען דאָס ראָוו, צו קיין כארפּע זאָל זיי ניט זײַן, אפּאָליטיש, אָבער קענען אויסגעצייכנט דאָס ייִדישע לעבן און זײַנען מיט טויזנטער פּעדעם צוזאמענגעבונדן מיט די ייִדישע פאָלקס־שיכטן. און זאָל זיך דעריבער קיינער פון אונדז ניט וווּנדערן, אויב ער וועט אָפּטמאָל טרעפן אין אונדזער זשורנאַל דעם אָדער יענעם ליטערארישן נאָמען, וואָס איז ביז איצט ניט געווען אין אונדזערע רייען. מיט גרויס צופרידנקײַט באגעגענען מיר די אַלע ייִדישע קולטור־טרעגער און קולטור־שעפער, וועלכע ווילן צוזאמען מיט אונדז דינען די ברייטע ארבעטער־שיכטן אפן געביט פון קולטור און אויפקלערונג. עס איז גאנץ איבעריק צו זאָגן, אַז דער „קאמף און לעבן" וועט קוידעמקאָל זײַן א טריבונע פארן קאָמוניסטישן געדאנק און וועט אפילע א „קויצע שעל יוד" ניט מוטער זײַן אונדזער פּארטייפּראָגראם. דער פּאָליטישער טייל פונעם זשורנאַל וועט דורכויס אָנגעפירט ווערן פון מענטשן, וועלכע שטייען פעסט אַף דער סאָציאַליסטיש־קאָמוניסטישער פּלאטפאָרם, וועלכע גלייבן און ווייסן, אַז נאָר די ראטנמאכט קאָן און וועט אויסלייזן די ארבעטער־מאסן פונעם קאפּיטאליסטישן יאָך...**

**...די בעסטע ייִדישע שריפטשטעלער, וועלכע זײַנען דאָך, לויט זייער עקאָנאָמישן מאצעוו, געווען און געבליבן נאָענטע קרויווים פונעם ייִדישן ארבעטער, וועלכע זײַנען אָבער אויסגעוואקסן אין א באלעבאטיש־גווירישער אטמאָספער, וועלן זיך האָפנטלעך ביסלעכווײַז איבערצײַגן, אַז נאָר דאן קאָן מען דינען דעם פאָלק, ווען מע טרוימט זײַנע טרוימען און מע פילט זײַנע שמערצן...**

קאמף און לעבן! דער קאמף קאָן נאָר דאן געפירט ווערן אינטענסיוו און צוועקמעסיק, ווען מע איז צוזאמענגעבונדן און צוזאמענגעקניפּט מיטן לעבן, ווען מע ניצט אויס דעם מענטשן־מאטעריאַל, וואָס איז פאראן, וואָס עקזיסטירט, ווען מע ניצט אויס אלץ, וואָס איז גרייט, אַף דעם אָדער יענעם געביט, אין דער אָדער יענער פאָרם, צו דינען אונדזער אידיי. אָט פארוואָס מיר ווילן גלייבן, אַז דער זשורנאַל „קאמף און לעבן" וועט פארנעמען אַן אָרט אינעם ייִדישן ארבעטער־לעבן און וועט אונדז מעמײַלע העלפן פירן דעם ייִדישן ארבעטער צום ענד־ציל — צום סאָציאַליזם".

„קאמף און לעבן" איז, אפּאָנעם, געווען דער ערשטער ייִדישער ליטערארישׂ־קינסטלערישער זשורנאַל, וועלכער האָט קלאָר און דײַטלעך פּראָקלאמירט דעם וועג צו א נײַער, א סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור, א ליטעראטור, וואָס דארף שטיין פעסט אַף א קאָמוניסטישער פּלאטפאָרם. זײַן רעדאקטאָר איז געווען זאָרעך גרינבערג — א ליטעראטאָר און היסטאָריקער, וועלכער האָט איבערגעלאָזט א טיפן שפּור אין דער סאָוועטישער ייִדישער קולטור־געשיכטע. צום באדויערן, ווייסן מיר גאָר ווייניק וועגן זײַן לעבן. דער ניו־יאָרקער „לעקסיקאָן פון דער נײַער ייִדישער ליטעראטור" (צווייטער באנד, 1958, שפּאַלטן 397—398) ווײַזט אָן, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין 1887 אין בעלאָצערקאָוו, געווען א לערער, „נאָך דער באָלשעוויסטישער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, אין 1917, באשטימט געוואָרן ווי א קאָמיסאר פאר בילדונג און קונסט פון דער „צאָפנדיקער (פּעטערבורגער) קאָמונע" און איז געווען די רעכטע האנט פון דעם פאָלקס־קאָמיסאר פאר בילדונג א. לונאטשארסקי". אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט זאָרעך גרינבערג זיך אָפּגעגעבן דער פּעדאגאָגישער ארבעט, געווען א פּראָפעסאָר פון געשיכטע. בייס דער צווייטער וועלט־מילכאָמע געווען א מיטגליד פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע באם ייִדישן אנטיפאשיסטישן קאָמיטעט. אין 1948 איז ער אומשולדיק רעפּרעסירט געוואָרן און פון דעמלט אָן זײַנען וועגן אים קיין שום ידיעות ניטאָ.

ווי א סאך אנדערע אויסגאבעס אין די שטורמישע יאָרן, האָט דער זשורנאַל „קאמף און לעבן" לאנג ניט עקזיסטירט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט נאָכן דערשײַנען פון עטלעכע נומערן. אָבער דער פּרווו צוציִען ברייטע שעפערישע קויכעס צום אָפּשפּיגלען די נײַע פּראָצעסן אינעם געזעלשאפטלעכן לעבן פון די ייִדישע פאָלקסמאסן האָט אָפּגעשפּילט א ביז גאָר פּאָזיטיווע ראָל.

אין צען יאָר ארום נאָכן דערשײַנען פונעם ערשטן נומער „קאמף און לעבן" האָט איינער פון די אָנגעזעענע קולטור־טוער פון יענער צײַט — שמועל אגורסקי אָפּגעדרוקט אין זשורנאַל „די רויטע וועלט" אַן ארטיקל „די ייִדישע ארבעטער אין דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע", ווו ער האָט דערציילט וועגן דער זעלבער פּראָבלעם. דאָס איז שוין געווען ניט קיין פראגע פון דער צײַט, נאָר געשיכטע. צווישן אנדערס, איז דאָרט געזאָגט געוואָרן:

פראלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניגט זיך!

№ 13

קאמוניסטישע פארטיי פון ליטע און ווייסרוסלאנד

# די קאמוניסטישע שטימע

[illegible] Штерн Библиотека Публичная

אבאנעמענט-פרייז:
1 חדש 4 רובל, 2 חדשים 12 רובל,
3 חדשים 18 רובל

דאס אבאנעמענט ווערט אנגענומען אויך אין אלע פאסט-קאנטארן פון דער רוסל. ראטן-רעפובליק.

די רעדאקציע איז אפן פאר פערזענליכע איבערזעצן פון 11 ביז 1 בייטאג.

אדרעס פון רעדאקציע און קאנטאר:
Минск, Губернаторская ул. 20.

אדרעס פון דער עקספעדיציע:
[illegible]

ארגאן פון [illegible] פון הויפט-קאמיטעט און מינסקער שטאטישער קאמיטעט [illegible] אידישן קאמוניסטישן פארבאנד.

שבת, דעם 26 אפרעל 1919 — ערשטער יארגאנג. — פרייז [illegible] קאפ.

## דער רעוואליוציע דראהט געפאר. דער ווער עס זעט ניט די סכנה, איז ניט ווערט דעם נאמען קאמוניסט.

## צום געוועהר!

### חברים, די שעה פון ענטשיידענעם קאמף איז געקומען.

דער [illegible] פון קאפיטאליסטן און פריצים זאמלט אויף זיינע לעצטע כחות, כדי צו געבן דעם טויט-קלאפ דער ראטן-מאכט פון די ארבײ-טער און [illegible].

די קאנטר-רעוואליוציאנערע בורזשואזיע [illegible] איז איצט [illegible] צו [illegible].

נאכן אוקראינע, קרים און א גרויסער טייל פון דאן-געגנט זיינען אפגעראטעוועט פון די ווייס-גוואַרדייאישע באנדעס.

די אימפעריאליסטישע רויבער פון ענגלאנד, פראנקרייך און אמעריקע האבן [illegible]. אז די זיינען ניט בכח צו ביייקומען די ראטן-מאכט — פאר די שטעהט די געפאהר פון אן אייגענער רעוואליוציע.

די סאציאליסטישע רעוואליוציע פארקערט זיך פאנאנדער מיט אוניאומגע-[illegible] [illegible] אין [illegible]. אונגארן, בייערן, טערקיי און אנדערע לענדער זיינען שוין געווארן ראטן-רעפובליקן. אין דייטשלאנד, עסטרייך, פוילן און רומעניע דערנעהנטערט זיך די שעה פון [illegible] פון די ארבייטער און פויערים איבער דער בורזשואזיע. נאך איינ-ציגע ראטן-רעפובליקן — און דער פראלעטאריאט וועט ווערן דער הערשער איבער דער וועלט!

אין דעם [illegible] ווען די צענטראלע ראטן-מאכט האט אנגעווענדעט איהרע הויפט-קרעפטן אויף דרום און מיזרח דאן, האט די פינסטערע קאנטר-רעוואליוציע א קלאפ געגעבן אויף די אפגעשוואכטע פראנטן פון דער רויטער ארבייטער און פויערים ארמיי.

דער [illegible] גענעראל קאלטשאק [illegible] צו [illegible], כדי צו איבערהונגערן די ארבייטער פון צענטראלער רוסלאנד. און די ווייס-גוואַרדייאישע שלאכטע וויל דערשטיקן די יונגע ארבייטער-רעפובליק פון ווייסרוסלאנד און ליטע.

דער [illegible] פראלעטאריאט פון [illegible] פעטראגראד, מאסקווע און אנדערע צענטערן האבן אויף קאלטשאקס אנפאל געענטפערט מיט א מאביליזאציע פון אלע ארבייטער. וואס זיינען פעהיג צו טראגן געוועהר. די פראפעסיאנעלע פאראיינען פון וואלגא-געגנט האבן זיך ערקלערט אין קריגס-צושטאנד און זיינען אלע אוועק אויפ'ן פראנט.

[illegible] וועט ניט דויערן קיין חודש און פון קאלטשאקס באנדעס וועט קיין [illegible] ניט בלייבן.

אונזער פראנט איז אין געפאהר!

די ווייס-גוואַרדייאישע שלאכטע דער ערגסטער שונא פון די ארבייטער און פויערים וויל ניט זיין אירע אנפאלן ווערן אלץ עפטער און חוצפה-דיגער [illegible] [illegible] פון די ארבעטער און פויערים אין [illegible] [illegible] אונזערע כחות און מאכן [illegible] דעם א סוף.

חברים, געדיינקט, אז אט די בלוטדורשטיגע באנדעס ברייגגען די ארבײ-טער און פויערים ארימקייט און הונגער, פינסטערע קנעכטשאפט, פאגראם-שרעקן און טויט. זיי וועלן ניט נור צושיסן ארבייטער און פויערים, זיי וועלן ניט שאנעווען אייערע פרויען און קינדער.

געדיינקט, אז עס איז ניטא באַ אייך קיין ביזערער שונא, ווי די גזלנ'ישע בורזשואזיע.

געדיינקט, אז ווען זיי זאלן אהער קומען האטש אויף א ווייל, וועלן זיי חרוב מאכן די נישטיגע רעשטן פון די פאבריקן און זאוואדן. פון וועלכע איר ציהט אייער חיונה; זיי וועלן אייך ברייגגען דלות, ארבייטסלאזיגקייט און פארהונגערונג.

איין שטארקערער קלאפ פון דער סטראפטיגער האנד פון דעם ארבייטער און פויער וועט פערניכטן אט דעם דאזיגן צופרידן און גיסט-דיגן דור פון פריצים. געדיינקט אז דאס וועט זיין שוין דער לעצטער און ענט-שיידענער שטריט.

אין איינגער פארבינדונג מיט די ארבייטער פון דייטש-לאנד, עסטרייך, אונגארן, בייערן וועלן מיר דאן נעמען בויען אונזער סאציאליסטישע צוקונפט. די ארבייטער און ארבייטע-רינס וועלן זיך באשעפטיגן מיט פרידליכער ארבייט. אנ-שטאט הארמאטן און קוילן וועלן זיי אויסארבעטן לאקא-מאטיוון און פלוגן. עס וועט זיך מער ניט הערן די שיסע-ריי פון קוילנוואַרפער און דאס אויפרייסן פון גראנאטן; עס וועט זיך הערן דער גערויש פון מאשינען אין די פאבריקן, דער קלאנג פון די סערפּן אויף די פעלדער און די פרייע ליד פון דעם בעפרייטן ארבייטער-קלאס.

צום קאמף מיטן דעם לעצטן אנגריף פון דער פריציש-בורזשואזער קאנטר-רעוואליוציע!

אויפ'ן פראנט יעדערער, ווער ס'איז פייהיג צו טראגן גע-וועהר!

צום געוועהר — יעדערער, וואס וויל ניט, אז די צארי-סטיש-פריצישע רעאקציע זאל דערשטיקן די ארבייטער און פויערים.

אלע צו דער מאביליזאציע, וואס איז ערקלערט פון דעם ראט פון די פראפעסיאנעלע פאראייגען.

## אלע - צו דער ביקס און אויפ'ן פראנט.

דער פרעזידיום פון מינסקער ראט
פון די פראפעסיאנעלע פאראייגען.



א זײַט פון דער צײַטונג „די קאָמוניסטישע שטימע“, ארויסגעגעבן פון דער קאָמוניסטישער פארטיי פון ליטע און ווײַסרוסלאנד

„אין דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט זיך אויך באַטייליקט א טייל פון דער ייִדישער מיטל־אינטעליגענץ. וועגן דער ראָליע פון דער דאָזיקער אינטעליגענץ געפינען מיר אין א געשפּרעך, וואָס לענין האָט געהאַט מיט ש. דימאַנשטיינען. לענין האָט אין יענעם געשפּרעך פאַנאַנדערגעגלידערט די פראַגע וועגן דעם אײַנפלוס, וואָס די אימפּע־ריאַליסטישע מילכאָמע האָט געהאַט אויף דער אָק־טיאַבער־רעוואָליוציע, און ער האָט אָנגעוויזן, אַז אַדאַנק דעם, וואָס פון דער באַלטישער געגנט האָט זיך עוואַקויִרט די פאַבריקישע און זאַוואָדישע אינ־דוסטריע, זײַנען אין רוסלאַנד געקומען די לעטישע אַרבעטער, וועלכע האָבן פיל געהאָלפן דער אָקטיאַ־בער־רעוואָליוציע. די עוואַקואַציע האָט אויך גע־בראַכט אין די רוסישע שטעט א באַדײַטנדיקע צאָל ייִדישע מיטל־אינטעליגענץ, וואָס האָט, פון איר זײַט, געבראַכט פיל נוצן דער אָקטיאַבער־רע־וואָליוציע.

„די דאָזיקע אינטעליגענץ, — האָט לענין גע־זאָגט, ווי עס גיט איבער ש. דימאַנשטיין, — האָט געבראָכן דעם אַלגעמיינעם סאַבאָטאַזש, וואָס מיט אים האָבן מיר זיך באַגעגנט באַלד נאָך דער אָק־טיאַבער־רעוואָליוציע און ער איז געווען פאַר אונדז אויך געפערלעך.

די ייִדישע עלעמענטן, האָגאַם ווײַט ניט אַלע, האָבן סאַבאָטירט דעם סאַבאָטאַזש און דערמיט אַרויסגעהאָלפן דער רעוואָליוציע אין א שווערן מאָמענט".

ש. אַגורסקי דערציילט ווײַטער, אַז נאָך דער פעווראַל־רעוואָליוציע איז אויפגעקומען די פראַגע וועגן פירן א באָלשעוויסטישע אַרבעט אויף ייִדיש. „דער ערשטער, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט דער דאָזיקער פראַגע, — שרײַבט ער, — איז געווען ש. דימאַנשטיין, וועלכער האָט אין יוני 1917 פאַרגעשלאָגן יאַקאָוו סווערדלאָוון אַרויסצוגעבן א באָלשעוויסטישע צײַטונג אויף ייִדיש. סווערדלאָוו האָט געגעבן זײַן האַסקאָמע, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן פון צײַט צו צײַט אַרויסגעבן אַן אָרגאַן אונטערן נאָמען „דער שטורעם־גלאָק". דורכפירן דאָס האָט געדאַרפט ש. דימאַנשטיין.

פון דעם דאָזיקן פּלאַן האָט זיך אָבער גאָר־ניט אויסגעלאָזט, ווײַל גראָד אין יענער צײַט (יוני 1917) האָבן די אימפּעריאַליסטן צוזאַמען מיט די סאָציאַליסטישע „לאַנדפאַרטיידיקער" אָנגעהויבן א שטאַרקע אַגיטאַציע פאַר דער ווײַטערדיקער פאַרזע־צונג פון דער מילכאָמע „ביז א זיגרײַכן סאָף". די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי האָט קעגן דער דאָזיקער קאַמפּאַניע אָרגאַניזירט א קעגן־אַגיטאַציע. זי האָט מאָביליזירט די בעסטע פּאַרטיי־קויכעס און זיי אַוועקגעשיקט אין די טראַנשייען, ווו זיי האָבן גע־דאַרפט קלאָר מאַכן פאַר די סאָלדאַטן די פאַר־ברעכערישע אַוואַנטור פון די אימפּעריאַליסטן. צווישן די מאָביליזירטע איז אויך געווען ש. דימאַנ־שטיין. אַן אַנדערער, וואָס זאָל קאָנען איבערנעמען דימאַנשטיינס אַרבעט צו גרינדן דעם „שטורעם־גלאָק", איז ניט געווען. איז דעריבער דער גאַנצער פּלאַן באַטל געוואָרן. די אַרבעט האָט זיך אָפּגע־שטעלט ביז יאַנוואַר 1918, ווען עס איז געגרינ־דעט געוואָרן דער קאָמיסאַריאַט פאַר ייִדישע נאַ־ציאָנאַלע איניאָנים. דער קאָמיסאַריאַט פאַר ייִדישע איניאָנים האָט אין מאַרט 1918 אָנגעהויבן אַרויס־געבן די ערשטע באָלשעוויסטישע צײַטונג אין ייִדיש — די „וואָרהייט" און דערנאָך — דעם „עמעס"..."

## מע וועט עס געדענקען

„צי איז עס שוין דער אָנהייב פונעם סאָף?" — פרעגט מיט א גיפטיק־כוצפּעדיקן שמייכל די „טאָג־בלאַט".

פרעגט און ענטפערט מיט א באַזונדערער פרייד, מיט א ניט־פאַרבאָרגענעם נעקאָמע־געפיל: יאָ, עס באַמערקן זיך סימאָנים פון די קומענדיקע ענדע־רונגען אין דער פּאָליטישער סיטואַציע אין דער גרויסרוסלענדישער קאָמוניסטישער רעפּובליק.

פאַרשטייט זיך, אַז בעשאַסמײַסע גיט מען איבער אין א „לעבהאַפטער שפּראַך" די נײַסטע ייִדיע־וועגן מירבאַכס אולטימאַטום און עס ווערט דער־ציילט, אַז דײַטשלאַנד פאָדערט, עס זאָל טייקעף אײַנגעפירט ווערן אַן אָרדענונג אין דער רעפּובליק. און העויוס, — גיט שוין צו די „טאָגבלאַט" פון איר זײַט, — די ראַטנמאַכט איז ניט בעיעכוילעס אײַנצופירן אָרדענונג, לעכיין...

איז עס דער אָנהייב פונעם סאָף.

מע קאָן זאָגן, אַז הײַנט דער ענגלישער דעקלאַ־ראַציע האָט נאָך אַזאַ געהויבענע שטימונג, ווי די לעצטע צײַט, ניט געהערשט אין „טאָגבלאַט".

אויב איר געדענקט, איז נאָך דער דעקלאַראַ־ציע דער לייטמאָטיוו פון אַלע אַרטיקלען געווען „האַטכאַלטאַ דעגעולאָ" (דער אָנהייב פון דער אויסלייזונג). און איצט... איצט, אַז די רעפּובליק איז אין א כאַקאָנע, הערט איר אויך, ווי עס פרייען זיך אונדזערע ציוניסטן־בירגער, מאַכן א ריקודל און זינגען... האַטכאַלטאַ לעגעולאָ" — עס איז דער אָנהייב פונעם סאָף.

עס ציִען זיך דינינקע, דינינקע פעדעמלעך פון דער קאַדעטישער „רעטש" צו דער ציוניסטישער „טאָגבלאַט". מיט דעם אונטערשייד, וואָס די ערשטע איז דיפּלאָמאַטישער, מער אײַנגעהאַלטענער. זי

האָט, נעבעך, אָנגענומען א פול מויל מיט וואַסער און מוז שווײַגן, ווײַל זי פאַרשטייט, אַז ס'איז נאָך ניט געקומען די צײַט צו ריידן אָפענע דיבורים. און מיט וואָס פאַר א סימכע זיי וואָלטן ניט ווען מעקאַבל פּנים זײַן סקאָראָפּאַדסקין, וואָס פאַר א געדאַנקען און בענקעניש עס זאָל בא זיי ניט אַרויסרופן די רעסטאַווראַציע אין אוקראַיִנע, שווײַגן זיי דאָך.

און אונדזערע היציקע אָפּנהאַרציקע ייִדעלעך קאָנען זיך ניט אײַנהאַלטן: ווי קאָן מען שווײַגן, אַז די סימכע רײַסט זיך פּאָשעט פונעם האַרצן, אַז אַט־אָט ווערט מען שוין באַרעכהאַשעם פּאָטער פון דער קאָמוניכטישער רעפּובליק און ס'ווערט... לאַיאַהודים.

ווונדערלעך, ווי אומפאַרשעמט די ציִעניסטישע גווירים זאָגן אַרויס דורך דער „טאָגבלאַט" זייערע סימפּאַטיעס דער אוקראַיִנישער העטמאַנסטווע און דעם דײַטשישן קולעק, וועלכער האָט דערשטיקט די „ווילנע אוקראַיִנע" און רוקט זיך אָן ווי א שוואַרצע שווערע כמאַרע אַף רוסלאַנד.

די סימכע אינעם ציִעניסטישן לאַגער איז אַזוי גרויס, אַז מע פאַרגעסט פּאָשעט, ווי גאָר ניט לאַנג צוריק האָט מען געקושט די טריט פון ענגלאַנד, געשיקט אונטערטעניקע טעלעגראַמעס און געלייגט די גאַנצע האָפענונג אַף איר זיג, אַף דעם, אַז פון איר וועט קומען די ייִדישע געולע.

נאָר א ייִד א סויכער האָט זיך גלײַך אָריִענטירט: ווייס איך וואָס, — טראַכט ער, — ערעץ־ייִסראָעל איז דאָך א זאַך, וואָס ווער ווייסט ווען דערפון וועט עפּעס אַרויסקומען, און ביכלאַל ווער ווייכט, צי עס וועט אינגאַנצן פון דעם דעקלאַראַציע־טומל עפּעס אַרויס, בייס דאָ איז א פּאַרטיקע זאַך, דער דײַטשישער ניצאָכן טראָגט אַרײַן גלײַך אָרדענונג, פאַרנאָסע און געלט, וואָס ליגט אַפן „טיעקושטשי שטשאָט".

א סויכער, א „רעאַלער פּאָליטיקער" דאַרף לאַנג ניט טראַכטן און די „אָריִענטאַציע" איז פאַרטיק.

אײַ די אינטערעסן פונעם לאַנד, די לאַגע פון דעם אונטערדריקטן פאָלק, די ליידן פון די ברייטע שיכטן, וואָס וועלן טראָגן א צווייענדיקן יאָך — פון דעם אייגענעם עקספּלואַטאַטאָר און פונעם נײַ־געקומענעם אָקופּאַנט, און, לעסאָף, די ייִדישע לאַגע, וועלכע וועט געוויס א סאַך ערגער ווערן, — וועגן דעם טראַכטן ניט אונדזערע פּאַטריאָטן און קלאַל־ייִסראָעלניקעס.

זאָל די ייִדישע אַרבעטערשאַפט, די ייִדישע דעמאָקראַטיע געדענקען און קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם פאַקט, וואָס בעשאַס די רוסישע רעפּובליק האָט איבערגעלעבט איינע פון די שווערסטע און טראַגישסטע היסטאָרישע מאָמענטן, בעשאַס זי האָט איבערגעלעבט דעם קריזיס פון לעבן אָדער טויט, זײַנען די ציִעניסטן געווען אין דער מאַכנע פון אירע סאָנים, האָבן געהאָפּט אַף דער דײַטשישער שפּיז, אַף דעם דײַטשישן געפּאַנצערטן פויסט.

ק. נעלסאָן

(„די וואַרהײַט", נומ. 7, 24 מײַ 1918)

■



דאָוויד איינהאָרן (1886—?) האָט זײַן עסיי „צוויי בויער" ניט געשריבן ספּעציעל פאַרן וויטעבסקער „רויטן שטערן". דער באַזינגער פון אינטים־ליִרישע ראָמאַנטישע געפילן, דער אויטאָר פונעם „דאַוונענדיקן בעריאָזקעלע", פון „געשטאָרבן דער לעצטער באַלטפילע", וועלכער האָט מיט פאַרבראָכענע הענט געפּליסטערט:

ווו איז מײַן פּאָטערלאַנד, וואָס זאָל איך עס באַווייִנען?
און וועמענס העלדיש כאַיל זאָל איצט מײַן ליד באַקרוינען?
ווער האָט מיט זיכערהײַט געצייכנט אַף זײַן פאָן?
דער בער פון צאָפן־לאַנד, דער אָדלער פון גערמאַניען?
דער וואַסער־לייב, וואָס שיצט די מעכטיקע בריטאַניען?
צי דער דערשלאָגענער צעפליקטער גאַליען־האָן?.. —

האָט ניט געקאָנט זײַן דער וואָרטזאָגער אין א קאָמוניסטישער צײַטונג. און דאָך האָט איינע פון די יונגע סאָוועטישע אויסגאַבעס געהאַלטן פאַר נייטיק צו פאַרעפנטלעכן דאָוויד איינהאָרנס עסיי, וועלכע האָט געשטימט מיט דער צײַט, ווען זי איז געשריבן געוואָרן. און דאָ איז וויכטיק, וואָס איינער פון די פּאָפּולערסטע ייִדישע שרײַבער האָט דעמלט „געטראָפן אין פּינטל", אויסדריקנדיק דעם פּראָטעסט קעגן דעם קאַפּיטאַליסטישן „געלט־זאַק", וועלכער איז שולדיק אינעם כורבן פון גאַנץ אייראָפּע.

# דאַוויד אײַנהאָרן

## צוויי בויער

א גאַנצע נאַכט האָט די שטאָט געברענט ווי א ליכט. הײַזער, פאַבריקן, שפּיטאָלן, טעאַטערס, אַפּטייקן — אַלץ האָט זיך צונויפגעגאָסן אין איין פײַער־יאַם.

אין דער שײַן פון די רויטע פלאַמען האָט ווי א פּראָצעסיע פון שאָטנס זיך געצויגן די אָנגרײַפנדיקע אַרמיי. רייען נאָך רייען. פוסגייער און קאַוואַלעריע.

ווי קאַלטע, שטײַפע פלאַמען האָבן געגלאַנצט די טויזנטער באַיאָנעטן, און אין די אויגן פון די זעלנער האָט געטאַנצט דער אומרו פון די פלאַמען. די פערד האָבן נערוועז געשטעלט די פיס, און די שווערע אַרטילעריע אויף די לאַסט־אַוטאָמאָבילן האָבן טויב גערוישט, אַרויסשטײַגנדיק פון דער פינצטערניש, ווי ווילדע אומגעלומפּערטע כײַעס פון פאַרן מאַבול.

ערגעץ־ווו האָט זיך אָנגעצונדן נאָך א שטאָט, און א שאָ אַרום א צווייטע, א דריטע, און דעם גאַנצן ראַנד פונעם האָריזאָנט האָט אַרומגענומען א קראַנץ פון רויטע סרייפעס. די דערפער האָבן ווי קליינע פײַערדיקע פונקען געצאַנקט. די שטרויענע דעכער זייערע האָבן שנעל זיך אויסגעברענט, איבערלאָזנדיק נאָך זיך גרויסע גרויע רויך־זײַלן, וועלכע האָבן אין ברוינלעכע ליכטער אָפּגעשלאָגן אויף זיך די לעצטע פײַערן פון אונטן.

און די מאַכנעס האָבן זיך געצויגן אַלץ ווײַטער און ווײַטער, ווי אויטאָמאַטן, געטראָגן אויף די יונגע, נאַרוואָס גרינערע פעלדער, צעטרעטנדיק שטום מיט זייערע שווערע טריט דעם יונגן קאָרן, דעם ווייץ און דעם האָבער — די גאַנצע קינפטיקע גערעטעניש פונעם לאַנד.

פונווײַטן האָבן טויבע דונערן אָנגעזאָגט די שטים פונעם פראָנט. א בייזע קנאַקערײַ פון די מאַשין־געווערן פלעגט פון צײַט צו צײַט איבערײַסן דאָס אײַנערלעכע ברומען.

און אין א קראַנץ פון אַלערליי פאַרביקע ראַקעטן האָט לוסטיק דער טויט געטאַנצט. דאָס האָבן אין א מעשוגענער רעציכע מענטשן איינער דעם צווייטן אויסגעמאָרדעט.

און די מאַכנעס האָבן שטיל, מיט א ריטמישן טראָט, באַלויכטן פון די סרייפעס, פרום געבויגן זיך און זיך געצויגן, אַרויסשטײַגנדיק פון דער פינצטערניש פון דער נאַכט און פאַרשווינדנדיק אין איר.

און די שטעט האָבן געברענט.

עס האָט אופגעריסן אײַזערנע בריקן, וועלכע הונדערטער מענטשן האָבן יאָרנלאַנג געבויט.

עס זײַנען געפלויגן ווי פײַער־זײַלן אינדערלופטן וווּנדערשיינע וואָקזאַלן, וועלכע זײַנען צענדליקער יאָרן געבויט און איבערגעבויט געוואָרן. פאַבריקן, ווו טויזנטער אַרבעטער האָבן טאָג און נאַכט געאַרבעט, זײַנען ווי קאָרטן־שפּילכלעך צעפאַלן געוואָרן. קירכעס, טורמעס, אַלטע געבײַדעס, וועלכע דורות גאַנצע האָבן געבויט, זײַנען אין שטויב זיך צעפלויגן. מאַגאַזינען, אָנגעלאָדענע מיט ברויט און וואָל, האָבן ווי שרעקלעכע פאַקעלן געברענט.

און די מאַכנעס האָבן זיך געצויגן און געצויגן.

דער גײַסט פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט האָט זײַן ניצאָכן־מאַרש אָנגעהויבן און אויף דער גרויסער פרוכטבאַרער ערד זײַן עמעסן שטעמפּל געלייגט, כאָרעוו מאַכנדיק אין א ווילדן מאַרש דאָס, וואָס פעלקער האָבן דורעסלאַנג געבויט, געשאַפן און געזאַמלט — פאַרוואַנדלט די ערד אין א כורווע.

פאַרשווונדן איז יעדע אַכטונג צו מענטשלעכער מי, יעדע פּיעטעט צו מענטשלעכער אַרבעט. דעם מענטשנס לעבן איז געוואָרן ביליקער פון א קויל. און נאָר איין גײַסט, איין דראַנג, פון עמעצן געטריבן, פון עמעצן אופגעפלאַקערט, אין עמעצן געצילט, האָט געהערשט: פאַרניכטן און רויבן.

דער גײַכט פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט.

פינף יאָר נאָכאַנאַנד האָבן געפלאַקערט די שטעט, געטליעט די דערפער. פינף יאָר נאָכאַנאַנד האָט די קאַפּיטאַליסטישע אייראָפּע פאַרניכטעט, צעשטערט, צעבראָכן די מי פון דורעס — דאָס, וואָס מיליאָנען מענטשן האָבן געבויט און געבויט.

מע האָט פאַרניכטעט אַלץ, פונקט ווי בויען וואָלט געווען א פאַרברעכן, פונקט ווי דאָס, וואָס די מיליאָנען אַרבעטער האָבן יאָרן געשאַפן, וואָלט געווען א שאַנד־שעם פון דער מענטשהײַט, פונקט ווי די אַלע פאַבריקן, אײַזנבאַנען, עלעקטרישע סטאַנציעס, שיפן און דאָקן, טוווע־עלעוואַטאָרס, טעלעגראַפן, גאַז־פאַבריקן, שפּיטאָלן און שולן, — פונקט ווי אַלץ, אַלץ, וואָס האָט געדאַרפט פאַרגרינגערן, באַרײַכערן און גליקלעכער מאַכן דעם מענטשנס לעבן, וואָלט געווען א זינד, וועלכע מע מוז פאַרטיליקן. אין שטויב ליגט איצט די רײַכע אייראָפּע, אין שטויב און אין אש שטייען די פעלדער און די כורוועס און די קוואָרים, אַרום איז אַלץ פינצטער. נאָר אויף די פינצטערע הימלען שטייט מיט רויטע, שײַנענדיקע אויסיעס איין גרויס וואָרט:

בויען.

אופבויען צוריק די כורוועס, פֿאַרלײַכטערן צוריק דעם מענטשנס לעבן, אופשטעלן צוריק אַלץ, וואָס עס האָט געדאַרפֿט פֿריִער דעם מענטשנס לעבן גליקלעך מאַכן. לעבן דעם וואָרט, וואָס לײַכט ווי אַ האָפֿענונגס־שטערן, שטייט אָבער אַ צווייטע פֿײַערלעכע שריפֿט מיט בלוט און פֿלאַמען — די גרויסע פֿראַגע:

ווער זאָל בויען?

מיט פֿאַרבראָכענע הענט, געבויגן איבער אירע קוואָרים און כורוועס, שטייט די אומגליקלעכע מענטשהײַט און קוקט אויף די פֿײַערדיקע ווערטער. פֿון ביידע זײַטן אירע שטייען צוויי ריזן, צוויי וועלט־אָנשויונגען, צוויי וועלט־קרעפֿטן: פֿון איין זײַט שטייט דער גײַסט, וואָס האָט נאָרוואָס אירע שטעט פֿאַרברענט, אירע פֿעלדער צעטראָטן, מיט אַ זאַק פֿאַרבלוטיקט גאָלד אין האַנט און רופֿט:

איך וועל בויען!

פֿון דער צווייטער זײַט שטייט אַ מעכטיקער ריז מיט אַ רידל און ברעך־אײַזן, מיט אַ סערפּ און האַמער און באַשטימט:

איך וועל בויען!

עס איז די גרויסע וועלט־פּראָבלעם, וועלכע מוז איצט געלייזט ווערן. די גרויסע פּראָבלעם: ווער זאָל בויען.

פֿאַר דעם ערשטן ריז ליגן גאַנצע פּעק מיט פּלענער. דאָס זײַנען די פּלענער פֿון זײַנע ריזיקע פֿאַבריקן, וועלכע ער האָט אויסגעבויט אין די גרויסע וועלט־שטעט, פֿון טויזנטמײַליקע אײַזנבאַנען, פֿון טונעלן און קאַנאַלן, אויף וועלכע ער האָט געשעפֿט־מאַרקעס אָנגעקלעפּט.

דער צווייטער האַלט דאָס בילד פֿון די כורוועס, וועלכע דער ערשטער האָט באַשאַפֿן, און בײַ דער מענטשהײַטס בעסוילעמס, פֿאַרברענטע שטעט, אָפּגעווישטע דערפֿער גייט דער צווייגעשפּרעך פֿון צוויי ריזן:

ווער זאָל בויען?

— איך האָב דאָס אַלץ געמאַכט, דאָס גאַנצע רײַכטום, וואָס איר האָט געזען! — דונערט פֿון איין זײַט.

— מיט מײַנע הענט און מיט מײַן מי! — דונערט פֿון דער צווייטער זײַט.

— עס איז דאָס ווערק פֿון מײַן אָרגאַניזאַציע, פֿון מײַן פֿרײַען, מעכטיקן ווילן! — דונערט פֿון איין זײַט.

— דאָס זײַנען דײַנע כורוועס, דײַנע קוואָרים. פֿון דײַן גיריקייט, פֿון דײַן בלינדער יאָגעניש נאָך פּראָפֿיטן.

— ווער עס האָט געבויט, יענער וועט ווײַטער בויען! — רופֿט דער ערשטער.

— ווער עס האָט צעשטערט, יענער וועט ווײַטער צעשטערן! — ענטפֿערט דער צווייטער ריז.

מעכטיק דונערן די שטימען. געבויגן שטייט די מענטשהײַט. און איבער די כורוועס גייט ווײַטער דער וועלט־קאַמף.

דער קאַמף צווישן דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג און דער אַרבעטער־וועלט.

עס איז דער קאַמף פֿאַר דער צוקונפֿט, דער קאַמף צווישן נאַכט און טאָג.

אַ גאַנצן יאָרהונדערט האָט דער קאַפּיטאַל מיט די הענט פֿון די אַרבעטער אָרגאַניזירט דאָס אופבויען פֿון אָט דער גרויסער רײַכער וועלט, וועלכע האָט געבליט און געשפּרודלט מיט זאַפֿט פֿאַר דער מילכאָמע. דער ציל אָבער פֿון בויען איז ניט געווען דאָס גליק פֿון דער מענטשהײַט. די אַלע אײַנריכטונגען, די אַלע דערפֿינדונגען זײַנען ניט געמאַכט געוואָרן צו דינען דעם מענטשנס גליק. איין ציל האָט נאָר געהערשט, איין אידיי — די אידיי פֿון פּראָפֿיט, פֿון עקספּלואַטאַציע.

און וואָס מער די מיטלען גליקלעך צו זײַן זײַנען געוואַקסן, אַלץ אומגליקלעכער איז די מענטשהײַט געוואָרן, און וואָס מער דאָס רײַכטום האָט זיך געשטאַרקט, אַלץ גרעסער איז די געפֿאַר פֿון אַ כורבן געוואָרן.

עס איז ניט געווען קיין בויען אויף בלײַבן. עס איז אַ בויען צו פֿאַרניכטן. די בריקן זײַנען שוין לעכאַטכילע מינירט געוואָרן. אַלץ, וואָס עס איז געשטעלט און געשאַפֿן געוואָרן, האָט שוין געטראָגן אין זיך די קערנדלעך פֿון טויט.

די אַרבעטער האָבן געבויט שיפֿן.

דער קאַפּיטאַל האָט אונטערוואַסער־שיפֿלעך געמאַכט.

דער אַרבעטער האָט מיט דינאַמיט אַנטדעקט אוצרעס פֿון דער ערד.

דער קאַפּיטאַל האָט דעם דינאַמיט פֿאַרווענדט צו צערײַסן דעם מענטשן.

דער אַרבעטער האָט טעלעגראַפֿן געצויגן, די מענטשן זאָלן קאָנען שנעל איינער דעם צווייטן זייער פֿרייד און לייד מודיִע זײַן, די מענטשן זאָלן קאָנען פֿון די ווײַטסטע לענדער זיך פֿאַרבינדן.

דער קאַפּיטאַל האָט דורך זיי פֿאַרשפּרייט באַפֿעלן פֿון מאָרד, פֿאַראַט, ליגן און פֿאַלשקײַט.

אַלץ, וואָס עס איז געשאַפֿן געוואָרן פֿאַר דעם גליק פֿון דער מענטשהײַט, האָט דער קאַפּיטאַל אין טויט־ווערק, אומגליק און פֿאַרדאַרבטקײַט פֿאַרוואַנדלט.

איצט שטייט ער מיט זײַן אָנגערויבטן, פֿאַרבלוטיקטן געלט־זאַק און פּרעטענדירט ווידער צו ווערן דער אינזשעניר פֿון מינירטע געבײַדעס. דער אינזשעניר, וואָס לייגט אַרײַן אין פֿונדאַמענט פֿון די מויערן דינאַמיט און קלערט שוין וועגן זייער פֿאַרניכטונג.

גלאַט איז איצט דער באָדן פֿון דער ערד. גלאַט איז דער באָדן פֿון דער געזעלשאַפֿט, אין שטויב ליגן די פֿינאַנסן, אין כורוועס ליגט די געהיים־דיפּלאָמאַטיע, פֿאַרניכטעט איז די אינדוסטריע, צעשטערט דער גלויבן, פֿאַרשוועכט די פּאָליטיק, איצט מוז מען אָפּסנײַ אָנהייבן די וועלט־בויונג.

עס איז די פראגע: ווער?
דער צעשטערער,
צי דער בויער?
דער פארניכטער,
צי דער שעפער?
דער, וואָס האט אַלץ פארברענט,
צי דער, וואָס האט אַלץ געראטעוועט?
עס איז די פראגע — וואָס פאר א וועלט זאָל מען בויען: א וועלט, וועלכע זאָל זײַן שוין פון אָנהייב אָן פארמישפּעט אופגעריסן צו ווערן? א וועלט, וועלכע זאָל זײַן אין פונדאמענט לעכאַטכּילע מינירט?
צי א פעסטע וועלט, וועלכע זאָל אייביק בלײַבן, וועלכע זאָל וואקסן און אנטוויקלען זיך אין פרידן?
א וועלט פון רויב, טרערן און מילכאָמעס?
צי א וועלט פון שאפן, ארבעט און פרידן?..
געבויגן איבער אירע כורוועס און איבער אירע קוואָרים, שטייט די מענטשהײַט און קוקט אין דעם שײַנענדיקן האפענונגספולן אופשריפט:
בויען.
מעכטיק פירן צווישן זיך דעם דונערנדיקן דיאַלאָג צוויי וועלטן.
דער ערשטער האלט דעם פארבלוטיקטן זאק מיט גאָלד.
דער צווייטער האלט די האק מיטן האמער.
(„דער רויטער שטערן“, וויטעבסק, נומ. 39, 9 אָקטיאבער 1029)

# ש. לעוומאַן

## מיר גייען

מיר גייען אין רייען, מיר גייען,
מיר פלאמען מיט הייליקן צאָרן.
עס הילכן, ווי אַדלערס געשרייען,
די קלאנגען פון זילבערנעם האָרן.

מיר גייען און הערן, ווי ס'קראַכן
די ערשטע באַפרײַונגס-הארמאטן,
מיר וועקן און רופן דעם שוואכן
מיט יונגע און זוניקע טאַטן.

ס'פארוויקלט די אויגן אין שווארצן
די פינצטערע נאכט-מעכאשייפע.
מיר גייען און טראָגן אין הארצן
א פונק פון דער גאָלדענער סרייפע.

מיר זעען דעם אופגאנג באהאלטן,
וואָס ציטערט דורך כמארעס און שטויבן,
מיר ווילן פארברענען די וועלטן
אין פײַער פון מעכטיקן גלויבן.

מיט אונדזער אנטשלאָסקײַט יונגער
מיר גייען צו רוישנדע שטראָמען,
מיר ווילן דערקוויקן דעם הונגער
פון אונדזער פארליבטער נעשאָמע.

עס האט אונדז די היים ניט באנוגנט,
מיר גייען, און שטערבן, און שטרײַטן,
מיר זײַנען די ארבעטער-יוגנט —
דער דאָר פון די זוניקע צײַטן.

ווען דעם אוטאָר פון די דאָזיקע לידער „מיר גייען“, „די ליד פון זיג“ און „טשאַסטושקעס“ האָבן מיר וויניק אָנגאבן. עס איז באוווסט, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין 1896, געלעבט אין וויטעבסק, געווען אַן אַקטיווער טוער אינעם קאָמוניסטישן יוגנט-פארבאנד און אין דער גוברנײַאַלער ביוראָ פון די ייִדישע סעקציעס פון דער קאָמוניסטישער פארטיי. שפּעטער געלעבט א געוויסע צײַט אין כאַרקאָוו און אין מאָסקווע, געווען א מיטארבעטער אינעם זשורנאַל „יונגוואַלד“, געדרוקט ארטיקלען אין די צײַטונגען „דער עמעס“, „וויטעבסקער ארבעטער“, זיך פארנומען מיט ליטעראַטור-פארשונג (אינעם זאמלבוך „צום אָנדענק פון י.-ל. פּערעץ“, וויטעבסק, 1921, האָט ער, לעמאָשל, אָפּגעדרוקט אַן ארטיקל „י.-ל. פּערעץ און זײַן פּאָעזיע“). ער איז געווען אקטיוו אויך אין דער פּאָעזיע. די לידער, וועלכע מיר פארעפנטלעכן, זײַנען אָפּגעדרוקט אין דער זעלבער צײַטונג „דער רויטער שטערן“.

## די ליד פון זיג

עס וועלקט די שטומע נאַכט, און פינצטערניש
ווערט בלאַס,
שוין גליִען ערגעץ רויטע פאַסן.
עס גויסעסט שוין די נאַכט פון שלאַכט און
שרעק און האַס
אַף אײַנגעשטילטע שטורעם־גאַסן.

און ווי אַ פײַערקוואַל, וואָס רוישט און שאַלט
און דראָט
און שפּאַלט אַדורך דעם מידבער־באָדן,
דערוועקט זיך כוואַליעדיק אין טיפעניש פון שטאָט
דער אַרבעטס־אָטעם פון זאַוואָדן.

און אָטעמענדיק הייס מיט שלענגלדיקן רויך,
ווי אויפמערקזאַמע וועכטער־בליקן,
אין הימל וועלקנדיקן און אין טאָגנדיקער הויך
שוין קוקן קוימענס פון פאַבריקן.

און גאַסן זײַנען שוין פון זוניקן קאָליר,
און יעדעס שטיינדל העלע פאַרב האָט.
אַף אַרבעט גייענדיק, מיט שטאָלצקייט זינגען מיר
די ליד פון זיג, פון זון און אַרבעט.

## ט ש א ס ט ו ש ק ע ס

כ׳בין אַ יאַט פון רויטן שניט,
כ׳בין אַ רויטאַרמייער,
זינג איך אַ טשאַסטושקע־ליד,
איז מיר פרייליך זייער.

קוק איך רעכטס, קוק איך לינקס —
איז עס ניט קיין כאָלעם?
פריצים פאָרן שוין קיין מינסק
אַף צו מאַכן שאָלעם.

איז דאָס ניט אַף גאָר דער וועלט
לעגינס „פּראָוואָקאַציע״:
דאַנישעווסקי זיצט און קנעלט
מיט דער דעלעגאַציע.

פוילן קלאָגט זיך אָן אַ שיר
מיט אַ גרויסער ביטע:
סטײַטש, ווי נעמט מען אָפּ בײַ איר
ווײַסרוסלאַנד און ליטע?

איינס און צוויי, און דרײַ און פיר,
פוילן קלאָגט זיך אָן אַ שיר.
ווו איז די אַמביציע —
זײַ געזונט, גאַליציע!

היי, דו פּאַן, דו בייזער פּאַן,
ווער וועט אַף דיר קוקן?
ס׳איז אַ בײַטש בײַ אונדז פאַראַן
פאַר דײַן פּאַנסקן רוקן.

קלינג זשע, מײַן טשאַסטושקע־ליד,
זאָלן אַלע הערן:
כ׳בין אַ יונג פון רויטן שניט
מיט אַ רויטן שטערן!

אין 1920 איז אין וויטעבסק דערשינען דער ערשטער (און דער לעצטער) נומער פון אַ ליטעראַריש־קינסטלערישן זשורנאַל „כוואַליעס״. ש. לעוומאַן איז אין אים פאַרגעשטעלט מיט אַ ליד „ווי כוואַליעס״ און מיט אַן אַרטיקל „דער יוגנט־פּאָעט״, געווידמעט פּערעץ מאַרקישן אין שײַכעס מיט זײַן לידער־זאַמלונג „שוועלן״. דער אַרטיקל הייבט זיך אָן אַזוי:

„ער האָט זיך ווי אַ שטראַלנדער קאָמעט באַוויזן אַפן הימל פון דער נײַער יידישער ליטעראַטור, אָט דער פּערעץ מאַרקיש מיט זײַנע פרישע, קאָכיקע און זודיקע לידער, מיט זײַן מאָדערנער, רוישנדיקער ערד און זון און ווינט־נעשאָמע, וואָס האָט געכאָלעמט אַף די שוועלן פונעם נײַעם לעבן״.

אַנאַליזירנדיק מאַרקישעס דיכטונג, מאַכט דער קריטיקער אַזאַ אויספיר:

„די פּאָעזיע פונעם קליינשטעטלדיקן יידישן קליינבירגער שטאַרבט אָפּ. די רעוואָליוציע האָט אַרויסגעבראַכט אַף דער פלאַך פונעם לעבן אַ נײַעם קלאַס, וואָס קומט צו אונדז מיט זײַן נײַער פּאָעזיע, מיט זײַן נײַער דיכטונג. דער פּראָלעטאַריאַט ברענגט מיט זיך נײַע לידער פון רעוואָליוציאָנערן קאַמף און קלאַסן־באַוווסטזײַן, דורכגעדרונגען מיטן גײַסט פון קאָלעקטיוון שאַפן. דערווײַל לעבן מיר נאָך איבער די צווישנטקופע, ווען דאָס אַלטע שטאַרבט אָפּ און דאָס נײַע ווערט געבוירן. פּ. מאַרקיש איז דער זון פון דער דאָזיקער צווישנטקופע. ער האָט דאָס גאַנצע פאַרשימלטע אַלטוואַרג אָפּגעטרייסלט פון זײַנע פיס. עס פילט זיך שוין אין אים דער ברען פונעם נײַעם טאָג, — נאָר דערווײַל שטייט ער ערשט אַף די שוועלן פונעם נײַעם טעמפּל, וואָס דאַרף ערשט געבויט ווערן. אַף די

דאָזיקע שוועלן שטייט אויך דער גאַנצער ייִדישער ארבעטער־קלאַס, וואָס איז אַ׳זאָרשט ארופגעטראָטן אפן ברייטן וועג פון קאָמוניסטישן שאפן. און דערפאר טאקע איז דאָס ביכעלע מארקישעס לידער „שוועלן" אזוי נאָענט און פארשטענדלעך דער ייִדישער ארבעטער־יוגנט. און דערפאר טאקע איז דער געשטאָרבענער (?! — רעד. „סאָוועטיש היימלאַנד") פערעץ מארקיש, וואָס האָט נאָר באוויזן זײַנע ערשטע לידער אויסזינגען, — א יוגנט־פּאָעט, א פּאָעט פון דער וואקסנדיקער, שוימענדיקער, כוואַליענדיקער יוגנט".

אלץ איז אין אָט דעם באַגײַסטערטן יוגנטלעכן לויב־געזאנג ריכטיק, אכוץ איינער א דעטאל: „דער געשטאָרבענער פּערעץ מארקיש"... נאָר דער אווטאָר פונעם ארטיקל איז ניט שולדיק אינעם פּעלער, ער האָט, ווײַזט אויס, זיך באנוצט מיט א נעקראָלאָג אין דעם מאָסקווער זשורנאל „די קאָמוניסטישע וועלט" (נום. 10—11, נאָיאבער—דעקאַבער 1919):

**„מיר האָבן באקומען זייער טרויעריקע יעדיעס פון אוקראַיִנע, אז אף די פראָנטן זײַנען אומגעקומען די צוויי יונגע דיכטער פּערעץ מארקיש און אָשער שווארצמאן, וועלכע האָבן זיך ערשט גאָר ניט לאנג אנטפּלעקט פאר אונדז אין זייער גאנצער קראפט און אייגנארטיקייט.**

**דער ערשטער האָט שוין באוויזן ארויסלאָזן א ביכעלע לידער „שוועלן", און דער צווייטער האָט מער ניט ווי צעוואָרפן זײַנע לידער אין די פארשיידענע ייִדישע אויסגאבעס אף אוקראַיִנע.**

**אָבער דורך דעם, וואָס זיי האָבן שוין געגעבן, האָבן אונדז די יונגע דיכטער באוויזן צו איבערצײַגן, אז מיר פארמאָגן אין זייער פּערזאָן גאנץ נײַע דערשײַנונגען אין דער ייִדישער ליטעראטור און אף זיי ביידן זײַנען געלייגט געוואָרן גרויסע האָפענונגען. אָבער דער אומראכמאָנעסדיקער טויט האָט זיי, ווי העלדן, זארויסגעריסן פון אונדז ניט מיט די באַגײַסטערטע פּעדערס אין די הענט, נאָר מיט די אָנגעלאָדענע ביקסן קעגן דעם סוינע, און דאָס איבערצײַגט אונדז נאָכאמאָל, אף וויפל זייער קאמפס־פּאָעזיע, זייער נײַע געזונטע דיכטונג איז געווען אופריכטיק און הארציק.**

**און דער אָנווער ווערט נאָך פאר אונדז גרעסער און ווייטיקדיקער.**

**אין די קומענדיקע נומערן פון אונדזער זשורנאל וועלן מיר געבן א גרעסערע אָפּהאנדלונג איבער זייער דיכטונג, ווי אויך מוסטערן פון זייערע לידער, וואָס וועלן נאָך זיכער געזונגען ווערן דורך דער ייִדישער ארבעטערשאפט.**

**און דאָס וועט זײַן דער בעסטער אָנדענק וועגן זיי".**

עס וועלן דורכגיין יאנוואר און פעווראל פון 1920, און אינעם נומער 14—15 פון דער „קאָמוניסטישער וועלט" (פאר מארט—אפּרעל) וועט זיך באווײַזן א מיטיילונג: „פּערעץ מארקיש לעבט":

„אין פאָריקן נומער פון אונדזער זשורנאל האָבן מיר באוויינט דעם טויט פון דעם יונגן דיכטער פּערעץ מארקיש.

מיט פרייד קאָנען מיר איצט קאָנסטאטירן, אז פּערעץ מארקיש לעבט, און די קלאנגען וועגן זײַן טויט זײַנען אפּאָנעם ארויסגערופן געוואָרן דורך דעם, וואָס ס׳איז אומגעקומען א צווייטער יונגער ייִדישער שרײַבער ביינוש שטיימאן".

דער דאָזיקער נומער פון דער „קאָמוניסטישער וועלט" איז צו דער צײַט, ווען ס׳האָט זיך געדרוקט דער זשורנאל „כוואליעס", נאָך ניט דערגאנגען קיין וויטעבסק...

## א מיטיילונג אינעם זשורנאל „קולטור און בילדונג"

## יעהודע שימעלעוויטש

ס׳איז געפאלן דער מוטיקסטער קעמפער פארן קאָמוניסטישן אידעאל אף דער ייִדישער גאס כאַווער י. שימעלעוויטש. ער האָט ניט געוואָלט ארײַנפאלן אין די הענט פון די פּוילישע ווײַסע באנדעס, וועלכע האָבן ארומגערינגלט דעם לאָקאל פונעם ווילנער ארבעטער־ראט, און האָט זיך אליין דערשאָסן.

אונדזער כאווער איז אין דער לעצטער צײַט געווען באוווּסט אף דער ייִדישער גאס ווי איינער פון די אקטיוווסטע ארבעטער פון דעם ייִדישן קאָמיסאריאט און פון די ייִדישע קאָמוניסטישע סעקציעס. די מילכאָמע האָט אים פארוואָרפן אין דער ארמיי, דאָרט פירט ער א גרויסע רעוואָליוציאָנערע ארבעט, נעמט אפן פראָנט אן אָנגעזעענעם אָנטייל אין דער אָקטיאבער־איבערקערעניש און ווערט געהילפס־פאָרזיצער פונעם אויספיר־קאָמיטעט אין דער צוועלפטער ארמיי.

זײַן ארבעט אף דער ייִדישער ארבעטער־גאס הייבט זיך ווידער אָן זומער 1918. ער באזוכט א גאנצע ריי שטעט, ווו ער גרינדעט ייִדישע קאָמוניסטישע סעקציעס. גלײַך נאָך דער דײַטשישער רעוואָליוציע פאָרט ער אריבער קיין ווילנע, שטעלט זיך אין דער שפּיץ פון דער באוועגונג. דער זעל־



בער ארבעטער־ראַט האָט אים צו פאַרדאַנקען מיט זײַן עקזיסטענץ.

און אין דעם מאָמענט, ווען זײַן ארבעט הייבט זיך ערשט אָן צו אַנטוויקלען און זאָגט צו די בעכטע רעזולטאַטן, קומט פּלוצעם דער טויט.

אין אונדזער צײַט איז ניטאָ קיין אָרט פאַר טרערן. יעדער פאַרגאָסענער טראָפּן בלוט לייגט אַף אונדז דעם כיוו צו ווײַטערדיקער ענערגישער ארבעט, צום ווײַטערדיקן, נאָך מער פאַרביטערטן קאַמף.

דער קאַמף איז נאָך ניט פאַרענדיקט, און ער פאָדערט גרויסע, טײַערע קאָרבאָנעס, אָבער מיט יעדן טאָג, מיט יעדן נײַעם קאָרבן ווערט אונדזער ענדלעכער ניצאָכן אַלץ זיכערער און נעענטער.

דאָס באַווײַזט אונדז אויך דער העלדישער טויט פון אונדזער כאַווער שימעלעוויטש.

„קולטור און בילדונג", נומ. 1—2 [18—19], 11 יאַנוואַר 1919

## מיט א שמייכל אַף די ליפּן

אַז איך האָב אים צום ערשטן מאָל געטראָפן אין צענטראַלן יידישן קאָמיסאַריאַט, ווו ער האָט פאַרנומען די שטעלע פון א געהילפס־קאָמיסאַר, האָב איך זיך בעשום־אויפן ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אָט דער שמייכלענדיקער יונגערמאַן מיט די טיף־בלויע אויגן זאָל זײַן א קאָמוניסט.

קאָן מען דען שמייכלען בעשאַס מע האַלט אין איין האַנט געלאָדן דאָס געווער קעגן דעם סוינע און מיט דער צווייטער לייגט מען א ציגל נאָך א ציגל אַף דעם גראַנדיעזן ביניען פונעם אַלוועלטלעכן קאָמוניזם?

שימעלעוויטש אָבער האָט געשמייכלט.

שפּעטער א ביסל, ווען איך האָב געהאַט די געלעגנהייט זיך נעענטער צו באַקאַנען מיט אָט דעם בלוי־אויגיקן קאָמוניסט און אויך זען אים אַף זײַן ריכטיק אָרט — אַף דער רויטער טריבונע, פון וועלכער זײַנע פײַערדיקע ווערטער האָבן יעדן אָנגעשטעקט מיט זייער הארציקייט און גלויבן, — האָב איך באַלד פאַרשטאַנען, אַז מיר זעען באַ שימעלעוויטשן ניט דאָס שמייכלען פון א גוטמוטיק־צופרידן קינד, נאָר פון אַן איבערצײַגטן און אינעם זיג זיכערן קעמפער, וועלכער האָט שוין דורכגעמאַכט א שווערע שטיק פאַרדאָרנטן לעבנסוועג, אַרײַנגעדרונגען אין דעם טיפן סאָד פונעם לעבן און געפונען די נייטיקע נעשאָמע־רויִקייט, וואָס שפּיגלט זיך אָפּ אין א שטילן, מילדן, אויסמונטערנדיקן און באַרויִקנדיקן שמייכל...

שימעלעוויטש האָט אָבער אַף קיין איין מינוט



יוליס שימעלעוויטש (צווייטע ריי, אין צענטער) צווישן אַן אָטריאַד רויטאַרמייער

ניט פאַרגעסן, אַז דער רויטער רײַטוואַגן פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע טאָר ניט לאַנג בלײַבן שטיין אַף איין אָרט. מע מוז אים טרײַבן אַלץ פאָרויס, אַפּמעקנדיק הינטער זיך אַלע גרענעצן און מעלוכע־שמירעס, וואָס די אַמאָליקע מושלים האָבן אײַנגעשטעלט. און שימעלעוויטש פאַרמעסט זיך ניט נאָר קעגן דעם סוינע פון אינוויינײניק, וואָס לייגט פלעקער אונטער די רעדער, נאָר אויך קעגן דעם אויסוויינײניקסטן סוינע, קעגן דער אָקופּאַציע־מאַכט, וועלכע האָט פאַרנומען דעם טכום אונדזערן, פאַרשטיקט דעם דויפעק פונעם ייִדישן אַרבעטער־לעבן, און ער קעמפט פאַר דער באַפרײַונג פון מינסק, ווילנע, פון דער גאַנצער ליטע.



ד. טש. — דער אויטאָר פון דער נאָטיץ „מיט א שמייכל אף די ליפּן" — איז דער פּסעוודאָנים פונעם דיכטער דאַניִעל טשאַרני (1888—1959). אין זשורנאַל „קולטור און בילדונג" האָט ער געדרוקט הויפּטזאַכלעך לידער. געווען טעטיק אינעם ייִדישן קאָמיסאַריאַט, דערנאָך געאַרבעט אין דער רעדאַקציע פון דער צײַטונג „עמעס" און אין זשורנאַל „די קאָמוניסטישע וועלט". אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט ער זיך געהיילט אין אויסלאַנד און פלעגט פון מאָל צו מאָל ווידער קומען קיין מאָסקווע. ער האָט מיטגעאַרבעט אין דאַוויד בערגעלסאָנס פּראָגרעסיוון זשורנאַל „אין שפּאַן" (בערלין). נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט (1934) האָט טשאַרני געמוזט פאַרלאָזן בערלין. ער איז אַריבערגעפאָרן קיין ווילנע און דערנאָך קיין וואַרשע, פונוואַנען מע האָט אים אַרויסגעשיקט אַלס סאָוועטישן בירגער. אין אַפּרעל 1941 איז ער געקומען קיין ניו־יאָרק, ווו ער איז שוין פאַרבליבן ביזן טויט. אַגבֿ, דאַרף מען דאָ אָפּמערקן, אַז אין 1906 האָט דאַניִעל טשאַרני איבערגעזעצט דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט" אף ייִדיש און אַרויסגעגעבן אים אין ווילנע.

אין צען יאָר אַרום האָט דער זשורנאַל „די רויטע וועלט" (נומ. 11—12, 1929) פאַרעפנטלעכט מ. דאַניִעלס (1900—1941) דערציילונג „יוליס שימיליאַוויטש" (קאַפּיטלעך פון א בוך). צו דעם פּאָרטרעט פונעם העלד איז געגעבן געוואָרן א צושריפט:

„דעם פינפטן יאַנואַר ווערט צען יאָר זינט יוליס, ליודוויג, אַמפּור, סטאַניסלאַוו האָבן איבערגעריסן אַף פיר שאָ זייער אַרבעט אין ווילנער ראָט.

און דאָ ווערט ער טאַקע דער עמעסער העלדישער ריטער און מאַרטירער. זײַן געווער איז ניט די שווערד און די ביקס, מיט וועלכע מע קאָן באַצווינגען און טרײַבן אין שלאַכט אַרײַן, נאָר זײַן שמייכעלע אין די טיף־בלויע אויגן זײַנע, פון וועלכע עס שטראַלן אַרויס דער עמעס און גלויבן, וואָס לאָקן אָן מיט זייער אופריכטיקייט און האַרציקייט. ניט אומזיסט איז ער אַזוי באַליבט געווען צווישן די אַרבעטער־מאַסן, ווײַל נאָך אַזאַ איינעם איז גוט נאָכצוגיין, ווײַל אַזאַ איינעם איז גוט צו פאָלגן...

ד. טש. (טשאַרני)

(„קולטור און בילדונג", נומ. 1—2 [18—19], 11 יאַנואַר 1919)



אין טאָג פון פינפטן יאַנואַר ווערט מינאַסטאַם אַף ווילנער גאַסן פאַלן א קלאָרער ערשטער שניי... פּויִלישע לעגיאָנערן וועלן מיט שווערע שטיוול דעם ערשטן שניי טרעטן און מאַכן אים ברודיק־שוואַרץ... און איך וועל מיט א צאַפּלדיק האַרץ, מיט יונגע הענט דעם ברוד פון שניי אַראָפּשאַרן, זוכן מיט ברייט צעעפנטע אויגן די אָפּגעמעקטע טריט פון א הײַפל קאָמוניסטן — וועמענס נעמען און מײַסים זײַנען קורץ פאַרשריבן אין די ביכער פון היסטפּאַרט.

מ. דאַניִעל.

מ. דאַניִעלס „יוליס", צעוואָרשט ווי א דערציילונג, דערנאָך ווי א פּיעסע, האָט פאַרייביקט דאָס העלדישע געשטאַלט פונעם מערקווירדיקן קאָמוניסט.



## אלעקסאַנדער בלאָק

# צוועלף

(פּאָעמע)

1

שוואַרץ דער אָוונט.
ווײַסער שניי.
ווינטן, ווינטן!
און אַ מענטש קוים די פֿיס זײַנע שטעלט.
ווינטן, ווינטן —
אויף דער גאָרער גאָטס וועלט!

קרײַזט דער ווינט, פֿאַרקרײַזלט
שנייעלעך ווײַס.
אונטער שניי — דער אײַז.
גליטשיק, ביטער.
ס'איז מאַכן אַ שפּרײַז —
אַ מוירע, אַ ציטער!

און פֿון מויער צו מויער
פֿאַרציט זיך אַ שטריק,
אויפֿן שטריק — טוך אַ שטיק:
„די מאַכט געהערט צו דער גרינדונגס־
פֿאַרזאַמלונג נאָר!"

קלאָגט אַן אַלטיטשקע, יאָמערט פֿאַר צאָרעס
און קאָן ניט פֿאַרשטיין יענע סוואָרעס,
וואָס עס שטאַרצט אַזאַ שטיק
און גייט לעיבעד... אַ גרויל!
מאַלבושים פֿאַר קינדער וואָלט זײַן עס —
אַ גליק!
און יעדער איז נאַקעט און הויל...

ווי אַ הון איז די אַלטיטשקע
פּאַמעלעכן אַריבער — אַ הויפֿן שניי
— אוי, מאַמע, מאַמע הייליקע!
— אַך, אין קיוווער גלײַך פֿאַריאָגן זיי!

שנײַדן, שמײַסן —
ס'טוען זיך ווינטן אַ לאָז!
אַ בורזשוי אין שרעק אין גרויסן,
רוקט אין קאָלנער טיף די נאָז...
און ווער איז דער? — האָר לאַנגע, צעשויבערטע
און טײַנעט ער — פּונקט צויבערט ער:
— בוגדים! ראָבן!
— ס'איז רוסלאַנד באַגראָבן!

ס'איז דער מעליצע־טרײַבער —
א שרײַבער —

אַט גייט דער לאַנג־געקליידטער —
מיט פּאַכעד שלײַכט פאַרבײַ.
א טרויעריקער גייט ער,
דער כּאָוועד פּאַפּ... — קעדײַי!

געדענקסט אַמאָל? דעם אוילעם?
און דו — דעם בויך פאַרויס —
און ס'לויכט אף אַלץ דײַן ציילעם...
ס'איז איצטער כּאָווער — אויס!

א פּריצטע אין א פוטערל
איז צו צו א צווייטער
— ווײַנען, קלאָגן מיר, מוטערל!
א פאַרוויַיטער

געשריי, א צעשטרייטער...
א רוף:
— אוי, כ'פאַל! הייבט מיך אוף!
פריילעך און מונטער,
און בייז — דער ווינט.
פליקט אַלץ ארונטער,
דורכגייער שינדט ער,
צופּט ער געשווינדער
די פאָן אצינד:

„די מאכט געהערט צו דער גרינדונגס־
פאַרזאמלונג נאָר!"
און ס'רעדט ווער אהינטער:
...באַ אונדז — א פאַרזאמלונג געוועזן...
...מע האָט דאַרט די פראַגע געלעזן...
...שווייס געגאָסן...
און באשלאָסן...
געוויינלעך — צעזן! א פינף־און־צוואַנציקער —
א נאכט.
ניט ווייניקער — אַזוי איז אָפּגעמאכט...
אַזוי, — באַטראַכט...

שפּעטע נאכט שוין,
די גאַס ווערט ליידיק, פּוסט.
א שלעפער עלנד,
וואָס בלאַנקעט — הוסט...
און ס'פײַפן ווינטן...

מיר באַפעלן:
קום אהער,
קום, א קוש טאָן זיך!...

עסן!
ווײַטער — וואָס? ווער?
גיי! ניט שטער!

הימלען פאַרכוישעכטע פּרעסן.

א בייזער, א טרויעריק ייִרגאָזן...
אין ברוסט ברויזט שווער...
א פינצטער און הייליק ייִרגאָזן...

קוק, כאווער — ניט קלער —
מיט האָזע!

2

דער ווינט צעשפּילט — דעם שניי־שווונג
העלפט,
עס גייען מענטשן זאַלבעצוועלפט,
מיט ביקסן שוואַרצע רימען־שניר,
און פײַערן ארום אָן שיר...

אין ציין — ציגאַרלעך, אימפּעט־האַכט.
א קאַראַטויז אף פּלייצעס פּאַסט...

די פרײַהײַט, די פרײַהײַט,
אין הארצן — אָן גאָט,
פּעסט דער טראָט!

קאַלט איז, כּאָווירימלעך, שוידערדיק!

— מיט וואנקען — קאַטקע איז אין שענקן!..
— זי האָט פיל קערענקעס — די קרענקן!..
— ס'איז וואנקע איצט א גוויר אליין!
— געוועזן א כּאָווער! איצטער — ניין!

— נו, וואנקע, מאַמזער־יונג, בורזשוק,
פּרוביר א קוש טאָן מײַנע!.. קוק!..

די פרײַהײַט, די פרײַהײַט
אין הארצן — אָן גאָט!
צו טאָן מיט וואנקען קאַטיע האָט—
וואָס? וואָס? ס'איז א סאָד!...
פּעכט — דער טראָט.

און ווײַט — פיל פײַערן ארום...
די רימענס האַלדזן, נעמען אום...

רעוואָליוציאָנעריש דעם טראָט נאָר האַלט!
דער סוינע קאָן נאָך קומען באַלד!

כאווירים — אָן פּאַכעד! ביקסן צילט!
א קויל לאָמיר לאָזן אין רוסלאַנד ווילד,
אין דעם לויזיקער
קרום־הויזיקער,
דער גראָב־פליישיקער!

אין הארצן — אָן גאָט!

### 3

ווי געגאנגען זײַנען יונגען
אין גוואַרדיע דינען פֿיל אוועק —
אין רויטער גוואַרדיע אוועק —
קעפּ פֿאַרלייגן גאָר אָן שרעק!

היי, איר צאַרעס ביטערע,
לעבן, צוקער־זיס!
ס'מאַלבעשל צעריסן —
דאָס דײַטשיש ביקסל — מיִעס!

די בורזשויען — ברענען, בראָטן!
וועלט־סרייפעס צעבלאָזן! שפּאָטן!
אײַנטונקען — די וועלט אין בלוט!
בענטש אונדז, גאָט! אַזוי איז גוט!

### 4

שרײַט דער פֿורמאַן — דעם שניי צעשיט,
וואַנקע פֿלינק מיט קאַטקען פֿליט —
אַף האַלאַבליעס א לאַמטערן!
אָן עלעקטרישער...
אך, אך, פֿאַל, פֿאַל!

אין שינעלכל — ליפּן רויטע —
מיט א פּאַרצעף פֿון א שויטע,
קרײַזלט, דרייט ער װאָנצעס שוואַרץ,
און ער שפּיצלט זיך,
און ער וויצלט זיך...

אָט, א וואַנקע — פּלייצעס ברייט!
אָט, א וואַנקע — סאַרא רייד!
קאַטקען נעמט אַרום ער מונטער,
און ער פּוצט זיך אונטער...

זי — דעם קאָפּ פֿאַרוואַרפֿט אינגאַנצן,
ציינדלעך, ווי די פּערל גלאַנצן.
אך דו, קאַטיע, קאַטקע מײַנע,
מײַן שמאַלציק געמבעלע...

### 5

אַף דײַן העלדזל, קאַטיע, קאַטיע,
ז'ניט פֿאַרהיילט די וווּנד א קאָפּ.
אונטער ברוסט איז פֿריש נאָך, קאַטיע,
יענער שאַרפֿער מעסער־דראַפּ.

עך, עך, טאַנץ פֿאַר מיר!
שיין — די פֿיסלעך אָן א שיר!

וועש מיט שפּיצן — אומגעגאַנגען, —
ווײַטער גיי זשע, פּרוּווו און גיי!

אָפּיצערישע פֿאַרלאַנגען —
ווייסטו זיי דאָך, קענסטו זיי!

עך, עך, וועק די לוסט!
ס'צאַפּלט אויף דאָס האַרץ אין ברוסט!

יענעם אָפיצער, געדענקסטו —
ר'איז פֿון מעסער ניט אוועק...
אוי, געדענקסט — ווי לאַנג נאָך קרענקסטו!..
דעם זיקאָרן ניט פֿאַרדעקן!

עך, עך, גיכער, גיך —
לייג מיך שלאָפֿן, לייג מיט זיך!

פֿלעגסט מיט געטרעס זיך באַצירן,
פּרעסן שאָקאָלאַד צו זאַט,
פֿלעגסט מיט יונקערס ליבעס פֿירן —
רעכט איז איצטער א סאָלדאַט!

עך, עך, זינדיק! מײַן —
שווער־נעשאָמע לײַכט זאָל זײַן!

### 6

...אפסנײַ אנטקעגן, געיאָגט פֿון ווײַט,
דער פֿורמאַן זידלט זיך און שרײַט...

שטיי, שטיי! אַנדריוכע, רויק שטיי!
פּעטרוכע, העלף! אַהינטער גיי!

טראַך־טאַ־ראַ־ראַך־טאַך־טאַך־טאַך־טאַך,
צום הימל קוילערט שניי־שטויב וואָך!

דער פֿורמאַן ציט מיט וואַנקען אָפּ...
נאָר צילן ריכטיק! צילט אין קאָפּ!

טראַך־טאַראַראַך!.. אַהאַ, ס'איז זיס!?..
. . . . . . . . . . . .
און ווייס, א פֿרעמדע מויד, וואָס ס'איז!..

אוועק — דער מאַמזער! וואַרט נאָר, האַר!
באַקומען וועסטו אויך דײַן סכאַר!

ס'איז — קאַטקע ווו? דער פֿלאַך אַראָפּ!
און דורכגעשאָסן איז איר קאָפּ!..

צופֿרידן — קאַטקע? — שטיל און שאַ!
ביסט, פּאַדלע, ווערט א טויט אַזאַ!..

רעוואָליוציאָנעריש דער טראָט איז הײַנט!
עס דרעמלט ניט דער בייזער פֿײַנט!

7

און אפּסנײַ צוועלף מענטשן גייען,
הינטער פּלייצעס ביקסלעך קאַלט.
בא דעם מערדער איז נאָר, נעבעך,
ווי אנטרונען דאָס געשטאַלט...

און אַלץ פֿלינקער און געשווינדער
ווערט פאַרגיכערט יעדער טריט.
ווי צורעכט מאכן אַצינדער
זיך דאָס שאַלכל ווייסט ער ניט.

— כאַווער, טרויערסט? א באַלאַנעס!
וואָס ט'דיר, ברודערקע, פאַרשאַט?
האָסט אַף קאַטקען דען ראַכמאָנעס?
ס'איז פּעטרוכע, ניט קיין שטאַט!
— אָך, כאַווײרים, ברידער ליבע,
כ'האָב די מויד דאָך ליב געהאַט!
נעכט פאַרבראַכטע — איז די סיבע —
שיקרעס־נעכט מיט איר צו זאַט...

פֿון דעם ווילדן, שטיפערישן
פֿלאַם אין אויגן אירע שיין,
פֿון איר רויטן כײַנדל פרישן,
אַף איר רעכטן אַקסל — קליין,
האָב איך זיך געמוזט צעמישן
און איך בין אַליין...

ביסט א יאָלד! א פּלאַפּלער ביסטו!
וואָס ביסטו א אישע, וואָס?
די נעשאָמע נאָר פאַרוויסטו!
וואָס איז דאָס? הייב אויף די נאָז!
זײַ א לײַט! ס'איז רייד אומזיסטע!
ס'איז ניט ווערט א פּולווער־שאָס!
ניט אַזעלכע זײַנען צײַטן
אומצוטראָגן זיך מיט דיר!
ס'אײַלן, כאַווער, פונדערווײַטן
יאָרן שווערע אָן א שיר!

און פּעטרוכע גלײַך פאַרקלענערט
זײַנע אײַלנדיקע טריט —
הויך דער קאָפּ! ווי אופגעבליט!
ווידער סימכעדיק, פאַרשענערט.

ער, עט!
ס'איז א שטיק טאָן — ניט קיין כעט!
טירן, טויערן פארמאכט!
מ'עט ראַבירן הײַנט באַנאַכט!
עפנט קעלערס, ווער עס פּילט —
ס'האָט דער דאַלעס זיך צעשפּילט!

8

אָך, איר צאָרעס ביטערע!
אומעט אומעטיק
מעשונעדיק!

פֿלײַען רעגעלעך,
לעבעדיק, לעבעדיק!

שטויב אַף שטעגעלעך —
שוועבנדיק, שוועבנדיק!

שייל איך יאָדערלעך
קנאַקנדיק, קנאַקנדיק!

צי איך אָדערלעך —
טשאַקנדיק, טשאַקנדיק!

פֿליט, בורזשויען, ווי די פייגעלעך!
וועל איך אויסנאָגן
בלוט — פאַר אייגעלעך,
פאַר אירע, אויסקלאָגן...
באַרויִק, גאָט, די ליכטיקע זעל דער שקלאַפן
דײַנערס!

ביטער!

9

עס הערט זיך ניט פֿון שטאָט דער טומל,
אַף נעווער טורעם — שטום און שטיל...
ניטאָ שוין איצט דעם קאַזאַקס רומל —
אָן בראַנפן, הוליעט ווער עס וויל!

א בירגער טוליעט זיך אין ווינקל,
די נאָז באַהאַלטן פאַרן פראָסט.
בײַשכײַנעס גייט א הונט א פּינקל
מיט אויגן, עלנט און פאַרלאָזט.

פֿון הונגער דער בורזשוי, פאַרמאַטערט,
א שווײַגנדיקער גלאָצט אין שרעק.
עס שטייט די אַלטע וועלט — געפּאַטערט,
ווי ס'שטייט דער הונט, פאַרקוועטשט דעם עק.

10

האָט צעשפּילט זיך ווילד דער וויכער,
אײַ, א ווינט, אײַ, א ווינט!

מע דערקענט ניט קיינעם זיכער,
ווי אין דאַלעדאַמעס — בלינד.
קרײַזלט אום דער שניי אין לופט
אין א זײַל, און שלעפּט, און רופט.
— סאַרא שטורעם, גאָט, עס איז!
— פּעטקע, היי, ניט מאַך זיך מיִעס!
סאַרא שעד־מעכאַבל גילט
דיר דײַן גאָט — דאָס הייליק בילד?
אומבאַוווסטזיניק נאָך ביסטו

פרייער, פּעטקע, בלוט פאַרגיכטו
קאַטקעס ליבע נאָר צוליב!
שטעל זיך פאָר, א טראַכט נאָר גיב.

— האַלט דעם טראָט! פאָרויס — מיט לידער!
נאָענט דער סוינע, דער ניט־מידער!

ארויס, פאָרויס, אין גאַס,
דער אַרבעטער־קלאַס!

11

און אָן נאָמען הייליקן זיי גייען
אַלע צוועלף — אין שטאָט.
גרייט צו אַלץ אין שנייען.
גאָרניט איז קיין שאָד!..

אין די שטאָל־ביקסלעך געהויבן
צו דעם פייַנט, וואָס זעט זיך ניט...
אין די ווינקל־געסלעך טויבע,
די „פּורגאַ“ נאָר שטויבט און שיט
ניט א שטיוול צו דערהויבן
פון די שניי־בערגלעך פון מיט...

ס׳פּראַלט אין אויגן
רויט די פאָן.
ווי געוויגן
טריט — אין קאָן.

דוכט, דער סוינע
קומט שוין אָן...

דער שטורעם וויל אויגן פאַרשטויבן,
אָנגעהויבן
ניט אף שפּאַס.

פאָרויס, אין גאַס,
דער אַרבעטער־קלאַס!

12

...שפּרייַזט מען ווייַטער מעכטיק זיכער...
— ווער — געבליבן? גיי ארויס!
אָט — צעקונדעסט זיך דער וויכער,
מיט דער פאָן דער רויטער בלויז...

פאָרנט איז א גרוב א קאַלטע,
— קריך ארויס! ווער דאָרטן — ס׳שמעקט!
נאָר א צויג אָן אָרעם־אַלטע,
הונגעריק, אַהינטער שרעקט...

— וואָן! אוועק, דו, הונט פּאַסקודנער!
ווילסט א קיצל מיטן שפּיז!
אַלטע וועלט, פון קעלעוו נודנער,
זינק שוין אייַן! ביסט העסלעך מיִעס!

...שטשירעט, ווי א וואָלף, די ציינער,
הונגעריק, און טרעט ניט אָפּ —
קאַלטער הונט, ביסט עלנט, איינער...
— רוף זיך אָפּ! איך ציל אין קאָפּ!

— מיט א פאָן, ווער פאָכט עס דאָרטן?
— קוק זיך צו, ווי פינצטער ס׳איז!
— מיט א טראָט א ניט געשפּאָרטן!
שלייַכט עס ווער?.. ער לויפט געוויס...

— ברודערקע, וועסט ניט אַנטלויפן!
אַלץ בעכינעם! לויפסט אומזיסט!
— ס׳וועט די קויל אין ערגסטן אויפן
טרעפן דיך אַוווּ דו ביסט!

טראַך־טאַך־טאַך! — און ס׳הילכט אין שטיבער
נאָר א ווידערקלאַנג מיט ווײ...
א געלעכטער קוילערט איבער
ווייַסן וויכער, קייַכט אין שניי.
טראַך־טאַך־טאַך!
טראַך־טאַך־טאַך...

...גייט מען הערשנדיק, געמוטיקט...
און דער הונט — פון הינטן בלויז,
פאָרנט — מיט א פאָן פאַרבלוטיקט.
ניט דערזען, און ניט דערשפּירט,
פון די קוילן ניט גערירט,
אויבנוף מיט טריט מיט זאַכטע,
אין די שניי־פּערל פאַרטראַכטע,
ווייַס אין קראַנץ איז יעדער רויז —
יעזוס קריסטוס — גייט פאָרויס.

ייִדיש — מ ו י ש ע ב ר אָ ד ע ר ז אָ ן





## לייב קוויטקאָ

# אין רויטן שטורעם

(פּאָעמע)

אָשער שווארצמאַנען געשענקט

1

מאמע, מאמע,
גיי שוין שלאָפן,
ס'איז מיט נאכט
דיין בליק פארלאָפן,
גיי שוין, מאמע,
גיי שוין שלאָפן,
כ'דארף דעם טאטן עפּעס זאָגן...

— שעם זיך, טאטע:
זעסט ניט טאָגן?
ווילסט דיין שווערן שלאָף נאָך טראָגן?
טראָגן?
און נאָך זאמלען,
נאָך פארמאָגן;
און אונדז שפּאנען,
דיינע קינדער,
אין דיין וואָגן,
און אונדז בייטשלען,
און אונדז יאָגן, —
שעם זיך אין דיין ווייטן האלדז!

2

בייג זיך, שוועסטער, צו,
זיי ווייסן,
מעג דיך יאָ און ניט פארדריסן: —
לאָמיר שטיל מיט טרוים פארבלענדן
אונדזער מאמען
און מיט מייסעלעך באצירן;
און פארפירן זי, פארפירן
ווייט אין ענדן, —

בלויע ענדן, —
זאָל זי זיך ניט פּלאָנטען דאָ.
וועט דער טאטע דאָ דאָך בלײַבן,
וועלן מיר קאטאָוועס טרײַבן,
אים באדעקן,
אים באשטעקן,
און די גאל אין אים אופוועקן,
וואָס ער האָט אין אונדז פארזעצט.
ר׳האָט געשפאנט אונדז אין זײַן וואָגן
אים זײַן אלטן קויל צו טראָגן,
וואָס איז לאנג שוין אויסגעגליט,
פארנעצט. —
זאָל ער וויסן:
מיר ווילן ניט!
מיר ווילן ניט!

3

ערשט צעקריגט זיך מיט די טאטעס,
גייען מיר, קינדער, לויפן מיר,
פילן זון!
קינדער פילן זון —
— ווו זי? ווו?
— אָט דאָ!
לויפן מיר, יאָגן מיר,
היִן און הער,
לאכנדיקע,
שיקערדיקע,
שטראָמענדיקע,
שטראלנדיקע
מער און מער:
פאלן מיר אַף ערד באזייטער,
ערד פארדרייטער,
אַף פארשפרייטער שארף פון שווערד;
לאכן מיר,
קײַקלען זיך
אין ווארעם בלוט אַף ערד.

4

שטייען עלטערע און קוקן,
גרוילט זיי איבער רוקן.
כקירען זיי,
וואָרנען זיי מיט פינגער:
„פון צעבײַלן,
זיך צעקײַלן,
ווערט ניט גרינגער,
ווערט ניט גרינגער...״
ווייס איך וואָס! —
מיר, צעקריגטע שוין מיט טאטעס,
מיר פארברענען אלטע שמאטעס,
און צעקנאקן גרינע גלאָזן! —
אייביק־יאָר געגאַן איינינעם,
קידער־ווידער־וועלט, איינינעם —
אָט — א טראך אין פויק פון יאָרן!
און מיר זײַנ׳ן צעטיילט געוואָרן: —
האלב וועלט — מײַן,
און האלב וועלט — צאָרן!
דראָט ניט, עלטערע, מיט פינגער,
העלפט אונדז, יונגע,
העלפט אונדז, יונגע!

5

מיט דערוואַרטן,
לאנג געגאַרטן
ברודער־רוס —
שטעל איך פעסטן,
אָפּגעמעסטן,
אײַנגעפרעסטן
האַרטן טראָט.
פון מײַן ברודער
שמעקט מיט שטרוי,
פון אונדז ביידע
שמעקט מיט גאָט!

6

ר׳האָט פון נויט זײַן רו געשעפט
האַרץ אין שטאל פארגרעבט,
קאָפּ און נאַקן
מער פארגרעבט,
אין בעהיימיש
רו געשעפט.
און געגאנגען מיט דער רו,
מיט דעם גרויסן סטאַם אין בליק,
ווי א קו
מיט וויי און מריק,
מיך באגעגנט אפן וועג,
נאָר באקוקט מיך,
ניט געפרעגט,
באלד פארטרויעט מיר זײַן רו,
איך מײַן אימפּעט אים געשענקט.

7

— בין איך זיכער?
בין איך זיכער?
ס׳וועט דײַן האַרץ אַף הײַנט פארפירן,

און ניט רירן,
ניט דערפילן
ווי דעם שטילן
פון דער ערד פון דיר פאַרלאָזטער,
פוכט פאַרגראָזטער? —
ניט פאַרזייטער פאַרן זומער,
און א שטומער,
ניט געשוירענער פאַר האַרבסט,
פאַרלאָזטער?

האָב איך אײַנגעקרעמפּט מײַן האַרצן
מיט די ליידן,
מיט די שוואַרצן
פון די טויזנטער גילגולים,
וואָס איך לעב.

שטאַרבט מײַן טאַטע ווו פון הונגער
אױף א האַרט געלעג פון ברעטער,
און מיך רופט ער,
און מיך בעט ער,
ווייקט מײַן נאָמען אויס
מיט פײַנלעכע געפילן: —
שטאַרק איך זיך
און וויל ניט הערן! —
איך דאַרף ווערן
און געהערן
צו דעם שטורעם פון צעשטערטן,
צו די האַמערן די פילע
אױף צו בויען נײַ, —
איך ווער ייִנגער,
איך ווער ייִנגער,
איך ווער פרײַ!
כ׳שעפּ!

8

אַקסל דײַנער,
אַקסל מײַנער,
ביידע רירן זיי זיך אָן.
אונדזער מיזרעך איז צעפלאַקערט,
גלי־צעאַקערט,
פלאַם־צעפלאַקערט,
און מיר שטייען
אינעם פלאַקער,
און מיר קרייען
ווי א האָן: —
— קוקעריקו — וועלט אין דרימל!
וועלט אין שימל!
אונטער טונקלען אַלטן הימל!
קוקעריקו, ס׳הייבט זיך אָן!
ס׳הייבט זיך אָן!

9

ליגט א שרעקעדיקער דרויסן
מיט פאַרגלייזטע אויגן;
ליגט האַרטנעקיק קעגן אונדז,
ליגט אױף העפקער קעגן אונדז,
ווי א כײַע אויסגעצויגן.
האָבן מיר א טאָג א גרויסן,
טאָג א רויטן, —
הייבן מיר אים אָן:
מיט דער לאַכנדיקער פאָן
פאַר די ווײַטן,
פאַר די ברייטן —
הייבן מיר אים אָן: —
שפּרײַזן מיר מיט פלאַקער,
פלאַקערן,
מיט דעם גליִענדיקן,
מיִענדיקן
א ק ע ר
מיר צעאַקערן,
און אױף שוואַרץ צעשטויסן
האַרטנעקיקן אינדרויסן.

10

גייט די זון אונדז נאָך,
קריכט אין יעדער לאָך,
ווו מיר שפּאַלטן,
ווו באַהאַלטן
ס׳האָט זיך שפּין
און ס׳האָט זיך וואָך,
קריכט די זון אין יעדן בראָך,
שרײַט מיט פלאַם,
שרײַט מיט שטראָם,
און גייט אונדז נאָך.

11

שלוקערצט אין מײַן בויך א וואָרעם,
רופט צוריק,
נאָגט צוריק, —
שטרענג איך אָן די ביינער־אָרעם,
פינגער־צוואַנגען,
צוואַנג איך, דריק
גאָרגל מײַנעם,
בויך־פאַרלאַנגען
וואַרג איך, שטיק: —
„מאַמזער, ס׳איז ניטאָ צוריק!
טויט צוריק!"

בראָט מײַן צאָרן אַף מײַן לײַב,
און איך נויקעם זיך אין מיר,
שמיץ איך שטיקער פון מײַן לײַב:
בלוט און גלוט,
און קינד און ווײַב
און שטיקער פרייד,
כ׳קרעמף מײַן הארץ, ביז בלוי פארפריר,
און טו זיך אָן געברענטע לייד, —
שלוקערצט אין מײַן בויך א וואָרעם...

## 12

אײַנגעשפאנט אין גרויסן כאָרעוו,
גיי איך אין דעם שפאן דעם שווערן
אַף די הרודעס מארך, געהירן —
איז דער וויסט אַף מיר פארלאָפן,
האָט דעם וואָר אין מיר געטראָפן,
אים גענומען וויסטן, פרירן,
אים באכראקעט,
אים באשטיינט.
וואָס זשע, ברודער,
כ׳האָב געוויינט?
מיינסט מײַן אקסל קען ניט שלעפן מער —
כ׳קען! —
...כ׳זע, ווי מאמעס טויטע צען
שלעפן שטיקער אלטע פראכט,
שטיקער הייליקײַט געהילט אין קרעפ
שלעפן מוטערלעך צונויף.
בינדן די געטייטע זין
מיט זייערע גראָווע צעפ,
שלעפן אײַנגעשפאנטע זיי צונויף,
שלעפן אײַנגעשפארטע,
אויגן סטארטשען אויס.
לייגט מען זין אין שטיקער פראכט,
צערטלט מען די ליבע קעפ,
פאקט מען אוף ווי א טרער,
ווארפט מען זיך ארוף,
לעקט מען אויס...
— — — — — — — — —
לייגט מען זיך אין שטיקער פראכט.

קומט מײַן פרײַהײַטס־טרוים פון העלע ענדן
איבער די צעשמיצטע מויערן,
קומט מיט בלענדן,
מיט באציר.
ריגלט אוף פאר מיר
די מאָרגן־טויערן
און ווײַזט ארײַן אין זייער ווײַט:
„אלץ פאר אײַך,
אלץ פאר אײַך!..״

## 13

צאר פון ערד פארלאָזטער
פעלדער־פוסט, —
פליסט,
גיסט.
זעצט זיך אָפּ אין רו,
זעצט זיך אָפּ, ווי שווערע וויסט,
אַף ברודערס רו.
טרעט דער צאר צו
און גריסט
פון טרוקן פעלד, וואָס דארט,
וואָס וואקסט אין גראָוון צאָפּ ארײַן,
שפּײַט מיט גאל,
און ווארט אַף גליק,
ווארט...
טרינקט מײַן ברודער ווײַן!
שײַן!
שטראָם!
שטאָל!
קלאפּט ער זיך מיט קולעקעס אין ברוסט: —
כאם, ניטאָ צוריק!
טויט צוריק!

## 14

גייט מײַן ברודער,
רײַסט ארויס
לונג־און־לעבער פונעם בויך
פון דער אָנגעפרעסטער
אזש צעזעצטער
זוינע־גאס.
מיט די קולעקעס קלאפּט אויס
אַף דער גאס,
פוסטער פאס,
קלאפּט פאר וועלט דער לעצטער
ווידע אויס:
באָך! באָך!
מײַז און קעץ,
קריכער־קרעץ, —
אפּן פלאץ!
אָפּ דער פוס!
אָפּ די האנט! —

ווייַז די שאַנד!
ווייַז די שאַנד!
פויקער, פויקער,
זעץ דעם טאַץ,
זעץ ארויס די קרעץ פון נוס!
אַף די האַנט!
אַף די פוס! —
וועלט,
די אויסגעלאַזטע זוינע־וועלט
אפן פּלאַץ
ווייַזט איר שאַנד!
— קוקט, די שאַנד!

15

טונקלט, טונקלט
טויט די שטאָט
אָן דעם אָפּגאָט,
אָן דעם גאָט,
נאָר א פליגל
גרויסט און פינקלט
איבער קאָפּ,
היט זי אָפּ,
שרעקט זי אָפּ.
גייען מיר צו אונדזער
גרויסער היים אַף נאַכט,
אַלץ געבראַכט:
איינס,
צוויי,
ברויט,
טיי,
זייַד,
לייַן,
ווייַן.

16

זיבעטע הויט פון זיך
פון ערד —
אָפּגעברענט.
ס'אַלטע בוך מיט טויטע פליגן
ווערט פארלענדט, —
גייט א נייַער!
איר, אופגעהויבענע פון שטויב,
איר שלאַנגען־רויב,
וואָס שלעפּן פון דער שווארצער ערד
דעם פייַער
מיט אויסגעשטרעקטע הענט
דער וועלט אים גיבן, —
איר ווערט פארשריבן!
איר ווערט פארשריבן!

17

אַף די רויכנדיקע כורוועס,
אפן כיירעם,
אין ווארעם גאָלד,
וואָס הימל שיקט אראָפּ, —
צעלייגן זיך די ברידער,
די כאַווײרים,
רוט מען אָפּ.
שפּילט און גיסט זיך א הארמאָשקע,
גיסט זיך, פּליטערט,
פּליסט זיך, ציטערט,
כליפּעט,
ציפּעט
און צעשטראָמט מיט גאָלד־געקלאַנג.

ליגט מען איין קוים אַף די כורוועס,
ליגט מען איין ניט לאַנג;
שפּרינגען איינער נאָכן צווייטן,
שטילע,
שטילע,
בלייכע,
ווייכע
זיך צעשפּרייטן,
זיך צעברייטן
אַף צעוואָלעניש פארדרייטן: —
דרייען זיך,
מיט גאָט אין הארץ,
מיט שטיקער זון,
אַף שטיקער געץ,
אַף שטיקער מי,
אַף שטיקער קרענץ —
מיט האַווייַעס און מיט טענץ.

מאכט א ווארע,
מאכט א ווארע,
לאָזט, מייַן ברודער גייט אין קאָן:
אין די ווארעמע ווייכע פוישטן,
מיט פארדריקטע הארטע פויסטן
און מיט פלינקע עלנבויגנס
הייבט ער אָן: —
„טרוטא־טרוטא,
נאָך א קלענגל,
ווי א שלאַנקער
שלייף פון סטענגל;
ווי א ריזלדיקע שנירל,
ווי א ריזלדיקע שנירל,
וואסער־ריִרל
פּילט א זעמדעלעס געלעג.

טרוטא-טרוטא-טאָ! — פֿליסן מיר אין טראַפּ,
אָט די פֿארבן, מיטן טראַפּ,
אָט דאָס לעבן, פֿליסן מיר צום גרויסן מאָרגנס-קאָפּ:
אָט דאָס וועבן — מאָרגן! —
מוזן שטאַרבן אין די טעג. פֿאַר די גאָלדן
נאָר מיר בלייַבן, — דייַנע פֿאַלדן,
מיר, די וועלן, טאַנץ און העל,
וועלכע טרייַבן פֿרייַהייַט,
וועלט צו העלע פֿריידן,
מאָרגנס-שוועלן, דייַנע לײדן,
נאָר מיר בלייַבן אַף דייַן שוועל
אין די קאַרבן, לייגן מיר די קעפּ אַוועק פֿאַר דיר,
אייביקס קאַרבן — טראָגן מיר די לעבנס אָפּ.
דאָ!״ — — — — — — — —
— — — — — — — —
פֿליסט האַרמאָניע
בלייַבן מיר אין אייביקס טראַפּ,
אין פֿאַרב,
אייביקס פֿאַרבן, מיר.

כאַ׳ים מעלאַמוד

# עס זאָל אונדז נאָר ניט פאַרשטערט ווערן

## געשען איז דאָס אזוי...

זאָל זיך אײַך דוכטן, אז איך בין ניט קיין שרײַבער, נאָר א פּאַשעטער ייִד, א ייִד פון א גאַנץ יאָר, ווי מע זאָגט, און שוין טאקע ווײַט ניט קיין יונגער. אַן עמעסדיקער בען־שמוינים. וואָס זשע דאַרף איך זוכן זײַטיקע געשיכטעס, אז איך האָב גענוג אייגענע? און וואָס איז דער כילעק, אַן אייגענע, צי א זײַטיקע? זאָל זײַן, אז דער „איך" בין ניט איך, און דער „ער" איז אויך ניט איך. ס׳איז איינער אַן עמעצער, פון יענע עמעצערס, וועלכע מע קאָן ציילן און מיד ווערן ציילנדיק. איר געדענקט איציק פעפערס ציקל לידער? ווי האָט ער געהייסן? וועגן זיך און אזוינע, ווי איך. איז אָט...

געשען איז דאָס אזוי. זיי האָבן זיך באַגעגנט אין איינעם פון יענע צען טעג, וועלכע האָבן אויפ־געטרודערט די גאנצע וועלט, דאַן, ווען מענטשן זײַנען ארויס אין די גאַסן, ווער דערפרייט און ווער דערשראָקן, ווער מיט האָפענונג און ווער מיט פאַרצווייפלונג, און די גאנצע ערד איז געלעגן א פאַר־טײַעטע, אין פלאַטערנדיקער דערוואַרטונג: וואָס וועט ברענגען דער וועלט אָט דער אומדערוואַרטעטער אופבליץ אין רוסלאַנד? אַלטע וועלטן זײַנען אומגעקומען, נײַע וועלטן זײַנען געבוירן געוואָרן, און דאָס פאַרשמאַכטע ייִנגעלע איז געשטאַנען א ציטערנדיקער, מיט שטאַרק פאַרזשמורעטע אויגן. ער האָט גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען, ניט געוווּסט, וווּהין אהינטאָן זיך און וואָס צו טאָן מיט זיך אַליין.

זי איז צוגעקומען צו אים, א נעם געטאָן אים פאַרן דאַרן הענטעלע און זיך אָנגערופן:

— קום מיט מיר, ייִנגעלע, האָב קיין מוירע ניט.

דאָס ייִנגעלע איז דאַן אַלט געווען א יאָר צען. געווען איז דאָס אַן אויסגעהונגערט בעפעשל מיט שמאָלע אַקסלען, מיט ארויסשפּאַרנדיקע ריפּעלעך און מיט שטענדיק רויטלעכע, אָנגעטרערטע אויגן. צו אים האָבן זיך געטשעפּעט אַלע קרענק. זומער און ווינטער איז ער ארומגעגאַן מיט אָנגעשוואָלענע באַקן, א גאַנץ יאָר געהאַלטן אין איין ארויסקריכן פון פאַרשיידענע צוקילעכצן. דער האַלדז איז שטענדיק געווען ארומגעבונדן מיט א טיכל, אונטער וועלכן עס האָט זיך געוואַרעמט א געדיכט־פאַר־קנאָטן האָניק־טייגל, די איינציקע רעפוּע פון אַלע געשווילעכצן און צוקילעכצן.

— ווער ביסטו? — האָט דאָס ייִנגעלע געפרעגט א דערשראָקענער און שטאַרק זיך פאַרהוסט.

— קום, קום מיט מיר, האָב קיין מוירע ניט. איך בין די רעוואָליוציע!

— וועלכע רעוואָליוציע?

— די סאַמע שענסטע און די סאַמע בעסטע פון אַלע רעוואָליוציעס. און די סאַמע ייִנגסטע. איך בין אָקאָרשט געבוירן געוואָרן.

ער האָט ניט אַלץ פאַרשטאַנען, נאָר איז אוועק נאָך איר.

זי האָט אים אויסגעלערנט זינגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל" און די „מאַרסעליעזע". דערנאָך האָט זי אים אויסגעלערנט זינגען וועגן דער יונגער גוואַרדיע און וועגן דער רויטער קאַוואַלעריע. דערנאָך האָט זי אים איבערגעלייענט עטלעכע אומפאַרגעסלעכע לעקציעס: וועגן לעניבעז, וועגן דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע.

נאָר דאָס איז געווען שוין א ביסל שפּעטער. פריִער האָט זיך אָנגעהויבן אזוינס, וואָס עס איז שווער געווען צו פאַרשטיין. שווערדן האָבן געבלישטשעט קעגן דער זון און געפּאָכעט איבער

מענטשלעכע קעפּ. בלוט האָט זיך געגאָסן אין שטעט און דערפער, אין פעלדער און וועלדער. און זי, די רעוואָליוציע, האָט אים אַלץ באַרויִקט:

— קום מיט מיר, האָב קיין מורע ניט...

באַנדעס, קלענערע און גרעסערע, זײַנען אַלעמאָל אַנגעפאַלן אַפּן שטעטל, און נאָך יעדן אָנפאַל — עטלעכע לעווײַעס. און זי, שוין אַליין אַ פאַרגאָסענע מיט בלוט, האָט ניט אויפגעהערט אונטערצומונטערן:

— קום, האָב קיין מורע ניט...

געווען טעג, אַמאָל גאַנצע וואָכן, ווען דאָס שטעטל האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין די קעלערס און אויף די בוידעמער. נאָר אין איבערגעמאַטערטע, האָט זי ניט אויפגעהערט אים באַרויִקן:

— איך בין דאָ, איך בין מיט דיר, האָב קיין מורע ניט.

דערנאָך זײַנען געקומען וואָכן און כאַדאָשים פון אומדערטרעגלעכן הונגער. זי אַליין האָט אויך קוים זיך געהאַלטן אויף די פיס, נאָר זי האָט ניט אויפגעהערט צו טרייסטן:

— נישקאָשע, ייִנגעלע, מיר וועלן אַלץ איבערקומען.

אַזוי זײַנען געגאַנגען יענע אומפאַרגעסלעכע יאָרן. די רעוואָליוציע האָט איינינעם מיט אונדז געקרענקט און געהונגערט, געלעגן איינינעם מיט אונדז אין די קעלערס און אויף די בוידעמער, געגאַנגען מיט אונדז אויף די פּילצאַליקע לעווײַעס, און אוועקגעפירט ניט ווייניק כעווורע, אַ ביסל עלטערע פון מיר, אין די רויטאַרמייִשע אָטריאַדן.

ווען איז דאָס אַלץ געווען? אַזויפיל צײַט אַוועק! אַ גאַנץ לעבן! אַ גרויס ראַשיק און אומרויִק לעבן, וואָס האָט אויפגעטרייסלט, איבערגעקערט און איבערגעאַנדערשט די גאַנצע וועלט.

נאָר מערער פון אַלץ האָט דאָס ייִנגעלע פאַרגעדענקט יענעם טאָג, ווען די רעוואָליוציע האָט אים אַרײַנגעפירט אין איינער אַ פּויערישער כאַטע, אַ פולער מיט זינגענדיקע ייִנגלעך און מיידלעך, און זיך אָנגערופן:

— און איצט, ייִנגעלע, ביסטו שוין אַ דערוואַקסענער. און די צײַט איז אַ מער רויִקע. די וועלט איז אײַנגאַנצן אַ נײַע. גייִ דרייסט אוועק אין דער נײַער וועלט. ווער אַליין איר שפּער און בויער. שוועריקײַטן וועלן זײַן ניט ווייניק. נאָר שרעק זיך ניט.

## „כאַים — ניט שרעקלעך"

דער ערשטער, וועמ עס האָט מיך געקרוינט מיט אָט דעם צונאָמען, איז געווען מײַן אייגענער טאַטע.

געווען איז דאָס אין יענעם זומער, ווען מיר האָבן אָרגאַניזירט אַ קאָלווירט און אַריבערגעוואַנדערט אויף ערד אין די זאַפּאַראָזשיער סטעפּעס. מיר האָבן באַוויזן דורכפירן דעם ערשטן ניט-גרינגן פאַרזיי און אָנגעהויבן בויען הײַזער. סאַמע אין ברען פון שניט האָט אַ גאַס געטאָן אַ רעגן. ניט קיין רעגן, נאָר אַ מורידיקע זליווע. עס האָט אַראָפּגעשווענקט פונעם סטעפּ און אוועקגעטראָגן מיטן וואַסער קאָפּיצעס מיט ווייץ, אַראָפּגעווייעט פון די טויקן שוין אויסגעדראָשענע קערנער, און בא די ניט-דערבויטע שטיבער, נאָך אײַנגאַנצן אָן דעכער, אָפּגעשטשיפּעט — בא וועלכער אַ גאַנצע וואַנט, בא וועלכער נאָר אַ ווינקל, און אוועקגעשלעפּט מיטן וואַסער דאָס ביסל געהילץ, וואָס איז געווען שוין פאַרגרייט.

אין אַ שרעקלעכן מעסלעס, ווען דער סטעפּ האָט אַ שפּיל געטאָן פאַר אונדז מיט אַלע זײַנע ווילדקײַטן און דער אוילעם איז שטאַרק אַראָפּגעפאַלן בא זיך, האָב איך אַ זאָג געטאָן, טרייסטנדיק און דערמונטערנדיק:

— נישקאָשע, ס'איז ניט שרעקלעך. מיר וועלן אַלץ פאַריכטן...

דאַן טאַקע איז מײַן טאַטע אַרויס מיט כויזעק:

— ווי געפעלט ער אײַך? כאַים — ניט שרעקלעך...

דער צונאָמען האָט זיך צוגעקלעפּט צו מיר אויף אַ לענגערער צײַט.

דעם קומענדיקן פרילינג, ווען מיר האָבן געהאַט פאַרענדיקט דעם פאַרזיי, די ווינטער-ווייצן האָבן זיך שוין צעקוסטעט, דער גערשטן האָט אַ גלאַנץ געטאָן מיט זײַנע גרין-געלבלעכע שפּראָצונגען, — האָבן זיך צעבושעוועט די שטויביקע שטורעמס, זיך צעפּײַפט און צעוואָיעט מיט אַ כײַשן געוואָי און אויסגעלייגט איבערן סטעפּ מעגושעמדיקע קוטשעהורעס. אַליין דער סטעפּ איז געלעגן אַן אויסגענאַקעטער, אין הוילע ווונדן, געלעגן אַ פאַרשטיינערטער, און עס האָט זיך געדוכט, אַז אויף אים וועט שוין קיינמאָל גאָרנישט ניט וואַקסן. דאַן האָב איך ווידער, אונטערמונטערנדיק דעם אוילעם און זיך אַליין, איבערגעכאַזערט דאָס זעלבע:

— נישקאַשע, ס'איז ניט שרעקלעך. מע קאָן אַלץ פאַריכטן...

וויאַזוי פאַריכטן, האָב איך דאַן ניט געוווּסט. איך האָב בלויז פאַרשטאַנען, אַז מע מוז עפּעס צוטראַכטן, ווי־ניט־איז אויסגלײַכן די קוטשעהורעס און פאַרזייען עפּעס אַנדערס אַנשטאָט די פאַר־ניכטעטע שפּראָצונגען. געראַטעוועט האָט אונדז די קוקורוזע. מיר האָבן מיט קוקורוזע פאַרזייט אַלע מאַסיוון און אַראָפּגענומען צו דרײַ הונדערט פּוד פון אַ העקטאַר.

— זע נאַר, זע, — האָט אין יענעם האַרבסט אַ זאָג געטאָן צו מיר אונדזערער אַ שאָכן. — ס'איז טאַקע ניט שרעקלעך...

דערנאָך איז געקומען די באַוווּסטע טריקענישׂ פונעם צוויי־און־דרײַסיקסטן יאָר און נאָכדעם דאָס שווערע, זייער און זייער הונגעריקע דרײַ־און־דרײַסיקסטע יאָר. דער ווינטער איז געווען אַ באַזונדערס האַרבער. דאָס ערשטע קינד אין מײַן מישפּאָכע איז שוין אַלט געוואָרן אַ יאָר, מיר האָבן אים אַנטוויינט, נאָר אונטערהאַדעוועט עס איז אָפּטמאָל ניט געווען מיט וואָס. האָט עס שטאַרק געוויינט, און אויף דעם קוקנדיק, האָט מײַן ריווע אויך געוויינט. האָב איך ווידער געמוזט אָנקומען צו מײַן שטענדיקער טרייסט:

— ס'איז ניט שרעקלעך, אָט וועט אונדזער בענאָק אויסוואַקסן, וועלן מיר אים כאַסענע מאַכן... און באַ איר, באַ מײַן נאָך זייער יונגער ריוועלען, האָט דורך די טרערן אַ גלאַנץ געטאָן אַ שמייכעלע.

נאָך אַלעמען, זײַנען דאָך געווען ליבע שוועריקייטן, גליקלעכע שוועריקייטן, פולע מיט וואַרעמע האָפענונגען און מיט הייסע טרוימען.

כאַסענע געהאַט האָט דער זון אָן אונדזער הילף, און אַ דאָקטאָר פון מעדיצינישע וויסנשאַפטן איז ער געוואָרן אויך אַליין. און אַלע רופן אים איצט מיט גרויס אָפּשײַ — עמיל יעפימאָוויטש. נאָר קיינער ווייסט ניט, אין וועלכע שווערע יאָרן עמיל איז אויסגעוואַקסן.

דערנאָך איז געקומען אַ צײַט, ווען ס'איז געוואָרן טאַקע זייער שרעקלעך. און ניט שטענדיק האָב איך געקאָנט אָנקומען צו מײַן אויסגעפּרוווטער טרייסט. און ניט שטענדיק האָט זי געווירקט. כאַטש... כ'האָב ניט לאַנג צוריק באַקומען אַ בריוו פונעם געוועזענעם שטאַב־נאַטשאַלניק פון אונדזער פּאָלק, דאַניל גריגאָריעוויטש בורבעליוק, וועלכער וווינט איצט אין וואָראָניעזש. שרײַבט ער מיר: „געדענקסט יענע נאַכט אָפּן קליינינקן פּלאַצדאַרם, וואָס מיר האָבן פאַרכאַפּט אויף יענער זײַט דאָן? די לאַגע איז געווען אַ קריטישע און די שטימונג זייער אַ געדריקטע. און דו האָסט אונדז אַלעמען דערמונטערט מיט אַ פריילעכן אַנעקדאָט וועגן דעם, אַז קיין אויסגאַנגלאָזע לאַגע אין אין דער וועלט ניטאָ. און ס'איז ניט אַזוי שרעקלעך, ווי עס דוכט זיך..."

## לעבט, לעבט, לעבט!

ניט לאַנג צוריק, ווען מיר האָבן איבערגעקליבן אונדזערע „אוצרות", איבערגעטרייסלט און דורכגעבלעטערט אַלע טישקעסטלעך, האָבן מיר צווישן דער ניט־גרויסער צאָל מײַנע פראָנט־בריוו, וועלכע האָבן זיך פאַרהיט, געפונען דעם ערשטן בריוו, וואָס איך האָב אָנגעשריבן מײַן ריווען, ווי נאָר איך האָב זיך דערוווּסט, וווּהין עס האָט זי מיטן זונעלע פאַריאָגט די עוואַקואַציע. פאַר די פיל יאָרן איז דאָס בײַגעלע פּאַפּיר פאַרגעלט געוואָרן, אייניקע אויסױעס האָבן זיך אָפּגעריבן, און די בריגן זײַנען געוואָרן צעקרישעט. דער בריוו האָט אונדז ביידן אָפּגעבריט מיטן ווייעשריי, לײַדנ־שאַפטלעכן רוף און מיטן גלויבן. געשריבן איז ער געווען אין אָקטיאַבער איין־און־פערציקסטן, ווען אונדזער טייל איז, ווי די אַנדערע, אָפּגעטראָטן אויף מיזרעך. יענע בילדער זײַנען מיטאַמאָל אופגע־שווומען פאַר די אויגן מיט זייער אומגלייבלעכן שוידער.

...איבער די וועגן און אומוועגן, דורכגעגראָבענע און דורכגעאַקערטע מיט אָן אַ שיר רעדער פון מאַשינען, האַרמאַטן און פורלעך, דורכגעלעכערטע מיט טויזנטער טלאָען פון פערד און בעהיי־מעס, שלעפּט זיך אָן אומענדלעכע מאַכנע מיליטערלײַט און ציווילע, מענער און פרויען, זקיינים און קליינע קינדער. אַ מין זינלאָזער, פאַרברודיקטער געמיש פון רײַטער און פוסגייער, מעגטשן און פי. און עס הענגט איבער די אומוועגן אַ פאַרטויבנדיקער געוואַי, אַ גריל־צערײַ און אַ רעווערײַ, אַ ווילדער, ניט־ערדישער געיאָמער, פול מיט פאַרצווייפלונג און אויסגאַנגלאָזיקײַט, אַ טויזנטשטימיקער געבעט, וועלכער רײַסט זיך אַרויף צו די הימלען און בלײַבט הענגען איבער דער ערד אייניגעם מיט די געדיכטע כמאַרעס, פון וועלכע עס האַלט אין איין, גיסן און דורכזיפּן זיך אַ קאַלטער און נודנער רעגן.

צווישן דעם וואָיענדיקן און גרילצנדיקן, שרײַענדיקן און װײנענדיקן, הונגעריקן, דורשטיקן און צוגעקילטן עוואַקאָ־האַמוין שפּאַנט אויך אונדזער באַטאַליאָן, אַן אויסגעמישטער און איבערגעמיש־טער מיט די איבעריקע מענטשן, דורכגענעצט ביזן לעצטן פֿאָדעם, דורכגעדרונגען מיט דעם געפֿיל פֿון דעם גרויסן פֿאָלקס־אומגליק.

די כמאַרעס ווערן וואָס אַ מאָל טונקעלער, לאָזן זיך אַראָפּ נידעריקער, און דער אַליאַרמירנדיקער געיאָמער האָט שוין אײַנגאַנצן ניט וווּהין אַ הייב טאָן זיך. דאָס נודנע רעגנדל האָט דורכגעווייקט אַלץ מיט אַ פּײַכטן גרויל, פֿאַרוואַנדלט אַלע וועגן — ווו אין אַ גערדיכטער ראַשטשינע, ווו אין אַ טיפֿער שיטעריצע, און די פֿערד האָבן קוים געשלעפּט די שווערע וועגענער. זיי האָבן הויך און האַסטיק געסאָפּעט, און פֿון זייערע מײַלער האָט געזעצט אַ ווײַסע פּינע, געבולבעט זיך אין דריבנע בולבעלעך, אַנגעבלאָזן זיך און גלײַך געפּלאַצט. ס'האָט זיך געדוכט, אַז די פֿערד אַליין וועלן אויך אַזוי — אָנבלאָזן זיך און פּלאַצן.

די מילכאָמע האָט זיך אַנטפּלעקט פֿאַר אַלעמען מיט איר גאַנצער מעגוּשעמדיקייט, זינלאָזיקייט און אַכזאָריעסדיקייט, מיט איר אומויסדריקלעכער פּײַנפֿולקייט און אומענטשלעכקייט, מיט אַלץ, וואָס מיר האָבן געזען און איבערגעלעבט אין יענע שרעקלעכע אָסיענדיקע טעג. מיר האָבן דאַן נאָך ניט געוווּסט, אַז אַ ביסל שפּעטער וועט צו אונדז דערגיין די ידיִע וועגן נאָך מער שרעקלעכן און אומבאַגרײַפֿלעכן: וועגן די טויט־לאַגערן און געטאָס, אין וועלכע די פֿאַשיסטן האָבן אומגעבראַכט מיליאָנען מענטשן.

פֿון אַלץ דעם געזעענעם און איבערגעלעבטן אין יענע טעג האָבן מיך מערער פֿון אַלץ דער־שיטערט די פּרויען מיט שווערע קלומעקעס אויף די פּלייצעס און מיט פּיצלעך קינדער אויף די הענט. און אַלעמאָל בין איך אופֿגעציטערט געוואָרן, ווען מיר האָט זיך געדוכט: אָט, דאָרטן, ניט ווײַט, גייט מײַן ריווע און אײַנגעהויקערטע, אַן אויסגעשמאַכטע, מיטן עלטערן יינגעלע פֿאַר דער האַנט און מיטן מיזי־ניקל אויף די הענט. און אַלעמאָל האָט זיך מיר געוואָלט עפּעס אויסשרײַען. נאָר... וואָס. שרײַען, צו וועמען שרײַען? געוועזן אָן מיר געגנוג גוואַלדן. און ביכלאַל... אַלע פּרויען האָבן זיך מיר דאַן געדוכט ענלעכע איינע אויף דער אַנדערער.

אונטערן אײַנדרוק פֿון דעם אַלעמען האָב איך אין איינער אַ נאַכט אָנגעשריבן ריווען אַ בריוו, און אויף מאָרגן אַרײַנגעוואָרפֿן אים אין אַ בריוו־קעסטל, פֿאַרבײַ וועלכן מיר זײַנען דורכגעגאַנגען אין איינעם אַ דאָרף. איך ווייס ביז הײַנט ניט, וויאַזוי האָט געקאָנט געשען אַזאַ נעס, וואָס עמעצער, מעגלעך פֿון אַן אַנדערן דורכגייענדיקן טייל, האָט אַרויסבאַקומען דעם בריוו, געראַטעוועט אים פֿון די פֿאַשיסטישע הענט און איבערגעשיקט לויטן אַדרעס. אין יענעם בריוו האָב איך געשריבן:

„איך זע דיך צווישן די אומענדלעכע קאַראַוואַנעס עוואַקוירטע, וואָס שלעפּן זיך אונטערן רעגן איבער די פֿאַרבלאָטיקטע וועגן. איך זע דיך און די קינדער אויסגעהונגערטע, פֿאַרשמאַכטע, זע, ווי איר שלעפּט קוים די פֿיס, און מיר דוכט זיך, אַז אָט־אָט וועט איר אומפֿאַלן. נאָר איך בעט אײַך זייער: פֿאַרלירט זיך ניט, פֿאַלט באַ זיך ניט אַראָפּ. און סטאַרעט זיך אויסזען ניט אַזוי פֿאַרשמאַכט, וואָס עס זאָל ניט געשען, פֿאַרלירט ניט דעם מוט, פֿאַרלירט ניט דעם גלויבן. און די גרעסטע באַקאָשע צו אײַך: לעבט, לעבט, לעבט!"

דערנאָך, ווען מיר זײַנען בעשאָלעם אַרויס פֿונעם שרעקלעכן פּײַער, האָט מיר ריווע דערציילט, אַז דער דאָזיקער בריוו האָט זי טאַקע געהאַלטן אויף די פֿיס, ווען זי האָט שוין געהאַט פֿאַרלוירן אַלע קויכעס. און ווען זיי האָבן דורכגעמאַכט די צווייטע עוואַקואַציע — פֿון סטאַלינגראַד אין מיטל־אַזיע, און דאָס מיזיניקל מאַריק, ער איז דאַן אַלט געווען פֿיר יאָר, האָט קוים געדעכעט, און זי האָט אים געראַטעוועט פֿון כאַלאָשעס מיט דעם, וואָס זי האָט אַלעמאָל באַנוצט זײַנע פֿאַרבלאָטעטע ליפּעלעך מיט אַ ביסל וואַסער, האָט זי ניט אופֿגעהערט איבערצוכאַזערן פֿאַר זיך די ווערטער פֿונעם בריוו, ווי אַ שוווּע:

— לעבט, לעבט, לעבט!

מאַריק איז אַ געאָפֿיזיקער. די ערשטע צען יאָר נאָכן ענדיקן דעם אוניווערסיטעט האָט ער געאַרבעט אין פֿאַרשיידענע עקספּעדיציעס. איצט איז ער הויפּט־אינזשעניער פֿונעם רעכנצענטער אין דעם וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט פֿון די ים־עקספּעדיציעס אין לענינגראַד.

איך טראַכט אָפֿט, אַז טראָץ אַלע שווערקײַטן, שוידערן און גרויזן, וואָס אונדז, מענער, איז אויסגעקומען אויסצושטיין אויף דער מילכאָמע, ווען דער טויט איז נאָכגעגאַנגען פּוסטריט, איז געווען אונדז פֿיל גרינגער, איידער די פֿרויען אין דער עוואַקואַציע. עפּשער דערפֿאַר, ווײַל באַ אונדז זײַנען ניט געווען קיין קינדער אויף די הענט. ביכלאַל הער איך ניט אויף צו טראַכטן וועגן דער פֿאַרגאַנגענער מילכאָמע, כאָטש ס'זײַנען שוין אַוועק אַזויפֿיל יאָרן. און אָפּטמאָל זע איך די מילכאָמע אין כאָלעם...

## פרעגט די וועלט אַן אַלטע קאַשע

מיר כאַלעמט זיך אָפּט די מילכאָמע. די פאַרגאַנגענע מילכאָמע מיט אַלע אירע גרוילן, ליידן און אַפּקומענישן. און שטענדיק שווימט זי אויף פאַר מיר אַ ביז גאָר לעפּישע, אַ שטומע און אַ שטימלאָזע. איך שיס אין עמעצן, עמעצער שיסט אין מיר, נאָר מע הערט גאָרנישט ניט. איך זע, ווי דאָס שלאַכט־פעלד איז פול מיט געהאַרגעטע און פאַרווונדעטע, נאָר מע הערט ניט, עמעצער זאָל אַ קרעכץ טאָן, אָדער בעטן הילף.

אין אונדזער אומרויִקן זיקאָרן, אַ פאַרווונדעטן פון פיל באָמבע־אויפרײַסן, אַ צעפּאַסעוועטן פון שפּליטערס, שווימט אַלעמאָל אויף דאָס דורכגעלעבטע, טוט אַ ברי מיט אַ פרישן, אומדערטרעגלעכן ווייטיק, דערשיטערט מיט אַ גרילצנדיק ווידערקאָל פון די בלוטיקע געראַנגלען, אין וועלכע עס זײַנען אומגעקומען מיליאָנען מענטשן, צווישן זיי — פיל מײַנע פראָנט־כאַווײרים, פיל אייגענע און נאָענטע.

פון אַזעלכע כאַלוימעס כאַפּ איך זיך אויף אַ באַגאָסענער מיט שוויס, דאָס האַרץ קלאַפּט געפּערלעך, אַ צונויפגעפּרעסטס, אַ צוגעפּלעטשטס, פול מיט שטעכעניש.

און נאָך אָפטער זײַנען מײַנע כאַלוימעס אָנגעפּילט מיט אומרו וועגן דער מעגלעכער מילכאָמע אין דער צוקונפט. ס'פרעגט די וועלט אַן אַלטע קאַשע: אַד מאָסײַ? ביזוואַנען וועט דויערן די זינלאָזע יאָגעניש נאָך נײַע ראַקעטעס און באָמבעס?

אין דער באַוועגונג פון דער געשיכטע זײַנען נאָך פאַראַן פיל סוידעס. נאָר איך מיין, אַז, פאָרויס־זעענדיק, צי פילנדיק די מעגלעכע קאַטאַקליזמען, נעמט זי באַצײַטנס אָן מיטלען אָפּ זיכערן איר פאָרזעצונג, איר קיִעם. אַזוי איז געווען מיט זיבעציק יאָר צוריק, ווען אין אונדזער לאַנד איז פאָרגע־קומען די גרויסע אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. דער סאָוועטנפאַרבאַנד האָט געראַטעוועט די וועלט פון היטלערישער קנעכטשאַפט, פיל פעלקער פון פולער פאַרניכטונג.

ווען די קומענדיקע דוירעס וועלן פײַערן דעם הונדערטיאָריקן, דעם צווייהונדערטיאָריקן יויוול פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, וועלן זיי פונקט אַזוי, ווי מיר איצט, אויפקשטעלן באַנאַנד די צוויי גרויסע ווערטער — קאָמוניזם און שאָלעם. און זיי וועלן דערבײַ דערמאָנען, אַז דער ערשטער דעקרעט פון דער סאָוועטישער רעגירונג, דער ערשטער לעניניִשער דעקרעט איז געווען וועגן שאָלעם.

ניט לאַנג צוריק האָב איך געהערט אַ ראַדיאָ־רעפּאָרטאַזש פון איינעם פון די טשערנאָבילער געבורט־הײַזער. באַם מיקראָפאָן איז געשטאַנען, ריכטיקער — געלעגן אַ מענטשעלע, וואָס האָט זיך נאָרוואָכ באַוויזן אָפּ דער וועלט. און די שטים זײַנע, זײַן אַליאַרמירנדיקער רוף צו דער מאַמען און צו דער גאַנצער וועלט איז געווען פאַרשטענדלעך אָפּ אַלע שפּראַכן. אַזאַ פּאָשעטע, אַזאַ פילדויערסדיקע, אַזאַ לײַדנשאַפטלעכע פאָדערונג:

— איך וויל עסן! איך וויל לעבן!

זאָלן אומעטום דערהערט ווערן די שטימען פון די נײַ־געבוירענע!

## עס זאָל אונדז נאָר ניט פאַרשטערט ווערן

קינדער, אייניקלעך און אורייניקלעך. איך דערצייל וועגן זיי ניט אָפּ באַרימען זיך. דאָס זעלבע קאָנען דערציילן וועגן זייערע מישפּאָכעס אונדזערע שכיינים, מײַנע באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע. אַזאַ איז אונדזער לעבן, אונדזער גוירל, דער גוירל פון אַלע נאָכאָקטיאַבערישע דוירעס. ס'איז אונדזער נאַכעס, אונדזער זאָרג און אונדזער אומרו.

מיר זעען זיך זייער זעלטן. דער עלטערער זון מיט זײַן פאַמיליע וווינט אין סאַראַטאָוו, דער ייִנגערער — אין לענינגראַד. איצט זײַנען מיר אַרײַן מיט איין פוס אין מאָסקווע, ווו עס לעבט נאָך דער כאַסענע אונדזער אייניקל דימע. מיר זעען זיך זעלטן. איך האָב בלויז אויפגעהאַנגען אָפּ דער וואַנט די פאָטאָגראַפיע פון דער מישפּאָכע: איך מיט דער פרוי אינמיטן, און אַרום אונדז אַלע אונדזערע קינדער און אייניקלעך.

אָנהייבן וועל איך פונעם עלטסטן אייניקל, וועמען מיר רופן סאַשע. ער איז הויך און ברייט־פּלייציק, ענערגיש און אומדערמידלעך. צו דרײַסיק יאָר אַ קאַנדידאַט פון פיזיש־מאַטעמאַטישע וויסנ־שאַפטן און פאַרוואַלטער פון אַ וויסנשאַפטלעכער לאַבאָראַטאָריע. זײַנע מיטאַרבעטער רופן אים אויך אַזוי, ווי מיר — סאַשע. זיי זײַנען אַלע יונגעלײַט, טאַלאַנטפולע געלערנטע, איגאָרס און וואַניעס, מישעס און פיאָדאָרס. דאָס איז דער דריטער דאָר, וואָס מעלדעט וועגן זיך מיט זײַן יונגער ענערגיע און איז פול מיט דראַנג. אים איז באַשערט צו שאַפן אַ נײַעם שוווּנג אינעם וויסנשאַפטלעך־טעכנישן פּראָגרעס.

נאָר ניט דאָס בין איך אויסן. דעריקער — וואָס איז דאָס פאַר א לאַבאָראַטאָריע? א לאַבאָראַטאָריע, וועלכע פאַרנעמט זיך מיטן אויספאָרשן און פּראַקטיש אָנווענדן די לאַזער־שטראַלן אין דער לאַנדווירטשאַפט? די סאַמע פרידלעכע לאַזער־שטראַלן. שוין ניט איין מאָל האָבן די יונגעלײַט פון דער לאַבאָראַטאָריע אָנגעווענדט זיי אויף גרויסע רײַז־מאַסיוון אין קובאַן. מיט זייער הילף גיט זיך אײַן באַמערקן יעדעס בערגעלע, יעדער קופּקעלע, יעדע אומגלײַכקייט אויף גרויסע שטאָכים און אויסגלײַכן זיי. דאָס איז זייער וויכטיק פאַר דער אַגראָטעכניק פון די רײַז־פּלאַנטאַציעס. איצט, ווען עס וויקלט זיך פאַנאַנדער דער אינדוסטריעלער מעטאָד פון אויסבאַווען קוקורוזע מיט אָנווענדן די הערבעצידן, פאָדערט זיך די גלײַכקייט פונעם באָדן. און בייסן אינטענסיוון מעטאָד פון אויסבאַווען די ווייצן — דאָס זעלבע. אזוי אז דעם פרידלעכן לאַזער־שטראַל שטייט פאָר ארומשפּאַצירן איבער מיליאָנען העקטאַרן.

קומט בא מיר אויף א פאַרגלײַך. מיט וואָס בין איך אין די צוואַנציקער יאָרן ארויס אויף דער ערד? אייגנטלעך, מיטן בײַטשל, מיט א בײַנערדיק פערד און מיט א שטיקל אינווענטאַר, וואָס האָט געהייסן „בוקער", א היבריד פון א פלוג און א זייאַלקע, וואָס האָט שלעכט געאַקערט און נאָך ערגער געזייט. און די גערעטענישן...

מײַן אייניקל איז ארויס אויף דער ערד מיט גאָר אן אַנדער אינווענטאַר — מיטן לאַזער־שטראַל. האַבנדיק נאָך אייניקע מאָסמיטלען, גאַראַנטירט ער א סטאַבילע הויכע גערעטעניש, אין דרײַ, אין פיר מאָל העכער, איידער אין די צוואַנציקער, צי דרײַסיקער יאָרן. און ווידער טאַקע, דעריקער — דאָס איז א געווער פון פרידן!

ווי ווײַט מיר זײַנען אוועק און ווי הויך מיר האָבן זיך אופגעהויבן פאַר דער צײַט! ווי ברייט עס שפּאַנען אונדזערע קינדער און אייניקלעך! און די אורייניקלעך אויך. סאַשעס ייִנגעלע זשעניע איז שוין אלט זעקס יאָר. זײַן זיידע, אונדזער זון עמיל, ווען ער קלינגט אָן אין טעלעפאָן, רעדט ער נאָר וועגן אים. ער קאָן זיך ניט אָנלויבן. ער באַרימט זיך, אז זשעניע שפּילט שוין אין שאָך ווי א גרויסער.

דאָס צווייטע אייניקל, דאָס לענינגראַדער, סעריאָזשע, איז אן ענערגעטיקער. נאָכן ענדיקן דעם אינסטיטוט האָט ער א שטיקל צײַט געאַרבעט אלס מײַסטער אויפן לענינגראַדער טורבינבוי־זאַוואָד, איצט אַרבעט ער אין א קאָנסטרוקטאָרן־ביוראָ פון טורבין־בייוונג. אין זײַן לעצטן בריוו האָט ער אונדז געשריבן, אז ער גרייט א קאַנדידאַטן־דיסערטאַציע. און ער איז שוין אויך א טאַטע. זײַן ייִנגעלע און אונדזער צווייט אורייניקל איליושע איז שוין אלט א יאָר.

ניט לאַנג צוריק, טאַקע גאָר ניט לאַנג צוריק האָט אונדז אָנגעקלונגען דאָס דריטע אייניקל פון מאָסקווע.

— זיידע, באָבע! עס קומט אײַך א מאַזלטאָוו. איר זײַט שוין איצט דרײַ מאָל אן עלטערזיידע און אן עלטערבאָבע!

וואַדים, דימע, דימולינע... ווען איז דאָס ערשט געווען, ווען איך האָב געשריבן וועגן מײַן אייניקל דימע אין „גאָלדענע כאַלוימעס"! וועגן דעם עלפיאַריקן יאַטל, וואָס האָט זיך גערעכנט אינעם מיסט פון דער נאַרוואָס איינגעוואָלגערטער אלטער שטוב און אלעמאָל ארײַנגעלאָפן צו מיר מיט א נײַעם געפינס. איז ער שוין אויך א טאַטע... און מײַן דריט אורייניקל איז צווישן די, וואָס האָבן אָקאַרשט געלאָזט הערן דער וועלט זייער ערשטן געשריי וועגן לעבן. ווען איך טראַכט וועגן זיי, וועגן די נײַע דורות, האָב איך בלויז איין פאַרלאַנג:

— עס זאָל זיי נאָר ניט פאַרשטערט ווערן...

דימע האָט געענדיקט אין סאַראַטאָווער אוניווערסיטעט דעם זעלבן פאַקולטעט פון טעאָרעטישער פיזיק, וואָס זײַן עלטערער ברודער סאַשע. ער האָט שטענדיק געכוויזעקט פון די כעוורע, וואָס האָבן צו פרי כאַסענע. נאָר אומגעריכט האָט ער זיך באַגעגנט אין מאָסקווע מיט א מיידל און אין איין אויגנבליק זיך פאַרליבט אין איר. איז ער שוין געוואָרן א מאָסקווער. ביידע אַרבעטן זיי אין א נאַפט־אינסטיטוט.

נו, מיילע, נאַפט איז אויך אן איניען. און א גאַנץ וויכטיקער. נאַפט איז ענערגיע. די ענערגיע פון הויכע גערעטענישן, די ענערגיע פון שעפע, די ענערגיע פון גליק און פון שאָלעם.

איך וואָלט שוין געקאָנט פאַרענדיקן דאָס קאַפּיטעלע, נאָר אונדזער פערט אייניקל וועט זיך באַליידיקן אויף מיר. דערצו איז דאָס א מיידעלע. דאָס אייגציקע מיידעלע — אליאָנקע. מיר איז דערוויַיל שווער צו זאָגן, ווער זי וועט זײַן. ווען זי האָט אָנגעהויבן גיין אין שול, האָט מען געמיינט, אז דאָס וואַקסט א באַלערינע. זי האָט געוונען די ערשטע פּרעמיעס אין דער באַלעט־שול. איצט איז זי שוין אין זיבעטן קלאַס און ווייסט נאָך אליין ניט, וואָס זי וויל. אבי מיט מאַזל...

— נו, און מיר?

דאָס פרעגן א ביסל באַליידיקט די שניר.

וואָס זאָל איך זאָגן וועגן זיי? גוטע שניר. דאָקטוירים און לערערקעס. גוטע מאַמעס און מעשוגענע באָבעס.

און איך כאַזער אַלעמאָל איבער:

— עס זאָל זיי נאָר ניט פאַרשטערט ווערן...

## אכציק ער און זיבעציק זי

זיי האָבן זיך באַגעגנט אין זיבעציק יאָר אַרום נאָך דעם ניט־געזעענעם אין די פריערדיקע צײַטן עקאַנאָמישן און פּאָליטישן שווונג פונעם לאַנד, נאָך די אומגעהײַערע אופּטרייסלונגען, פרייען און ווייען, ביז און בייס דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע; נאָך דעם אַלעמען, וואָס איז פאָרגעקומען נאָך דער מילכאָמע מיט אַלץ דעם גוטן און ניט־גוטן. זיי האָבן זיך באַגעגנט אינעם יאָר פון דער רעוואָליוציאָנערער באַנײַונג אין אַלע לעבנס־געביטן פון אונדזער לאַנד, ווען יעדער מענטש־לער הארץ איז פול מיט ווארעמע האָפענונגען, מיט טיפן גלויבן און הייסן דראַנג צוצולייגן אַ האַנט צו די גרויסע אויפטועך, וואָס קומען פאָר אַרום און אַרום אַף אַלע ראַכוועסן פונעם לאַנד פון אָקטיאַבער. און איבער דער גאַנצער וועלט קלינגען ווי אַ פרײדיקער אָנזאָג די ווערטער: באַנײַונג! איבערבויונג! פאַרגיכערונג! זיי קלינגען הילכיק און רופנדיק, פול מיט באַגײַסטערונג, אַזוי, ווי אַליין דאָס שטורעמדיקע וואָרט — רעוואָליוציע!

נייִן, וועגן דעם דאַרף מען זאָגן עפּעס ניט אַזוי. איבערהױפּט, אינדערעמעסן האָבן זיי זיך קיינמאָל ניט געשיידט. אַמאָל געווען ביז גאָר נאָענט, אַמאָל אַ ביסל ווײַטער, נאָר זיי זײַנען די גאַנצע צײַט געגאַנגען באַנאַנד, סײַ אין די גוטע צײַטן, סײַ אין די שלעכטע. סײַ אין די יאָרן פון פרידלעכער בויונג, סײַ בייס די שווערע מילכאָמע־אויספּרוּוון. נאָר די דאָזיקע באַגעגעניש איז געווען פאַרביידן אַ באַזונדערע, אַ יויוולדיקע. ער איז אַלט געוואָרן אַכציק יאָר, און זי זיבעציק. ווי עס זינגט זיך אין דער אַלטער ייִדישער פאָלקסליד: אַכציק ער, און זיבעציק זי.

ער — שוין טאַקע אַ זאַקן און ווײַס ניט קיין געזונטער. אַ מענטש, וואָס האָט אַ סאַך געזען, אַ סאַך איבערגעלעבט, און פיל שלאָפלאָזע נעכט געהאַט. ער האָט געטראַכט וועגן דעם גויריל פונעם מענטשן, וועגן דעם, וווהין די וועלט גייט, און צי ס'וועט ניט קומען דערצו, די שאַ זאָל ניט זײַן, אַז דער מענטש אַליין... מיט די אייגענע הענט! און טאַקע וועגן איר אַליין אויך געטראַכט. וועגן דער רעוואָליוציע. צי וועט זי, וואָס האָט אָפּגעקאָסט דער וועלט אַזויפיל בלוט, דערלאָזן דערצו.

זי, באַ אירע זיבעציק יאָר, איז ווי אַ מעכטיקער דעמב צעצווײַגט און פאַנאַנדערגעוואַקסן. זי טרייסלט מיט אירע בלעטערפולע צווײַגן ווי מיט יונגע לאָקן, האַלט זיך שטאָלץ, דרייסט און זיכער, און קיין שום בייזע ווינטן זײַנען איר ניט שרעקלעך.

— וואָס ביסטו פאַרומערט? — האָט זי געפרעגט באַ אים.

— איך האָב מוירע.

— דו האָסט מוירע? — האָט זי אים ווי אויסגעמוסערט. — עפּעס דערקען איך ניט דעם, וועמען מע האָט אַמאָל גערופן „כאַים — ניט שרעקלעך".

— די עלטער, — האָט ער געפרווּוט פאַרענטפערן זיך. — נאָר איך האָב מוירע ניט פאַר זיך.

— פאַר וועמען דען?

— פאַר דער וועלט. וואָס וועט זײַן מיט דער וועלט?

— דו זאָג מיר בעסער, וואָס פאַר אַ פּאָנעם וואָלט געהאַט די וועלט, אונדזער לאַנד און וואָס פאַר אַ פּאָנעם וואָלסטו אַליין געהאַט, ווען ניט איך, די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע?

— ריכטיק, זייער ריכטיק. נאָר ניט אין דעם גייט עס איצט. איך טראַכט וועגן מײַנע קינדער און אייניקלעך. און וועגן מײַנע אוריינקלעך. וואָס וואַרט אַף זיי? עס הענגט דאָך איבער דער וועלט אַזאַ שרעקלעכע געפאַר. וואָס וועט זײַן, אויב עפּעס אַ מעשוגענער וועט אַ קוועטש טאָן אַף דער קנאָפּקע?

— האָסט דאָך אַליין געזאָגט! — האָט זי אים דערווידערט.

— וואָס האָב איך געזאָגט?

— איך קאָן איבערכאַזערן דײַנע ווערטער. „אין דער באַוועגונג פון דער געשיכטע זײַנען נאָך פאַראַן פיל סוידעס. נאָר איך מיין, אַז, פאַרויסזעענדיק, צי פילנדיק די מעגלעכע קאַטאַקליזמען, נעמט זי באַצײַטנס אָן מיטלען אַף זיכערן איר פאַרזעצונג, איר קיעם. אַזוי איז געווען מיט זיבעציק יאָר צוריק, ווען אין אונדזער לאַנד איז פאָרגעקומען די גרויסע אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. דער סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט געראַטעוועט די וועלט פון היטלערישער קנעכטשאַפט, פיל פעלקער פון פולער פאַרניכטונג".

— ריכטיק. מײַנע ווערטער.

— נאָר דו האָסט ניט אַלץ דערזאָגט ביזן סאָף. נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט די בורזשואזע פּרעסע פון דער גאַנצער וועלט געשריבן, אַז איך בין אַ צופעליקײַט, אַ מיספאַרשטייעניש אין דער מענטשלעכער געשיכטע. און מע האָט געטאָן אַלץ אַף אומברענגען די דאָזיקע מיספאַרשטייעניש. נאָר איך האָב דערוויזן, אַז איך בין די העכסטע געזעצמעסיקײַט, דער יעסאָד פון דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג, פון סאָציִאַלן פּראָגרעס. אַזוי איז געווען מיט זיבעציק יאָר צוריק אין אונדזער לאַנד, אַזוי קומט פאָר אַלעמאָל אין אַנדערע לענדער. געדענקסט דאָוויד האָפּשטיינס ליד אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן?

— דאָוויד האָפּשטיין... — האָט ער איבערגעכאַזערט און דערפילט, גלײַך אַ קישעף וואָלט אים איבערגעטראָגן אין די פאַרגאַנגענע צײַטן, ווו אַלץ זעט אויס ווי אַ צויבערדיק מײַסעלע — דאָס ווארעמע ווינטעלע, וואָס האָט צאַרט געלאַשטשעט זײַן פּאָנעם, דער שטילער בוג הינטערן שטעטל, וווּהין דאָס קינדוואַרג פלעגט יעדן פאַרנאַכט לויפן זיך אויסבאָדן, די רוישיקע וואַסערן אונטער די מיל־רעדער, אונטער וועלכער די קונדייסים האָבן אויסגעשמיסן זייערע ביינערדיקע רוקנס, די אומפאַרגעסלעכע אָוונטן אינעם לייענשטיבל, ווו מע האָט הייס דיסקוטירט און פרייִלעך אויסגעזונגען די סאַמע נײַסטע און סאַמע שענסטע לידער.

— דאָוויד האָפּשטיין, — האָט ער אַרויסגעשעפּטשעט און ווי אין כאָלעם גענומען לייענען אַף אויסווייניק:

פרעגסט מיך, שטילער ברודער:
ווער וועט צאָלן פאַר די טאָלן
ביינער,
פאַר די טײַכן בלוט?
הער זשע, ברודער:
אייביק, אייביק שטרײַטן וואָרצלען אונטער דר׳ערד.
אייביק, אייביק פאָכען מענטשן מיט דער שווערד.
אייביק, אייביק.
נאָר נאָך קיינמאָל אַזוי גלייביק
ניט געהויבן זיך קיין האַנט.
נאָר ניט קיינמאָל אַזוי זיכער
ניט געטראָגן זיך קיין וויכער
איבער מענטשן־ראַנד.

— אָט דאָס מיין איך טאַקע, — האָט זי זיך אָנגערופן אַ צופרידענע. — איך האָב אין זינען דעם אָפּפרישנדיקן וויכער, וואָס שוין זיבעציק יאָר האַלט ער אין איין צערודערן דעם מענטשן־ראַנד, רײַסט זיך אַרײַן אין די סאַמע פאַרוואָרפענע ווינקלען און רופט אַרויס אַלץ נײַע און נײַע רעוואָליוציאָנערע אופטרייסלונגען. נאָך וועלכע עס באַווײַזן זיך אַף דער וועלט נײַע און נײַע באַפרײַטע פעלקער.

אַ שטיקל צײַט האָבן זיי ביידע געשוויגן, ווי געוואָלט באַטראַכטן און באַגרײַפן דאָס געזאָגטע און ניט־דערזאָגטע. דערנאָך האָט זי אַרויסגעבראַכט מיט אַ פאַרטרוילעכער שטים:

— איך טראָג אין זיך די זיטלעכע הייכן פון דער פּאַריזשער קאָמונע, די העלדנטאַטן פון די, וואָס האָבן געבויט באַריקאַדן אין פינפטן יאָר, און די מעסירעסנעפעשדיקײַט פון די, וואָס האָבן געשטורעמט דעם ווינטער־פּאַלאַץ אין זיבעצנטן, דעם רײַכסטאַג אין פינף־און־פערציקסטן. איך טראָג אין זיך דעם טרוים פון פיל דורות וועגן אַ גערעכטיק, מענטשלעך לעבן. איך בין אייביק יונג, איך בין אומשטערבלעך, איך בין דאָס לעבן אַליין. ווײַל רעוואָליוציע הייסט — לעבן!



מ ו י ש ע  ל אַ צ ע ו ו

# טשערקאַסער נאָוועלעס

## טשערקאַס... מײַן היימשטאָט...

איך גיי איבער דײַנע גרינע גאַסן און הער ניט אויף זיך כּידעשן: וויאַזוי דו האָסט זיך עס צעוואַקסן, אַ הייב געטאָן זיך אין דער הייך, אַרומגעוואַקסן געוואָרן מיט צענדליקער נײַע מויערן, צעבליט זיך מיט וווּנדערבאַרע פּאַרקן און סקווערן, וואַסער־פֿאָנטאַנען און בלומען־אַלייעס.

גאָר אַ נײַע שטאָט!

און ווו איז די אַלטע? די, אין וועלכער איך בין אויסגעוואַקסן און וועלכע איז מיר געבליבן ליב און טײַער אויפֿן גאַנצן לעבן?

איך לאָז זיך אַראָפּ צום אַלטן מאַרק. אַזוי האָט געהייסן דער זאַמדיקער בײַ־דניעפּער־ראַיאָן, ווו ס'האָט אַמאָל געוווינט די ייִדישע אָרעמשאַפֿט. עפּשער דאָ?

נאָך דעם, ווי מע האָט אויסגעבויט די קרעמענטשוגער הידראָעלעקטראָסטאַנציע, איז דער דניעפּער דאָ פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין קינסטלעכן ים. ער האָט פֿאַרטרונקען די אַלטע אײַנגעהויקערטע הײַזלעך מיט די קרומע גאַנעקלעך און לעכערדיקע דעכער, קיין זייכער ניט איבערגעלאָזט פֿונעם אַלטן בעסמעדרעש און פֿון דעם אייניציקן צווייגאָרנדיקן גוווירישן הויז, וואָס האָט אויסגעזען ווי פֿאַרטראָגן אַהער פֿון גאָר אַן אַנדער וועלט.

מיטן סייכל פֿאַרשטיי איך, אַז דאָס האָט געמוזט פּאַסירן, און ס'איז גאָרניט אַזוי שלעכט, וואָס די נעכטיקע אײַנוווינער פֿונעם אַלטן מאַרק און זייערע יאָרשים האָבן זיך איבערגעקליבן אין הײַנטצײַטיקע באַקוועמע וווינונגען. אָבער וואָס טוט מען מיטן האַרצן, וואָס בענקט נאָך די פֿריילעכע קאַפּצאָנים, נאָך יענע אַמכאָ־לײַט, צווישן וועלכע כ'בין אויסגעוואַקסן?

גיי איך אַרום איבער די פֿאַרשוווּנדענע גאַסן, און ס'דוכט זיך מיר: אָט זײַנען זיי! יאַנקל דער שמיד זאָגט צו מיר אויף אונדזער געשמאַקן אוקראַיִנישן ייִדיש:

— מיישע, נעם שראַב אײַנדז איף אַף פּאַפּיר, זאָלן מענטשן וויסן, ווער מיר זאָנען געווען... ייִדעלע באַלעגאָלע גיט צו:

— אייב נישט די, איז ווער זשע?

— אָבער, — מישט זיך אַרײַן מעכעלע דער מיליציאָנער, — אָן קרעכצן. זאָל מען אײַנדז פֿאַר־געדענקען אַזעלכע, ווי מיר זאָנען געווען אינדערעמעסן — פֿריילעכע און האָפֿערדיקע, אַפֿילע אין די שווערסטע צײַטן...

זיי האָבן זיך צערעדט, מײַנע אומפֿאַרגעסלעכע לאַנדסלײַט, און איך בין געשטאַנען באַם ברעג פֿונעם דניעפּער און באַטראַכט דעם אָרום, ווו ס'האָט אַמאָל געקאָכט און געשפּרודלט, געלאַכט און געוויינט, געליבט און געהאַסט, — דאָס, וואָס אַמאָל האָט זיך גערופֿן מיטן פּראָסטן און שיינעם ייִדישן נאָמען — דער אַלטער מאַרק.

— פֿון וואָס זשע אָנהייבן? און פֿון וועמען? עפּשער פֿון מייער־עליען מיט די געגנדז? נו, וועגן מייער־עליען וועל איך דערציילן אַ ביסל שפּעטער. איך וועל צוערשט דערציילן וועגן מײַן באָבען, וועגן דעם נעס, וואָס איז געשען אין דער אַלטער קלויז.

# דער נעס אין דער אלטער קלויז

אין טשערקאס זײַנען אַמאָל געווען שקלאָווסקיס שול, די געלע שול, די שנײַדערשע שול און נאָך און נאָך. אײניקע נאָר פאר גווירים, אנדערע — פּראָסטע, נאָר פאר דער אַרעמשאַפט.

צווישן די שולן אפן אלטן מארק האָט זיך אויסגעטײלט די אלטע קלויז. און נאָר דערפאַר, וואָס זי איז טאַקע געווען די עלטסטע, נאָר אמערסטנס ווײַל אין איר האָבן זיך פארהיט זעלטענע אלטע ספאָרים.

וועגן דער אלטער קלויז זײַנען פון לאַנג ארומגעגאַן לעגענדעס. מע האָט דערציילט, אַז אין איר פירן זיך שײדים. באַנאַכט קריכן זײ ארויס פון זײערע באַהעלטענישן, צעלויפן זיך איבער דער שטאָט, גאַנוועט זיך אַרײַן דורך די קוימענס אין די הײַזקעס, און ווער ס'טרעפט זיך זײ אונטער דער האַנט, נעמען זײ אים וואַרגן אַזוי לאַנג, ביז ער לעכצט אויס די נשמה. זײ כאַפּן זיך אויך אַרײַן אין די שטאַלן און מאַכן טיל-טעל פון די אויפעס, שעפעלעך, פערד און בהמעס.

געווען אַזעלכע, וואָס האָבן דאָס אַלץ אָפּגעלייקנט: דאָס איז שקער וועקעזעוו, ניט געשטויגן, ניט געפלויגן. די הינער בײַ ראָכל דער קורעלאַפּניטשקע האָט צוזעצט געמאַכט א פוקס. און דאָס, וואָס זעליק דער טרעגער איז דערוואַרגן געוואָרן, איז עס דערפאַר, וואָס ער האָט זיך פאַרקילט, און בײַ אים האָט זיך געזעצט א גוליע אין האַלדז. פּראָסט, — האָבן זײ געטײַנעט, — די אלטע קלויז האָט א געטלעכן קויעך. א סימן האָט איר, ווען דעם גווירס זונדל בענטשיק איז שוין געווען מער אַף יענער-וועלט און די טפילעס אין שקלאָווסקיס שול האָבן ניט געהאָלפן, — וווהין איז זײַן טאַטע געלאָפן רײַסן קריַע? אין דער אלטער קלויז! און בענטשיק איז געזונט געוואָרן.

לעגענדעס, לעגענדעס!

און דאָך, וועגן אײנעם א נעס, וועלכער האָט געטראָפן אין דער אלטער קלויז, מוז איך דערציילן.

געשען איז דאָס בײַס די פּאָגראָמען. אײנע פון די פילצאַליקע באַנדעס האָט געהאַלטן בײַ פאַרכאַפּן די שטאָט. ייִדן האָבן גענומען זיך באַהאַלטן. אײנע זײַנען געלאָפן פון דעם אלטן מארק, די אַנדערע, פאַרקערט, צום אלטן מארק. מע איז געקראָכן אַף די בוידעמער, פאַרטײַעט זיך אין פאַרוואָרפענע קעלערס, געפונען א מאָקעם-מיקלעט בײַ באַקאַנטע קריסטן.

מיר האָבן זיך באַהאַלטן אינעם קעלער-שטיבל פון דער אלטער קלויז. צוזאַמען מיט אונדז האָבן זיך אַהין פאַרקליבן נאָך א צענדליק מישפּאָכעס.

זיצן מיר אַלע, ציטערן פאר שרעק, קינדער וויינען, ווײַבער כליפּען, און מענער בײזערן זיך, ווער ווייסט אַף וועמען. און מע רעדט זיך איבער — ווער שעפּטשענדיק און ווער גאָר הויך.

— אוי, גרישקע גאַזלען, גרישקע רעצייער, גרישקע אטאַמאַן. וויפל ייִדן האָט ער שוין אויסגעקוילעט!..

— גאָטעניו, ווו ביסטו ערגעץ, גאָטעניו, האָסטו גאָרנישט ניט געזען, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן מיט די מאַטוסעוויטשעס? אויסגעקוילעט אַזאַ גרויסע מישפּאָכע...

און ווידער דאָס זעלבע.

— גרישקע גאַזלען, גרישקע רעצייער, גרישקע דער אטאַמאַן...

און דאָ איז ארויס מײַן באָבע אידעס.

— גרישקע גאַזלען, זאָגט איר? זאָל ער נאָר זיך דערוועגן, איך וועל אים שוין אַרײַנזאָגן!

האָבן אַלע א קוק געטאָן אַף מײַן באָבען. ווער מיט האָפענונג און ווער מיט שפּאָט.

— אָט די אלטע ייִדענע? זי וועט עס זיך אײַנשטעלן...

פּלוצלינג האָט זיך דערהערט א טופּען, מע האָט א ריס געטאָן די טיר, און גרישקע אטאַמאַן האָט זיך א שטעל געטאָן אַף דעם הינטערשטן טרעפּל מיט א פאַרהויבענער שווערד. אַלײן די גרייס זײַנע — א ריז, וואָס האָט פאַרשטעלט מיט זיך די גאַנצע טיר אין דער לענג און אין דער ברייט, און דאָס פלאַקערנדיקע פּאָנעם זײַנס, און די בייזע, גאַזלאָנישע אויגן, — דאָס אַלײן איז געווען גענוג, אַז עטלעכע ווײַבער זאָלן א הויכקע טאָן, זיך צעקוויטשען און פאַלן כאַלאָשעס.

און דאָ האָט מײַן באָבע אידעס זיך געגעבן א שטעל ארויס און געבליבן שטײן אָפּגעטײלט פון אַלע איבעריקע. אײנע אַלײן קעגן גרישקען. זי האָט פאַרהויבן איר קלײן קולעקל און אויסגעשריגן מיט א באַפעלערישן טאָן אַף ייִדיש:

— גרישקע, וווהין קריכסטו, איך וועל דיך מיימעסן!

און ס'איז געשען אַזוינס, וואָס קײנער האָט ניט געקאָנט פאַרשטײן, וועגן דעם האָבן געוווסט בלויז זײ בײדע, גרישקע דער אטאַמאַן און די באָבע אידעס.

געווען א צײַט, מיט א צוואַנציק, צי עפּשער מערער יאָר צוריק, ווען די באָבע אידעס איז געווען נאָך ניט קיין אַלטע, נאָר א געזונטע פרוי מיט צוויי פעסטע הענט, וואָס האָבן געקענט פאַר א טאָג איבערטאָן ווער ווייסט וויפל אַרבעטן, און מיט א שטים, גאָר ניט ווי בא קיין ייִדענע, א מעכטיקע און א שטרענגע, וואָס האָט געצוווּנגען אַלע אירע נאָענטע טייקעף אויספילן אַלע אירע באַפעלן.

בישכײנעס מיט דער באָבען האָט געווױנט גרישקעס מישפּאָכע. גרישקע אַליין, נאָך גאָר א שנעקל, האָט ליב געהאַט אַריבערקריכן איבערן פּלויט און אָנטאָן דער באָבען שאָדן. נאָך קינדווײַז איז אין אים געווען עפּעס גאַזלאָניש. נאָר פאַר דער באָבען האָט ער שטאַרק מוירע געהאַט. ווי נאָר זי האָט אים דערזען, האָט זי דראָענדיק א פאָכע געטאָן מיט איר קולעק און אויסגעשריגן מיט איר מעכטיקער שטים:

— גרישקע, ווּהין קריכסטו? איך וועל דיך מײמעסן!

און גרישקע, כאָטש ער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס עס באַטײַטן אָט די ייִדישע ווערטער, האָט דערפילט אין זיי פיל דראָענדיקס און גלײַך געשטעלט פּיס.

שטייען זיי איצט איינער קעגן אַנדערן, גרישקע דער גאַזלען, גרישקע דער רעצייעך, גרישקע דער אַטאַמאַן, ער שטייט אויפן הינטערשטן טרעפּל, פאַרשטעלט מיט זיך די גאַנצע טיר פון דער אַלטער קלויז און האַלט די פאַרהויבענע שווערד אַזוי, אַז זי קאָן באַלד א פאַל טאָן אויף עמעצנס קאָפּ. און קעגן אים — די קליינע אויסגעדאַרטע באָבעשי מיט אן אײַנגעשרומפּט פּענעמל און מיט א קולעקל, די גרויס ווי א ציבעלע. די באָבע האָט א פאָכע געטאָן מיטן קולעקל און אויסגעשריגן אויף ייִדיש:

— גרישקע, ווּהין קריכסטו, איך וועל דיך מײמעסן! — און צוגעגעבן שוין אין אוקראַיִניש: — העט זווידסיל!

זי שטייט און ציטערט אַליין אויך פאַר שרעק, די שווערד קאָן דאָך אַראָפּפאַלן אויף איר קאָפּ, און פאַרבאַהאַלטן זיך איז שוין שפּעט, און וואָס ווײַטער זאָגן, ווייסט זי ניט. און דער אוילעם... מע ציטערט שוין אַלע — ניט יעדערער פאַר זיך, נאָר מערער פאַר דער אַלטער באָבע, וואָס איז אַוועק אויף קידעש האַשעם.

די שווערד איז אויף קיינעם ניט אַראָפּגעפאַלן. געשטאַנען א ווײַלע, ווי געפּלעפט פון דער באָבעס אויסגעשריי, האָט גרישקע אַרײַנגעשטעלט די שווערד אין שיידל און זיך אויסגעדרייט צו דער טיר אויף אַוועקצוגיין, דערנאָך האָט ער זיך אויסגעדרייט צוריק, אויסגעשפּיגן און א זאָג געטאָן:

— עך, זשידי! — און איז אַוועק.

א לאַנגע צײַט האָט מען אויפן אַלטן מאַרק ניט אויפגעהערט צו דערציילן און איבערדערציילן וועגן דעם, וואָס עס איז געשען אין דער אַלטער קלויז. מע האָט אַפילע א ביסל צוגעטראַכט און צוגעפּוצט די געשיכטע. אַז געווען איז דאָס גאָרניט די באָבע אידעס, נאָר א מאַלעך, צי א מאַלעכטע אין איר געשטאַלט, און אַז געוויס איז דאָס געווען א נעס פון גאָט.

נאָר איצט, ווען איך דערמאָן זיך אין דעם, דוכט זיך מיר, אַז קיין שום נעס איז ניט געווען. ס'איז באביידן א ריין רעפלעקטאָרישע זאַך. בא דער באָבען איז פּלוצלינג אויפגעקומען דער אַלטער גלויבן אין דער באַפעלערישער קראַפט פון איר שטים, און בא גרישקען האָט אן אַרבעט געטאָן דאָס געפיל פון שרעק, וואָס ער האָט געהאַט אין זײַן ווײַטער קינדהײַט. און עפּשער נאָך עפּעס...

איך ווייס ניט, צי די באָבע האָט געגלייבט אינעם קישעפדיקן קויעך פון אירע ווערטער. עפּשער יאָ און עפּשער ניט. אַזוי צי אַזוי, נאָר זי האָט אײַנגעשטעלט דאָס לעבן, און איר אויפטו קאָן מען פאַרגלײַכן מיט דעם, ווי א סאָלדאַט וואַרפט זיך אויף דער אַמבראַזורע פונעם סוינע, קעדיי ראַטעווען די גאַנצע ראָטע. זי, מײַן אַלטע באָבע, האָט דערמיט אָפּגעראַטעוועט טעלעכע מישפּאָכעס פון א זיכערן טויט. זאָל זיך דאָס איר פאַרעכענען אויף יענער-וועלט.

## מיט א פּיאַטאַקל אין קעשענע

אין דער טיפער קעשענע פון מײַנע קורצע הייזעלעך איז שוין איבערגעווען וואָס איר ווילט: קעסטעלעך פון שוואַקס, פאַרזשאַווערטע שליסל, צעצוויטעטע סעכערלעך, דריבנע שטיקעלעך סאַכאַרין. איצט קלינגט דאָרט א פּיאַטאַקל, אן עמעסע קופּערנע מאַטבייע, פון די, וואָס האָבן זיך באַוויזן אויף דער וועלט נאָך די פאַפירענע מיליאָנען, פאַר וועלכע מע האָט גאָרנישט ניט געקאָנט קויפן: א שפּילעכל אָדער א פּעקעלע שוועבעלעך — א מיליאָן...

דאָס פיאַטאַקל האָט זיך באַוויזן איינעם מיטן טשערוואָנעץ — א מאַיאָנטעק פאַר גווירים. איינעם מיטן סאַמע אומפאַרשטענדלעכן וואָרט — נעפ.

איך געדענק שוין ניט, ווער עס האָט מיר געשענקט דאָס פיאַטאַקל. דער טאַטע, פון זײַן ערשטן אַרבעטלויז, וואָס ער האָט באַקומען אין דעם „קאָמבאָרבעז"[1] נאָך לאַנגע אַרבעטלאָזע כאָדאָשים, צי די באָבע אידעס, וועלכע האָט אויך אין יענע יאָרן, אַזוי־ווי ביז דער רעוואָליוציע, שווער געהאָרעוועט בא פרעמדע מענטשן...

איך לויף איבער דער גאַס, דאָס פיאַטאַקל קלינגט בא מיר אין קעשענע רייצנדיק און קישעפנדיק, און איך פיל ניט די ערד אונטער זיך. ניט איך לויף, נאָר איך פלי. איך פלי צו די שויפענצטער פון די קאָנדיטערסקעס און קאָלבאַסנעס, און מיר דוכט, אַז נאָך איידער עפּעס־וואָס, וועל איך כאַלעשן פון טײַנעג.

נאָך דעם פלעקטיפוס, וואָס האָט מיך שיר ניט אַוועקגעטראָגן אַף יענער־וועלט, נאָך דעם שיסעלע זופ, וואָס מיר, הונגעריקע קינדער פון דעם אַלטן מאַרק, האָבן באַקומען אין דער קאָמיטעטישער קיך בא יויעל דעם שטריקלדרייער אין פוסטן הויף, האָט דאָס פיאַטאַקל מיר געמאָלט זיך ווי א שפאַרונקעלע אין דעם עמעסן גאַניידן.

מײַן קינדערשער יעיצערהאָרע האָט זיך צעשפּילט אין מיר, געוואָרן אַפילע שייגעצעוואַטע, און איך בין גרייט געווען אַף דער גרעסטער אַווירע, אַבי פאַרזוכן יענעם טיפן טײַנעג, וואָס ליגט פאַרבאַהאַלטן אין דעם פיאַטאַקל.

— יאָ, איך וועל אַרײַנקומען צום קאָלבאַסניק און זיך קויפן אַן אַכטל פונט קאָלבעס!..

אַן אַכטל פונט טרייפן קאָלבעס! נו, איז וואָס, אַז טריף, אָבער אַזוי געשמאַק, אַזוי מעכײַעדיק! כאָטש איין מאָל אין לעבן...

די קאָלבאַסנע, אין סאַמע צענטער שטאָט, אַף אונדזער טשערקאַסער קרעשטשאַטיק, האָט געהאַלטן א פעמפּיקוואַטער דײַטש מיט א פאָנעם, ווי אַן אָנגעבלאָזענער מיאַטש, מיט — קליינע רויטלעכע אייגעלעך און מיט א לאַנגער פיפקע, וואָס איז ווי צוגעוואַקסן צו זײַנע גראָבע, שטענדיק זויגנדיקע ליפן. געווען זײַנען אין אָט דער קאָלבאַסנע פאַרשיידענע ווורשטן און ווורשטלעך, גלאַנציקע סאַלטיסאָנען און אָנגעקנאָבלטע כאַלאָדיעצן. און סאַמע אינדערמיט האַרט לעם דעם גרויסן פענצטער, אין א גרויסע ליימענער שיסל האָט זיך אַרויסגעזען א געבראָטן כאַזערל.

איך קאָן ניט גיווער זײַן דעם יעיצערהאָרע און שטעל די פיס אַף די ערשטע טרעפלעך. דאַרף זיך טרעפן...

אַנטקעגן מיר וואַלגערט זיך אַרויס אַן אָנגעפרעסענער שיקער, האַלט זיך קוים אַף די פיס, די אויגן — גרייט אַרויסצושפּרינגען. ער אָטעמט שיקערדיק־הויך, און פון זײַן מויל טראָגן זיך פריקרע רייכעס פון קנאָבל און בראַנפן, פון עפּעס כאַזערדיקס צי אָקסישעס, ס'איז מיר געוואָרן ניט גוט אַף צו ברעכן. קיין שיקורים זײַנען אין אונדזער מישפּאָכע ניט געווען. מײַן טאַטע האָט פײַנט געהאַט שיקורים טאַכלעס סינע, און איך האָב פּאָשעט מוירע געהאַט פאַר זיי.

— פע, — האָב איך א טראַכט געטאָן, אַראָפשלינגענדיק די סלינע, — איך וויל ניט קיין קאָלבעס, סײַ טרייפן, סײַ קאָשערן. בעסער וועל איך קויפן מאַראָזשענע.

פאַראַן מאַראָזשענע, וואָס מע פאַרקויפט אַף דער גאַס. נאָר ס'איז ניט דאָס. אַן אַנדער זאַך איז אַרײַנקומען אין לאָקאַל, וווּ מע דערלאַנגט די מאַראָזשענע אין שעלעכלעך, גלײַך צו די טישלעך, און מע עסט זי מיט לעפעלעך.

בין איך שוין דאָרטן. אַלץ דאָ שימערירט. די קעלנערשעס, יונגע מיידלעך אין ווײַס געהעפטעטע פאַרטעכלעך, מיט הייבלען אַף די קעפ, טראָגן פאַנאַנדער אַף טעצעלעך די שעלעכלעך מיט פילפאַרביקע קײַלעכלעך אײַזקרעם.

נאָר פאַר א פיאַטאַקל, לאָזט זיך אויס, קאָן מען דאָ בלויז אויסטרינקען א גלאָז סעלצערוואַסער. וועל איך זיך באַגיין אָן מאַראָזשענע. כ'וועל בעסער קויפן אין דער שכיינעסדיקער קאָנדיטערײַ אַן אַכטל פונט כאַלווע — זי צעגייט זיך מאַמעש אין מויל. פאַרשטייט זיך, מיט א פראַנצויזיש בולקעלע וואָלט די כאַלווע געווען נאָך געשמאַקער, אָבער אַזאַ בולקעלע קאָסט אַליין א פיאַטאַקל. איז טאַקע בעסער כאַלווע.

אין דער קאָנדיטערײַ וואַרפן זיך אין די אויגן קאָלערלייַ געבעקסן, פירעזשקעס, טאָרטן, שטרודלען. און אָט איז מײַן אויסגעטרוימטע כאַלווע. באַנאַנד מיט איר — פרישע, שמעקנדיקע, פראַנצויזישע בולקעלעך. איך בלײַב אָבער שטיין לעבן דער טיר. עפּעס פיל איך זיך דאָ ווי א פרעמדער צווישן די פאַרפּוצטע מענער און פרויען, וואָס זיצן בא די רײַך געדעקטע טישלעך, קײַען אַףביידע באַקן, און די פענעמער זייערע גלאַנצן פון טײַנעג.

---

[1] Комитет по борьбе с безработицей — קאָמיטעט צו קעמפן מיט דער אַרבעטלאָזיקייט.

ס'זײַנען מיר דערווידער אָט די אופגעקומענע גווירים, פּרעכע יונגען און אויסגעלאַסענע מוידן. און ס'איז דאָ דושנע. אוי, דושנע. ניטאָ מיט וואָס צו עטעמען.

לויף איך אָפּגיך אַרויס אין גאַס, שפּאַן איבערן שײנעם קרעשטשאַטיק, און דאָס פּיאַטאַקל קלינגט אַלץ אין מײַן קעשענע. עפּשער אַרײַנגיין אין דער פּרוכטן־קראָם? זי געפינט זיך אין אַ קעלער, וועלכער איז ביז דער סטעליע אויסגעלייגט מיט ווײַסע קאַפעלנע פּליטקעלעך. און פאַראַן איז דאָרטן, וואָס דאָס האַרץ גלוסט: לימענעס און מאַראַנצן, פײַגן און מאַנדלען, ראָזשינקעס און פּערשקעס, עפּל און באַרן.

איז עפּשער טאַקע קויפן אַ מאַראַנץ? נאָר ווער וועט פאַר אַ פּיאַטאַקל געבן אַ מאַראַנץ?

אַזוי בין איך צוגעקומען צו דער ביכער־קראָם. דאָ איז קיין רייַ ניט געווען. די גראָבע פּעמפּיקעס קומען אַהער בכלל ניט.

איך בין געוואָרן באַ זיך פעסטער און געגומען אין דער האַנט אַ ביכעלע. אַ געל, אויסגעדאַרט ביכעלע. פּונקט ווי נאַרוואַס אַרויס פון די הונגעריקע יאָרן. אָפּגעדרוקט אויף פאַרגעלטן פּאַפּיר. אויף דעם שאַרבלעטל איז אָנגעשריבן אויף רוסיש: «Библиотека политкаторжана». („ביבליאָטעק פון די פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס"). אין דעם דערציילט זיך געוויס וועגן פאַרשיקטע רעוואָלוציאָנערן. ס'האָט מיר מיטאַמאָל אַ שמעק געטאָן מיט סיבירער קאַטאָרגע, מיט טויזנטווערסטיקע עטאַפּן, מיט אונטער־ערדישע דרוקערײַען, מיט קעמפערישע פלוגבלעטלעך און מיט די פײַפן פון די פּאָליצײישע פײַפלעך. ס'האָט אַ שמעק געטאָן מיט רעוואָלוציע, מיט יענעם שטורמישן ערעוו, בײַס וועלכן איך בין געקומען אויף דער וועלט. און דאָס אַלץ איז פאַרבליבן אין מיר אויף שטענדיק.

דאָס ערשטע ביכעלע... פאַרן ערשטן פּיאַטאַקל.

מײַנער אַ שאַכן, וועמען איך האָב דערציילט די דאָזיקע געשיכטע, האָט מיר פאַרגעבן אַ פראַגע:

— ווי קאָן עס קלינגען אין קעשענע אַן איין־און־אײנציק פּיאַטאַקל?

נאָר פאַר מיר האָט עס געקלונגען. עס קלינגט נאָך ביז הײַנט.

# גדליה נעפּמאַן

וואָס נעפּ, ווער נעפּ, צוליב וואָס האָט מען אים אײַנגעפירט און וואָס מיינט מען דערמיט, האָב איך, אַ קליין יאַטל, ניט געוווּסט. פון די רײַכע קלייטן און גווירישע הײַזער בין איך געווען זייער ווײַט. צו מיר איז דערגאַנגען בלויז, ווי־אַזוי דער נעפּ האָט אָפּגעטאָן אַ שפּיצל מיט אונדזער שאָכן גדליה.

געווען איז גדליה אַ שנײַדער, ניט פון די גאָר געהויבענע, און קיין נאָגיד אַוודאי ניט. זײַן ווײַב לייע, אַ ייִדענע מיט אַ שאַרפער צונג, האָט אים ניט אופגעהערט צו הריזען:

— מענטשן שאַרן גאָלד מיט לאָפּעטעס, מע עסט דאָס שענסטע און דאָס בעסטע, מע גייט אָנגעטאָן בגדי־מלכעס, און נאָר מיר... אָט נעם פײַערשטיינען...

— אַהאַ, — האָט גדליה זיך פאַרקרימט. — ווידער פײַערשטיין?!

— יאָ, יאָ, זאָלסטו טאַקע וויסן, ווידער פײַערשטיין! דוכט זיך וואָס? אַ גאָרנישט, אַ פּעטעלעלע — פאַרקויפט ער עפּל און האָט פּרנסה איבערן קאָפּ. און דו זיצסט אַ גאַנצן טאָג, לאַטעסט אַלטע פלודערן, און דערצו נאָך האָסטו אין זינען דער רוען ווייסט וואָס...

געמיינט האָט זי די גאַזעטן, וואָס גדליה האָט אויסגעשריבן, און די ביכלעך, וואָס ער פלעגט קריגן, ווער ווייסט באַ וועמען, און לייענען, לייענען גאַנצע נעכט.

איינמאָל, ווען לייע האָט אים גאָר שטאַרק דאָקוטשעט מיט איר פײַערשטיינען, האָט ער אַ שפּײַ געטאָן אויף דער שנײַדערײַ און איז געוואָרן אַן עסיקמאַכער. פאַרוואָס גראָד עסיק? פּונקט צו יענער צײַט איז אַוועקאָם דער עסיקמאַכער ניפטער געוואָרן, און זײַן אַלמנה ביילע האָט באַשטימט פאַרקויפן דאָס קלייטל. גדליה האָט פאַר האַלב אומזיסט אָפּגעקויפט די גאַנצע מאַשינעריע מיט די פּראָשקעס און מיט די ביכער, אין וועלכע ס'איז באַשריבן, ווי־אַזוי מע מאַכט עסיק.

אַלץ וואָלט מעגלעך געווען נישקאָשע, גדליה וואָלט זיך ווי־ניט־איז אַרופגעאַרבעט, אָבער באַלאַנים אויף עסיק זײַנען געווען ווייניק. האָט ער זיך באַטראַכט: אויב מע קאָן מאַכן עסיק, פאַרוואָס ניט קיין קוואַס? אָבער טאַקע איבער אָט דעם קוואַס איז ער געוואָרן אויך אויס עסיקמאַכער.

איינמאָל איז אין קלייטל אַרײַנגעקומען אַ קונע נאָך אַ פלעשל קוואַס. ס'איז געווען זומער, אין דרויסן איז געשטאַנען אַ מעסוקענע היץ. גדליהס פלויגעסטע, לייע, איז צו אַלע אירע מײַלעס געווען אַ צעטראָגענע ייִדענע, האָט זי אָנשטאָט קוואַס דערלאַנגט דעם קונע עסיק. יענער האָט זיך צוגעכאַפּט צום פלעשל און דערפילט, אַז ס'איז עפּעס ניט דאָס...

לייע איז שיר ניט געפאַלן כאַלאַשעס. ס'האָט זיך איר געדוכט, אַז אַט באַלד וועט דער פאַר־סאַמטער אויסגיין אַפן אָרט, און זי וועט מען שמידן אין קייטן.

דער קוינע האָט זי געגומען טרייסטן:

— ערגערט זיך ניט, גיט מיר עפּעס צו פאַרטרינקען דעם עסיק.

אויסגעטרונקען א פלעשל קוואַס, האָט ער אָפּגעדאַנקט און איז אוועק.

בא לייען האָבן נאָך לאַנג געציטערט הענט און פיס. זי האָט ניט געקאַנט פאַרשטיין, ווי־אַזוי א מענטש טרינקט אויס א פלאַש עסיק און בלייבט לעבן. איז איינס פון די צוויי: אָדער גדאַליע האָט זיך ניט אויסגעלערנט מאַכן עמעסן עסיק, אָדער באַם קוינע איז א קופּערנער מאָגן.

זיך אַליין האָט זי אַרויסגעטראָגן א פסאַק: אַפילע דעם דריטן טאָג א שטיקל ברויט, נאָר גדאַליע וועט מער קיין נעפּמאַן ניט זיין...

ווידער — ווי בא שאָלעם־אַלייכעמען — „שער און אייזן, אמכאָ". ווידער צווישן דעם אייגענעם אוילעם — אין קוסטאַרן־קלוב, אין דראַמקרייז, אין דער לייַ־ און שפּאַרקאַסע, אַף די ראַשיקע פּאַרזאַמלונגען, נאָך וועלכע גדאַליע האָט זיך אַזוי פאַרבענקט. און אַלעמאָל, ווען ער האָט זיך דערמאָנט אינעם שלימאַזלדיקן עסיק, האָט ער גערעדט צו זיך אַליין:

— עפּעס נאַר, ווי א טשאַד. א מין קישעף, עפּעס א דער רוער ווייסט וואָס. נא דיר גאָר עסיק. ווער האָט אים אויסגעטראַכט?

און כאָטש ער איז ווידער געוואָרן א שנייַדער, האָט ער באַקומען א צונאָמען גדאַליע־נעפּמאַן, א צונאָמען, וואָס האָט זיך צו אים צוגעקלעפּט אַפן גאַנצן לעבן...

# א מענטש זאָל מען זייַן

ביז איצט דוכט זיך מיר, אַז קיין בעסערער און שענערער קלוב, ווי אונדזער קוסטאַרן־קלוב, איז אין ערגעץ ניט געווען.

ווערן א מיטגליד פונעם קלוב איז געווען ניט פון די גרינגע זאַכן. מע האָט עס באַדאַרפט פאַרדינען מיט ערלעכער אַרבעט, אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייַט און מיט א פּראָלעטאַרי־שער סאָציאַלער אָפּשטאַמונג. קיין נעפּמאַנעס און אַנדערע „באַלעבעסלעך" האָט מען ניט אַרייַנ־געלאָזט.

צוערשט האָט דער קלוב זיך געפונען אין איינער פון באָגאַנאָווסקיס מאַנופאַקטור־קלייטן, אַפן צווייטן שטאָק. נאָר ס'איז געווען צו ענג, און ביכלאַל...

האָט מען געהאַלטן אין אַסיפע, און די קוסטאַרן האָבן באַשטימט, אַז דעם רעבנס שול איז ווי אָנגעמאָסטן פאַר א קלוב. ערשטנס, דערפאַר, וואָס דאָס איז שוין א פאַרלאָזטע שול, דער רעבע איז געשטאָרבן, און זייַנע כסידים זייַנען געוואָרן אויס כסידים, די שול פוסטעוועט. צווייטנס, האָט זי זיך, די סינאַגאָגע, געפונען אין סאַמע צענטער שטאָט, אַף דער שעווטשענקאָ־גאַס, אין א גרויסן גרינעם הויף. דריטנס, אַליין די געבייַדע: א גרויסע און א געראַמע, מיט שיינע ווענע־ציאַנער פענצטער און געשניצטע טירן. מיט איין וואָרט — דאָס, וואָס מע דאַרף.

אוודע האָבן זיך געפונען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געטייַנעט, אַז ס'איז א גרויסע אַווירע פאַרוואַנדלען דעם רעבנס שול אין א קלוב. די מערהייַט קוסטאַרן האָט אָבער די טייַנעס אָפּגעוואָרפן.

עמעס, די שול האָט געפאָדערט א שטאַרקן רעמאָנט. נאָר דאָס האָט שוין קיינעם ניט אָפּגע־האַלטן. מולירס האָבן אופגעשטעלט שיידוועגטלעך און איבערצוימונגען. טעסלערס און סטאָליערס האָבן אויסגעבויט א בינע, פאַריכט די פענצטער און טירן, געלייגט נייַע דילן. מאַליערס און שטוקאַטורן האָבן זיך פאַרנומען מיט די ווענט און מיט דער סטעליע. שנייַדערס האָבן אופגע־נייט פאַרהאַנגען פאַר דער בינע און נייטערנס — פאַרהענגלעך פאַר די פענצטער. ס'האָט זיך געפונען אַרבעט אויך פאַר קאָוואַליעס, שלאָסערס, עלעקטריקער און אַנדערע באַלמעלאָכעס.

יויעל דער שטריקלדרייער האָט צוזאַמען מיט עטלעכע כעווורע אויסגעדרייט שטייַפע שטריק פאַר דער בינע, דער שפּיגל־אַרטעל האָט געשענקט דעם קלוב א פּייַן ביסל שפּיגלען און ליוסטרעס, און די זייגערמאַכערס האָבן אונטערגעטראָגן א מאָטאָנע — עטלעכע וואַנטזייגערס, צווישן וועלכע ס'איז געווען איינער אַן אוניקאַלער: ער האָט געהאַט צוויי ציפערבלאַטן, אַף איינעם האָבן די ווייַזערס זיך געדרייט געווינלעך — פון לינקס אַף רעכטס, און אַפן צווייטן, מיט ייִדישע אויסיִעס אָנשטאָט ציפערן — פון רעכטס אַף לינקס, „א ייִדישער זייגער".

אַף דער עפענונג פונעם קלוב זייַנען געקומען כאָשעווע געסט פון שטאָטקאָם און פונעם שטאָטראַט, אַרבעטער־דעלעגאַציעס פון פאַרשיידענע אונטערנעמונגען. די ערטער אין צושויער־זאַל

## פון דער ניט־ווײַטער פאַרגאַנגענהייט



אַמאָליקע פּראָפעסיעס. וואַסערטרעגער

אַן אַמאָליקער מאַרק





שטעטלשע קליינהענדלער

מיכאיל איוואנאָוויטש קאַלינין, דער פאָרזיצער פון אַלרוסלענדישן צענטראַלן אויספיר-קאָמיטעט, צווישן יידישע ערדאַרבעטער



האָבן פֿאַרנומען די, וואָס האָבן מיט די אייגענע הענט אויפֿגעשטעלט אָט דעם פּרעכטיקן קולטור־בנין.

זיצן זיי איצט, אויסגעצוואָגענע און אָפּגעראַזירטע, אין זייערע שאַבעסדיקע בגדים, מיט געוועקסלטע שיך, און בײַ דער זײַט זיצן זייערע פּלוינעסטעס, אַ ביסל פֿאַרוויטלטע, ניט אַזוי פֿון דער היץ, וואָס שטייט אין זאַל, נאָר פֿון פֿאַרשעמטקייט. אַ ווערטעלע — אַזאַ קאָוועד, אַזאַ שׂימחה.

אין אָט דעם קלוב האָט געשפּילט אונדזער באַרימטער דראַמקרײַז, עס זײַנען דאָרט פֿאָרגעקומען הייסע פֿאַרזאַמלונגען פֿונעם קוסטאַרן־פֿאַריין, לעקטאָרס האָבן געלייענט לעקציעס וועגן דער ליפּנדיקער פּאָליטיק — וועגן דעם קעלאָג־פּאַקט, וועגן דעם שטרײַק פֿון די ענגלישע שאַכטיאָרן און וועגן דעם, צי ס'איז דאָ אַ לעבן אויף מאַרס.

אין איינעם אַ שאַבעסדיקן אָוונט האָט דער טאַטע מיך מיטגענומען אין קלוב אויף אַן אַנטירעליגיעזן דיספּוט. איך בין דאַן אַלט געווען אײַנגאַנצן אַ יאָר זעקס־זיבן, ערשט אָנגעהויבן גיין אין כּיידער, און האָב נאָך זייער ווייניק פֿאַרשטאַנען אין אַזעלכע זאַכן. אַלץ איז געווען נײַ און אומגעוויינלעך.

מײַן טאַטע איז, ווי אַלע באַלמעלאָכעס, געווען ווײַט ניט קיין פֿרומער, נאָר גלײַך ווי אַלע, האָט ער אָפּגעהיט דאָס ביסל ייִדישקײַט: יאָמקיפּער געפֿאַסט, אויף פּייסעך געבאַקן מאַצעס און שאַבעס געגאַנגען אין דער שנײַדערשער שול, וווּ אַמכאַ־לײַט האָבן ניט אַזוי געדאַוונט, ווי איבערגעוואָרפֿן זיך מיט אַ וואָרט, געטיילט זיך מיט פֿאַרשיידענע נײַס, גערעדט וועגן פּאָליטיק.

אויפֿן אַנטירעליגיעזן דיספּוט איז דער קלוב געווען פֿולגעפּאַקט, יונגע כעווראַ און היטלען, אַלטע ייִדן מיט בערד און פּייעס, קריסטן מיט ציילעמלעך אויפֿן האַלדז.

אויף דער בינע האָבן זיך אויסגעזעצט די אָנטיילנעמער פֿונעם דיספּוט: דער טשערקאַסער ראָוו, דער גאַלעך קיריל, די פֿאַרוואַלטערן פֿונעם קוסטאַרן־קלוב פּערעפּייטשיכע, דער געזעלשאַפֿט־לעכער טוער כאַוווער פּינסקי און דער לערער נאַזאַרענקאָ.

יעדערער פֿון זיי איז געווען אַן אייגנאַרטיקע פֿיגור.

דער ראָוו, זייער אַ צוגעלאָזטער מענטש, האָט ליב געהאַט זיך כאָכמענען.

— פֿאַרוואָס, מיינט איר, האָט דער אייבערשטער פֿאַרבאָטן מישן מילכיקס מיט פֿליישיקס? — האָט ער געפֿרעגט, און אַליין געענטפֿערט: — קעדיי אונדזערע ווײַבער זאָלן אָפּטער וואַשן דאָס געפֿעס.

— און פֿאַרוואָס דאַרף יעדער ייִד גאַנצפֿרי זיך אָפּגיסן נעגלוואַסער? ס'איז דאָך בעסער, איידער ביכלאַל ניט וואַשן די הענט...

עמעצער האָט געזאָגט, אַז פֿאַר אַ ראָוו פּאַסטן ניט אַזעלכע כאָכמעס. דאַן האָט אַ צווייטער דאָס פֿאַרענטפֿערט:

— וואָס זשע ווילט איר? ער איז דאָך אַ ליטוואַק!

דער גאַלעך קיריל איז מיט גאָרנישט ניט געווען ענלעך אויף אַלע איבעריקע גאַלאָכים. מע האָט געזאָגט, אַז ער ווייסט דעם גאַנצן עוואַנגעליום אויסווייניק און איז ביכלאַל זייער אַ געבילדעטער מענטש.

אַזוי צי אַזוי, נאָר סײַ אונדזער ראָוו, סײַ אונדזער גאַלעך זײַנען ניט געווען קיין פֿאַנאַטיקער, און דאָס האָט דערמעגלעכט, זיי זאָלן זיצן בײַ איין טיש אין קוסטאַרן־קלוב און זיך דורכוועטלען.

וואָס שײַעך דעם כאַוווער פּינסקי, האָט מען דערציילט, אַז ער האָט אַמאָל געענדיקט אַ יעשיווע, געהאַט סמיכעס אויף אַ ראָוו, נאָר די רעוואָליוציע האָט אין אים אַלץ איבערגעקערט. איצט איז ער אַ באַוווּסטער פּאַרטיי־טוער, פֿאָרזיצער פֿונעם פֿאַרבאַנד פֿון קריגערישע אַפּיקאָרסים.

אַן אַקטיווער אָנטיילנעמער פֿונעם אַפּיקאָרסים־פֿאַריין איז אויך געווען דער געשולטער לערער נאַזאַרענקאָ. די פֿאַרוואַלטערן פֿונעם קלוב פּערעפּייטשיכע האָט דורכגעמאַכט אירע אוניווערסיטעטן אין דער רעוואָליוציע און אין בירגערקריג. לייענען און שרײַבן האָט זי זיך אויסגעלערנט שפּעטער.

אויף דער בינע זײַנען געשטאַנען דרײַ טישלעך. צוויי, געדעקטע מיט גרינע טישטעכער, און דאָס דריטע — מיט אַ רויטן. בײַ איין טישל האָבן זיך אַוועקגעזעצט דער ראָוו מיטן גאַלעך, בײַם צווייטן — דער כאַוווער פּינסקי און דער לערער נאַזאַרענקאָ, און בײַם דריטן, וואָס איז געווען געדעקט מיט אַ רויטן טישטעך, — די כאַווערטע פּערעפּייטשיכע. דאָס טיכל אויפֿן קאָפּ איז בײַ איר אויך געווען אַ רויטס, און ביכלאַל איז זי געווען פֿון קאָפּ ביז די פֿיס רויט, צעפֿלאַמט און צעטומלט.

דער טאָך פֿונעם אָוונט איז צו מיר ניט דערגאַנגען. נאָר מיר איז דאָרט אַלץ געווען טשיקאַווע.

צוערשט האָט געהאַלטן אַ הייסע רעדע דער כאַוווער פּינסקי — געשאָטן מיט פּסוקים פֿונעם כומעש, וואָס האָט געדאַרפֿט זאָגן איידעס קעגן גאָט, און דער אוילעם האָט אים שטאַרק געפּליעסקעט. דערנאָך האָט גענומען אַ וואָרט דער ראָוו, געבראַכט פֿון זײַן זײַט עטלעכע פּסוקים, וועלכע האָבן געדאַרפֿט דערווײַזן, אַז ס'איז יאָ דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, און דער אוילעם האָט ווידער

שטארק געפליעסקעט. דער גאלער קיריל האָט ארויסגעלייענט עפּעס פון דעם עוואנגעליום אַף אלט־סלאוויאניש, ארויסגערעדט די ווערטער מיט א באסאָון ניגנדל, ווי בא זיך אין קלויסטער, און לעסאָף דערוויזן, אז גאָט, און יעזוס, און ביכלאל די רעליגיע זײַנען דער גרעסטער אָנהאלט פונעם פּראוואָסלאווונעם פאָלק, און דער אוילעם האָט ווידער געפליעסקעט. און אז דער לערער נאזארענקאָ האָט גענומען ווײַזן זײַנע כעמישע פּרוּוון און אלץ ארום האָט געפלאמט און גערויכן זיך, האָט מען אוואדע און אוואדע געפּאטשט בראוואָ. זײַנע עקספּערימענטן האָט דער לערער פארענ־דיקט מיט א קורצער פראזע: „רעליגיע איז אָפּיום פארן פאָלק".

ווען מיר זײַנען געגאנגען אהיים, האָב איך געפרעגט באם טאטן:

— פארוואָס האָט מען יעדערן אזוי געפליעסקעט?

— און פארוואָס ניט, מוישעלע? זיי זײַנען אלע לײַטישע מענטשן, און ס'איז טאקע, ווי זאָל איך דיר זאָגן, ניט ערגער פון א ספּעקטאקל פונעם דראמקרײַז, עפּשער נאָך בעסער. אז מע האָרעוועט אָפּ אזא שווערע וואָך, וויל מען זיך א ביסל אָפּרוען...

לעם אונדזער שטוב האָט דער טאטע צוגעגעבן נאָך אזא געדאנק:

— פון אזא איבערווערטלען זיך וועט דער גלויביקער ניט ווערן קיין אפּיקוירעס און דער אפּיקוירעס וועט ניט ווערן קיין פרומאק. די זאַך איז ביכלאל ניט אין דעם, צי דו גלייבסט אין גאָט, צי דו פאסט יאָמקיפּער, דעריקער — א מענטש זאָל מען זײַן...

# שייזער „פיגאראָ"

אפן אלטן מארק האָט יעדערער געהאט א צונאָמען. געווען צונעמען, מיט וועלכע מע פלעגט אָנרופן גאנצע מישפּאָכעס. לעמאָשל, איינע א מישפּאָכע האָט מען גערופן: „די קאטערינשטשיקעס", און אלץ דערפאר, וואָס א ווײַטער קאָרעוו איז אמאָל ארומגעגאן מיט א קאטערינקע אין מארק. אלע צונעמען האָבן געהאט א שטיקל גרונט. אָבער פארוואָס מע האָט דעם שערער שייזערן גערופן „פיגאראָ", האָב איך זיך דערוווּסט ערשט אין יאָרן ארום, ווען כ'האָב זיך שוין געלערנט אין דער מאָסקווער יידישער טעאטראלער שול. גיי ווייס, אז אזוי האָט מען גערופן דעם העלד פון ראָסיניס קאָמישער אָפּערע „דער סעוויליער שערער".

שייזער איז אויך געווען א שערער, און ער האָט ליב געהאט מוזיק. נאָר אויב פיגאראָ האָט געשפּילט אַף א גיטארע, האָט ער געשפּילט אַף א פידל. און וויאזוי געשפּילט! איר געדענקט בא שאָלעם־אלייכעמען אין „סטעמפּעניו"?

„אוי, איז סטעמפּעניו געווען א בעריע! ער פלעגט א כאפּ טאָן דאָס פידעלע און א פיר טאָן מיטן סמיק, איין פיר טאָן, נישט מער, פלעגט דאָס שוין אָנהייבן בא אים צו רעדן. אָבער וויאזוי מיינט איר רעדן? טאקע מיט ווערטער, מיט א צונג, ווי, לעהאוודל, א לעבעדיקער מענטש. רעדן, טײַנען, זינגען מיט א געוויין, אפן יידישן שטייגער, מיט א גוואלדעניש, מיט אן אויסגעשריי פונעם טיפן הארצן, פון דער נעשאָמע..." — אזוי האָט געשפּילט אויך שייזער.

פארשטייט זיך, אז קיין איין כאסענע אין שטאָט, קיין איין סימכע פלעגט זיך נישט באגיין אָן שייזערן. ווען ס'איז אראָפּגעקומען א וואנדער־טעאטער, איז ניט שײַעך. קיין סאך רעפּעטיציעס האָט שייזער ניט געדארפט, און אויב ס'פלעגט אויסקומען שפּילן ביכלאל אָן רעפּעטיציעס, אזוי צו זאָגן, „עקספּראָמט", האָט מען זיך אויך געקאָנט פארלאָזן אַף אים.

ניט איין מאָל האָט מען אים געפּרוּווט אײַנריידן, ער זאָל ווארפן די שערערײַ און אוועקפאָרן מיטן טעאטער. מ'האָט אים צוגעזאָגט גאָלדענע בערג, אָבער די היים האָט ער ניט געוואָלט פארלאָזן. ביכלאל האָט ער געהאלטן, אז פידל איז פאר דער נעשאָמע און ניט צוליב פּארנאָסע. פארדינען אפן לעבן דארף מען מיט א זיכערער מעלאָכע.

אין זעקס־און־צוואנציקסטן יאָר איז קיין טשערקאס געקומען צו פאָרן דער וועלט־באַרימטער פידלער מיראָן פּאָליאקין, טאקע אן אונדזעריקער, א געבוירענער אפן אלטן מארק. אין יענע יאָרן איז ער געווען ברייט באוווּסט און הויך געשעצט, ווי שפּעטער דאָוויד אויסטראַך, סוויאטאָסלאוו ריכטער, עמיל הילעלס, לעאָניד קאָגאן.

דער ווירטואָז האָט זיך נאָרוואָס געהאט אומגעקערט פון אויסלאנד, מע האָט אים פארבעטן אלס מוזיק־פּראָפעסאָר אין דער מאָסקווער קאָנסערוואטאָריע, און שפּעטער איז אים צוגעייגנט געוואָרן דער ערן־טיטל — פארדינסטפולער קונסט־טוער פון דער רוסלענדישער פעדעראציע. אין טשער־קאס האָט געלעבט זײַן מאמע און צוויי כאסענע געהאטע שוועסטער. איז ער געקומען זיך זען מיט זיי.

וואָס עס האָט זיך דאָן אָפּגעטאָן אין שטאָט! א ווערטעלע — מיראָן פֿאַליאַקין! די מוזיק־ליבהאָבער האָבן אים געבעטן, ער זאָל געבן א קאָנצערט. און ער איז אױף דעם איינגעגאַן. ס'איז געווען אן אויסגעצייכנטער קאָנצערט, וועלכער האָט פאַרשאַפט דעם צושויער פיל פאַרגעניגן. אָבער מער פון אלץ האָט אַלעמען איבעראַשט דער פינאַל. געשען איז אָט וואָס:

אינדערפֿרי איז דער מאַעסטראָ אריינגעקומען צו שייזערן אין דער שערערײַ זיך אָפּגאָלן. דערזען א פידל, האָט ער זיך אָנגעפרעגט, ווער עס שפּילט אױף אים, און האָט זיך דערוווּסט, אז אליין דער באַלעבאָס פון דער שערערײַ איז דער פידלער. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט פאַר שייזערן, פרײַנטלעך זיך צערעדט מיט אים, אויסגעפרעגט פאַר וועמען ער שפּילט, וואָס ער שפּילט, און צום סאָף געבעטן אים עפּעס אויסשפּילן.

שייזער האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן, א נעם געטאָן דאָס פידעלע און ארויסגעבראַכט פאַרן גאַסט א קאָמפּאָזיציע פון כאַסענע־ניגונים צוזאַמען מיט עפּעס־וואָס פון זײַנע אייגענע אימפּראָוויזאַציעס. דער גרויסער פידלער איז געווען אנציקט. ער האָט געדריקט שייזערן די האַנט, אָנגערעדט אים א מאַסע קאָמפּלימענטן, און צום סאָף פאַרבעטן אױף זײַן קאָנצערט.

קיינמאָל איז שייזער נאָך ניט געזעסן אין טעאַטער אין דער ערשטער ריי, צווישן אָנגעפּודערטע און אָנגעדוכעוועטע פרויען, צווישן מענער אין שוואַרצע גאַרניטערס מיט ווײַסע טיכעלעך אין די זײַט־קעשענעלעך. איז אים געווען טאַקע שטאַרק אומהיימלעך, באַזונדערס דער פרוי זײַנער, גיטל, וועלכע האָט זיך אַזוי פאַרלוירן, אז זי האָט ניט געוווּסט, אױף וועלכער וועלט זי איז.

ס'זײַנען אָבער דורכגעגאַן עטלעכע מינוט, און שייזער האָט שוין ארום זיך קיינעם ניט געזען. ער איז ווי צוגעזאָטן געוואָרן צו דער בינע, אױף וועלכער ס'איז געשטאַנען אן עמעסער קישעפמאַכער, וועמענס פידעלע האָט געזונגען, געוויינט, געגרופן אין גאָר אנדערע וועלטן, אהין, ווו אלץ איז הימלדיק העל און לויטער. טרערן זײַנען געשטאַנען בא אים אין די אויגן, און דאָס האַרץ איז שיר נישט ארויסגעפאַלן פאַר פרייד. א מאַלעך, אן עמעסער מאַלעך איז מיראָן פֿאַליאַקין!

דער גאַסט האָט שוין געשפּילט עטלעכע ווערק אױף „ביס", נאָר די צושויער האָבן אים ניט אָפּגעלאָזט פון דער בינע. און דאָ האָט געטראָפן אזוינס, וועגן וואָס די שטאָט האָט א לאַנגע צײַט שפּעטער ניט אופגעהערט צו ריידן.

דער גאַסט האָט אופגעהויבן די האַנט, בעטנדיק דעם אוילעם באַרויקן זיך, און געמאָלדן מיט א פײַערלעכער שטים:

— הויכגעשעצטע פובליקום! הײַנט גאַנצפרי האָב איך זיך צופעליק באַקאַנט מיט א ביז גאָר טאַלאַנטירטן מענטשן. לויטן פאַך איז ער א שערער, אָבער זײַן עמעסער באַרוף איז מוזיק. זײַן פידל־שפּיל האָט מיך באַצויבערט, און איך גלייב, אז אויך אײַך וועט ער געפעלן ווערן.

מיט די ווערטער האָט ער זיך אראָפּגעלאָזט אין זאַל, צוגעגאַנגען צו שייזערן, אָנגענומען אים פאַר דער האַנט און ארופגעפירט אױף דער בינע.

א סאַך פון די בײַוועזנדע האָבן געקענט און געשעצט שייזערן. אָבער אפילע זיי האָבן זיך ניט פאַרגעשטעלט, אז אליין פֿאַליאַקין זאָל אזוי הויך אָפּשאַצן דעם כאַסענע־קלעזמער.

דערווײַל האָט דער מאַעסטראָ איבערגעגעבן שייזערן זײַן פידל און געזאָגט:

— איך בעט אײַך, טײַערער קאָלעגע, זיך ניט שעמען און אויספּילן אױף אָט דעם פידל, וואָס מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק האָט אים אויסגעפאַרטיקט סטראַדיוואַרי, א קאָמפּאָזיציע פון יידישע פאָלקס־מאָטיוון. און איך, ווי ווײַט כ'וועל קענען, וועל אײַך אונטערהעלפן.

שייזער האָט צוערשט זיך פאַרלוירן, נאָר ער איז גיך געקומען צו־זיך. פעסט איבערגענומען דאָס אויסגעשטרעקטע פידעלע, א פיר געטאָן איבער דעם מיטן סמיטשעק, ווי וועלנדיק דערגיין, מיט וואָס עס שיידט זיך אונטער פון זײַן אייגן פידעלע, און ניט ארויסברענגענדיק קיין וואָרט, גענומען שפּילן...

הערן שייזערן שפּילן איז שטענדיק געווען א פאַרגעניגן, אָבער אין יענעם אָוונט האָט ער איבערגעשטיגן זיך אליין, ארײַנגעלייגט אין דער שפּיל זײַן גאַנצע נעשאָמע. דערצו נאָך, ווען דער גרויסער פידלער האָט גענומען אים מיטהעלפן (פונוואַנען ס'האָט זיך גענומען דאָס צווייטע פידעלע, ווייס איך ניט), האָבן אַלע פאַרשטאַנען, אזא דועט קאָן מען האָבן דאָס גליק צו הערן איין מאָל אין לעבן.

ביידע שפּילער זײַנען געווען מײַנע לאַנדסלײַט — דער וועלטבארימטער פידלער מיראָן פֿאַליאַקין און דער פּראָסטער שערער פונעם אלטן מאַרק שייזער, וועמען אַלע האָבן גערופן „פיגאַראָ".

# מייער־עליע מיט די גענדז

גלײַך הינטער דעם בארג, וואָס פירט צו דער שטאָט, האָט געוווינט א ייִד, וועמען מע האָט גערופן מייער־עליע. ער פֿלעג זיך פֿארנעמען מיט האָדעווען גענדז, מאמעש געשטאָפּט אין זיי די פּאפּשוי־קערנער, זיי זאָלן וואָס גיכער אָנעמען וואָג, ווערן פעט, איבערהויפּט צו ערעוו פּייסעך, ווען די פּרײַז אויף זיי פֿלעג שטײַגן.

ווען קוינים אויף לעבעדיקע גענדז האָבן אויסגעפעלט, פֿלעגט ער די גענדז קוילען, טיילן אויף עטלעכע כאלאָקים און פאנאנדערטראָגן איבער די הײַזער. פון אזא ארבעט זײַנען די הענט בא אים שטענדיק געווען אין פעטס. דער וואטאָווער זשילעט, וועלכן ער האָט געטראָגן זומער און ווינטער, האָט אויך געבלישטשעט מיט פעטע פֿלעקן.

געווען איז מייער־עליע א נידעריקער און א פולבלעכער, נאָר דאָך א זשוואווער, געטאָן אלץ לײַכט און געשווינד. ער איז שוין געווען א מענטש אין די יאָרן, געהאט דרײַ זין און פיר טעכטער — א שיינע, פרייליכע און האָרעפּאשנע כעווריײַע, וועלכע איז נאָך קיין וואָרט אין קעשענע ניט געקראָכן, שארפזיניק זיך געוויצלט, מאָלעטאמעדיק געזונגען, געשטיפט און געלאכט.

איז קיין כידעש ניט, וואָס גראָד לעם מייער־עליעס הויף פֿלעגט זיך צונויפנעמען די יוגנט פונעם גאנצן אלטן מארק. מע האָט געזונגען, געקנאקט קערלעך, דערציילט באָבעמײַסעס און הילכיק געלאכט, און דאָס אלץ אונטערן „אקאָמפּאנעמענט" פון מייער־עליעס גענדז. ווי נאָר יענע האָבן דערהערט א געלעכטער, פֿלעגן זיי זיך צעגראַגערן מיט א פארטויבנדיקער גראַגערײַ. דאָס האָט אלעמען פארווײַלט, און די כעווריע פֿלעגן נעמען נאָך מער פילדערן. האָט עס שוין פארדראָסן די גענדז, און זיי פֿלעגן פרוּוון איבערשרײַען די כעווריע. מיט איין וואָרט: א געוועט — ווער וועמען וועט איבערגראַגערן.

מייער־עליע, וואָס האָט אין אָט די שאָען געהאלטן באם סאמע רעכטן שלאָף, פֿלעגט זיך אופכאפּן, ארויסשפרינגען אין הויף אין איינע גאטיעס און צעשרײַען זיך:

— מאמזיירים, הולטײַעס, איר וועט מיר פאטערן די גענדז! זיי וועלן איבער אײַך, כאָלילע, אָנווערן די וואָג. מארש פונדאנען! צײַט שלאָפן!

...צײַט! ווי זי לויפט עס, די צײַט! ניט צו דעריאָגן. דוכט זיך, ערשט נעכטן איז דאָס געווען, ערשט נעכטן האָב איך געזען מייער־עליען, זײַנע ווילע זין און שיינע טעכטער, די אלטמארקישע כעווריע, וועלכע פֿלעגן נאָך מייער־עליעס באָרעכהאבע אוועקלאָזן זיך צום דניעפּער און ביז שפּעט אין דער נאכט פריילעך פארברענגען.

מײַן שווערע און פריילעכע יוגנט! ווו זײַט איר איצט, כעווריע פונעם אלטן מארק? ווו זײַט איר, מייער־עליעס יאָרשים?

...איך בין צוגאסט בא מײַן שוועסטערקינד, רייזל הייסט זי, מײַן פעטערס א טאָכטער. איר ווינונג געפינט זיך אפן צווייטן שטאָק פון א נײַנגאָרנדיק הויז אין סאמע צענטער פון טשערקאס, אויף דער אוריצקי־גאס. די צימערן זײַנען, ווי דער שטייגער איז, מעבלירט הײַנטצײַטיק. אינעם אופנאם־צימער, לענגויס דער וואנט, שטייט א „סטענקע" — די קאָמבינאציע פון א קליידער־שאפע, ביכער־שראנק און סערוואנט. בא דער צווייטער וואנט: א בעט־דיוואן און א קאָלירטער טעלעוויזאָר. בא א נידעריק טישל — צוויי ווייכע פאָטעלן. א טעפּיך אויף דער וואנט, א פּאלאס אפן דיל. די איבעריקע צימערן זײַנען אויך מעבלירט מאָדערן. אויף דער קיך איז די גאנצע אויס־שטאטונג פון ווײַסן קאָליר די קיך זעט אויס, ווי א מין אפּטייק.

— אבי געזונט! — זאָגט רייזל, באווײַזנדיק מיר איר ווינונג, — און טעכטער האָב איך, קיין אײַנהאָרע, זייער ווילע. די ייִנגערע ווינט מיט מיר. זי איז אן אינזשעניער, איר מאן — א שלאָסער, ער פארלויפט מיר אלע וועגן, קאָן אפילע קאָכן. קינדערלעך האָבן זיי צוויי: א ייִנגעלע, וואָס גייט שוין אין שול, און א מיידעלע פון דרײַ יאָר, א מעסוקענע פלאפלערקע. מײַן עלטערע טאָכטער ווינט א ביסל צו ווײַט, אזש אויף טשוקאָטקע. איר מאן איז א מיליטערישער אינזשעניער. טאקע אן אונדזעריקער, א טשערקאסער. דו דארפסט אים קענען. ער איז מייער־עליעס אן אייניקל. געדענקסט מייער־עליען?

— מייער־עליען? — בין איך אזש אופגעשפרונגען. — מייער־עליע מיט די גענדז? אוואדע געדענק איך אים! איז זײַן אייניקל דײַן איידעם?! הער א מײַסע! און די איבעריקע יאָרשים זײַנע?

— היטלער האָט געמאכט פון זיי יענעם טאכלעס... — ענטפערט מיר רייזל מיט א קרעכץ. — צוויי טעכטער איינעם מיט זייערע קינדער האָבן די ראָצכים אויסגעקוילעט, דער מיזיניק שײַעלע איז אומגעקומען אפן פראָנט, נאָך א זון, דער עלטסטער, איז געשטאָרבן נאָך דער מילכאָמע פון שווערע ווונדן. ער האָט געוווינט אין קיִעוו. נו, און די איבעריקע לעבן, גאָט צו דאנקען. ווער אין סאמארקאנד, ווער אויף קאווקאז. ריווקע, מײַן מעכוטענעסטע, ווינט אין טשערקאס. איר זון איז

טאקע א נאָמען נאָך מייער־עליען. א יאט א ברען. ניט באוויזן ענדיקן די שול, איז ער גלייך אוועק אף דער צעלינא, געוואָרן א טראקטאָריסט. דערנאָך געדינט אין דער ארמיי, פון דאָרטן האָט מען אים געשיקט זיך לערנען אין דער אקאדעמיע. ווען דו טוסט אף אים א קוק, — א גוואר. און א ליכטיקער מויער, די נאטשאלסטווע זיינע האלט פון אים א וועלט. ער האָט שוין אפילע באקומען אן אָרדען פאר עפּעס א דערפינדונג.

— נו, און וועגן דעם זיידנס געגנדז געדענקט ער?

— וועלכע געגנדז? ווי קומען איצט אהער געגנדז? איין זאך ווייס איך. ער האָט זייער ניט ליב קיין געגנדזנפלייש, נעמט עס אפילע ניט אין מויל אריין...

# בענקעניש

אין א שיינעם זומער־טאָג האָט דעם אלטן מארק אופגערודערט אן איבעראשנדיקע נייעס: די פאמיליע מארמאָר האָט באקומען פון אמעריקע שיפסקארטעס און קלייבט זיך אין וועג ארײַן. וויאזוי זי האָט די שיפסקארטעס באקומען און פון וועמען, האָט קיינער ניט געוווּסט. איינע האָבן געזאָגט, אז עס האָט זיך אויסגעפונען א רייכע מומע, אנדערע — אז געהאָלפן האָט עפּעס א „קאָמיטעט". אזוי צי אזוי, נאָר אפן אלטן מארק איז געוואָרן סאָסן־וועסימכעדיק. א ווערטעלע אויסריידן: מע פאָרט קיין אמעריקע! און ווער? א קאפּצן שעבעקאפּצן, זאלמענקע דער הויקער, וועגן וועמען כעוורע לייצים פלעגן שפּאסן:

— א הויקער, א הויקער, נאָר קינדער אָנגעשניצט א פולן אפן־איוון!..

זאלמענקע איז געווען טאקע א מעטופל מיט קינדער. וויפל, האָט פינקטלעך קיינער ניט גע־ווּסט. מע זאָגט, אז אפילע זיין ווייב מאריאסיע האָט אויך געפּלאָנטערט זייערע נעמען.

זאלמענקע איז געווען דער פּיד־שאמעס אין דער אלטער קלויז, געלעבט טאקע אין יענעם פינצטערן קעלער־שטיבל, ווו בייס די פאָגראָמען האָט מײַן באָבע זיך קעגנגעשטעלט גרישקע דעם גאזלען. צוליבן שטיקל ברויט האָט זאלמענקע ניט איבערגעקליבן קיין ארבעט: געווען שוין א בעדער, א טרעגער, א באגרעבער, א קאדעש־זאָגער און מיטאמאָל — אזא גליק!

— א מאזל פון א יידן, — האָבן געכויזעקט די ניט־פארגינערס, — ארויסגעשלעפּט א וויג־רישנעם בילעט...

געזעגענען זיך מיט די „גליקלעכע" איז געקומען דער גאנצער אלטער מארק. מע האָט געקושט זיך, געלאָזט א טרער, געבעטן ניט פארגעסן, שרייבן, צען מאָל אָנגעזאָגט זיך אָפּהיטן, כאָלילע ניט פארקילן זיך, פון א פארקילעכץ נעמען זיך אלע קרענק, און אמעריטשקע האָט פיינט קראנקע.

דערנאָך האָט דער אלטער מארק גענומען ווארטן אף א בריוול פון די מארמאָרלעך, אָבער קיין בריוולעך זיינען ניט אָנגעקומען. אָנשטאָט זיי האָט אין איינעם א טאָג זיך ארײַנגעשטעלט זאלמענ־קעס צעניאָריק מיידעלע פייגעלע. אָט אזוי, איינע אליין, מיט א קליין רענצעלע. ארײַנקומען צו עמעצן האָט זי זיך געשעמט, און עפּשער ניט געוואגט. איז זי צוגעגאַן צום קעלער־שטיבל פון דער אלטער קלויז און זיך אוועקגעזעצט אף דער פריזבע.

צוערשט האָט קיינער זיך ניט אָפּגעשטעלט לעבן איר. ס'איז אפילע ניט איינגעפאלן, אז דאָס זיצט זאלמענקעס טאָכטער. יענע איז דאָך שוין לאנג אין דער גאָלדענער מעדינע. נאָר יויעל דעם שטריקלדרייערס ווייבל, באָנציע, האָט געכאַפּט א קוק אפן מיידעלע, און גענומען ברעכן די הענט.

— וויי איז מיר, דאָס איז דאָך פייגעלע! פייגעלע, ווי קומסטו אהער?

פייגעלע האָט געשוויגן. בלויז טרערן האָבן גערונען פון אירע אויגן.

ס'זיינען זיך צונויפגעקומען נאָך עטלעכע יידענעס. איבעראשטע, האָבן זיי געפּרוּווט זיך דער־וויסן, וואָס עס איז געשען, נאָר פייגעלע האָט אלץ געשוויגן און שטיל געוויינט. האָט ראָסיע די מיטניטשקע זיך געכאַפּט:

— ווייבער, זי איז הונגעריק. קום, פייגעלע, צו מיר, וועל איך דיך אָנהאָדעווען.

זי האָט אָפּגעפירט פייגעלען צו זיך, און זי אוועקגעזעצט באם טיש. שלינגענדיק די טרערן, האָט פייגעלע גענומען עסן. ראָסיע האָט אלעמאָל געכאַפּט אף איר א קוק און שטיל געווישט די אייגענע טרערן. זי האָט פארשטאנען, אז עס האָט געטראָפן א גרויסער אומגליק.

פון דעם, וואָס פייגעלע האָט, וויינענדיק און כליפּענדיק, דערציילט, און פון דעם, וואָס ווייבער האָבן דערנאָך איבערדערציילט און, ווי עס פירט זיך, באַפּוצט אזוי, ווי יעדערער האָט געקאָנט, האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעשיילט אזוינס, וואָס מע האָט דערנאָך פיל יאָרן איבערדערציילט.

געפאָרן זיינען זיי לאנג מיטן באן. פון איין באן אפן אנדערן, פון איין שטאָט צו דער אנדערער, פון איין לאנד צום אנדערן. און אומעטום האָט מען גערעדט אף אן אנדער שפראך, וועלכע זיי

האָבן ניט פאַרשטאַנען. דערנאָך האָבן זיי זיך אופגעזעצט אף דער שיף. וויפל טעג און נעכט זיי זײַנען געשוווּמען מיט יענער שיף, געדענקט ניט פייגעלע, ווײַל ס'האָט איר שטאַרק אָנגעהויבן זיך דרייען דער קאָפּ. דערנאָך האָט דער קאָפּ אָנגעהויבן ווייטאָן. זי האָט באַקומען היץ, און שוין ניט געוווּסט, אף וועלכער וועלט זי איז.

אַזוי זײַנען זיי צוגעשוווּמען אַזש ביז ניו־יאָרק, ווו זיי האָבן געדאַרפט אַראָפּגיין פון דער שיף און ווו עס האָבן זיי געדאַרפט באַגעגענען זייערע קרויווים. ס'האָט זיך אָבער באַקומען גאָר אַנדערש. ווי נאָר זיי זײַנען אַראָפּגעגאַנגען פון דער שיף, אַזוי גלײַך האָט מען זיי אָפּגעפירט אין עפּעס א גרויסער געבײַדע. דאָ האָט מען אפּסניי גענומען יעדן איינעם באַקוקן און באַטאַפּן. מע האָט אויסגעטאַפּט יעדער ביינדל, אַרײַנגעקוקט אין מויל אַרײַן, אויסגעפּרוּווט די ציין, געהייסן אַרויסשטעלן די צונג.

אַזוי האָט מען באַקוקט דעם טאַטן, די מאַמע, אַלע ברידערלעך און די שוועסטערלעך, און ווען ס'איז געקומען צו איר, צו פייגעלען, האָט מען אפילע ניט באַדאַרפט אויסטאַפּן זי. מע האָט גלײַך געזען, אַז זי האָט היץ און מיטן האַרצן איז בא איר ניט גוט. באַשטימט, אַז זי איז א פאַרשטעלטער כוילע, שטאַרק געפערלעך פאַר אַמעריקע, האָט מען איר באַפוילן אומקערן זיך צוריק אַהיים. איז געוואָרן א יאָמער, א געוויין. די מאַמע האָט גענומען ברעכן די הענט, רײַסן אף זיך די האָר. דער טאַטע האָט אָנגעהויבן בעטן בא די באַאַמטע, זיי זאָלן אף זיי ראַכמאָנעס האָבן, ניט צעשיידן זיי מיטן קינד. ס'האָט אָבער גאָרנישט ניט געהאָלפן. איז געבליבן איין אויסוועג: אַלעמען זיך אומקערן אַהיים. נאָר ווי נעמט מען אַזויפיל געלט? האָט איינע א פרוי, וועלכע איז געפאָרן צו איר מאַן און קינדער, באַוויזן אויך די לעצטע... ווײַל זי האָט זיך צוגעקוקט צו פייגעלען און האָט געזאָגט, אַז זי וועט זי באַשיצן. ווי נאָר זיי וועלן גרינג ווערן, וועלן זיי בײַדע אוועק אף א שיף און פאָרן צוריק קיין אַמעריקע.

די שיף איז אָפּגעשוווּמען, און פייגעלען האָט די גאַנצע צײַט געקלונגען אין די אויערן, ווי א ווײַט ווידערקאָל: „פייגעלע!... פייגעלע!..."

מיט וואָס האָט יענע פרוי געקרענקט, ווייסט ניט פייגעלע. קיין היץ האָט זי ניט געהאַט, און אף איר פּאָנעם איז גאָרנישט ניט געווען צו דערקענען. נאָר ערשט בא זיך אינדערהיים, אין אָדעס, איז זי אפּדערעמעסן קראַנק געוואָרן. פון פּאַרדראָס אף אַמעריקע און פון בענקעניש. ווײַזט אויס, אַז די רויפעס אין ניו־יאָרק ווייסן פון פריִער, וואָס שפּעטער וועט זײַן. און ווען זי האָט געפילט, אַז זי האַלט באַם שטאַרבן, האָט זי פייגעלען געזאָגט:

— איך וויל ניט, זאָלסט בלײַבן א יעסוימע אין א פרעמדער שטאָט. איך וועל דיר קויפן א בילעט, אַרײַנזעצן דיך אין צוג, וואָס וועט דיך ברענגען קיין טשערקאַס. ס'איז ניט ווײַט. און דאָרט... דאָך צווישן אייגענע מענטשן.

אַזוי האָט פייגעלע זיך אומגעקערט קיין טשערקאַס.

ווײַבער האָבן אָנגעהויבן זי טרייסטן.

— זאָרג זיך ניט. איצט ביסטו שוין א געזונט מיידעלע. וועסט קומען צו־זיך. אינגיכן וועט דער טאַטע דיר צושיקן א שיפסקאַרטע. עפשער גאָר אַליין קומען נאָך דיר...

נאָר ס'איז דורך א יאָר, און נאָך א יאָר, און קיין שום ידיִעס פון פייגעלעס עלטערן זײַנען ניט אָנגעקומען, קיין איין בריוועלע ניט. ווי אין וואַסער אַרײַן. און ווער ווייסט... עפשער זײַנען זיי דאָרט, ווי יענע פרוי, געשטאָרבן. קאָן זײַן — פון ווייטיק, פון פּאַרדראָס, פון צאָרעס און פון אומדערטרעגלעכער בענקעניש...

שכיינעס און שכיינים האָבן געקלערט, וואָס צו טאָן מיט פייגעלען. וווּהין זי באַשטאַטן. עפשער אַוועקגעבן זי אין א קינדערהיים? נאָר זי איז נאָך אַזוי אויסגעצערט! און ראָסיע האָט געזאָגט: זי וועט זי אין ערגעץ ניט לאָזן, דאָרט, ווו פריִער זײַנען געווען זיבן פּיקערס, איז געוואָרן אַכט. גיסט זי צו נאָך א ביסל וואַסער אין דער יויך. דערנאָך וועט מען זען. עפשער וועט דאָך עפּעס אָנקומען פון דאָרטן. אויב ניט, וועט פייגעלע אָנהייבן ערגעץ אַרבעטן.

פון דאָרט, פון אַמעריקע, האָט די פּאָטשט גאָרנישט ניט געבראַכט. פייגעלע איז א ביסל געקומען צו־זיך, איז אונטערגעוואַקסן, און ראָסיע האָט זי אײַנגעאָרדנט פאַר אַן אופראַמערן אין א קאָנטאָר. אַלץ איז געווען גוט. נאָר די בענקעניש...

אוי, האָט זי געבענקט, פייגעלע! מוירעדיק געבענקט. ניט איין מאָל האָט פון אָט דער בענקעניש זיך פאַרדרייט איר דער קאָפּ, און זי איז געפאַלן כאַלאָשעס. ראָסיע האָט זי אַלעמאָל אָפּגעראַטעוועט, נאָר, דער קאַפּוויטיק און דאָס כאַלאָשעס האָט געטראָפן אַלץ אָפטער און אָפטער. ס'איז געקומען דערפון, וואָס זי האָט געזען פאַר זיך טאַטע־מאַמע, די ברידערלעך און שוועסטערלעך, זי שטייט אף דער שיף, זיי — אפן ברעג, זי שרײַט מיט א האַרצרײַסנדיק קאָל: „טאַטע! מאַמע!", און זיי שרײַען צו איר: „פייגעלע! פייגעלע!". גאַנץ אָפט, נאָכן כאַלאָשעס, פלעג זי א כאַפּ טאָן דאָס רענצעלע, מיט וועלכן זי איז געקומען פון איר אומגליקלעכער נעסיִע, און זיך לאָזן גיין.

— וווהין גייסטו, פייגעלע? — פלעג ראָסיע זי אָפּשטעלן.

— איך פאָר קיין אמעריקע, — האָט זי אָפּגעענטפערט מיט אזא זיכערקייט, מיט אזא אנטשיידנקייט, אז מע האָט געקאָנט מיינען: אָט טוט זי זיך א זעץ אויף אַף א שיף, טאקע דאָ אין טשערקאַס, און פאָרט אוועק.

מעגלעך, אז פייגעלען האָט זיך טאקע געדוכט אזוי.

ראָסיע מיט אירע שכיינעס האָבן צוגעקוקט, ווי פון אָט דעם אויסגעשמאכטן פייגעלע וואקסט אויס א גאַנץ שיין מיידל, און זיי האָבן באַשטימט:

— עפשער זי כאַכענע מאכן, וועט זי אופהערן אזוי צו בענקען. נאָר מיט וועמען?

אין דער געלער שול, וועלכע איז געשטאַנען קעגניבער דער אלטער קלויז, האָט זיך אופגעהאלטן א יאַכעם. שימען האָט ער געהייסן. די עלטערן זיינע, אַנגעפאָרענע ערגעץ פון דער ליטע, האָבן די פעטליוראָוועס דערהארגעט, און אים אליין דורכגעשאָסן א פוס. שימען פלעג אויסהעלפן דעם שאַמעס פון דער שול, פאָלגן א גאַנג, ווינטער הייצן הרובעס, און אז מע האָט באַדארפט אויסווייַסן די שול, אָדער אָפּוואַשן די דילן, האָט ער דאָס אויך געטאָן. געווען איז שימען א צוגעפלעשטשער און שטענדיק א הונגעריקער. אזוי האָט עס זיך געצויגן, ביז ער האָט זיך אויסגעלערנט נייען שטיוול און איז געוואָרן א שטיקל שוסטער.

אָט פאר דעם שימענען האָט מען עס כאַכענע געמאַכט פייגעלען.

די ערשטע צייַט האָט דאָס יונגע פאָרפאָלק געוווינט בא ראָסיען, דערנאָך זיך איבערגעקליבן צו סאָרע דער בלינדער אין קעלער. דאָ איז סיי ווינטער, סיי זומער געווען נאס און קאלט, ס'האָט געשמעקט מיט שימל, און דאָס ביסל בעטגעוואַנט, וואָס מע האָט פארן פאָרפאָלק צונויפגעטראָגן, איז שטענדיק געווען פייַכט. דאָס איינציקע פענצטערל האָט זיך געפונען נעבן דער סאמע סטעליע און איז געווען אַף האלב פארלייגט מיט א שמאטע.

א שטיקל צייַט האָט זיך געלעבט נישקאָשע. אונדזערע ווייבער זייַנען געווען צופרידן, אפילע געשעפּט נאַכעס פון פייגעלען. דאַנקען גאָט, פייגעלע איז פאָטער געוואָרן פון אירע כאַלאָשעסן, פון איר קאַפּווייטיק און פון איר רייַסן זיך קיין אמעריקע. נאָר א ביסל שפעטער האָט זיך עס ווידער אָנגעהויבן. שוין ניט קיין כאַלאָשעס, ניט קיין קאַפּווייטיק, נאָר אזא מאָרעשכוירע, וועלכע ס'איז שווער געווען בייַצוקומען אָדער לינדערן. שימען האָט זיך באַצויגן צו פייגעלען מיט ליבע, אַף זייַן קרומען פוס פארלאָפן איר אלע וועגן און געטרייסט זי מיט וואָס נאָר ער האָט געקאָנט. ווען ס'איז זי באַפאלן די מאָרעשכוירע, האָט זי ווידער א נעם געטאָן דאָס רענצעלע, עפּעס אַרייַנגעלייגט אַהין און, ניט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט, זיך געלאָזט גיין. שימען האָט שוין געוווּסט, וואָס דאָס איז, און זיך אָנגעפרעגט א באַאומרויִקטער:

— וווהין גייסטו, פייגעלע?

— איך פאָר קיין אמעריקע.

דאַן פלעגט שימען א וואָרף טאָן זיך צו דער טיר, פארשטעלן זי מיט זיך און אויסשרייַען:

— כ'וועל דיך ניט לאָזן, פייגעלע, כ'וועל דיך ניט לאָזן!

אזוי איז געווען ניט איין מאָל. פייגעלע טייַנעט:

— איך פאָר קיין אמעריקע.

און שימען:

— איך וועל דיך ניט לאָזן, דו הערסט, פייגעלע? איך וועל דיך ניט לאָזן!

אין א יאָר ארום האָט פייגעלע געבוירן א ייִנגעלע. זיי האָבן דאָס אָנגערופן יאַנקעלע, א נאָמען נאָך שימענס געהארגעטן טאַטן.

שימען איז געווען פארנומען מיט זייַן שוסטערייַ, פייגעלע — מיט איר געהויבענער שטעלע פון אַן אופּראַמערן, און יאַנקעלע איז גאַנצע טעג געלעגן אין וויגעלע איינער אליין.

אוועקגייענדיק אַף דער ארבעט, האָט פייגעלע שטענדיק איבערגעלאָזט פארן קינד א סעכערל מיט א ביסל וואסער. ווען דאָס קינד איז עטוואָס אונטערגעוואַקסן, האָט עס שוין אליין צוגעטראַכט, וויַאזוי צו שטילן דעם דורשט — אייַנגעווייקט א שמאַטקעלע אין וואסער און געזויגן. שטילן דעם הונגער האָט עס ניט געהאַט מיט וואָס. און ווען ס'איז נאָך מער אונטערגעוואַקסן, האָט עס זיך אָנגעהויבן ציִען צו דער ליכטיקער שייַן, וועלכע האָט אַרייַנגעקוקט דורכן פענצטערל בא דער סאַמע סטעליע. יאַנקעלע איז געלעגן פאַריסן די אויגן ארויף, אזוי אויך ארומגעגאַנגען און אפילע געקראָכן איבערן לייטערל, וואָס איז דאָ געשטאַנען, קעדיי דערקלייַבן זיך צום פענצטערל, פונוואַנען עס איז דערגאַנגען צו אים די שייַן פון דער זון. אָבער צום פענצטערל האָט ער זיך ניט געקאָנט דערקלייַבן.

אזוי איז יאַנקעלע אויסגעוואַקסן. א שיין ייִנגעלע, א שטאַלטנע ייִנגעלע און טאקע גאָר א ווויל ייִנגעלע, נאָר מיט א ניט־נאָרמאַלער ריִע. די אויגן פאַריסן אַף ארויף. די היגע דאָקטוירים

האָבן גאָרניט געקאָנט צוטראַכטן און געייצעט אוועקפירן אים קיין קיִעוו אין א קינדערהיים, ווו עס האָבן זיך דערצויגן קינדער מיט אומנאָרמאַלער ריִע. די דאָרטיקע דאָקטוירים ווייסן שוין וואָס צו טאָן.

אזוי איז פייגעלע און שימען צעשיידט געוואָרן מיט זייער קינד. קיינער פון זיי האָט ניט געקאָנט וויסן, אז דאָס איז אויף שטענדיק. עס האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע. דער קיִעווער קינ־דערהיים האָט זיך עוואקויִרט אין טיפן הינטערלאַנד, און פייגעלע מיט שימענען האָבן די דייַטשישע פאשיסטן אומגעבראַכט איניינעם מיט די איבעריקע טשערקאַסער ייִדן, וועלכע האָבן זיך ניט באוויזן עוואקויִרן.

בעשאס מייַן צוגאַסט זייַן אין טשערקאַס, גיי איך אוועק צום ברודער־קייווער, אין וועלכן עס ליגן די קאָרבאָנעס פון די פאשיסטישע מערדער. אהער קומען זיך צונויף געוועזענע אייַנוווינער פון דער שטאָט, וואָס וווינען איצט אין מאָסקווע, לענינגראַד, קיִעוו, טאשקענט און אפילע אויף סאַכאַלין. מיר זייַנען שוין אַלע באַקאַנט. און אַלעמאָל בייס די באַגעגענישן שמועסט מען זיך דורך, מע דערמאָנט זיך דאָס אַמאָליקע, דעם אַלטן מאַרק, די באָטעמעדראָשים און די געסלעך. מע טיילט זיך מיטן נאַכעס, וואָס מע האָט איצט פון די קינדער און אייניקלעך.

דאָס מאָל האָב איך דערזען אַן אומבאַקאַנטן מאַן פון אַריבער די פופציק. מיר איז שווער געווען פעכטצושטעלן, ווער דאָס איז, נאָר די אויגן — זיי זייַנען געווען שטאַרק פאַריסן אויף אַרויף... מיטאַמאָל האָט מיר ווי א שלאָג געטאָן אין קאָפּ, און איך האָב דערזען יענעם פינצטערן קעלער און יענעם ייִנגעלע, וועלכער האָט די גאַנצע צייַט זיך געצויגן צום אייניציקן פענצטערל, וואָס האָט זיך געפונען בא דער סטעליע.

צי דען איז דאָס ער, יאַנקעלע?

מיר האָבן זיך באַקאַנט.

— יאַקאָוו סעמיאָנאָוויטש, — האָט ער מיר אויסגעשטרעקט א פעסטע האַנט און צוגעגעבן, — יאַנקעלע.

— דער זעלבער?

— דער זעלבער, — האָט ער געענטפערט מיט א טרויעריקן שמייכל.

— איר וווינט ווייַט פונדאַנען? עפּעס זע איך אייַך דאָ צום ערשטן מאָל.

— יאָ, גאַנץ ווייַט. נאָר איך קום אהער קימאַט אַלע יאָר אויף קייווער־אָוועס. און ניט נאָר אויף קייווער־אָוועס. איך מוז שטילן די בענקעניש. וועט איר פרעגן: נאָך וואָס, אשטייגער, האָב איך צו בענקען? נאָכן פינצטערן קעלער? נאָר עס בענקט זיך. ס'בענקט זיך נאָך דעם אייגענעם שטיקל ערד, נאָכן געסל, ווו כ'בין אויסגעוואַקסן, נאָך דער היגער, היימישער לופט און אפילע נאָכן נאָמען פון דער היימשטאָט. און ווו דו זאָלסט ניט זייַן, קלינגט דיר אין די אויערן דאָס סאַמע רעגעוודיקע וואָרט — טשערקאַס, טשערקאַס...

איך געדענק שוין ניט, וועגן וואָס מיר האָבן גערעדט און וויִאַזוי ס'איז געקומען אויפן צונג דאָס וואָרט אַמעריקע. אויף יאַקאָוו סעמיאָנאָוויטשעס פּאָנעם האָט זיך באוויזן א שמייכעלע, א ביטערס, וואָלט איך געזאָגט, און א ווייטיקלעכס.

— איר ווייסט, אַלעמאָל, ווען איך דערהער עפּעס וועגן אַמעריקע, — האָט ער זיך צערעדט, — וואָס קאָן איך, אשטייגער, האָבן פון אַמעריקע? גאָרניט. נאָר עס כאַפּט מיך אָן א פּאַרדראָס, א שטאַרקער פאַרדראָס. פאַרוואָס האָט זי זיך דערלויבט אַזעלכע אומענטשלעכע זאַכן, צעשיידן עלטערן מיט זייערע קינדער, מענער מיט פרויען, קאַליעטשען צענדליקער לעבנס. ניט לאַנג צוריק האָב איך ווידעראַמאָל איבערגעלייענט שאָלעם־אַליכעמס „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס". איך בין אַנציקט פון דעם ווערק. איבערהויפּט האָבן מיך איבעראַשט די קאַפּיטלען, אין וועלכע עס ווערט באַ־שריבן די וואָגלעניש פון די אָרעמע עמיגראַנטן, וויפל זיי איז אויסגעקומען אויסשטיין, ביז מע האָט דערלעבט זען די ברעגן פון אַמעריקע. נאָר ערשט דאָרטן האָט זיך פאַר זיי אָנגעהויבן אַן עמעסער גענעם, א יאַם מיט טרערן. וויפל מענטשלעכע טראַגעדיעס זייַנען פאָרגעקומען! און צווישן זיי די טראַגעדיע פון מייַן מאַמען און אירע עלטערן. א גרויסער שרייַבער געווען שאָלעם־אַליכעם און זייַנע ביכלעך זייַנען אזוי היינטצייַטיק!

מיר האָבן א ווייַלע געשוויגן. דערנאָך האָב איך געפרעגט, פול מיט ניִַגער:

— און וואָס איז פון אייַך געוואָרן?

— איך? וואָס האָט געדאַרפט פון מיר ווערן? אויסגעוואַקסן בין איך אין א קינדערהיים, דער־נאָך געענדיקט א פאַבזאַווּשול און געוואָרן א שלאָסער. גלייבט מיר, א גוטער שלאָסער, ווועמען מע שעצט און מע אַכטעט. כ'האָב א פאַמיליע. מייַן עלטערע טאָכטער האָט שוין כאַסענע געהאַט, זי איז א לערערן, דער זון איז איצט אין דער אַרמיי. די פרוי אַרבעט צוזאַמען מיט מיר. אַלע ווייסן זיי, ווו מייַנע אָרעמע עלטערן ליגן, און זיי קומען אהער איניינעם מיט מיר.

• • •

## אַ, רוסלאַנד, רוסלאַנד!

אויב כ׳וועל מיט דײַן שלאַכט זיך ניט קאָנען באַהעלן,
דאַן ווייס איך: ווּעמענס בלײַענע קויל וועט צעדרויבלען מײַן העלם, —
אַ, רוסלאַנד, מײַן רוסלאַנד!

אויב ניט ליבן איך וועל דיך הײליק און האַרציק,
דאַן ווייס איך: כ׳וועל שפּילן ניט קאָנען אויף דײַן גאָלדענער האַרפֿע,
אַ, רוסלאַנד, מײַן רוסלאַנד!

אויב דײַן וועלט צו באַזינגען וועט זײַן מיר פֿאַרבאָטן,
דאַן ווייס איך: ווּעמענס אָפּבילד וועט ניט באַגילדן מײַן שאָטן, —
אַ, רוסלאַנד, מײַן רוסלאַנד!

אויב דײַן סאָלאָוויי וועט ניט רימען די ראָסע,
דאַן ווייס איך: ווּעמענס סאָלאָוויכע וועט זײַן פֿאַרטרויערט אין אָסיען, —
אַ, רוסלאַנד, מײַן רוסלאַנד!

אויב אין שלאַכט וועט באַשערט זײַן צו פֿאַלן אַליין מיר,
דאַן ווייס איך: ווּעמענס הייליקע טרערן וועלן דורכבערענען שטיינער, —
אַ, רוסלאַנד, מײַן רוסלאַנד!..

## די סאָנים מיר האָבן פֿאַרטיליקט

עס האָט די מילכאָמע פֿאַרהאַרטעוועט די הערצער מיט שאָטן און ליכט,
און רוסלאַנדס פֿאַרווונדעטע קרעכצן מיר האָבן געטראָגן אין זיך!

דאָס ברודיקע כאַיל געטריבן מיר האָבן געניט מיט געווער,
געטריבן אַזוי, אַז די טויטע און אויך די פֿאַרווונדעטע שווער

געקאָנט וואָלטן הײַנט אײַך דערציילן מיט מאַרך, און מיט בלוט, און מיט לײַב,
ווי די סאָנים מיר האָבן פֿאַרטיליקט מיט שפּיזן, מיט פֿײַער און בלײַ.

ניט געזען עס האָט איינער דעם צווייטן — אַזאַ זאַווערוכע ט׳געוויט,
נאָר דאָס בלוט פֿון כאַווירים געפֿאַלענע גערופֿן צו שלאַכט האָט מיט טרייסט.

און העלדיש מיר האָבן געשלאָגן זיך, געדרויבלט דעם סוינעס געביין,
געגאַנגען, אַז אונטער די שטיוול די ערד האָט געקרעכצט און געוויינט!

און כאָטש איבער אונדז האָבן פֿלאַמען געבושעוועט ווילד און געמאָנט,
נאָר געשײַנט אומעטום האָט אין שלאַכט אונדז דער שטערן פֿון זיג — אַרױאָן!

און דערפאַר געטײַנעט מיר האָבן דעריבער: ביסט שיין אונדזער גורל און מילד,
ווי די פֿאָן, וואָס שײַנט אינעם קריג אונדז און פֿלאַטערדיק העלט אַפּן ווינט!

און כאָטש איבער אונדז האָבן כמאַרעס געוויגט זיך אין פֿלאַם און אין רויך,
מיר האָבן אין אַטאַקע געוואָרפֿן זיך, ווי א ברענענדער וואַלד פֿון דער הויך!

ס'האָט יעדער פֿון אונדז געוווּסט דאַן: אויב א פֿאַל טאָן ער וועט אינעם שנײ,
דאַן רוסלאַנד וועט אָנרופֿן יעדן באַם נאָמען מיט מוט און מיט ווײ.

און צודריקן וועט צו דער ברוסט אים די הייליקע מאַמעניו־ערד,
און כאָטש ס'וועט דער הימל אין טײַכן באַוויינען אים טרויעריק־שווער,

דאָך אומעטום שײַנען די ליכט וועט אין רוים, אױף דער ערד און אין יאַם.
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
אָ, רוסלאַנד! אָ, רוסלאַנד! אָ, רוסלאַנד! — ביזן האַלדז אין שנײ און אין פֿלאַם!..

## איך בין דער מענטש!

איך בין דער מענטש! מיט האַרץ מײַנס בין איך שטאַרק, ווי מיט זײַן פּרוכט דער עפּלבוים,
נאָר ווי דאָס אײַזן אינעם פֿלאַם כ'ווער ווייך מיט שטרענגער וואָר, מיט העלן טרוים,
און מיט מײַן זין כ'פֿלי הויך אין רוים אויף, ווו די נאַכט פֿאַרסאַרפֿעט ווערט ביז ענד,
און נאָר די ליד מײַנע, און נאָר די ליד מײַנע, גלײַך ווי די זונרויז, שײַנט און העלט!

איך בין דער מענטש! דער צווייט פֿון לעבן, דער שטיק־זײַל פֿון דעם וויכערס צײַט.
גלײַך ווי א בלעטל פֿון א זונרויז, אַזוי פֿריש עס שמעקט דאָס לײַב מײַנס הײַנט,
און שטאַרק איז ער, מײַן ווילן מענטשישער, ווי אָט דעם וויכערס בליץ און בויג,
און נאָר דאָס רויטע, נאָר דאָס רויטע, ווי די פֿאָן, פֿאַרבלענדט מײַן אויג!
איך בין דער מענטש! מיט אומרו לײַדנשאַפֿטלעכן איך גײ אַרײַן אין א טאָפּאָל גרויס,
און ס'וועט מײַן בלוט אין אים — זײַן הימל, זײַן זאַפֿט, זײַן פֿרישע סמאָלע בלויז.
נאָר אין זײַן וואָרצל, ווו טיף עס לעבן געהיימע סוידעס פֿון אַרום,
דאָרט וואַנדערט ס'זינגענדיקע האַרץ מײַנס, דאָס זינגענדיקע האַרץ שוועבט אום!

איך בין דער מענטש! די סוידעס פֿונעם טאָפּאָל כ'באַנעם אַפֿילע אין זײַן מאַך.
און הער אין אים א רויש פֿון בינען, ווי פֿון א שטערן א ווײַטן שאַרך.
ווי גלײַך דאָס וואָרט פֿון ערד איך הער אין קרוין זײַנער, ווו ס'בלאַנקעט אום מײַן ליד,
און נאָר דער פּרוכט־שפּראָצלינג מיט בלוט מײַנס אין זײַן צווײַג פֿאַרבליט!

איך בין דער מענטש! כ'הער זייער גוט, ווי ווערטער בלאָנדזשען אין מײַן שטאַם אום ענג,
ווי אין מײַן פֿילבאַרן באַוווּסטזײַן בענקט די נאַכט, די סאָווע בענקט.
נאָר פֿײַערדיק פֿליט אויף איך ווינטער מײַן שיינער ריטם לינד און שטאָלט,
און נאָר אין צווײַגן, און נאָר אין צווײַגן — מײַן פֿרײַער פֿרילינג העלט און שטראַלט!



## די געפאַר

עפּשער, אַ סוואָרע, אַז טאַקע דערפאַר
אָן אָפּשײַ באַגעגענען כ'פֿלעג די געפאַר,
אַ מאָך טאָן מיט לײַכטזין אויף איר מיט דער האַנט
(אין פײַער,
צעכראַסטעט דאָס האַרץ,
געשפּאַנט),
ווײַל געווען איך בין דעמאָלט נאָך זייער יונג,
איידער אַ טראַכט טאָן, געגעבן דעם שפּרונג.
בײַקומען כ'פֿלעג די דערנער אין וועג.
דערקראָכן צום דאָן, צו זײַן זאַמדיקן ברעג,
ווו פֿון אַ מינע צעפּלאַצטער דער דופּט
אָפּגעהאַקט ראַפּטום פֿון מיר האָט די לופֿט,
צוגעדריקט צו דעם גומען די צונג —
און אויסברוך, אַ קנאַל — דער לעצטער שלונג...

ס'האָט ווי אַ רייף, מיך פֿאַרקלעמט דער צאַר —
כ'טו אַרום זיך מיט די אויגן אַ שאַר:
איך בין געפֿאַלן, איך ליג, כאָטש די שלאַכט
דויערט, און בויערט, און הילכט, און וואַכט.
דעם, ווער עס פֿאַלט, איז טאָמיד שלעכט,
ווי איז מיר, כ'האָב פֿאַרשפּילט דעם געפֿעכט,
כ'באַרעווע זיך אויף דער ערד צעמישט —
אָך, ווי עס גלוסט זיך ניט ווערן צו נישט.
ס'כריפּעט און זשיפּעט אין מיר די לונג:
ניט צו פֿאַרדײַען דעם לעצטן שלונג...

אוואַדע איז עס אַ גרויזאַמער גזאַר.
ווײַזט אויס, כ'בין אַן אַקשן, אויב ניט קיין גוואַר.
אָפּגעשטעלט איז געוואָרן מײַן שוווּנג,
דאָך ס'ציטערט אין מיר אומפֿאַרלעשבאַר אַ פֿונק:
אַ נעס געשען איז דעמאָלט, באַם דאָן,
און לעבן געוואָלט כ'האָב באַנײַס אַ קאָן.
כאָטש אָפּגעגאָסן איך האָב זיך מיט בלוט,
עס האָט מיך אויפֿגעהויבן מײַן מוט,
ווי אַ קינד אַ קליינס, אויף די פֿיס מיך געשטעלט,
איבערגעלאָזט מיך אויף אָט דער וועלט,
און אָנזאָג געגעבן דערבײַ מיט אַ ווונק:
דינען דער היים ביזן לעצטן שלונג!

עפּשער קאָן זײַן, אַז טאַקע דערפאַר,
אָן שרעק איך באַגעגן איצט יעדע געפאַר —
געוואַגטקײַט זי וועקט, צו ווירדע זי רופֿט,
שעצן הייך יעדן שלוק פֿון דער היימישער לופֿט,

פון דער ליבע א טרונק, א זופּ פון א שפּאַס,
פאַרכלינען זיך, אויב ס'קומט אויס, פון האַס.
אַלעמאָל זיך דערוועגן דאָס נייטיקע טאָן,
אַלעמאָל, יעדעס מאָל פון אָנהייב אָן —
אַנטשיידן זיך א לאָז טאָן אין האַסטיקן שפּרונג,
אַפילע אויב ס'איז צום לעצטן שלונג...

## טכיעס־האַמייסים

דער, וואָס געקומען ער איז ניט צוריק,
פלעג זיך מיט לידער פאַרכלינען,
ביזן סאַמע ראַנד געשאַפן ער האָט,
אַפילע דאָרט,
ווו די פּײַקע ברויט
אָפן שפּיץ־קרוין פון דער סאָסנע
איז געהאַנגען.

אַנדערש לעבן ער האָט ניט געקאָנט.
געשריבן —
ווי געשמייכלט, ווי אין קאַס געווען,
ווי געצאַרנט זיך,
ווי געאָטעמט.
כאָטש עפּשער ניט געשריבן —
בלויז פאַרפאַסט די שורעס,
און געדעכעניש געהאַלטן,
ווײַל קיין בלײַער מיסטאָם ניט געווען איז בא אים,
אויך קיין בײַגעלע ווײַס פּאַפּיר.

זײַנע לעצטע לידער
זײַנען אוועק מיט אים.
מעגלעך, א קינפטיקער אַרכעאָלאָג
אין ווײַטן וואַלד וועט זיך גריבלען,
א בערעסטע אַנטדעקן,
אָף וועלכער אויסגעקריצט זײַנען
אוראַלטע אויסיעס
פון רעכטס אָף לינקס...
אונדזערע נאָכקומער,
די אייניקלעך און אוראייניקלעך
וועלן איבערלייענען די אָפּגעזוכטע שירים,
און וועלכע דער דיכטער האָט זײַן היים
אופריכטיק און געטרײַ באַזונגען,
און מיט זיי,
מיט אָט די לעצטע הימנען
פון דעם סאָלאָוויי
זײַנע אויסדערוויילטע ווערק
דערגאַנצן.



## הערשל פּאָליאַנקער

# דער וועג אין לעבן

מיר זײַנען קלייניקע געוואָרן גרויס,
און ווייסט דער רועך, ווו זײַנען זיי,
די יאָרן.

ב. אַליעווסקי

1

האָט מען אַמאָל געוואָלט א שטאָך טאָן א מענטשן ביז דער זיבעטער ריפּ, איז גענוג געווען א זאָג טאָן:

— נו, געוויס, מע זעט גלײַך, אז דער פארשוין איז פון קאָבעליאַקע... דאָרטן ווינען אייגע קאָפּמענטשן...

און מיט וואָס האָט זיך קאָבעליאַקע אזוי פארזינדיקט, מע זאָל מיט אזא ביטל ריידן וועגן דעם, ווייסט דער ניט־גוטער. דאכט זיך, א פײַן, כיינעווודיק שטעטל, וואָס האָט זיך פארקליבן אין דער סאמע געדיכטעניש פון פּאָלטאווער גובערניע און זיך פאנאנדערגעשפּרייט, ווי באם טאטן אין ווײַנגאָרטן, באם ברעג פון דער גרויסארטיקער וואָרסקלע.

און כאָטש אונדזער עליע דובינסקי שטאמט פון אָט דעם ווינקל, שעמט ער זיך לאַכלוטן ניט מיט דעם.

פארקערט! קאָבעליאַקע קלינגט אין זײַנע אויערן גאנץ פײַן. און אויב איר ווילט, גרויסט ער זיך אפילע מיט דעם, ווײַל ווו נאָך זײַנען אויסגעוואָקסן אזעלכע בארימטע מענטשן — שרײַבער, קינסטלער, געלערנטע, מיליטערלײַט?!..

כאָטש, צוריק גערעדט, אויב איר ווילט פּינקטלעך וויסן, שטאמט אונדזער אלטער באקאנטער ניט פון סאמע קאָבעליאַקע, נאָר פון א נאָענט דערפל, וואָס טראָגט דעם נאָמען בוטענקאָוואָ און איז מיטן שטעטל ווי א שטוב מיט אן אלקער.

דאָ האָבן א שלאָל מיט יאָרן געוווינט, זיך געמערט און געפּרוכפּערט אוקראַיִנער, רוסן, ייִדן, געארבעט, געבויט, פארזייט פעלדער און גערטנער, געפלאנצט סעדער, איבערגעלעבט פריידן און ליידן, געפּאָקט און געמאָזלט.

דער וועג אין דער גרויסער וועלט ארײַן איז געלעגן דורך קאָבעליאַקע, כאָטש אויך פונדאנען ביז דער אײַזנבאַן־סטאנציע איז א גוטע עטלעכע ווערסט מיטן הוילן פעלד. און אז מע האָט ניט געהאַט דאָס ביסל מינץ אַף א פור, אַף א באלעגאָלע, האָט מען זיך ניט געפוילט, גענומען די פיס אַף די פּלייצעס, און היידא, צופוס, דערצו באָרוועס, מע זאָל די שקראבעס ניט רײַסן.

אזויווי דאָס גרינע ווינקל איז געשטאַנען אין א זײַט פון די גרויסע וועגן, האָט מען דאָ קיין גרויסע געשעפטן מיט דער וועלט ניט געפירט, קיין מאַיאָנטקעס ניט פארמאָגט, מע איז געווען גליקלעך, אז מע האָט געקאָנט זיך אויסשלאָגן דאָס שטיקל ברויט מיטן טעלער קוליש.



עליע דובינסקי

קיין טערעשטשענקאָס, בראַדסקיס האָבן דאָ ניט געוווינט. עטלעכע רײַכע באַלעבאַטים אין שטעטל און עטלעכע רײַכע פּויערים אין דאָרף זײַנען געווען, און זיי האָבן ניט וויניק געריסן די הויט בא די אָרעמעלײַט, געצוווּנגען האָרע־ווען ביז דעם זיבעטן שוויס און געצאָלט אַזוי, מע זאָל ווי־ניט־איז דערהאַלטן די נעשאָמע.

רעב וועלוועל דובינסקי, עליעס טאַטע, האָט זיך געקאָנט רעכענען פאַר א רײַכן מענטשן. דאָס גרעסטע פאַרמעגן זײַנס זײַנען געווען זײַנע קינדער. א מישפּאָכע ניט צו פאַר־זינדיקן: פיר זין און פיר טעכטער.

איז טאַקע אין שטיבל אונטער דער אָפּ־געפליקטער סטריכע טאָמיד געווען לעבעדיק און פריילעך.

אײַנהאַלטן די כעוורײַע איז געווען ניט גרינג. די מאַמע, בלומע, א גוטהאַרציקע, א שטילע, שטענדיק א פאַרמאַטערטע פון דער אַרבעט אין שטוב און אין גערטנדל, לעבן דער בעהיימע, האָט זיך ניט געקאָנט געבן קיין אייצע מיט אירע כעוורעלײַט. וואָס שײַעך דעם טאַטן, איז ער זעלטן געווען אין שטוב. א שטיקל אָנגעשטעלטער בא די היגע באַלעבאַ־טים, האָט ער געהאַט א פורל מיט א פערדל, און איז אַרומגעפאָרן איבער די נאָענטע דערפ־לעך און כוטערס אײַנקויפן ווייץ און קאָרן. אין שטוב פלעגט ער קומען בלויז צו די גרויסע יאָמטויווים.

פאַר אים האָט כעווּרע געהאַט א ביסל דערעכערעץ, אין זײַן אָנוועזנהײַט ניט געוואָגט צו פּראָווען קיין שטיק, שלאָגן זיך, קריכן אויף די גלײַכע ווענט.

עס איז אָבער געווען גענוג, דער יאָמטעוו זאָל זיך ענדיקן און דער טאַטע זאָל אַרויספאָרן פונעם הויפל, ווי אַלץ האָט זיך אָנגעהויבן אַפסנײַ.

א גרויסער מאַזיק איז געווען עליק, דער מיזיניק. א שלאַנק שוואַרצכיינעוודיק ייִנגעלע מיט א טונקעלער געדיכטער טשופּרינקע און גרויסע קאַרע אויגן, א שטיק קוועקזילבער. קיינמאָל ניט אײַנגעזעסן אויף קיין אָרט, זיך אַרומגעטראָגן מיט אַנדערע קונדייסים איבער די גאַסן, געטומלט, זיך געבאַלעוועט, געקראָכן אויף דיביימער און אָפטלעך געקומען אַהיים מיט א צעדראַפּעט נעזל, א צעריסן העמדל. פאַר דעם מאַזיק האָט די מאַמע איבערגעלעבט מער, ווי פאַר אַנדערע „שטילע" קינדער, און קוקנדיק אויף דעם פאַרפאַליעטן פאַרשוויצטן בענאַק, געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— גאָטעניו טײַערער, וואָס וועט פון אים אויסוואַקסן?!

— וואָס הייסט וואָס? — האָבן אונטערגעשמייכלט די שכיינעס. — א פאַסטעך, אָדער, גיכער פאַר אַלץ — א באַלעגאָלע...

דעם אויספיר האָט מען געמאַכט נאָך דעם, ווי איינמאָל, ווען דער טאַטע איז געשלאָפן, איז עליק אַרויף אויפן פערדל און זיך אָנגעכאַפּט פאַר דער גריווע. דאָס פערדל האָט זיך צעבייזערט אויף דעם רײַטער, זיך א לאָז געגעבן איבערן דעם געסל אין גאַלאָפּ, און שיר ניט אַראָפּגעוואָרפן עליקן. באַם אוילעם, וואָס האָט דאָס צוגעזען, איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן. אז מע האָט וועגן דעם דערציילט עליקס טאַטן, האָט ער א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט: „נישקאָשע, דאָס פערד וועט אים א פּאָר מאָל אַראָפּשלײַדערן, וועט דער גאַזלען מער ניט קריכן צו דעם".

„דער גאַזלען" איז נאָך דעמלט ניט אַלט געווען קיין זעקס יאָר...

נאָך איין טעווע האָט געהאַט עליק — ליב געהאַט אַרײַנשטעקן דאָס קורצע נעזל אַהין, ווו מע דאַרף ניט.

די קינדער האָבן געמאַכט די לימודים, פלעגט ער זיך אויך צורוקן, אַרײַנקוקן אין די ביכלעך, לערנען די אויסיעס. אַזוי צוביסלעך האָט ער אָנגעהויבן לייענען. אין שטוב האָט ער, ווי אַלע קינ־דער, געהאַט זײַנע פליכטן. אַלע באַגינען, עס האָט געמעגט דונערן און בליצן, אַרויסגעטריבן די בעהיימע אויף דער לאָנקע, זי געפּאַשעט. ציטערנדיק פון דער באַגינענדיקער קעלט, געזעסן מיט די דאָרפישע פאַסטעכלעך בא א שײַטערל, זיך געוואָרעמט, געבראָטן אויפן אַש קאַרטאָפליעס, געלערנט

זיך זינגען לידלעך. א שטים האָט ער געהאַט א פּײַנע, א קעפּל א שאַרפס, און די לידלעך, וועלכע ער האָט ליב באַקומען, האָט ער פאַרגעדענקט אױף לאַנג.

אַלץ וואָלט, דאַכט זיך, געוועזן גוט. עלעקל איז צופרידן געוועזן מיט זיך און מיט דער אַרו־מיקער וועלט. ער האָט זיך שוין אויך אָנגעהויבן לערנען מיטן רעבן, וואָס פלעגט אַראָפּקומען אַהער, אין דאָרף, אַזש פון קאַבעליאַקע, ווערט אָבער קראַנק דער טאַטע. אין א קורצער צײַט גייט ער אַוועק פון דער וועלט, און אין שטוב ווערט פּוסט און טרויעריק. די עלטערע קינדער צעפּאָרן זיך אָפּזוכן אַרבעט, פאַרדינען אױף דער אויסקומעניש. אויך עלעקלען פירט די מאַמע אַוועק קיין קאַבעליאַקע צו א קאָרעווע און גיט אים אָפּ לערנען אין קאַמערץ־שול. אַליין פאָרט זי אַוועק אַהיים, זי האָט זיך אירע טויזנט שטוב־דײַגעס: זאָרגן וועגן פּאַרנאָסע, האָדעווען די קלענערע קינדער, שיקן אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק א טאָרבעלע עסן דעם זון, וואָס קנעלט. די לערער האָבן איר געזאָגט, אַז ער האָט א גוטן קאָפּ, און אויב עס וועט אים ניט נימעס ווערן לערנען, קאָן מיט דער צײַט פון אים עפּעס אַרויסקומען.

און זייער נעוויַעס איז מיט דער צײַט מעקוייעם געוואָרן. עליע האָט געענדיקט די שול מיט א גאָלדענעם מעדאַל, און דאָס האָט געמאַכט דעם גרעסטן רוישעם אין גאַנצן שטעטל.

וויבאַלד אַזוי דאַרף מען זען, אַז דער באָכער זאָל לערנען ווײַטער. ער האָט דערצו שטאַרק כיישעק. עמעס, קעדיי לערנען, דאַרף מען האָבן פאַר וואָס. נאָר דאָס האָט איצט ניט געשראָקן, ווײַל ווען עלעק האָט נאָך געלערנט אין שול, האָט ער שוין געגעבן שטונדן און צוביסלעך פאַרדינט ניט נאָר אױף זיך, נאָר אויך אונטערגעהאָלפן די מאַמע.

וווהין זשע זאָל ווײַטער פאָרן דער אויסגעשפּילטער כעוורעמאַן לערנען? אין שטוב האָט מען לאַנג זיך געייעצט, און ניט געקאָנט קומען צו קיין באַשלוס.

האָט עלעק אַלעמען באַרויִקט. ער וועט זיך שוין אַליין זײַן שטעטל באַשטיין. ער וועט זיך דערקלײַבן קיין פּעטראָגראַד. דאָרט זײַנען פאַראַן א סאַך לערן־אַנשטאַלטן, וועט ער פּרווון ערגעץ אָנקומען.

די שטוביקע און די שכיינים האָבן געמאַכט פון אים דאָס גרעסטע געלעכטער: „אַ־אַ, וווהין א באָכער האָט זיך זאַמירעט! דאָרטן זײַנען פאַראַן בילכערע ווי א בענאַק פון א קאַפּצן אין זיבן פּאָלעס...

נו, און דער גאָלדענער מעדאַל איז עפּעס א שפּילכל? ער וועט באַווײַזן זײַן מעדאַל, וועט מען אים אָנעמען אָן שום עקזאַמענעס...

האָט דער אויִלעם ווידער אויסגעשאָסן א געלעכטער:

— נאַרישער באָכער! האָסט פאַרגעסן, אַז דו ביסט א ייִדיש ייִנגל פון קאַבעליאַקע און ניט סטאָליפּינס פּלימעניקל...

אָבער עליע איז געווען א גרויסער אַקשן. אַז ער האָט פאַרטראַכט עפּעס, וועט ער זײַנס זיך דערשלאָגן.

קרויווים און שכיינים האָבן צונויפגעגעבן פאַר אים א ביסל געלט, א טאָרבעלע עסנוואַרג, און ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין ווײַטן וועג.

די גרויסע און רוישיקע שטאָט האָט אים צעטומלט. ער האָט ניט געוווּסט, ווו א טיר עפנט זיך. אַזויפיל הײַזער אַרום און אַרום, נאָר פאַר אים זײַנען אַלע טירן פאַרמאַכט. ער האָט זיך אָפּגע־זוכט א נאַכטלעגער אָפּן וואָקזאַל.

די זשאַנדאַרמען, וואָס האָבן זיך דאָ אַרומגעדרייט און מיט כשאַד זיך צוגעקוקט צו אַזעלכע פּאַסאַזשירן, ווי ער, האָבן אױף אים גלײַך געוואָרפן אַן אויג, און ווען ניט די פּאַפּירן מיטן גאָלדענעם מעדאַל, וואָלט מען אים מיטן עטאַפּ אָפּגעשיקט צוריק קיין קאַבעליאַקע. מע האָט אים נאָר אָנגעזאָגט, אַז אויב מע וועט אים ניט אויפנעמען אין פּאָליטעכניקום, זאָל ער זיך גלײַך פאַרנעמען פון דער שטאָט.

אין פּאָליטעכניקום האָט מען לאַנג באַטראַכט דעם פּראָווינציִעלן באָכער, זיך דורכגעשמועסט מיט אים. ער האָט באַוויזן זײַן מעדאַל. דאָס האָט געמאַכט אַן אײַנדרוק. מע האָט אים געמאָלדן, אַז ער מעג זיך רעכענען פאַר א סטודענט. ווו נעמט מען אָבער דאָ א ווינקל אױף דעם קאָפּ צושפּאָרן? דערצו נאָך האָבן זיך אויסגעלאָזט די קאַפּיטאַלן, וואָס מע האָט אים צונויפגענומען אָפּן וועג. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז צו פרי האָט ער זיך געלאָזט אין ווײַטן וועג שטודירן.

מעגלעך, ער וואָלט זיך דאָ יאָ פאַרטשעפּעט, נאָר מיט יעדן טאָג איז אין שטאָט געוואָרן אַלץ אומרויִקער. די ערשטע וועלט־מילכאָמע איז געווען אין רעכטן ברען. אין פּעטראָגראַד אױף די זאַוואָדן און פאַבריקן האָט זיך געטומלט, אומעטום זײַנען געגאַנגען מיטינגען, פאַרגעקומען שטרײַקן. אין פּאָליטעכניקום איז אויך געוואָרן פּוסטלעך. די סטודענטן האָבן אויפגעהערט גיין אױף די לעקציִעס. און אונדזער פרישגעבאַקענער כסטודענט האָט באַשטימט, אַז ער דאַרף זיך דערווײַל אומקערן אַהיים

און באַטראַכטן, ווי האַלט ער אין דער וועלט, שפּעטער וועט מען זיך יאַקאָס געבן אַן אייצע, וואָס טאָן ווײַטער.

ניט ווייניק צײַט איז אַדורך ביז עליע האָט זיך דערקליבן מיט די איבערגעלאָדענע צוגן אַהיים. די מאַמע האָט אים באַגעגנט, ווי מע באַגעגנט מאָשיִעכן. זי האָט זיך שוין אויסגעוויינט די אויגן. פֿון פּעטראָגראַד זײַנען אַהער דערגאַנגען אַן אַ שיר אומרויִקע קלאַנגען.

עליע דובינסקי האָט זיך אומגעקערט פֿון דער גרויסער וועלט אַהיים פּונקט דעמלט, ווען מע האָט אַראָפּגעוואָרפֿן דעם קייסער פֿונעם טראָן. שכיינעס, וועלכע האָבן ליב געהאַט זיך אַ ווײַצל טאָן, האָבן מיט אַ ביטערן שמייכל געזאָגט:

— נו, אַוואַדע, עלעקל, ווען דו הייבסט אָן האַנדלען מיט טאַכריכים, וואָלטן מענטשן אויפֿגעהערט שטאַרבן... אַז מע האָט דיך אַרײַנגענומען אין וועַרסיטעט צי וויִאַזוי הייסט עס דאָרט, האָט זיך דאָס לעבן געדאַרפֿט אַזוי איבערקערן...

אַנדערע האָבן געזאָגט:

— מײַלע, זעט אויס, אַ באַשערטע זאַך... אויס קאַלע ווידער אַ מויד... וועסט ווידער געבן „טשאַסנע אָוראַקן" און העלפֿן דער מאַמען, דער אַלמאָנע... דעריקער, עס זאָל זײַן שטיל אויף דער וועלט...

נאָר שטיל אויף דער וועלט איז ניט געוואָרן. פֿאַרקערט. די ערד האָט געברענט.

## 2

די פּעטליוראָווצעס האָבן געריסן שטיקער פֿון אוקראַיִנע. דעם קייזערס כאַיאַלעס האָבן פֿאַרפֿלייצט די שטעט און דערפֿער. זיי האָבן גערױבעוועט, אַרויסגעפֿירט קיין דײַטשלאַנד אַלץ, וואָס עס האָט זיך געלאָזט. נאָר דאָס פֿאָלק האָט זיך אויפֿגעהויבן קעגן די רויבער, אומעטום זײַנען געשאַפֿן געוואָרן פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן. אין שפּיץ פֿונעם קאַמף פֿאַר דער ראַטנמאַכט, פֿאַר אַרויסטרײַבן די אָקופּאַנטן פֿון אוקראַיִנע האָבן זיך געשטעלט די באָלשעוויקעס.

דער קאַמף האָט מיט יעדן טאָג זיך פֿאַנאַנדערגעוויקלט אַלץ שטאַרקער.

קיין קאַבעליאַקע איז אַראָפּגעקומען פֿון פּעטראָגראַד וואַסיל אַנטאָנאָוויטש אופּער, אַ סאָלדאַט, וועלכער האָט זיך אָפּגעוואַלגערט אין די אָקאָפּעס קנאַפּע דרײַ יאָר. אַן אַקטיווער אָנטיילנעמער פֿון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, האָט ער, אומקערנדיק זיך אַהיים, ער האָט געשטאַמט פֿונעם דאָרף שטשאָרבאַטאָווקע, געשאַפֿן אַ פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד. אַ מיטגליד פֿון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי איז ער געוואָרן אויפֿן פֿראָנט נאָך אין זעכצנטן יאָר. מע האָט געוווּסט, אַז ער האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אינעם שטורעם פֿונעם ווינטער־פּאַלאַץ, צוזאַמען מיט אַ סאָלדאַטישער דעלעגאַציע פֿון דער זיבעטער אַרמיי געווען בײַ לענינען אין סמאָלני.

„וואַסיל פֿון שטשאָרבאַטאָווקע", ווי מע האָט גערופֿן דעם פּאַרטיזאַנישן אָנפֿירער, האָט זיך גענייטיקט אין אַ געטרײַען פֿאַרבינדלער און ער האָט געבעטן זײַנעם אַ יונגן פֿרײַנט, דעם אונטערערדלער אַלעקסאַנדער מאַרקאָוויטש טרעבעליִעוון, צוזוכן אַזאַ מענטשן.

אַלעקסאַנדער טרעבעליִעוו האָט זיך געהאַט געלערנט צוזאַמען מיט עליע דובינסקין און ער האָט אים רעקאָמענדירט אופּערן.

זייער באַגעגעניש איז פֿאָרגעקומען אין אַ שטילן ווינקל פֿון קאַבעליאַקע. בײַ דער קנאַפּער שײַן פֿון אַ קאַנעצל האָבן זיי זיך באַקענט — דער באָלשעוויק וואַסילי אופּער און דער יונגער סטודענט עליע דובינסקי. דער אויסגעפּרוּווטער שלאַכטמאַן איז געוואָרן עליעס וועגווײַזער. די דאָזיקע באַגעגעניש האָט עליע פֿאַרגעדענקט אויפֿן גאַנצן לעבן.

אין צוויי טעג אַרום איז דער סטודענט שוין געווען אין פּאָלטאַווע מיט דער ערשטער פֿאַראַנטוואָרטלעכער שליכעס צום אָנפֿירער פֿונעם היגן אונטערערדישן צענטער, צום „כאַוּער כטעפּאַן". אַזאַ איז געווען דער פּאַרטיי־נאָמען פֿון יורי קאָציובינסקין, דעם זון פֿונעם אוקראַיִנישן קלאַסיקער מיכײַלאָ קאָציובינסקי. עליע דובינסקי האָט דערנאָך אויסגעפֿילט אַ סאַך פֿאַראַנטוואָרטלעכע אויפֿגאַבן פֿון דער באָלשעוויסטישער אונטערערד.

אין אָט דער שווערער צײַט, ווען אין קאָן איז געשטאַנען דער גורל פֿון דער רעוואָליוציע, האָט וואַסילי אַנטאָנאָוויטש אופּער געגעבן דעם שרעקלאָזן יונגן פּאַרטיזאַנער עליע דובינסקין אַ רעקאָמענדאַציע אין פּאַרטיי. מיט דער פּאַרטיי האָט עליע פֿאַרבונדן זײַן גאַנץ לעבן.

אויף פּאָלטאַווושטשינע, ווו דער אָטריאַד פֿון וואַסילי אופּער האָט געקעמפֿט קעגן די סאָנים פֿון דער רעוואָליוציע, האָט מען דעראָבערט אַ ניצאָכן. און עס איז אָנגעקומען אַ באַפֿעל שיקן אַ גרע־

סערע גרופּע יונגע קאָמוניסטן קיין קיִעוו, ווו מע וועט זיי פּאַנאַנדערשיקן אין די אָקאָרשט אָרגאַניזירטע רויטאַרמייִשע טיילן.

אין באַשטאַנד פון דער גרופּע איז געווען אויך עליע דובינסקי, אַ פאַרהאַרטעווועטער אין די שלאַכטן, יונגער לעניניעץ.

ער איז דעמאָלט אַלט געווען אַכצן — דאָס נײַנצנטע יאָר.

3

קיִעוו האָט אים פאַרקישעפט מיט זײַן שיינקייט. אָבער ניט לאַנג האָט עליע זיך פאַרהאַלטן אין דער שטאָט אַפן דניעפּער. מע האָט אים מיט עטלעכע יונגע כעווריע — פרײַוויליקע געשיקט אַף דאָנבאַס אין דער 42־טער דיוויזיע, וואָס איז אין גרונט באַשטאַנען פון אַרבעטער־שאַכטיאָרן. עליען האָט מען פאַרעכנט אין דעם קאַוואַלערישן עסקאַדראָן פון דער דיוויזיע.

די עלטערע רויטאַרמייער — באַיאָרטע שאַכטיאָרן האָבן זיך צוגעקוקט צו דעם היִכוווקסיקן, שוואַרצכיינעוודיקן רײַטער. אין זאָטל איז ער געזעסן גאַנץ פײַן, ער האָט אויך זיך געקאָנט באַגיין מיטן פערד, אָבער ווי וועט ער זיך פילן אין זאָטל, ווען מע וועט דאַרפן מיט דער שווערד זיך לאָזן אין אַטאַקע אַפן סוינע?

שוין אין דער ערשטער שלאַכט, ווען דער עסקאַדראָן האָט זיך אַ לאָז געטאָן מיט אַנטבלויזטע שווערדן אַפן סוינע, האָט עלעק זיך אַרויסגעריסן אין דער ערשטער ריי און געאַרבעט מיט דער שווערד אַף לינקס און אַף רעכטס. דער קאָמאַנדיר פון פּאָלק האָט אים נאָך דער שלאַכט אויסגעדריקט אַ דאַנק.

רוען איז קיין צײַט ניט געווען. בלויז ווען די נאַכט פלעגט צופאַלן, האָט מען געקאָנט עטלעכע שאָ איבערכאַפּן דעם אָטעם, קעדיי באַגינען זיך ווידער לאָזן אין מאַרש, אין שווערע געפערלעכע שלאַכטן.

בײַס די האַרבע אַטאַקעס האָט דער „סטודענט" זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן עכטן שלאַכטמאַן, מע האָט אים ליב באַקומען פאַר זײַן העלדישקײַט און האַרציקייט, און ווען ס'איז אין איינער פון די שלאַכטן אומגעקומען דער קאָמיסאַר פון פּאָלק, האָבן אַלע געשטימט דערפאַר, אַז עליע דובינסקי זאָל אים פאַרבײַטן.

דער באָכער פון קאַבעליאַקע איז געוואָרן קאָמיסאַר פון אַ פּאָלק אין דער באַרימטער 42־טער שאַכטיאָרישער דיוויזיע.

די רײַטער האָבן געשפּאַסט, אַז דער נײַער קאָמיסאַר זייערער איז פאַרקישעפט. עס נעמט אים ניט קיין קויל, ניט קיין שווערד. עמעס, צוויי מאָל איז ער געווען פאַרוווּנדעט. אָבער ניט שטאַרק, און ווען מע האָט אים איבערגעבונדן די וווּנדן, האָט ער זיך ווידער אַרופגעכאַפּט אַף זײַן פערד. קיינער האָט ניט געוווּסט, ווען דער יונגער קאָמיסאַר שלאָפט, ער האָט אומעטום באַוויזן זײַן, געשמועסט מיט די שלאַכטלײַט, דערציילט, וואָס עס טוט זיך אַף די אַרומיקע פראָנטן און וואָס פאַר אַ לעבן עס וועט זײַן, ווען מע וועט בײַקומען די סאָנים. אָבער ווי נאָר עס פלעגט זיך אָנהייבן אַ שלאַכט, אַזוי פלעגט ער אויסוואַקסן אַף זײַן בליץ־שנעלן בולאַנעם אין דער ערשטער ריי.

נאָך די שווערע, בלוטיקע שלאַכטן מיט די דעניקיניִשע כאַיאָלעס, נאָך דעם, ווי מע האָט באַפרײַט כאַרקאָוו, האָט די דיוויזיע באַקומען אַ באַפעל אײַלן אַף דאַרעם, ווו עס האָבן באַם פּערעקאָפּער לאַנדפּאַס זיך אָנגעהויבן די שלאַכטן קעגן וואַראַנגעלן...

דאָס איז געווען אַ שווערער מאַרש. מע איז געגאַנגען מיטן הוילן סטעפּ, אָפּגענאַרט דעם שלאָף, זיצנדיק אין די זאָטלען. דער וועג האָט זיך געצויגן עטלעכע הונדערט קילאָמעטער. דערצו נאָך האָט די דיוויזיע געהאַט אַן אופגאַבע פאַרניכטן בײַסן מאַרש אַלע באַנדעס, וועלכע האָבן אָפּערירט אין די דאָזיקע קאַנטן.

דער קאָמאַנדיר פון פּאָלק פעדאַרענקאָ האָט זיך שטאַרק באַפרײַנדעט מיט זײַן יונגן קאָמיסאַר, ער האָט אים געפּאַסט פאַר אַ טאַטן, נאָר באַצויגן האָט ער זיך צו אים ווי צו אַ גלײַכן. כאָטש פעדאַרענקאָ האָט געהאַט אַ היפּשע שלאַכט־דערפאַרונג סײַ בײַסן וועלטקריג, סײַ אין בירגערקריג, האָט ער זיך צוגעהערט צו דעם קאָמיסאַרס מיינונג.

באַם פּערעקאָפּ האָבן די שאַכטיאָרישע דיוויזיע באַגעגנט דער לעגענדאַרער קאָמאַנדאַרם פרונזע און דער קאָרפּוס־קאָמאַנדיר פון דער באַרימטער „טשערוואָנער קאַזאַטשעסטווע" („רויטע קאַזאַקנטום") וויטאַלי פּרימאַקאָוו.

באַטראַכט די קאָלאָנעס, זיך באַקענט מיט די קאָמאַנדירן, האָט פֿרונזע באַפֿוילן איבערגעבן דעם רײַטער־טייל פֿון דער דיוויזיע אין פּרימאַקאָווס רעשוס.

א צווייענדיקער גפֿיל האָט באַהערשט עליע דובינסקין: אים איז געווען א שאָד זיך צעשיידן מיט דער דיוויזיע, אין וועלכער ער איז דורכגעגאַן אַזאַ רײַכע קאַמפֿס־שול, און אין דער זעלבער צײַט האָט ער זיך געפֿרייט, וואָס ער וועט קעמפֿן האַנט בײַ האַנט מיט פּרימאַקאָוון.

דעם זעלבן טאָג האָט וויטאַלי מאַרקאָוויטש פּרימאַקאָוו געהאַט א געשפּרעך מיט דעם יונגן קאָמיסאַר, וועלכער איז פֿון די ערשטע מינוטן אים געפֿעלן געוואָרן.

פּרימאַקאָוו האָט אויסגעפֿרעגט דובינסקין, פֿונוואַנען ער שטאַמט, אין וועלכע שלאַכטן האָט ער זיך באַטייליקט. ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז יענער איז געווען אין פּעטראָגראַד, האָט ער דערציילט עליען, אַז בײַ דער רעוואָליוציע איז ער אויך געווען דאָרט.

וויטאַלי פּרימאַקאָוו איז געווען אַף צוויי־דרײַ יאָר עלטער פֿון דובינסקין. ער איז אויסגעוואַקסן אין א דאָרף, ניט ווײַט פֿון טשערניגאָוו, אין דער מישפּאָכע פֿון א לערער. דער טאַטע זײַנער, מאַרקאָ גריגאָריעוויטש פּרימאַקאָוו, האָט געוואָלט, אַז דאָס ייִנגל זאָל אויך ווערן, ווי ער, א לערער. אָבער וויטאַלי, ניט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט זיך גוט געלערנט אין טשערניגאָווער גימנאַזיע, האָט געטרוימט וועגן אַן אַנדער וועג אין לעבן. ער האָט זיך באַפֿרײַנדעט מיט יורי קאָציובינסקין און געוואָרן אַן אָפּטער אַרײַנגייער צו די קאָציובינסקיס אין שטוב. אַהין פֿלעגט זיך צונויפֿקומען די רעוואָליוציאָנערע יוגנט. מיכײַלאָ קאָציובינסקי — אַן עכטער רעוואָליוציאָנערער דעמאָקראַט האָט דערציילט זײַן זונס כאַוויירים, ווי שווער עס לעבט דאָס פֿאָלק. און דאָ בײַם שרײַבער אין שטוב איז געשאַפֿן געוואָרן אַן אונטערערדיש באָלשעוויסטיש קרײַזל, אָנגעפֿירט דערמיט האָבן טאַקע יורי קאָציובינסקי און וויטאַלי פּרימאַקאָוו.

די צאַרישע זשאַנדאַרמען איז בײַ אַן אָרדנטלעכער סכאָדקע פֿונעם קרײַזל געלונגען צו פֿאַרכאַפּן די יונגע רעוואָליוציאָנערן. דער קיִעווער פֿעלד־געריכט האָט זיי אַרויסגעטראָגן א טויט־אורטייל. נאָר אַף וויפֿל די „פֿאַרברעכער“ זײַנען נאָך אַפֿילע קיין אַכצן יאָר ניט אַלט געווען, האָט מען דעם אורטייל פֿאַרביטן מיט קאַטאָרגע אין סיביר.

נאָך דער פֿעוורואַל־רעוואָליוציע האָבן די יונגע אוקראַיִנישע בונטאַרן זיך אַרויסגעריסן פֿונעם געהענעם און מיט א גרויסער גרופּע קאַטאָרזשאַנעס אַוועקגעלאָזט זיך קיין פּעטראָגראַד, וווּ זיי האָבן זיך אײַנגעשלאָסן אינעם קאַמף פֿון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי.

אין די שלאַכטן בײַ פּערעקאָפּ האָבן פּרימאַקאָווס טיילן באַוויזן וווּנדער. אין די דאָזיקע שלאַכטן האָט זיך אויסגעצייכנט אויך דער קאָמיסאַר דובינסקי מיט זײַן פּאָלק. צוקוקנדיק ווי דער קאָמיסאַר פֿירט זײַנע עסקאַדראָנען אין אַטאַקע, האָט פּרימאַקאָוו זיך א ביסל געבייזערט אַף דעם פֿאַרשײַטן רײַטער, און נאָך איינער א שלאַכט אים אַפֿילע געמאַכט אַן אויסרייד:

— עס איז ניט קיין מוז, כאַווער קאָמיסאַר, — האָט געזאָגט פּרימאַקאָוו, — דער קאָמאַנדיר און דער קאָמיסאַר זאָלן שטענדיק גיין אין אַטאַקע אין דער ערשטער ריי... אויב זיי וועלן אומקומען, וועט דער טייל בלײַבן אָן א פֿירער, און די שלאַכט וועט זײַן פֿאַרשפּילט...

און ער האָט אים אין א פּאָר מינוט איבערגעלייענט א לעקציע וועגן דעם, וועלכע פֿליכטן עס האָט א קאָמיסאַר און ווו דאַרף ער זיך געפֿינען בײַס אַן אַטאַקע...

4

פֿון פּערעקאָפּ האָט מען פּרימאַקאָווס קאָרפּוס איבערגעוואָרפֿן אַפֿן פּוילישן פֿראָנט. די רויטע קאָזאַקן זײַנען געגאַנגען דורך די אוקראַיִנישע סטעפּעס, און אַפֿן וועג געשמעטערט פּעטליורעס און מאַכנאָס באַנדעס.

סײַ אין דעם לאַנגן מאַרש דורך גאַנץ אוקראַיִנע, סײַ בײַ די גרויזאַמע שלאַכטן האָט דער קאָמבריג פּרימאַקאָוו ניט אַרויסגעלאָזט פֿון אויג דעם קאָמיסאַר דובינסקי. אין די שלאַכטן קעגן די ווײַספּאָליאַקן האָט עליע דובינסקי שוין קאָמאַנדעוועט מיט דעם 6־טן רײַטער־פּאָלק פֿון פּרימאַקאָווס קאָרפּוס. ער איז אָקאָרשט אַלט געוואָרן צוויי און צוואַנציק יאָר. אין יענע יאָרן זײַנען קימאַט אַלע קאָמאַנדירן פֿון דער רויטער אַרמיי געווען יונג.

אין איינעם א נעפּלדיקן האַרבסטיקן פֿאַרנאַכט פֿון 1920, ווען דובינסקיס פּאָלק איז געשטאַנען אין א געדיכטן וואַלד ניט ווײַט פֿון וואָלאָטשיסק, איז געקומען רײַטנדיק אַף זײַן פֿערד דער קאָמאַנדיר פֿונעם קאָרפּוס. אַף דער אײַזנבאַן־ליניע האָט אַרודעוועט לעבן דער שטאָט א פּעטליורישער פּאַנצערצוג און געשטערט זיך דערנעענטערן צו דער גרענעץ, צום טײַך זברוטש. דער קאָמקאָר האָט זיך געווענדט מיט א רעדע צו די רויטע רײַטער:

— אַדלערס מײַנע, די אַרבעטער און פּויערים פֿון אונדזער לאַנד, לענין, די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי, האָבן הויך אָפּגעשאַצט אײַערע לעגענדאַרע ריידן, אײַער העלדישקייט און אײַערע קאַרבאַ־נעס. אין די דאָזיקע ערטער האָבן מיר מיט דרײַ יאָר צוריק אָנגעהויבן דעם קאַמף קעגן דעם בלוטיקן פּעטליורען און גראָד דאָ איז אונדז באַשערט דערלאַנגען דעם לעצטן טויט־קלאַפּ די פֿאַרשאָלטענע קוילערס, און אונדזער לאַנד וועט פֿרײַ אָפּאָטעמען און צוטרעטן צו דער פֿרידלעכער אַרבעט...

די קאָזאַקן האָבן אויפֿמערקזאַם אויפֿגעכאַפּט יעדער וואָרט פֿון זייער קאָמאַנדיר. ער האָט פֿאַר־געזעצט:

— איך ווייס, איר זענט שטאַרק מיד, אָבער מיר דאַרפֿן זיך אונטערגאַרטלען, טײַערע פֿרײַנט מײַנע. איך האָב צו אײַך אַ באַקאַשע, אַדלערס, וועד וויל גיין פֿאַרניכטן די לעצטע נעסט פֿון אונד־זער בלוטיקן סוינע?

אַ וואַלד מיט הענט האָט זיך אויפֿגעהויבן. אַלע, ווי איינער, זײַנען געווען גרייט גיין אין שלאַכט. פּרימאַקאָוו האָט אָפּגעשטעלט זײַן בליק אויף דובינסקין. אַ וווּקסיקער, אַ שלאַנקער, איז דער יונגער קאָמאַנדיר געזעסן אויפֿן פֿערד אין אַ שוואַרצער בורקע, די טונקעלע פּאַפּאַכע פֿאַרוקט אָן אַ זײַט. אַ גוטמוטיק שמייכעלע האָט זיך צעשפּײַנט אויף דעם קאָמקאָרס פּאָנעם:

— איך זע, אַז אײַער קאָמאַנדיר, איליאַ דובינסקי, וויל אײַך פֿירן אין שלאַכט? איך האָב גאָר־נישט ניט קעגן... זאָל זײַן מיט גליק!

שטאַרקע הוראַ־אויסגעשרייען האָבן אופֿגעטרייסלט דעם וואַלד.

5

אַ באַגײַסטערטער, וואָס דער קאָמקאָר האָט אים פֿאַרטרויט אַזאַ בעקאַוועדיקע אויפֿגאַבע, האָט דובינסקי אָפּגעגעבן די נייטיקע באַפֿעלן, און דער פּאָלק איז אַרויס פֿון וואַלד און מיטן פֿעלד זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פֿון דער גרענעץ־שטאָט.

פּונעם אָנגעכמורעטן הימל האָט אײַנגעקאַשנט זיך געזיפּט אַ בייז רעגנדל און געדראָט זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַן עמעסן שלאַקסרעגן.

די קאָלאָנע האָט זיך געצויגן מיטן דורכגענעצטן, גליטשיקן שליאַך, אַרום זײַנען געלעגן פֿעלדער, באַוואָקסענע מיט ווילדגראָז, וויִ האָבן געבענקט נאָך פּוידן.

עליע דובינסקי אויף זײַן פֿערד אין גאַריטן פֿאַר דער קאָלאָנע. עס האָט זיך געוואָלט וואָס גיכער צוקומען שטילערהייט צו די פֿײַנטלעכע פּאָזיציעס און מיט אַלע קויכעס זיך אַ וואַרף טאָן אין אַטאַקע.

אַ קאַזאַק פּונעם שוצטייל איז צוגעפּאָרן צום קאָמאַנדיר פּונעם פּאָלק און ראַפּאָרטירט, אַז אין דער זעלבער ריכטונג, וווּהין ער פֿירט זײַנע רײַטער, באַוועגט זיך ניט ווײַט נאָך אַ קאָלאָנע. דו־בינסקי האָט ניט באַוויזן באַטראַכטן, וואָס פֿאַר אַ טייל קאָן דאָרט זײַן, ווי אין פֿעלד האָט זיך באַוויזן אַ רײַטער אויף אַ צעהיצט פֿערד. ווען ער האָט זיך דערנעענטערט, האָט דובינסקי אים דערקענט, — דאָס איז געפֿלויגן אהער גריגאָרי קאָטאָווסקי. אַ בייזער, האָט ער אָפּגעשטעלט זײַן פֿערד און אויסגערופֿן: „ווער זענט איר, קאָזאַקן, און וווּהין טראָגט איר זיך?"

דובינסקי האָט מיט גרויס דרעכערעץ פֿאַר דעם באַרימטן קאָמדיוו געענטפֿערט:

— מיר גייען אויף וואָלאָטשיסק, כּוועער קאָמדיוו, צום זברוטש...

— איך גיי אײַנעמען וואָלאָטשיסק! איך מיט מײַנע רײַטער... — האָט קאָטאָווסקי איבערגע־שלאָגן, — און איר פֿאַרקערעוועט גלײַך צוריק!..

— איך האָב אַ באַפֿעל פֿון מײַן קאָמאַנדיר, פֿון פּרימאַקאָוון, און פֿיל אויס דעם באַפֿעל... — האָט רויק געענטפֿערט דובינסקי.

קאָטאָווסקי האָט זיך אַ רעגע פֿאַרטראַכט, אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

איך זע, אַז דו ביסט אַ רײַטער אַ כוואַט... גוט, וואָס דו פֿילסט אויס פּרימאַקאָווס באַפֿעל. פֿון וויטאַלי מאַרקאָוויטשן האַלט איך... נאָר דאָך וועל איך אײַנעמען וואָלאָטשיסק... אַזאַ באַפֿעל האָב איך... איך בין דאָ דער עלטסטער. פֿאַרשטאַנען? און וויבאַלד אַזוי, וועסטו מוזן זיך מיר אונ־טערוואַרפֿן...

— פֿאַרשטאַנען, כּוועער קאָטאָווסקי. מיט גרויס כיישעק וועלן מיר אַטאַקירן וואָלאָטשיסק אונטער אײַער אָנפֿירונג. פֿאַר אונדז איז דאָס אַ קאָוועד. — דובינסקי האָט מיט באַגײַסטערונג גע־קוקט אויף דעם לעגענדאַרן העלד, מיט וועלכן ער האָט זיך באַקאַנט נאָך בײַס די פֿריִערדיקע שלאַכטן.

די קאָמאַנדירן האָבן זיך צונויפֿגערעדט, וויאַזוי מע וועט שטורעמעווען וואָלאָטשיסק, און ביידע קאָלאָנעס האָבן זיך געלאָזט פֿאָרויס — אײַנע פֿון רעכטס, די צווייטע פֿון לינקס. זיך דערנעענטערט צום ציל, האָבן די האַרמאַטן געעפֿנט אַ פֿײַער, און גלײַך האָבן אײַנדערלופֿטן אַ פֿינקל געטאָן הונ־

דערטער שווערדן. ווי א וויכער, האָבן זיך געטראָגן די קאזאקן, און קיין שום קרייד האָט זיי ניט געקאָנט אָפּשטעלן.

די פּעטליוראָווצעס זײַנען אין פּאניק געלאָפן צום זברוטש און ניט ווייניק פון זיי זײַנען דאָרט פארבליבן אויף אייביק.

דער פּעטליורישער פּאנצערצוג האָט געפּרווּט אָפּשטעלן דעם אָנגריף, נאָר דובינסקי מיט זײַנע רײַטער האָט פארקערעוועט צום אײַזנבאַן־אָנשיט.

פונעם פּאנצערצוג האָט מען זיי אָנגעהויבן באשיסן. עס האָבן איבער די רײַטער זיך צעפּײַפט קוילן, סנאריאדן. עטלעכע רײַטער זײַנען אראָפּגעפאלן פון די פערד, די איבעריקע האָבן זיך נאָך שנעלער זיך געלאָזט פאָרויס צום אָנשיט.

— שטייט! — האָט מיט אַלע קויכעס אויסגעשריגן קאָטאָווסקי. און אין איין אויגנבליק אראָפּגעשפּרונגען פון זײַן פערד.

ווען דובינסקי איז צוגעריטן צו אים, האָט קאָטאָווסקי אים פירגעוואָרפן:

— איידער מע גייט אין אטאקע, דאַרף דער קאָמאנדיר גוט באטראַכטן די סיטואַציע! דו קאָנסט אזוי אומברענגען דײַנע רײַטער און זיך אליין!.. וואָרשע פּרט עס זײַנע מענטשן אין אטאקע קעגן קוילנוואָרפערס רײַטנדיק? דאָס איז דאָך פארן סוינע דער בעסטער ציל! צופוס דאַרף מען זיך דערקלײַבן צום פּאנצערצוג, צופוס, און ניט אויף די פערד!..

דער יונגער קאָמאנדיר איז געווען אין פארלעגנהײַט. געוויס איז קאָטאָווסקי גערעכט. ער, דובינסקי, האָט דערלאָזט א גרויסן פעלער, און ער האָט גלײַך באפוילן עטלעכע קאזאקן אָפּפירן די פערד אין א נאָענטער באַלקע, און בעראָש פונעם פּאָלק זיך געלאָזט אין אטאקע צופוס. דעם פײַנטלעכן פּאנצערצוג האָט מען נאָך א שווערער שלאַכט פארכאַפּט. איצט האָט מען געקאָנט פארייכערן, זיך א ביסל אָפּרוען.

קאָטאָווסקי האָט צוגערופן דובינסקין, צוגעדריקט אים צו זיך:

— נו, איך האָב דיך גוט אויסגעזידלט, ווען דו ביסט מיט דײַנע מענטשן רײַטנדיק געגאַנגען אויפן פּאנצערצוג?

— נישקאָשע, עס מאכט ניט אויס, גריגאָרי איוואַנאָוויטש. איר זענט געווען גערעכט! איך דאַנק אײַך פאַר דער לערע...

— און איך דריק דיר אויס א דאַנק, דיר און דײַנע קאזאקן. ווי זאָגט מען עס, קיין זיגער מישפּטעט מען ניט. איך וועל בעטן, מע זאָל דיך באַלוינען מיטן אָרדען „רויטע פאָן". דו האָסט עס ערלעך פארדינט!

אינגיכן איז דאָס געשען.

דאָס איז געווען דובינסקיס ערשטע שלאַכט־באַלוינונג. עס זײַנען שפּעטער געווען נאָך הויכע באַלוינונגען, אָבער דער אָרדען איז ביז הײַנט בא אים ליבער פון אנדערע.

## 6

די אוקראַיִנישע ערד ביז זברוטש, דעם דעמאָלטדיקן גרענעץ־טײַך, איז באפרײַט געוואָרן פונעם סוינע.

מע האָט שוין געמיינט, אז איצט וועט מען קאָנען אָנהייבן זיך פארנעמען מיט פרידלעכער אַרבעט, נאָר מע האָט ניט באוויזן פארהיילן די וווּנדן, ווי א נײַע כמאַרע האָט זיך אָנגערוקט אויפן לאַנד. הארבסט 1921 האָבן די אימפּעריאַליסטן באוואָפנט עטלעכע גרויסע באנדעס — טיוטיוניקס, גריגאָריעווס, פּאַליס — און אריבערגעוואָרפן זיי איבער דער גרענעץ.

ווידער איז אנטשטאַנען א געפאַר און אפסנײַ זײַנען פאַרגעשטאַנען גרויסע, שווערע שלאַכטן.

פּרימאַקאָווס דיוויזיעס זײַנען אוועק אויף מײַרעוו. קעגן פּאַליס באנדע איז פון ליטין ארויסגעטראָטן דובינסקיס קאזאקן־פּאָלק. העכער 500 שווערדן האָט דער קאָמאנדיר געפירט צו דער גרענעץ און קאַיאַר האָט זיך אָנגעהויבן די שלאַכט.

אין שפּיץ פון דער באנדע איז געריטן דער אטאמאַן אליין — פּאַלי־סידאָריאַנסקי. נאָך אים — זײַנע קוילער, רעשטן פון די צעשמעטערטע פּעטליורישע פּאָלקן.

די רויטע קאזאקן האָבן דערזען די באנדע און גלײַך פארגעסן אין דער מידקײַט, אינעם שווערן מאַרש, וואָס מע האָט אָקאָרשט דורכגעמאַכט.

דובינסקי איז ארויסגעפאָרן מיט אַן אנטבלויזטער שווערד פאַר די אויסגעשטעלטע אין שערענגעס קאזאקן און זיך געווענדט צו זיי מיט א קורצער רעדע:

— כאווירים! מיר האָבן שוין מיט אײַך ניט איין מאָל באַוויזן, וויאַזוי מיר קאָנען שלאָגן די סאָנים פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע! אָט זעט איר פאַר זיך באַנדיטן, וועלכע די אַנטאַנטע האָט געשיקט דערטרינקען אין בלוט אונדזערע טאַטעס און מאַמעס, אונדזערע ברידער און שוועסטער! אָט קוקט אים אָן, דעם אַטאַמאַן זייערן, דעם פּאַלי, וועלכער האָט פאַרטראַכט ווערן אין אוקראַינע אַ נײַער העטמאַן. צי דען וועלן מיר עס דערלאָזן?! — און אופגעהויבן די שווערד העכער, האָט ער אויסגערופן: — פאַר דער ראַטנמאַכט, פאַר אונדזער ערד, פאָרויס!

אַ מעכטיקע כוואַליע רײַטער מיט אַנטבלויזטע שווערדן האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אַפן סוינע. אַפן ברייטן האַרבסטיקן פעלד האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַראַקשנטער געפעכט.

דער קאָמאַנדיר פון פּאָלק איז ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן מיט זײַן שווערד דאָרטן, ווו עס איז געווען שווער, ווו עס האָט זיך געפאָדערט זײַן הילף. פון מאָל צו מאָל האָט ער זיך אַרומגעקוקט, געזוכט מיטן בליק דעם אַטאַמאַן, פּאַליען. ס׳האָט זיך געוואָלט מיט אים באַגעגענען אין שלאַכט און אויספּרוּוון אַף אים די שווערד. די באַנדיטן האָבן ניט אויסגעהאַלטן און גענומען זיך קײַקלען אַף צוריק. צום אַטאַמאַן האָט זיך דאָך דובינסקי ניט געקאָנט דורכרײַסן, יענער איז ווי אין דער ערד פאַרשוווּנדן געוואָרן.

די שלאַכט האָט געהאַלטן באַם סאָף, און די רויטע קאַזאַקן האָבן זיך שוין געגרייט אומקערן אַף זייער זאַמלפּונקט, ווי פון הינטער די געדיכטע קוסטעס האָט גענומען שטעפּן אַ קוילנוואַרפער. דובינסקי האָט ניט באַוויזן אַראָפּ פונעם פערד, ער האָט דערפילט, אַז אַ קויל האָט זיך אײַנגעשניטן אין אַקסל, די האַנט איז געבליבן הענגען, ווי אַ רימען. אַ מוירעדיקער ווייטיק אין גאַנצן לײַב האָט פאַרקלעמט דאָס האַרץ, אין די אויגן איז פינצטער געוואָרן, און ער האָט פאַרלוירן דאָס באַוווּסטזײַן. עטלעכע שטאַרקע קאַזאַקישע הענט האָבן אונטערגעכאַפּט דעם קאָמאַנדיר. צו־זיך איז ער געקומען ערשט באַגינען, נאָכדעם, ווי מע האָט אים אין פעלד־שפּיטאָל געמאַכט די ערשטע אָפּעראַציע...

ווען ער האָט אופגעעפנט די אויגן, האָט ער דאָס ערשטע געפרעגט:

— ווי האָט זיך געענדיקט די שלאַכט?

— גוט, כאַוועך קאָמאַנדיר! פּאַליס באַנדע איז פאַרניכטעט!..

— גוט, זייער גוט, מאָלאַדצי...

— און נאָך איין גוטע נײַס קאָנען מיר אײַך מיטיילן — קאַטאָווסקיס בריגאַדע האָט צעשמעטערט טיטיוניקס באַנדע, און אים אַליין גענומען אין געפאַנגענשאַפט.

— אויך ניט שלעכט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען דעם שווער פאַרוווּנדעטן קאָמאַנדיר פונעם 6־טן קאַזאַקן־פּאָלק אָפּגעשיקט זיך היילן קיין קיִעוו.

אַרויסבאַגלייטן זייער שלאַכט־פרײַנט זײַנען געקומען וויטאַלי פּרימאַקאָוו, איוואַן קוליק און קימאַט דער גאַנצער פּאָלק.

מיט טרערן אין די אויגן האָט מען זיך געזעגנט מיט דעם שרעקלאָזן קאָמאַנדיר. אַלע האָבן אים אין איין קאָל געווּנטשן וואָס גיכער זיך אומקערן אין די שלאַכט־רייען.

אָבער די ווּנטשן זײַנען, צום באַדויערן, ניט מעקוים געוואָרן. דובינסקין איז אויסגעקומען איבערטראָגן עטלעכע שווערע אָפּעראַציעס. מיט גרויסע שוועריקײַטן האָט זיך אײַנגעגעבן ראַטעווען די האַנט, זי איז אָבער אַף שטענדיק געבליבן קימאַט אומבאַוועגלעך.

לאַנגע כאָדאָשים איז עליע דובינסקי אָפּגעלעגן אינעם קיִעווער גאַרניזאָן־האָספּיטאַל. אָפטלעך פלעגן צו אים אַרײַנקומען זיך זען, דורכריידן זיך דער קאָמקאָר וויטאַלי פּרימאַקאָוו, גריגאָרי קאָטאָווסקי, איוואַן קוליק, יונע יאַקיר און אַ סאַך אַנדערע קאָמאַנדירן און רויטאַרמייער.

## 7

אַ פאַרדראָס האָט געמאַטערט עליע דובינסקין — דורכגעגאַן אַזאַ גרויזאַמען און שווערן וועג, עטלעכע מאָל פאַרוווּנדעט געוואָרן, נאָר ניט פאַרלאָזט דעם פּאָלק, און איצט, אין דער לעצטער שלאַכט מיט פּאַליס באַנדע, האָט עס אים אַזוי שווער געטראָפן, אַז ער מוז, זעט אויס, אַף לאַנג זיך געזעגענען מיט זײַנע קאַזאַקן.

מער איז אים אין שלאַכט ניט אויסגעקומען גיין. דער בירגערקריג אין די דאָזיקע קאַנטן האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ פולן ניצאָכן.

עליע האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן דעם, אַז אָט וועט ער זיך אָנעמען מיט קויכעס און אַראָפּפאָרן אַף אַ שטיקל צײַט אין דאָרף בוטענקאָווע, וואָס לעבן קאָבעליאַקע, ווו עס וואַרט אַף אים

אַזוי פֿיל יאָרן, די אויגן זיך שוין געווייס אויסגעוויינט, זײַן מאַמע בלומע. ער פֿלעגט איר נאָר, אַז דאָס ניט אָפּט, שרײַבן קורצע בריוולעך, זי זאָל זיך פֿאַר אים ניט זאָרגן, ווײַל ער איז געזונט און שטאַרק און שלאָגט אָן אופֿהער דעם בלוטיקן סוינע. און אַלץ גייט גוט, וואָס בעסער דאַרף מען גאָרניט!..

און נאָך וועגן איין זאַך האָט ער געטראַכט: אָט וועט ער אינגאַנצן געזונט ווערן און זיך אַוועקלאָזן קיין פּעטראָגראַד, קעדיי פֿאָרזעצן, ריכטיקער געזאָגט, אָנהייבן זיך לערנען אינעם פּאָליטעכניקום...

איידער עליע דובינסקי האָט געדאַרפֿט זיך צעשיידן מיטן שפּיטאָל־בעטל און פֿאַרלאָזן זײַן צײַטווײַליקע היים, איז צו אים געקומען וויטאַלי פּרימאַקאָוו מיט אַ גרופּע שלאַכט־קאַווירים. דער קאָמקאָר האָט אַ פֿרעג געטאָן:

— וואָס האָסטו איצט, ברודערקע, באַטראַכט טאָן?

דובינסקי האָט געענטפֿערט:

— די שלאַכטן האָבן זיך געענדיקט, דאַרף מען, ווײַזט אויס, פֿאָרן קיין פּעטראָגראַד... מע האָט דאָך מיך אַמאָל אַרײַנגענומען אין פּאָליטעכניקום...

וויטאַלי מאַרקאָוויטש האָט זיך טיף פֿאַרטראַכט.

— ניין, — האָט ער געזאָגט, — איליאַ וולאַדימיראָוויטש, די שלאַכטן האָבן זיך נאָך ניט געענדיקט, די קאָנטר־רעוואָלוציע האָט נאָר געמאַכט אַ שטיקל איבעררײַס. מיר האָבן גערעדט מיט יאַקירן, מיט קאָטאָווסקין און געקומען צום אויספֿיר, אַז דו ביסט אַ געבוירענער מיליטערמאַן. וועסט פֿאָרן לערנען, נאָר ניט אין פּעטראָגראַדער פּאָליטעכניקום, קיין מאָסקווע וועסטו פֿאָרן, אין אַ מיליטערישער אַקאַדעמיע... אָט אַזוי...

דרײַ יאָר אין דער מיליטערישער אַקאַדעמיע אויף פֿרונזעס נאָמען זײַנען אַדורך אין אָנגעשטרענגטער האָרעוואַניע.

ער האָט דאָ ניט בלויז גלענצנדיק באַהערשט די מיליטערישע וויסנשאַפֿטן, נאָר אויך גרינטלעך זיך באַקאַנט מיט דער וועלט־ליטעראַטור און בישטיקע אַליין אָנגעהויבן צוביסלעך שרײַבן וועגן דעם, וואָס אים איז באַשערט געווען איבערצולעבן אין די ערשטע יאָרן פֿון דער רעוואָלוציע.

נאָך דער אַקאַדעמיע האָט דובינסקי געדינט אין מיטל־אַזיע, וווּ עס זײַנען נאָך געגאַנגען פֿאַרביטערטע שלאַכטן מיט די באַסמאַטשעס.

דאָ איז גוט צוניץ געקומען זײַן גרויסער טאַלאַנט, זײַן רײַכע דערפֿאַרונג פֿון אַן אָנפֿירער מיט רײַטער־טיילן.

ווען עס האָבן זיך פֿאַרענדיקט די שלאַכטן מיט די באַסמאַטשעס, האָט דער קאָמבריג עליע דובינסקי זיך אומגעקערט אין דער הויפּט־שטאָט פֿון אוקראַיִנע. יוינע יאַקיר, וואָס האָט קאָמאַנדעוועט איבערן אוקראַיִנישן מיליטער, האָט אים אַרויסגערוקט אַלס פֿאָרזיצער פֿון דער מיליטערישער קאָמיסיע בײַ דער אוקראַיִנישער רעגירונג. אויף אים האָט זיך אַרופֿגעוואַלגערט אַ שיער אַרבעט. מע האָט געדאַרפֿט פֿאַרפֿעסטיקן די גרענעץ, בויען דויערנדיקע פֿײַערפּונקטן, סטראַטעגישע וועגן, אַעראָדראָמען. דער נײַער אַרבעט האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט לײַב און לעבן, און דאָך האָט אים געצויגן צו די מיליטער־טיילן, צו די מענטשן, מיט וועלכע ער איז געגאַנגען אין שלאַכט.

מיט דער באַקאַשע איז צוריק אַוועקשטעלן אויף אַ פּאָסטן אין. דער אַרמיי איז ער געקומען צו דער קאָמאַנדשאַפֿט פֿון אוקראַיִנישן מיליטער.

יאַקיר האָט מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן געזאָגט:

— וואָס זשע, איליאַ וולאַדימיראָוויטש, דיר איז נימעס געוואָרן זײַן אַ האַלבציווילער, האַלב־מיליטערישער טוער, קימאַט אַ מיניסטער אין דער רעגירונג?

— געוויס... אַקאָרשט פֿאַרענדיקט אַן אַקאַדעמיע, ציט מיך צוריק אין מיליטער, אין דער קאַוואַלעריע... צום פֿערד...

יאַקיר האָט זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט:

— וואָס זשע, זעסט ניט, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט? קאַוואַלעריע גייט ביסלעכווײַז אַרויס פֿון דער מאָדע... די נײַע מלחמה, וועלכע דערנעענטערט זיך צו אונדז מיט גיכע טריט, וועט זײַן, זעט אויס, אַ מלחמה פֿון מאָטאָרן, פֿון טעכניק, טאַנקען און אַוויִאַציע...

און אַ טיפֿן טראַכט געטאָן, האָט יאַקיר פֿאַרענדיקט דעם געשפּרעך:

— דיר, איליאַ וולאַדימיראָוויטש, וועט אויסקומען אופֿהערן טראַכטן וועגן פֿערד... וועסט זיך מוזן איבערזעצן פֿון דעם זאָטל אויף אַ שווערן טאַנק... דו וועסט אָרגאַניזירן אַ בריגאַדע פֿון שווערע טאַנקען... דו וועסט זײַן דער קאָמבריג...

דובינסקי האָט זיך פֿאַרלוירן. ס'איז פֿאַר אים געווען אינגאַנצן אומדערוואַרט. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, דערקלערן, אַז ער ווייסט ניט, צי וועט ער זיך ספּראַווען, אַז...

נאָר יאַקיר האָט אָנגעכמורעט די ברעמען און שטרענג געזאָגט:

— איך געדענק דעם קאָמיסאַר און קאָמבריג דובינסקין פאַר א דיסציפּלינירטן שלאַכטמאַן... פאַר אזא, וואָס פלעגט אויסהערן א באַפעל, א הייב טאָן די האַנט צום דאַשעק און זאָגן — „יעסטו.. טאַק טאָטשנאָ!” איז אָט, דאָס איז א באַפעל... איך ווינטש דיר דערפאָלג. עס וועט זײַן שווער? געוויס! נאָר ווען עס וואָלט געווען גרינג, וואָלטן מיר ניט דיר פאַרטרויט די דאָזיקע אויפגאַבע. געניטע אָבווײַזונגען, מענטשן, טאַנקען — וועגן דעם וועסטו זיך דערוויסן אין שטאַב...

און איליא דובינסקי האָט זיך גענומען אויספילן דעם נײַעם, שווערן אָל.

דאָס איז געווען אין 1934 יאָר, ווען ער האָט שוין געהאַט אָנגעשריבן און אַרויסגעלאָזט עטלעכע ביכער, געווידמעט דעם בירגערקריג, און איז געוואָרן באַוווּסט ווי א שריפטשטעלער. אין דעם זעלבן יאָר איז אין זײַן לעבן פאָרגעקומען נאָך א געשעעניש, וואָס האָט געענדערט זײַן לעבנסוועג. ער איז געוואָרן א מיטגליד פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד. דעם מיטגליד־בילעט האָט אים געגעבן אַליין מאַקסים גאָרקי. אין אויגוסט פון דעם זעלבן יאָר איז דער שלאַכטמאַן און שרײַבער געווען א דעלעגאַט פונעם ערשטן שרײַבער־צונויפֿפאָר.

דובינסקיס טאַנקען־בריגאַדע האָט געשעמט אינעם גאַנצן מיליטער־קרײַז, אַהער איז מען זיך געקומען לערנען, ווי אין אַן עכטער אַקאַדעמיע. עס איז געווען ממש א וווּנדער, ווי דער נעכטיקער רײַטער־קאָמאַנדיר איז געוואָרן א ווונדערלעכער טאַנקיסט. אין א פּאָר יאָר אַרום, אף די באַרימטע מאַנעווערס פונעם קיִעווער מיליטער־קרײַז, ווו עס האָבן צום ערשטן מאָל אָנטיילגענומען גרויסע טאַנקען־טיילן, האָט די בריגאַדע פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט און באַקומען א הויכע באַלוינונג.

8

קוקנדיק אף אָט דעם גראָווּן, שלאַנקן, אונטערגעצויגענעם מענטשן, מיט די קלוגע, דורכדרינגעוודיקע טונקעלע אויגן, אף דעם גוטמוטיק־האַרציקן שמייכעלע, וואָס בלאָנקעט אָפט אַרום אף זײַן לענגלעך, אַקוראַט ראַזירט פּאָנעם, וועט איר ניט גלייבן, אַז גאָר אינגיכן וועט ער אַלט ווערן נײַנציק יאָר...

אָבער ער ווייסט נאָך אַלץ ניט קיין רו, און אַלץ אף דער וועלט באַאומרויִקט אים און צו קיין שום זאַך איז ער ניט גלײַכגילטיק. ער קומט אַלצײַנס צו הילף אַן אַלטן פרײַנט, וואָס עמעצער האָט זיך באַצויגן צו אים ניט אויפמערקזאַם, און אַן אומבאַקאַנטן מענטשן, וואָס האָט זיך געווענדט צו אים מיט א באַקאָשע.

ער באַקומט טאָגטעגלעך אָן א שיר בריוו פון זײַנע פּילצאָליקע לייענער און שלאַכט־פרײַנט, וועלכע האָבן מיט א סך יאָרן צוריק געדינט מיט אים צוזאַמען.

צווישן די בערג בריוו זײַנען פאַראַן א סך בריוו פון יענע שטעט און שטעטלעך, ווו ער האָט מיט זײַן פּאָלק און בריגאַדע געפירט שווערע שלאַכטן. איצט לאַדט מען אים אײַן אַהין און ער פוילט זיך ניט, לאָזט זיך קיין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק און אָריאָל, פּראָסקוראָוו און ליטין, קיין וואָלאָטשיסק און סטאַראָקאָנסטאַנטינאָוו.

אין א סך שולן האָבן די קינדער געשאַפן מוזייען וועגן אים, אָנגערופן פּיאָנער־רינגען און אָטריאַדן אף זײַן נאָמען.

איליא דובינסקי וווינט אַפן הויכן ברעג פונעם דניעפּער, אף דער גאַס, וואָס טראָגט סוואָראָווס נאָמען, ניט ווײַט פון די פּעטשערער לאַווּרעס, אין קיִעוו, פונקט אַנטקעגן דעם מאָנומענט די געפאַלענע בייס דער פאָטערלענדישער מילכאָמע.

אַלע גאַנצפרי, ווען דער גראָווער וועטעראַן גייט אַרויס פון זײַן וווינונג אף א שפּאַציר, פּאַרקערעוועט ער צו דעם מאָנומענט און פאַרנייגט זיך פאַר אים, פאַר דעם אייביקן פײַער לעקאָוועד דעם „אומבאַוווּסטן סאָלדאַט”. ער קוקט זיך אײַן אינעם צעבושעוועטן פונעם ווײַט פלאַם, דערמאָנט זיך אין די פאַרגאַנגענע יאָרן, אין זײַן שווער און ווונדערלעך לעבן.

פונדאַנען לאָזט ער זיך אַראָפּ מיט א געדרייטער סטעזשקע, נעענטער צום ברעג, ווו מע האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק פאַרפלאַנצט א שיינעם פּאַרק, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון וויטאַלי פּרימאַקאָוון. אינמיטן פּאַרק אונטער טרויער־ווערבעס שטייט א בראָנדזענער דענקמאָל זײַן פרײַנט און לערער, וואָס האָט אים געוויזן דעם וועג אין לעבן.

קיִעוו, 1987

■

# דער קינסטלער און די צײַט

## פֿון דער אויסשטעלונג, געווידמעט דעם 70־טן יאָרטאָג פֿונעם גרויסן אָקטיאַבער



יעווגעני סאַמסאָנאָוו. **וו. אי. לענין אין קאַשינאָ.** 1987



איסאַק בראָדסקי. **אפֿן דניעפּערבוי.** 1932

אלעקסאנדער סאמאָכוואלז
**רעמאָנט. 1**




פאוועל קוזנעצאָו
**די בויונג אין ארמעניע. 1931**

אלעקסאנדער אַסמיאַרקין.
**מאָסקווע, טווערסקאַי בולוואר.**
1929



קאזימיר מאלעוויטש.
**ספּאָרטסמענער.** 1929





קוזמא פעטראָוו־וואָדקין. **נאָך דער שלאַכט. 1923**

ניקאָלײַ טערפּסיכאָראָוו. **דער ערשטער לאָזונג. 1924**



## כאַים גורעוויטש

# סיבירער מאָטיוון

### דער קורס אַף מעגיאָן

...די מאָטאָר־שיף נומער 128 לויפט איבער דעם טײַך אָב פון נאָוואָסיבירסק קיין מעגיאָן. די טריומען זײַנען אָנגעלאָדן מיט פראַכט פאַרן באַ־צירק פון דער טיומענער נאַפטלייטונג.

אַלע מיטגלידער פון דעם עקיפּאַזש זײַנען פאַרנומען: אין דער דעק־קאַבינע שטייט באַם רול דער קאַפּיטאַן אַנטאָן קאַרעוו, לעבן אים דער שטורמאַן וויקענטי כלאָביסטאָוו מיט א בינאָקל אַפן האַלדז און מיט א נאַוויגאַציע־מאַפּע אין די הענט. אַוואַדע! די אַקוואַטאָריע, איבער וועלכער זיי שווימען, איז זייער א קאַפּריזנע. באַזונדערס איצט, נאָך אַט אַזא הייסן, טרוקענעם זומער. דאַרף מען טאַקע זײַן מאַקסימאַל פאָרזיכטיק.

אין דער מאַשין־אָפּטיילונג שפּירן די רודער־מאָטאָריסטן אַרנאָלד מאַזונין און באָריס שיכמאַן, אַז אַלע מעכאַניזמען זאָלן אַרבעטן אָן איבערשלאָג. דער דריטער מאָטאָריסט, גווידאָן קוכנאָ, רעמאָנ־טירט די דילן און טירן אין די קאַיוטעס. און אַפן קאַמבוז באַקט דער קאָך מאַרגאַריטע כלאָביסטאָ־ווא א געשמאַקן קוכן.

— הײַנט, — זאָגט זי, — איז באָריס שיכמאַן אַלט געוואָרן אַכצן יאָר. ווי זשע מערקט מען ניט אָפּ אַזא דאַטע!

זי שטייט בא דער פּליטע און קלײַבט צו, פּאַכנדיק מיט דעם מעסער, א מאָטיוו צו א ליד און האַלט אין איין איבערכאַזערן די ערשטע צוויי שורעס:

דער בראַווער גרויסאַרטיקער זעקסלינג,
דער קאָמיוגישער עקיפּאַזש...

— די ליד, — דערקלערט זי, — איז ניט לאַנג צוריק אָפּגעדרוקט אין דער פילטיראַזשקע פון דעם שיף־אַמט „אַף דער וואַך", זי איז וועגן אונדז...

אַגעוו, דאַרף מען זאָגן, אַז די שורע „דער בראַווער גרויסאַרטיקער זעקסלינג" איז ניט קיין צופעליקע: לויטן שטאַט־רעגיסטער דאַרף די מאַנ־שאַפט פון דער מאָטאָר־שיף באַשטיין פון 12 מענטשן, און דאָ ספּראַווען זיך מיט די פליכטן בלויז זעקס ענטוזיאַסטן. נאָך מער, דער גוטער שעם פון זייער קאָמיוגישן עקיפּאַזש איז באַוווּסט אין אַלע האַפנס פון דעם אָבער באַסיין...

דער איין־און־איינציקער פּאַסאַזשיר אַף דער שיף בין איך — איך באַגלייט דעם פראַכט, וועלכן כ'וועל דאַרפן איבערגעבן לויט די געהעריקע צעט־לען אין איינעם פון די מעגיאָנער בוי־טרעסטן.

אין אַט דעם אומפאַרגעסלעכן סיבירער ווינ־קעלע, וואָס רופט זיך „די טאָמסקער פּריאָביע", בין איך ס'ערשטע מאָל, איז טאַקע פאַר מיר דאָ אַלץ ביז גאָר אינטערעסאַנט און רירנדיק, אַפילע די נעמען פון יענע אָסטיאַקישע יישוווים, פאַרבײַ וועלכע עס פאָרט די שיף.

אַט ווײַזט זיך פון רעכטס דער פישער־יישוו מאַטיאַנגאַ, וועלכער ליגט אַפן קאַפּ מיט דעם זעלבן נאָמען. איצט איז דאָ א באַפּעלקערטער פּונקט מיט א פיש־באַאַרבעטנדיקן קאָמבינאַט. ס'איז געווען א צײַט, ווען אַף אַט דעם ניט־באַ־וווינטן נאָמענלאָזן קאַפּ האָט זיך באַזעצט בלויז איין אָסטיאַקיש געזינד, א מאַמע מיט א זון, וועלכן מע האָט גערופן יאַנגאָ...

און אַט דער יישוו, וואָס האָט זיך אַזוי דער־נעענטערט צום ברעג, און ס'דוכט זיך, אַז אַט־אַט וועט ער זיך אַראָפּרוקן אין וואַסער, הייסט מאַ־גאַטשאַ, אַף אָסטיאַקיש — א קעסל מיט פיש. נו און דאָס איז שוין קאַרגאַסאָק — א בערנ־פלאַץ.

— הײַנט סאַרא פאַרכאַפּנדיק בילד שאַפט דאָ דער בײַבערעגיקער לאַנדשאַפט! אַלץ איז דאָ אויסערגע־וויינלעך אין פולן זין פון וואָרט—אַפילע דער זאַמד, אַזא שיינער, מיט א זילבערדיקן בײַ־קאָליר, אַז ער וואָלט געווען די בעסטע באַצירונג פאַר די סאַמע באַרימטע פּליאַזשן...

און די אומענדלעכע לאָנקעס! אויב מע קאָן זיי ביכלאַל מיט עפּעס פאַרגלײַכן, איז סײַדן מיט דער אַרגענטינער פּאַמפּע.

אָסער דעם גרעסטן כידעש רופן דאָ ארויס די צעדערביימער, אזא מעכטיקע פּאראדע וועט איר ניט טרעפן אַף דעם גאנצן סיבירער מאטעריק. זיי שטייען אין ניט קיין גרויסע גרופּעס, לענגויס דעם אָב, ווי פּאטרולן. ניט אומזיסט טאָקע דערציילט זיך אין אן אָסטיאקישער לעגענדע, אז דאָס זײַנען פארקישעפטע אוראלטע ריזן, וועלכע היטן אָפּ די טײַגע פון בייזע גײַסטער...

ווען אין דעם ניזשניע־וואַרטאָווסקער האפן מאכט די שיף אן אָפּשטעל, וויל איך זיך אראָפּכאפּן אפן ברעג, כאָטשבי א ביסעלע באקאנען זיך מיט אָט דער אינטענסיוו זיך צעוואקסענער סיבירער שטאָט. נאָר שוין באם טראָפּ שטעלט מיך אָפּ באָריס שיכמאַן, ער לאדט מיך אײַן אין דער קאיוט־קאָמפּאניע. מוז איך דאָך, פארשטייט זיך, בײַטן מײַן פּלאן, ווײַל ווי קאָן מען דאָס אָפּזאָגן אן אימעניניק?

אין דער קאיוט־קאָמפּאניע איז געמיטלעך און היימלעך. דער גרויסארטיקער זעקסלינג זיצט שוין באם טיש. דער קוכן איז שוין צעשניטן, און מארגאריטע גיסט פאנאנדער דופטיקע טיי.

דער קאַפּיטאן אנטאָן קארעוו באגריסט פרײַנטלעך באָריסן, באדאנקט אים פאר דער גוטער ארבעט, שטרײַכט אונטער, אז מיט אזעלכע יאטן, ווי ער, איז ניט נאָר דער טײַך אָב, אפילע דער ביסקײַער אײַנגוס ניט שרעקלעך, און טוט א ווונק אין מײַן זײַט.

— אין אזא פאל וואָלט עפשער ניט שאטן אויסטרינקען עפּעס־וואָס שטארקערס, איידער טיי. אָבער בא אונדז, ביפראט נאָך אין רייס, איז שוין פון זייער לאנג דער זיידעניו באכוס א גאנץ קליינער מעכוטן...

ווען דאָס גרויסארטיקע טיי־טרינקען פארענדיקט זיך, באדאנקען אלע מארגאריטען פאר דעם געשמאקן קוכן.

— נישקאָשע, — זאָגט זי, — דאָס איז דערווײַל נאָר אן אוואנס... אָט אַף באָריסקעס כאסענע וועל איך שוין אָפּבאקן אזא ווונדערלעכן קוכן, אז אלע געסט וועלן בא מיר דערנאָך קליאנטשען דעם רעצעפּט...

אלע צעלאכן זיך, און דער אימעניניק האָט זיך א ביסל פארלוירן. ער איז קענטיק לויטן כאראקטער א שעמעוודיקער.

דער רעפּערטואר האָט זיך נאָך אָבער ניט אויסגעשעפּט. א וואָרט בעט גווידאָן קוכנאָ:

— איך האָב אָקאָרשט, — שמייכלט ער, — צוגעטראכט א ליד וועגן מײַן בעסטן כאווער:

די טעג, ווי די אָבער־כוואליעס, פליסן,
ס׳קאָן זיי ניט אָפּשטעלן קיין שום סעמאפאָר.
און אונדזער טײַערן באָריסן
איז שוין... אכצן יאָר...

דער לײַדנשאפטלעכער ביבליאָפיל ארנאָלד מאזונין הייבט אוף הויך איבערן קאָפּ א בוך:

— אכטונג, כעווורע! אָט דעם אויצער, וועלכער רופט זיך „קאַראלן־ריפן", האָב איך געקויפט אינעם מאגאזין „אקאדעמקניגא" פונקט אין יענעם טאָג, ווען מיר האָבן זיך אָפּגעאנקערט. ער איז פײַן אויסגעפורעמט און רײַך איליוסטרירט. אָט די טײַערע מאטאָנע שענק איך, פון פולן הארצן, באָריסן, וועלכער טרוימט ווערן א פאָרשער פון די אָקעאן־טיפענישן...

דער שטענדיק שווײַגעוודיקער וויקענטי כלאָביסטאָוו וויל אויך מיט א סיורפּריז אויסדריקן זײַן סימפּאטיע צו שיכמאנען. ער כאפּט דעם באיאן און שפּילט אויס די „קאַראַביייניקעס". דאָס באקומט זיך בא אים ניט שלעכט. די מוטיקע קלאנגען רײַסן זיך ארויס פון דער קאיוטע, קײַקלען זיך אוועק איבער די כוואליעס צום ברעג און רעגן אוף די פארנאכטיקע שטילקײַט.

נאָר אָט האָט זיך שוין אונדזער קורצער אָפּשטעל פארענדיקט. און ווען אין ניזשניע־וואַרטאָווסק בליצן אוף די ערשטע אָוונטיקע פײַערלעך, פארלאָזן מיר דעם ברעג. נאָך האלבער נאכט גיי איך ווידער ארויס אַף דער פּאלובע. איינע פון די מעכטיקסטע סיבירער וואסער־ארטעריעס, דער טײַך אָב, דער גרויסער, אומדערמידלעכער האָרעפּאשניק, ווייסט נישט פון קיין רו ניט באטאָג און ניט באנאכט. אנטקעגן אונדז גייען טאנקערס מיט טיומענער נאפט, בארזשעס מיט היי, געהילץ־מאטעריאל, „פּלאַטיליעס" פון די פישפאנג־קאָלווירטן. עס יאָגן אונדז איבער ווײַסשנייִקע פּאסאזשיר־„ראקעטעס", וועלכע אײַלן קיין כאנטי־מאנסײַסק און סאלעכארד. ארוף און אראָפּ שמײַען אום זשוואווע מאָטאָר־שיפלעך און אזויפיל בלינצלדיקע פונקטירן, אז ס׳דאכט זיך, אָט־אָט וועלן זיך אָנצינדן די כוואליעס.

דער סיבירער באקו אַף דעם טײַך אָב (אזוי רופט מען דאָ אָפּט אָן דעם ייִשעוו מעגיאָן) איז אופגעקומען אין דעם געלבלעכן פרימאָרגנדיקן נעפּל אומגעריכט.

זײַן וואָכיקער האפן, וועלכער איז אָנגעפילט ביז לעצט מיט צעמענט, בעטאָן־פּליטעס, שיפער, טרויבן פון אלערליי קאליבערס, אײַזן פון קאָלערליי פאסאָנען, ציגל, ברעטער, וואפנע, אלעבאסטער און אנדערע בוי־מאטעריאלן, האָט בא מיר ארויסגערופן אן אָנגענעמע דערמאָנונג פון דער ווײַטער, אומרוייִקער יוגנט: פונקט אזוי האָט אויסגעזען דער האפן אפן הויכן ברעג פון אמור דעמלט, ווען ס׳האָט זיך געבויט קאָמסאָמאָלסק.

דעם אָנקום פון אונדזער מאָטאָר־שיף באגריסט מיט א צופרידענעם שמייכל א פאָרשטייער פון דעם מעגיאָנער בוי־באצירק, א יונגער כאנט:

— דעם עמעס זאָגנדיק, האָבן מיר געוואָרט אַף אײַך ניט פריִער ווי הײַנט אין אָוונט. אויסלאָדן די שיף אצינד וועט אונדז זײַן א סאך באקוועמער.

— נו, און איצט איז דאָך, — ענטפערט אים קארעוו, — אזא הייס שטיקל צײַט, די לעצטע טעג

פון דער נאַוויגאַציע, אַז אַזעלכע ניט־פּינקטלעכקייטן פון דעם גראַפיק דאַרפן קיינעם ניט וווּנדערן... און אויב איר וועט אונדז ניט פאַרהאַלטן מיט אויסלאָדן דעם פראַכט, וועלן מיר באַוויַזן מאַכן נאָך איין רייס...

— ווייבאַלד אַזוי, גיב איך איַיך דאָס וואָרט פון אַ דזשענטלמען, אַז מיר וועלן איַיך ניט אונטערפירן, — פאַרזיכערט דער גוטמוטיקער פּאָרשטייער.

גערזאָגט און געטאָן... דער טריום איז טאַקע ליידיק געוואָרן גאַנץ גיך, און די מאָטאָר־שיף נומער 128 נעמט שוין דעם קורס אַף צוריק.

איך אָבער דאַרף זיך דאָ אַף אַ פּאָר טעג פאַרהאַלטן.

שטיי איך אַפן הויכן ברעג און פּאָכע מיטן היטל:

— אַ גוטער שליטוועגס איַיך, „גרויסאַרטיקער זעקסלינג"!

## „דער איינזאַמער זעגל"

ווען דער עלעקטרישער צוג נאָוואָסיבירסק—בערדסק האָט דורך דעם טונקל געוואָרענעם, פאַרן געוויטער, פּייזאַזש זיך אַרויסגעריסן צו דעם אָבער יאַם, איז דאָרע באָריסאָווגע קאַווערינא געוואָרן אומרויִק און צוגעגאַנגען צום פענצטער:

— אַ מאָדנע געשיכטע! אַזויפיל מאָל, אַז איך פאָר דאָ פאַרביַ, אָבער פעסטשטעלן פּינקטלעך יענץ אָרט, ווו זי איז געשטאַנען, גיט זיך מיר קיינמאָל ניט איַין.

איר מאַן וואַסילי קאָנדראַטאָוויטש, אַ הויכער, גראָווהאָריקער סיביריאַק מיט אַ גוטמוטיקן פּאָנעם, האָט זיך אָפּגעריסן פונעם בוך:

— איך זע, דאָרע, אַז דו האָסט אינגאַנצן פאַרלאָרן די אָריִענטירונג, גראָד אָט איצט געפינען יענץ אָרט איז זייער גרינג: פּונקט אין יענעם קוואַדראַט, אין וועלכן עס בלאַנקט דער איינזאַמער זעגל.

און שוין מיר דערקלערט ער:

— דאָס ריידן מיר וועגן דער צווייטער בערדסקער מיטלשול, דאָרע איז דאָרט ביזן אַוועקגיין אַף פּענסיע געווען דירעקטאָר, און איך — אַ פּעדאַגאָג פון באָטאַניק. נו, און אירע געוועזענע שילער שפּאַסן, אַז דער סטאַרט־פּלאַץ, פון וועלכן זיי האָבן געטאָן אַ פלי אין דער גרויסער וועלט אַריַין, געפינט זיך טיף אונטערן וואַסער... אָבער ווי וויַט זיי זיַינען ניט פאַרפלויגן, קליַיבן זיי זיך צונויף יעדע פינף יאָר אין בערדסק.

וואַסילי קאָנדראַטאָוויטש האָט זיך איבערגעקוקט מיט דאָרע באָריסאָווגע און צוגעגעבן:

— היַינט איז טאַקע באַ זיי אַן אָרדנטלעכע באַגעגעניש. מיר פאָרן אַהין, אויב איר האָט כיישעק, פאַרייניקט זיך צו אונדז, ס'וועט איַיך דערנאָך ניט באַנג טאָן...

איך האָב זיך, פאַרשטענדלעך, ניט אָפּגעזאָגט פון אַזאַ אומדערוואַרטער רייצנדיקער איַינלאַדונג. און קיין טאָעס טאַקע ניט געהאַט, וויַיל אַלץ איז געווען פּראָסט, האַרציק און זייער וויל...

אָט שטייען ניט וויַט פונעם אַריַינגאַנג אין זאַל צוויי מאַנצבלען פון אַ גאַנץ סאָלידן עלטער און דערמאָנען זיך:

— קאָמיש האָט זיך באַקומען דעמלט, ווען אונדזער שול האָט מען פאַר דעם ערשטן אָרט אַף דער געגנטלעכער אָלימפּיִאַדע פּרעמירט מיט אַן אָרקעסטער פון אַכציק מוזיקאַלע אינסטרומענטן, און דו האָסט אָנשטאָט קלאַרנעטן געבראַכט איינע קאָרנעטן...

— דו ביסט אויך געווען אַ גוטינקער... ווען אַלע יאַטן פון אונדזער אַרויסלאָז האָבן געאיַילט אַפן זאַמלפּונקט, ווו ס'האָט זיך פּאָרמירט די פריַיוויליקע סיבירער דיוויזיע, האָסטו אַלעמען געצוווּנגען וואַרטן און זיך באַאומרויִקן — געבליבן שטעקן אין דעם יונאַטן־ווינקל: בעשום־אויפן ניט געקאָנט זיך צעשיידן מיט דיַינע סימפּאַטישע וויַטמיזרעכדיקע בורונדוקלעך...

אין דעם רעכטן ווינקל לעם פענצטער, מיט אַ גרויסן בוקעט פרישע בלומען אין די הענט, זיצט אַ גראָווע קליינינקע פרוי, די געוועזענע פאַרוואַלטערן פון לערנטייל אַווגוסטע אַלעקסאַנדראָווגע מאַלינינאַ, זי איז געקומען אַהער פון באַרנאַול פריִער פון אַלעמען...

— די טשודאַקעס־אַלכימיקער, — שמייכלט זי, — האָבן געזוכט דעם עליקסיר פון אייביקער יונגקיַיט אין אויסריַיסעניש, און איך געפין אים אַלעמאָל דאָ. די באַגעגעניש מיט מיַינע אַמאָליקע שילער איז פאַר מיר אַלציינס ווי אַן אָפּפרישנדיקער ווינט אין אַ ברענענדיקער היץ. און כאָטש מיר איז שוין אַכציק, דאָך וועל איך אין פינף יאָר אַרום ווידעראַמאָל קומען צו פליִען די ערשטע...

אויסנוצנדיק אַ פּאַסיקן מאָמענט, לאַדט אַלעמען איַין קיין וויַיסרוסלאַנד אַ ביז גאָר כיינעוודיקע פרוי:

— טיַיערע „סיאַבּרעס", איך בעט איַיך אַלעמען, קאַלי לאַסקאַ, אין אונדזער גרינעם בושלקאַנט...

— וואַרט, וואַרט, באַלד וועט מען אין ווײַס־רוסלאַנד אויסטריקענען די לעצטע בלאָטעס, וועט שווערלעך ווערן דײַנע בושעלעך אָן די פּרעש, זיי וועלן זיך אופהייבן און אוועקפליִען פון דאָרטן, — טוט עמעצער א שפּאַס.

— נו איז וואָס? און איך וועל, ווי אַנדערסענס דויִמאָוואָטשקע, אוועקפליִען אײנײנעם מיט זיי, — פּאַרירט זי אָפּ אונטער א הילכיקן געלעכטער.

— אָט דער דויִמאָוואָטשקע — וואַלענטינע דאָזאָרצעווא איז שוין מער ווי פופציק. זי איז א דירעקטאָר פון א קינדערהויז אין מינסק, א פאַרדינסטפולער לערער פון דער רעפּובליק, — קאָנסטאַטירט דאַרע באַריסאָוונע, און אין איר טאָן פילט זיך א מוטערלעכער שטאָלץ.

אינמיטן זאַל, אין דער ענגער אַרומרינגלונג פון געוועזענע קלאַס־כאַווירים, שטייט זינע סוכאָווסקיך, א געאָלאָג פון קאַמטשאַטקע. זי איז א ביסל פאַרלוירן:

— פאַרוואָס האָט איר דאָס מיר אַרומגערינגלט אַזוי רעפּאָרטיאָרן, פונקט ווי כ׳וואָלט זיך אַראָפּגעוואָלגערט צו אײַך פון אַן אַנדער פּלאַנעטע?

— נו, לאָמיר זאָגן, פון אַן אַנדער פּלאַנעטע ניט, אָבער דאָס, וואָס דו ביסט פון אונדזער קלאַס דער איינציקער געאָלאָג, דאָס איז א פאַקט. נו, אויצרעס האָסטו שוין א סאַך געפונען?

— פאַרשטייט זיך! אָף דעם פּאַנגער לויפט דאָך די כײַע... קאַמטשאַטקע איז רײַך, און ווען זי וועט ווי ס׳געהער צו זײַן צעעפענען דעם בײַטל, וועט קלאָר ווערן, אַז די גיריקע שפּאַנישע קאָנקווויסטאַדאָרן האָבן געזוכט די לעגענדאַרישע עלדאָראַדאָ ניט דאָרט, ווו מ׳האָט באַדאַרפט...

— און דעם טאָל פון גייזערס האָסטו שוין געזען דאָרטן, טײַערע „קאַמטשאַדאַלקע"?

— אַוודע, דאָס איז קאָלאָסאַל און אומפאַרגעסלעך. און טאָמער ווילט איר זען איינעם פון די סאַמע, סאַמע בעסטע שעדעווערס פון דער נאַטור, איז קומט צו פליִען, איך וועל זײַן דאָרטן אײַער גיד...

צו דאַרע באַריסאָוונען גייען צו צוויי פרויען, זיי שענקען איר בלומען:

— א גרויסן דאַנק אײַך, ניִנאָטשקעס אין קוואַדראַט! ווי גייט עס? באַלד וועט איר שוין דעריאָגן אײַער געוועזענע שול?

— לויט דער דערפאָלגלעכקײַט — באַלד, וואָס איז שײַעך אַנדערע צײַגערס, שטייען מיר נאָך דערווײַל אָפּ.

ווען זיי גייען אוועק אַהין, ווו ס׳איז נאָך אַלץ אין געפאַנגענשאַפט די „קאַמטשאַדאַלקע", גיט דאַרע באַריסאָוונע א קורצע כאַראַקטעריסטיק:

— דאָס זײַנען נינע זאַוואַלאַקינא און נינע באַס, צוויי ליכטיקע, אומצעשיידלעכע נעשאָמעס. פאַרדינסטפולע פּעדאַגאָגן. אַפילע ניט באַקוועם, וואָס איך רוף זיי קיינעם ניט אָן לויט דעם פאָטערנאָמען, נאָר אָפּן ערנוואָרט, די צונג טוט זיך ניט א קער. פאַר מיר זײַנען זיי אַלע פאַרבליבן און וועלן פאַרבלײַבן שילער...

די אופלעבונג אין זאַל ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער. אין זײַן ראָל טרעט שוין אַרײַן דער טאַמאַדאַ וואַלענטין סאַלויִאַנאָוו, א הויפּט־אַגראָנאָם אין א סאָווירט הינטער איסקיטים. ער האַלט אין די הענט צוויי באַגריסונגס־טעלעגראַמעס. איינע פון קורגאַן — דער כירורג איסידאָר לאַזעבניקאָוו באַגריסט אַלעמען און באַדויערט זייער, וואָס ער קאָן ניט קומען, פונקט הײַנט איז א כאַסענע בא זײַן אייניקל. די צווייטע — פון מאָסקווע: דער אַטאַשע ניקאָלײַ וואָראָנצאָוו אַנטשולדיקט זיך פאַר זײַן אָפּוועזנהײַט, ער איז נאָרוואָס געקומען פון ניו־יאָרק און מוז עקסטרע אוועקפליִען קיין דעלי.

— איך האַלט, — מאַכט סאַלויִאַנאָוו דעם אויספיר, — אַז נעמענדיק אין אַכט, וואָס אָט די צוויי טײַערע כאַווירים זײַנען נאָך פון דער שולבאַנק ביז גאָר דיסציפּלינירטע און האָבן ביז אַהער קיין איין באַגעגעניש ניט דורכגעלאָזט, דאַרף מען קיין שום „סאַנקציעס" צו זיי ניט אָנווענדן.

פּלוצעם שרײַט פריידיק אויס דער מאַנצבל, וועלכער האָט אַמאָל איבערגעפּלאָנטערט די מוזיקאַלישע אינסטרומענטן:

— פאָלונדראַ! אונדזער גוליווער סאַשע פאַנאַפידין גייט. רום דער באַלטיק!

מיט פעסטע טריט שטעלט זיך אַרײַן א גוואַר אין דער פאָרמע פון א פלאָט־אָפיצער. ווען אַלע רינגלען אים אַרום, פאַרײַסנדיק די קעפּ, זעט מען טאַקע, אַז דער צונאָמען גוליווער, מיט וועלכן מ׳האָט אים געקרוינט נאָך אין די שול־יאָרן, איז אים זייער פּאַסיק...

פון אַלע זײַטן פאַרשיט מען אים מיט פראַגעס: וועגן דער עקספּעדיציע קיין אַנטאַרקטיק, אין וועלכער ער האָט אָנטײלגענומען...

צי האָט זיך שוין נאָך דעם קאַפּיטאַלן רעמאָנט אומגעקערט אָף זײַן היסטאָרישן אָרט דער קרייסער „אַווראָרע"?

ווי גייט די בויונג פון דער שוץ־וואַנט, וועלכע וועט ענדגילטיק אויסלייזן לענינגראַד פון אַלע פאַרפלייצונגען?

צי ס׳איז טאַקע אַן עמעס, אַז אין די אָקעאַנען באַגעגענען זיך בלאָנדזשנדיקע שיפן אָן מאַנשאַפטן?

נו, און פאַרשטייט זיך, וועגן אים, דעם גערימטן „בערמודער דרײַעק", אויך...

די ענטפערס זײַנען זייער טרעפלעכע, מיט הומאָר און ביז גאָר געפּרעסטע, ווי עס פּאַסט פאַר א מיליטערמאַן.

ווען מע אינפאָרמירט אים, אַז ס׳איז פאַראַן א פאַרשלאָג דעם זיבעציקסטן אָקטיאַבער־יאָרטאָג פײַערן אײנײנעם און אַז די פראַגע וועגן דעם אָרט

פון דער פּיִערונג איז נאָך דערוויַיל ענדגילטיק ניט געלייזט, באַוויליקט ער מיט באַגײַסטערונג:

— דאָס איז דאָך א גלענצנדע אידיי! וועגן דעם קאָן ניט זײַן קיין שום צווייפל. כ׳פאַרבעט אײַך אַלעמען קיין לענינגראַד.

אָבער איידער מע לאָזט אַרויס גוליווערן פון דעם ענגן קרײַז (מיסטאָמע איז בא זיי אַזא טראַדיציע), זינגט מען פליִיסיק זײַן באַליבטע ליד פון דעם פּאָפּולערן פּאַרמילכאָמעדיקן פילם „זיבן דרייסטע":

שטורעמס, ווינטן, הוראַגאַנען,
ס'איז ניט שרעקלעך אונדז דער אָקעאַן,
ס'וועלן יונגע קאַפּיטאַנען
פירן אונדזער קאַראַוואַן...

קאַנטיק, אַז מער אַף קיינעם ריכט מען זיך ניט, ווײַל אַט האָט שוין דער טאַמאַדאַ סאָלוויאָוו גענומען אין די הענט די האַרמאָניק און אונטער דער גרייכנדיקער ביז די שטערן, א באַהויכטער מיט גרינגן אומעט, מעלאָדיע פון דעם „שול־וואַלס" לאָזן זיך אַלע אַוועק אין א טאַנץ.

און איך קוק מיט אַנציקונג אַף אָט די שיינע צילגעווענדטע מענטשן, וועלכע פליִען זיך צונויף יעדע פינף יאָר פון אַלע עקן לאַנד, כעזשבענען זיך אָפּ פאַר דער פאַרגאַנגענער צײַט, טוישן זיך מיט די פלענער און פאַרבאָרגענע טרוימען, שטייען מיט אָנגעגייגטע קעפּ באַם מאָנומענט, אַף וועלכן ס'זײַנען אויסגעקריצט די פּילצאַליקע ליכטיקע נעמען פון יענע קלאַס־כאַווירים, וואָס האָבן זיך ניט אומגעקערט פון די בלוטיקע פעלדער. פאַר מײַנע אויגן אַנטפּלעקט זיך פּלוצעם דער סילועט פון זייער שול, וועלכע איז אַמאָל געשטאַנען אין דער זאַנע, ווו ס'האָט זיך „געבויט" דער אַבער יאַם און איז אַף שטענדיק פאַרבליבן אין אַלעמענס הערצער ווי א היילינקער סימבאָל פון צוזאַמענגעהעפטער כאַווערשאַפט און אומגעוואַקלטע מאָראַלישע פּרינציפּן.

נאָר איז דען אין יענער צײַט געווען ווייניק גוטע שולן? ס'בעט זיך א פּאַשעטער בײַשפּיל: ס'טרעפט, דו גייסט איבער א זומערדיקן פעלד, די גערעטעניש איז אַזא רײַכע, אַז דאָס האַרץ פרייט זיך, אָבער מיטאָמאָל שטויסטו זיך אָן אַף אַט אַזא גערעטענעם ערד־בייַלעק, פון וועלכן ס'איז שווין שווער זיך אָפּצורײַסן. און וואָס גייט עס דאָ? איינער און דער זעלבער געבענטשטער באָדן, איינע און די זעלבע מילדקייט פון דער זון, איינע און די זעלבע אָפּעקליבענע זוימען. הייסט עס, אַז אַף דעם שטיקל פעלד האָבן די זייער אַרבינגעלייגט א ביסל מער נשמה. אַזוי איז אויך מיסטאָמע געווען אין דער צווייטער בערדסקער מיטלשול...

דאָס, וואָס מײַן געדאַנק האָט אומגרייזלעך דערפילט דאַרע באָריסאָווע, באַשטעטיקט איר זאָג:

— אַלע אונדזערע געוועזענע דערצויגלינגען, וועלכע זײַנען איצט דאָ, און אויך די, וועלכע קאָנען איבער ווילטיקע סיבעס ניט בײַזײַן, האָבן באַקומען גרינטלעכע מיטלע בילדונג, און דאָס האָט זיי געגעבן א מעגלעכקייט שוין נאָך דער מילכאָמע אָנקומען אין די העכערע לערן־אַנשטאַלטן. צווישן זיי איז ניטאָ קיין איין מענטש אָן א זיכערער פּראָפעסיע, יעדער פון זיי האָט געפונען זײַן נייטיקן וועג. אין אונדזער שול איז ניט געווען קיין שפּײַז־סוויווע פאַר מיקראָבן פון גײַווע, עגאָיִזם, ערעגײַץ, פאַלשקייַט, שוואַכמוט, פּאַראַט און אַנדערע טויטגעפערלעכע פעלערן. און ווען אונדזערע יאָטן זײַנען פון דער שול־באַנק אַוועק אַפן פראָנט, זײַנען מיר געווען טיף איבערצײַגט, אַז אין וועלכע סיטואַציעס זיי זאָלן ניט אַרײַנפאַלן, וועלן זיי קיינמאָל ניט פאַרלירן זייער מוט. אַט נעמט יענעם הויכן, ברייטגעזיכטלעכן קראַסאַווער וועלכער טאַנצט מיט דער „דויטמאַוואַטשקע", דאָס איז גרישע קאָקלימין, הינטער דניעפּראָפּעטראָווסק האָט ער נאָך א שווערער קאָנטוזיע זיך געפּאַקט אין געפאַנגענשאַפט. דרײַ מאָל געלאָפן פונעם טויט־לאַגער, די פאַשיסטן האָבן אים דערפירט ביז דיסטראָפיע, געהאַפּט, אַז נאָך דעם וועט אָנקומען דער אינערלעכער איבערבראָך. זיי האָבן ניט געוווסט, די מענוואַלים, אַז זײַן כאַראַקטער האָט זיך פאַרמירט אין אונדזער שול. נאָך דער מילכאָמע האָט גרישע פאַרענדיקט א פינאַנץ־עקאָנאָמישן אינסטיטוט, איצט איז ער א פאַרוואַלטער פון א מעלוכישן באַנק אין בלאַגאָוועשטשענסק... אַדער נעמט די געשיכטע מיט איסידאָר לאָזעבניקאָוון. דרײַ כאַדאָשים איז ער געווען אין א פאַשיסטישן לאַגער. טאָג־אײַן, טאָג־אויס האָבן דאָרטן געוויניטשטערט די קלאָווים פון געסטאַפּאָ, אָבער זײַנע געוועזענע שול־כאַווירים, אַליין אויסגעמוטשעטע ביז דער לעצטער מאַדרייגע, קעסיידער ריזיקירדיק מיט דעם אייגענעם לעבן, האָבן אים אויסגעבאַהאַלטן ביז יענעם גליקלעכן טאָג, ווען ס'האָט זיי אַלעמען באַפרײַט א פּאַרטיזאַנישער אָטריאַד.

איך הער אויס מיט גרויס אינטערעס די גינסטיקע אָפּרופן וועגן די קאָלאַריטע פּערסאָנאַזשן פון די בערדסקער באַגעגענישן און זע, אַז אַלץ אין בא זיי טאַקע אָרגאַניזירט אַף דעם בעסטן אויפן. אַט הייבט אָן די האַרמאָניק איבערגיין פון האַנט צו האַנט. יעדער אָנטיילנעמער פון דעם „בליץ־טורניר" פּילט אויס זײַן סאַמע בעסטע זאַך. דער זיגער באַקומט דאָס רעכט אַוועקטראָגן דעם אינסטרומענט אַהיים און אָפּהיטן דאָרט די אומשאַצבאַרע רעליקוויע ביז דעם קומענדיקן צוזאַמענטרעף.

ווען די רייַ דערגייט צו וואַסילי קאָנדראַטאָוויטשן, נעמט ער די האַרמאָניק פאַרזיכטיק, ווי א וויקלקינד, און טוט זי שמייכלענדיק א גלעט:

— זי איז אַן עכט היסטאָרישע אין אַלע הינזיכטן און האָט קאַשער פאַרדינט אַן אָרט אין דעם

מוזיי פון שלאכט־רום. דאָס איז איינע פון די אכציק אינסטרומענטן, מיט וועלכע מ׳האָט אונדז אמאָל פרעמירט.

— אונטער אירע אומרויִקע קלאנגען האָט אין איינעם פון יענע גרויזאמע טעג, ווען מאָסקווע איז געווען אין געפאר, אריבערגעטראָטן די שוועל פון אונדזער שול דער ערשטער אָטריאד פרייַוויליקע. זי האָט מיט אונדז געוואנדערט איבער אלע פראָנט־וועגן.

אונטער איר מוזיק האָבן מיר געטאנצט אף די פלעצער אין די שטעט פון דער באפרייַטער אייראָפּע.

דערנאָך איז זי געוואָרן אן אומפארבייַטלעכער אטריבוט אף אלע אונדזערע באגעגענישן. און כאָטש זי האָט זיך שוין ניט וויניק מאָל רעמאָנטירט און איר מארקע איז שוין מיט פיל יאָרן צוריק ארויס פון דער מאָדע, דאָך קאָן קיין איין שפּאָגל־נייַער באיאן אָדער אקאָרדעאָן ניט ארויסרופן אין אונדזערע הערצער אזוינע פריידיקע, טיפע געפילן...

די פייַערונג האָט זיך פארצויגן ביז א שפּעטער אָוונטיקער שאָ. קיין נאָוואָסיבירסק האָבן מיר זיך אומגעקערט אין דער לעצטער עלעקטרישקע. צוזאמען מיט אונדז זייַנען געפאָרן יענע באלסימכעס פון די בערדסקער באגעגענישן, וועלכע האָבן געדארפט באגינען פון דעם אעראָפּאָרט טאָלמאטשאָוואָ זיך פאנאנדערפליִען איבער א סאך שטעט און ווייַטע קאנטן. ווען מיר האָבן זיך דערנעענטערט צום יאם, האָט די נאטור א רייַך געטאָן מיט דער נאָכגעוויטערדיקער פרישקייַט און פון אונטער א לייַכט באפליגלט וואָלקנדל האָט זיך ארויסגעגליטשט א פולע, מיט א געלבלעכן בייַ־קאָליר די סיבירער לעוואָנע און געוואָרפן א גינגאָלדענעם פונקטיר גיכער פון אלץ אין יענעם קוואדראט, ווו באטאָג האָט געבלאָנקעט דער „איינזאמער זעגל״.

## מיכאִל קרייַנבערגס פענאטן

דער עקספרעס „יעניסיי״ האָט זיך געטראָגן פון קראסנאָיארסק אף מייַרעוו. ווען ער האָט, איבערלאָזנדיק הינטער זיך א געדיכטן אומענדלעכן וואלד־מאסיוו, זיך ארויסגעריסן אף א פארשנייטן פליין, איז מיכאִל קרייַנבערג צוגעגאנגען צום פענצטער. גאָר באלד דארפן אָנקומען די לעצטע מינוטן פון דעם קורצן ווינטערדיקן טאָג. אָט דער פארבייַלויפנדיקער צייַט־אָפּשניט פאר דעם אָנגריף פון פינצטערניש רעגט שטענדיק אוף זייַן געמיט. אין די טיפענישן פון זייַן באגאבטער נעשאָמע האָט שוין פון לאנג אויסגערייַפט א סיוזשעט: „דאָס ווינטערדיקע פעלד פאר דער דעמערונג״. אָבער אף פארווירקלעכן דעם פארטראכט האָט דערווייַל קיין צייַט ניט געקלעקט. די לעצטע כאדאָשים האָט ער זיך געגרייט צו דער זאָנאלער אויסשטעלונג, געווידמעט דעם זיבעציקסטן אָקטיאבער־יאָרטאָג.

מיט דער נעסיִע קיין קראסנאָיארסק איז ער פולקום צופרידן. פארשטייט זיך, ניט נאָר מיט זייַן פערזענלעכן דערפאָלג. דעריקער, וואָס דאָרטן האָבן זיך ניט שלעכט פארעקאָמענדירט עטלעכע זייַנע געוועזענע דערצויגלינגען, באזונדערס מאריק זאכצער, וועמענס לייַוונט „יונגע סיביריאקעס מעטראָבויער״ האָט ארויסגערופן דעם סאמע גינסטיקן אָפּרוף בא אלע באזוכער פון דער אויסשטעלונג.

אָט די מערקווירדיקע געשעענישן פילט אָן מיט פרייד קרייַנבערגס הארץ. פאר זייַנע אויגן טוט א בלינצל יענער קאדער, ווען די שוועל פון דער איזאָ־סטודיע איז איבערגעטראָטן דאָס פּיפּיקע, קליינוווקסיקע זאכצערל, ער האָט זיך טיקעף אקלימאטיזירט און אָן שום האכאָנעס אָנגעהויבן אזוי פלייַסיק דעמאָנסטרירן זייַן „קונסט״, אז דער גאנצער אינטעריער איז אוועק כאָדאָראָם...

ס׳איז שוין דערגאנגען דערצו, אז אייניקע קוראטאָרן האָבן אָנגעהויבן פּראָגנאָזירן: פון אָט אזא קונדייסעוואטן ווייַסכעווורעניק וועט זיך אלציינס קיין שום טאָלק ניט באקומען... זיי האָבן אפילע געגעבן אָן אָנצוהערעניש, אז ס׳וואָלט ביכלאל ניט געשאט פון אָט דעם טאכשיט זיך אָפּזאָגן.

קרייַנבערג פלעגט גאנץ רויִק אויסהערן די פריצייַטיקע אומגערעכטיקע אורטיילן, קיינעם ניט דערווידערט, אָבער וועגן אָנעמען שטראָף־מיטלען צו מאריקן ניט געטראכט. ער האָט מיט דעם זעקסטן כוש אומגרייַזלעך דערפילט, אז דאָס איז זייער א טאלאנטפולער אומרו, וועלכן מע דארף געדולדיק אויסכאָוועון, ווי א צארט, א סאמע קאָפּריזנע בלימעלע...

און ווירקלעך, אין א ביסל צייַט ארום האָט זיך בא דעם כעווורעמאן ארויסגעוויזן אזא פארליבטקייַט אין קינסטלערייַ, אז צו אלע שטיפערייַען איז אין איין שיינעם טאָג געקומען א סאָף.

מיכאִל דערמאָנט זיך מיט ליבע וועגן זייַנע אנדערע געוועזענע און איצטיקע שילער, און ווידער טוען פאר אים א שוועב טשיקאווע בילדלעך. אָבער זייער גיך רייַסט זיך דער אינטערעסאנטער סעאנס איבער, ווייַל מיטאמאָל קומט אוף דער אָוונטיקער נאָוואָסיבירסק.

„שייַנט, פונקט ווי א נייַע גאלאקטיק״, — באשטימט קרייַנבערג. דער פארגלייַך ווערט אים

אזוי געפעלן, אז אין געדאנק טוט ער שוין א פרוּוו אָנוואָרפן א סכעמע פון דער „נײַער גאלאקטיק", און יעדער ראַיאָן פון דער ברייט צעוואָרפענער שטאָט אף ביידע ברעגן פון דעם אָב זעט זיך אים ווי א באזונדער געשטערן. אין דער ערשטער ריי רופט בא אים ארויס א פריידיק געפיל דער עטוואָס דערווײַטערטער אין דער רעכטער זײַט פונעם צענטער געשטערן. אוואדע! דאָרט, אף דער כמעלניצקי־גאס, אין דעם פּיאָנערן־הויז אפן נאָמען פון דעם העלד פון סאָוועטנפארבאנד דמיטרי פּיטשורגין, געפינט זיך די פאָלקס־סטודיע פון אָפּבילדנדיקע קונסטן. זײַן ווערק, דאָס סאמע, סאמע הייליקסטע פאר אים אָרט. ס'איז גענוג אים אוועקפאָרן פון נאָוואָסיבירסק אף עטלעכע טעג, אז ער זאָל אָנהייבן בענקען נאָך זײַנע דערצויגלינגען.

אָט אויך איצט, ניט געקוקט אף דעם, וואָס ס'איז שוין געווען א שפּעטלעכע שאָ און וואָס זײַן קוואַרטיר געפינט זיך ניט ווײַט פונעם וואָקזאל, האָט אים א צי געטאָן אהין, אין די פּענאטן.

ווען ער האָט געעפנט די טיר, האָט ער באמערקט אין אן אָפּגעזונדערט ווינקעלע אן אָנגעבייגט צום טיש פיגורל, וואָס האָט מיט אזא פלײַס געארבעט, אז ס'האָט אפילע ניט דערהערט, ווי עמעץ איז ארײַן.

בלויז ווען מיכאיל איז צוגעגאנגען גאָר נאָענט, האָט דאָס פיגורל א שפרונג געטאָן פונעם בענקל:

— אָט דאָס זײַט איר, מיכאיל דאווידאָוויטש? א גוטן־אָוונט אײַך! און איך האָב געמיינט, אז איר וועט שוין הײַנט אזוי שפּעט אהער ניט פארגיין.

דאָס באָכערצל האָט זיך פארויטלט, אָנגעהויבן זיך איבערשטעלן פון איין פוס אף דעם אנדערן. ס'האָט זיך געפילט, אז עפּעס באאומרויִקט אים.

— דו ווילסט מיר עפּעס זאָגן, איגאָריאָק?

— ניין, גאָרניט, אָבער זאָגט דעם עמעס: איר זײַט אמאָל געווען אין דעם קודריאשאָוון באָר? זומער בין איך געפאָרן אהין אין פּיאָנער־לאגער, געוואָר ווערן מײַן שוועסטערל. דאָרט שטייט אין דער מיט פון דער וואלד־לאָנקע א הויכע סאָסנע, איר קרוין איז נאָך א וואָרעמען רעגן געוואָרן אן אויסערגעוויינלעכע, זי האָט זיך צעשפּילט מיט אלערליי קאָלירן, אז כ'האָב געמיינט, אז אהין האָט זיך איבערגעקליבן דער רעגנבויגן. כ'האָב אים טאָקע געזוכט אומעטום אין הימל און אין ערגעץ ניט געפונען. יענע זעונג האָב איך הײַנט אָפּגעשפּיגלט, טוט א קוק, ביטע...

מיכאיל האָט גענומען די צייכענונג, אופמערקזאם באטראכט:

— די טעמע איז בא דיר א קעדײַיִקע, בענעגייע דעם רעגנבויגן זײַנען אויך קיין פּרעטענזיעס ניטאָ, ער איז אזא פרישער, אז עס דאכט זיך אויס, טו אים א ריר, וועסטו אָפּבריִען די האנט. אָבער די סאָסנע האָט זיך בא דיר דערווײַל באקומען זייער א געמיינע, א קנאָפּע. מע דארף זי אופלעבן, אנדערש וועט קיינער ניט גלייבן, אז אָט דעם פּרעכטיקן הימל־שאָליִער וועט זיך מיטאמאָל פארגלוסטן זיך איבערפּעקלען אף אָט אזא פארזעעניש. שיינקײַט האָט ליב הארמאָניע. דו האָסט אפילע פארגעסן וועגן דעם גרינעם טעפּיך אונטער אירע פיס, אָט גאָר פונקט ווי זי וואָלט געשטאנען אף א הוילן פעלדז און ניט אף א זומערדיקער וואלד־לאָנקע... און ביכלאל פארגעדענק: אָפּשפּיגלען אזא פײַנע דערשײַנונג פון דער נאטור אין איין אָטעם איז אומעגלעך. און איצט, מײַן ליבינקער, דיסציפּלין — שנעלער לויף אהיים, מיסטאמע איז שוין דאָרטן א גאנצע מעהומע, אזוי שפּעט מאָלן טאָר מען ניט, דו וועסט קאליע מאכן די אויגן, און פאר א קינסטלער איז דאָס אלץ.

— אינדערהיים איז אלץ אין אָרדענונג: כ'האָב געגעבן צו וויסן פארפריִער, אז כ'וועל זיך פארהאלטן. נו, און די סאָסנע וועל איך אומבאדינגט איבערמאכן...

ווען איגאָריאָק איז אוועקגעגאנגען, האָט קריינבערג א טראכט געטאָן וועגן דעם, ווי טיילמאָל טרעפן זיך אין לעבן כידעשדיקע צונויפפאלן. מיט פיל יאָרן צוריק אין שול פון א דערפעלע זאטורינקא (איצט איז דאָס א גרויסער וווינ־מאסיוו פון נאָוואָסיבירסק), איז ער געשטאנען בא אן אליינגעמאכטן מאָלברעט. מיטאמאָל האָט זיך האסטיק אופגעעפנט די טיר און ס'האָט זיך באוויזן דער דירעקטאָר:

— אָט ווען דו האָסט זיך מיר, טײַערינקער, געפּאקט, ניט אומזיסט זאָגט מען, אז אין אונדזער שול שטיפט יעדע נאכט א דאָמאָוויק.

— סידאָר פּאָליקארפּאָוויטש, אנטשולדיקט, ביטע... נאָר מיך רעגט די אופירונג פון דער טײַגע פאר א געוויטער, כ'וועל דאָס שילדערן.

— וועגן דער אופירונג פון דער טײַגע ווייס איך ניט, נאָר דײַן אופירונג טויג אפן פײַער. צי דען פארשטייסטו ניט, אז מאָלנדיק בא דער שײַן פון אָט דער לאמפּאדקע, ביז דעם ערשטן האָנענקריי, קאָן מען קאליע מאכן די ריִע? וואָס פאר א קינסטלער וועט זיך פון דיר דעמלט באקומען? אָט באלד וועלן מיר אויסבויען א נײַע שול, ווו ס'וועט זײַן זייער ליכטיק. אָט דאָרטן קלאָר ענדגילטיק אויס דײַנע באציִונגען מיט דער... טײַגע.

אין דער נײַער שול האָט מען דעם שילער מישע קריינבערגן, ווי אן אויסנאם, דערלויבט אונטעריכטן מאָלערײַ. ווארשײַנלעך, אז נאָך פון יענער צײַט איז אין זײַן נעשאָמע אופגעקומען די גרויסע ליבע צו קינדער, וועלכע ענטפערן אים מיט דעם זעלבן געפיל. דאָך ניט פאר אלעמען עפענען זיך די קינדערשע הערצער. אין פרײַנטשאפט זײַנען זיי דער סאמע פּרינציפּיִעלער, דער סאמע אָפּקלײַבערישער אוילעם.

— קרוווים, — שפּאסט מיכאיל, — שיקט אונדז צו דער גוירל, פרײַנט אָבער קלײַבן מיר אויס אליין. פאר מיר זײַנען מײַנע שילער די בעס־

טע פֿרײַנט, איך פֿאַרמאָג זײ אַזױפֿיל, אַז כ'האָב די פֿולע רעכט זיך האַלטן פֿאַר אַן עכטן נגיד.

— די קינדערשע טאַלאַנטן, — טײַנעט ער, — דאָס איז די גרעסטע רײַכקײַט, און אױב איבער אונדזער שולד װעט כאָטש אײן טאַלאַנט פֿאַרלאָרן גײן, װעט דאָס גאַנצע לעבן אונדז פּײַניקן דאָס געװיסן.

פֿאַרענדיקט די ניזשני־טאַגילער קינסטלעריש־אינדוסטריעלע שול, באַקומט מיכאַיל קרײנבערג, לױט זײַן דרינגלעכער באַקאָשע, אַן אָנװײַזונג קײן נאָװאָסיבירסק, און אָט איז שױן באַלד דרײַסיק יאָר, אַז ער איז אָן אַ פֿאַרבײַט אַ דערציִער פֿון יונגע קינסטלער.

באַדײַטפֿול איז די איבערעכענונג פֿון זײַנע גוטע מײַסים אויף אָט דעם געביט: דאָס האָבן זיך לױט זײַן איניציאַטיװ אין דער בילדער־גאַלערײ אָנגעהױבן פּראַקטיקירן אױסשטעלונגען פֿון קינדער־שאַפֿונג, די בעסטע צײכענונגען פֿון זײַנע אַפּעקירטע האָבן זיך ניט װײניק מאָל עקספּאָנירט אויף אַלע קאָנטינענטן פֿון דער פּלאַנעטע. אָט די אײגנאַרטיקע אַנטרױ־גראַמאָטעס העלפֿן דורכלײגן שטעגלעך פֿון פֿרײַנטשאַפֿט צװישן מענטשן פֿון פֿאַרשײדענע לענדער.

אַ סך רײַזעס האָט ער דורכגעמאַכט מיט זײַנע יונגע פֿרײַנט: געגאַנגען איבער די לעניז־ערטער, איבער דער קראַסנאָיאַרסקער טײַגע, איבער די װעגן פֿון מיטל־אַזיע און קאָלונדאַ, אַנציקט געװען פֿון דעם בײַקאַל, געשטורעמט דעם באַרגיקן אַלטײַ.

און אומעטום, בײַ יעדן באַקװעמען צופֿאַל, טרענירט ער די באַמערקערישקײַט. אײנמאָל האָבן זײ זיך אָנגעשטױסן אין די בערג אויף אַ פּרעכטיקן עדעלװײס. מיכאַיל האָט אַ קוק געטאָן אין הימל און פֿון פֿרײד אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט:

— אױסגעצײכנט! באַלד װעט זיך די זון באַהאַלטן הינטער אָט יענעם װאָלקנדל, װאָס טראָגט זיך צו איר אַנטקעגן. דאָס װעט דױערן אײן אױגנבליק, אָבער איר דאַרפֿט אומגרײַזלעך באַמערקן, װאָסערע ענדערונגען װעלן פֿאַר אָט דער צײַט פֿאָרקומען מיט דעם בלימל...

דער ציל פֿון די מאַרשן איבער אַלטײַ איז ניט נאָר זיך קװיקן מיט די אומפֿאַרגעסלעכע פּײַזאַזשן. קרײנבערג סטאַרעט זיך צו באַקאַנען זײַנע מיט־רײַזער מיט דער געשיכטע פֿון דעם רײַכן קאַנט, אָרגאַניזירט באַגעגענישן מיט אינטערעסאַנטע, אָנגעזעענע מענטשן.

דאָרטן האָט זיך די כעװרע אײַנגעגעבן צונױפֿזאַמלען אַ רײַכן מאַטעריאַל װעגן דעם לעבן און דער שאַפֿונג פֿון דעם אַלטײַער קינסטלער גורקינען, שישקינס אַ באַגאַבטן שילער און ליבלינג. פֿאַרשטײט זיך, אַז דאָס איז פֿאַר זײ געװען אַ באַדײַטנדיקע אַנטדעקונג.

...אײנמאָל, נאָך אַ לאַנגשאָיִקן מאַרש, האָבן זײ אױפֿגעשטעלט דעם ביװואַק אין אַ באַרג־צופֿוסנס. קימאַט אין האַלבנאַכט האָט מיכאַיל אַלעמען אױפֿגעהױבן און אונטער דעם געדיכט־שטערנדיקן הימל זײ אַװעקגעפֿירט אויפֿן שפּיץ פֿונעם באַרג:

— באַלד װעלן מיר װערן אײדעס פֿון דעם סאַמע גראַנדיִעזן װוּנדער...

און די קומענדיקע יונגע קינסטלער האָבן אָנגעציקטע, פֿאַרטײַענדיק דעם אָטעם, געזען און געהערט, װי אויף דער ערד װערט געבױרן אַ נײַער טאָג...

אָט די פֿאַרצײכענונג װילט זיך פֿאַרענדיקן מיט אַ ליד, װעלכע די שילער האָבן געשאַפֿן װעגן זײער עלטערן פֿרײַנט:

איר האָט די הערצער אונדזערע גערירט,
און יענע שאָ װעט זײַן אונדז שטענדיק טײַער,
װען איר האָט אונדז איבער די בערג אַלטײַער
אַנטקעגן דער פֿרימאָרגן־שײַן געפֿירט...

■

# מע דאַרף...

הײַנטיקע צײַטן איז קיין טראָט ניט צו מאַכן אָן עלעקטראָנישער רעכנטעכניק, ס׳איז פּשוט אוממעגלעך זיך באַוועגן פאָרויס.

— און דאָך, — האָט מען מיר געזאָגט, — שטייט די דאָזיקע קאָסטבאַרע טעכניק אָפּט אָן אַרבעט. ס׳איז נאָך גוט, אַז די עלעקטראָנישע רעכנמאַשין פונקציאָנירט צוויי אָדער דרײַ שעה אין מעת־לעת. פאַרוואָס קומט אַזוי פאָר? די סיבה? פאַראַן פאַרשיידענע סיבות. מע דאַרף זיך פאַנאַנדערקלײַבן.

אָבער וויאַזוי וועל איך, אַ הומאַניטאַריער פון קאָפּ ביז די פיס, זיך פאַנאַנדערקלײַבן אין פראַגן פון טעכניק, דערצו נאָך עלעקטראָנישער? איר ווייסט, וואָס איר רעדט?

— מע דאַרף! מע מוז זיך פאַנאַנדערקלײַבן, ווער און וואָס שטערט דער אינטענסיפיצירונג פון דער ווירטשאַפט! פאַרשטענדלעך? מע דאַרף!

יאָ, פאַרשטייט זיך. איך בין פולקום מסכּים, נאָר פאַרוואָס דאַפקע איך?

— איר האָט גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען, — האָט מען מיר מיט אומגעדולד געענטפערט, — ניט בלויז איר. אַלע מיר. מיר מוזן אַלע זיך נעמען פאַר דער דאָזיקער זאַך, אײנײנעם זוכן אַ לייזונג. קלאָר? סאַפּקאַלסאַפּ האַנדלט זיך דאָך ניט וועגן דער מאַשין גופא. די מאַשין זאָגט זיך ניט אָפּ צו אַרבעטן. אַלץ איז געווענדט פון די מענטשן!

אין לעבן קומט אָפּט פאָר אַזוי: וואָס טראַגישער ס׳איז די סיטואַציע, אַלץ טײַערער זײַנען דיר די דערינערונגען וועגן זאָרגלאָזן לעבן, וואָס איז אַקאָרשט פאַרבײַ. וועגן דער פאַרגאַנגענער קינדהייט, אַשטייגער. די קינדהײַט איז גיך אַדורך, אָבער זי האָט איבערגעלאָזט אין דיר אויף שטענדיק איר זעלטענעם צויבער. בײַס דער מילכאָמע פלעגן די דערינערונגען וועגן דער פּלוצלינג איבערגעריסענער קינדהײַט מיר זיך אָפּט כאַלעמען. און נאָך איז בײַ מיר מילכאָמע־צײַט געווען אַ זאַך, וואָס פלעגט, כאָטש אויף אַ רעגע נאָר, אָפּשוואַכן די אַלגעמיינע אָנשטרענגונג. די לײַכטזיניקע, די ווײַטע פונעם לעבן אָפּערעטע. אין די קאַלטע, ניט באַהייצטע טעאַטער־זאַלן פונעם באַלאַגערטן לענינגראַד פלעגט זי ברענגען די מענטשן אַ צווייטן אָטעם...

איך האָב געטראַכט וועגן דער קינדהײַט, וועגן דער מוזיק פון שטראַוס און לעגאַר, גייענדיק אויף אַ באַגעגעניש מיט דער עלעקטראָנישער רעכנטעכניק. איך האָב זיך געניייטיקט אין אַ צווייטן אָטעם.

עס קאָן זיך מאַכן, אַז גריגאָרי איסאַאַקאָוויטש קאַץ האָט אויך זיך דערמאָנט אין זײַן קינדהײַט אָדער זיך צוגעהערט צום אינערלעכן קלאַנג פון זײַן אָפּערעטע. ווער ווייסט?

מיר האָבן זיך מיט אים געטראָפן טאַקע אין יענער אָרגאַניזאַציע, וווּ אָט די קאָסטבאַרע טעכניק איז אַ גרעסערער טייל פונעם מעסלעס געשטאַנען ליידיק, אָן אַרבעט, ניט ברענגענדיק קיין שום נוצן.

— איך האָב זיי באַלד געזאָגט, — האָט זויער אַ שמייכל געטאָן גריגאָרי איסאַאַקאָוויטש, — איר, האָב איך זיי געזאָגט, וועט זיך דערשפּרינגען דערצו, אַז מע וועט בײַ אונדז צונעמען די מאַשין, און מע וועט בעפיירעש זײַן גערעכט.

גריגאָרי איסאַאַקאָוויטש איז געזעסן אויפן פענצטער, אַ פוס איבער אַ פוס, און געמאַכט פון שטיקלעך צעריסן פּאַפּיר קײַקעלעך. אַ מאָדנע באַשעפטיקונג, ביפּראַט ווען עס זײַנען פאַראַן אַ סאַך ערנסטערע איניאָנים.

— וועמען זוכט איר? — האָט ער מיך געפרעגט, ווען איך האָב זיך גענומען אַראָפּלאָזן מיט די שטשערבאַטע טרעפּלעך אין קעלערשטאָק.

— גיכער פון אַלץ, אײַך, — האָב איך געענטפערט ניט זייער זיכער. — יאָ, אײַך! טאַקע אײַך, — האָב איך אַ זאָג געטאָן אין זיך, — אָבער כ׳זע בלויז גרויסע אָפּגעשוואַכטקײַט, כאָטש ס׳איז לאַבסאָלוטן ניט פאַרשטענדלעך, פון וואָס נעמט זיך עס. די טעכניק שטייט אָן אַרבעט... און איר... אַ פוס איבער אַ פוס. און אָט די אומגעלומפּערטע פּאַפּירענע קײַקעלעך... — ס׳האָט זיך מיר זייער

געוואָלט אים מיט עפּעס א שטאָך טאָן. אָבער צוקוקנדיק זײַן פּאָזע, זײַן אומעטיקן שמייכל, האָב איך זיך אָפּגעהאַלטן דערפֿון. קאַץ האָט בא מיר ניט ארויסגערופֿן קיין פֿארדראָס. גיכער א געפֿיל, וואָס איז ענלעך אויף ראכמאָנעס. ער האָט אויסגעזען א ביסל קאָמיש, און איך האָב פּלוצעם באמערקט אין אים עפּעס פֿון אן אקטיאָר, ווען ער איז טעאטראַליש אראָפּגעשפּרונגען פֿונעם פֿענצטער און א געשריי געטאָן מיט אן אונטערגעבראָכענעם דיסקאַנט:

— מיך? איר זוכט גראָד מיך?

ער האָט אָפּגעטרייסלט די הויזן, אריַינגעוואָרפֿן אין מיסטקאַסטן א גאַנצע זשמעניע פּאַפּירענע קײַקעלעך און זייער פֿײַן צעשמייכלט זיך. א לעבעדיקער מענטש, — האָב איך א טראַכט געטאָן, — און מיט וואָס ער פֿאַרנעמט זיך?

— יאָ, דאָס איז גוט! עס איז אפֿילע זייער גוט, — האָט געזונגען שיטן קאַץ, — ווען מע זוכט דיך, ווען מע דערמאָנט זיך אין דיר און דו קאָנסט נאָך עמעצן צוניץ קומען!

עפּעס איז געשען ערגעץ ארום מיר, און כ'האָב ניט־ווילנדיק זיך צוגעהערט, צי וועט ניט א קלונג טאָן באַלד מײַן ליבער לעגאַר אָדער דער גרויסאַרטיקער אָפּענבאַך. כאָטש אין דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע האָט אזעלכס ניט געקאָנט געשען. אַלץ איז דאָ צו וואָכעדיק. אָן פֿליגל... און דאָך האָט קאַץ מיך ארופֿגעפֿירט אַפֿן געדאַנק: מיט וואָס שפּאַסט ניט דער טײַוול?.. איך וואָלט בעפֿיירעש אופֿגענומען ווי א געוויינלעכע זאַך, ווען דאָס דאָזיקע רירעוודיקע מענטשעלע הייבט זיך אָן דרייען אויף איין פּיסל און הייזעריק, ווי אַלע קאָמישע אַקטיאָרן, צעזינגט ער זיך: „שיינע מיידעלעך, מיידעלעך..."

— איר זעט קאַץ? — האָב איך אויף יעדן פֿאַל א פֿרעג געטאָן.

— ניט שוין זשע זעט מען עס ניט? — האָט ער געענטפֿערט.

ווי ס'פֿירט זיך בא אונדז, מיט א פֿראַגע אויף א פֿראַגע...

— זייער אָנגענעם...

— עמעס?

— איז אָט וואָס...

מיר האָט זיך געוואָלט טייקעף, אָן לאַנגע שיִעס, צוטרעטן צום איניען, וואָס האָט מיך אינטערעסירט. אָבער אין קאַצס מאַניר האָב איך באמערקט: ער איז נאָך ניט גרייט צו אזא געשפּרעך. איך האָב קוים באוויזן אופֿצוכאַפּן די מינעס אויף זײַן פּנעמל. נו, פֿאַרשטייט זיך, האָב איך געטראַכט, מ'האָט דאָ מער קיינעם ניט געפֿונען, ווער ס'זאָל ארבעטן מיט דער רעכנטעכניק. די סאַמע פּאַסיקע פֿיגור! און זײַן הוילעך? טוט נאָר א קוק אויף זײַן אויסזען! און דער שניפּס! לויט זײַן עקיפּירונג קאָן מען מיינען, אז ער געפֿינט זיך גאָר ניט אויף דער ארבעט!

גריגאָרי איסאַאַקאָוויטש האָט דערווײַל אָנגעבויגן זײַן קעפּל, א באוואַקסנס מיט לײַכטן פּוך, גראַציִעז אָנגערירט מיט זײַנע דינע פֿינגער דעם שניפּס, פֿאַריכט דעם אויסגעפּרעסטן קנייטש אויף די הייזלעך און, זײַענדיק שוין אין פֿולער אָרדענונג, פּלוצעם א זאָג געטאָן אויף פּויליש:

— פּשעפּראַשעם, פּאַני!

אין דער דאָזיקער סיטואַציע האָט עס א קלונג געטאָן באזונדערס לײַכטזיניק.

באמערקט מײַן פֿאַרוווּנדערונג, האָט ער זיך צעלאַכט און, ווי מע פֿלעגט עס טאָן אַמאָליקע צײַטן, א שאַר געטאָן מיטן פּיסל, און מיר פֿאָרגעלייגט אן אַנדער וואַריִאַנט:

— און עפּשער פּאָשעט און פּראָסט: שאָלעם־אַלייכעם? איר זעט ניט קעגן?

וואָס האָב איך געקאָנט דערווידערן? שאָלעם־אַלייכעם — איז שאָלעם־אַלייכעם. אָבער דאָס, מײַן טײַערינקער, ענדערט גאָרניט. עלעקטראָנישע רעכנטעכניק טאָר ניט שטיין אָן ארבעט... צי וועלן מיר איינער דעם אַנדערן זאָגן „שאָלעם־אַלייכעם" אָדער „פּשעפּראַשעם, פּאַני"...

— איך בין שטענדיק גליקלעך, ווען איך קאָן ברענגען נוצן! אָפּטער, — האָט ער מיט א טרויעריקן שמייכל זיך ארומגעקוקט, — זייער אָפּט קומט אויס צו טראַכטן, אז קיינער דאַרף דיך שוין ניט. די עלטער...

און פּלוצעם האָט דער טרויער זיך פֿאַרביטן מיט עפּעס א ניט־פּאַסיקער צו דעם פֿאַל שפּילעוודיקײַט. ער האָט, ווי א יונגערמאַן, אראָפּגעלאָזט זײַן בליק און צוגעגעבן מיט אן אָנצוהערעניש:

— איבערהויפּט, ווען עס איז שײַעך יונגע דאַמען...

ער קאָקעטירט, דער קאָמישער אַלטער! — איז דורכגעלאָפֿן בא מיר א געדאַנק. — ווײַזט אויס, מע נעמט מיך ניט אויף ערנסט, אויב מע לייגט מיר פֿאָר צו ריידן וועגן וויכטיקע איניאָנים מיט אָט דעם ארטיסט.

— יאָ, שוין לאַנג, לאַנג, — האָט, ניט לייגנדיק קיין אַכט אויף מײַנע איבערלעבונגען, פֿאָרגעזעצט גריגאָרי איסאַאַקאָוויטש, — האָט קיינער... מיך ניט געזוכט. ביפֿראַט דאָ, אין אָט דעם קעלער. איר פֿאַרשטייט, — האָט ער פּלוצעם גענומען זוכן בא מיר מיטגעפֿיל, — ווען דו דערנעענטערסט זיך שוין צו דער גראָדער פֿיניש־ליניע... אזוי, דאַכט זיך, הייסט עס בא די ספּאָרטסמענער, אַלץ

אָפּטער קומען דיר אָפּן מויעך ניט קיין פֿרײלעכע מאַכשאָוועס... און דער וועג... יעדערער האָט זיך זײַן מאַראַפּאָן!

אוואַדע! — האָב איך אַ טראַכט געטאָן. — זיצט אָפּן פֿענצטער, פֿאַרוואָרפֿן אַ פֿוס איבער אַ פֿוס, דרייט אין סאַמע ברען פֿון דער אַרבעטסצײַט הונדערטער פּאַפּירענע קײַקעלעך, וואָס קיינער דאַרף זיי ניט, און קוקט נאָך אַרויס אַף מיטגעפֿיל, אַף דעם, אַז עמעצער וועט זיך מיט אים אינטערעסירן!

איך האָב נאָכאַמאָל באַטראַכט קאַצן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, אָבער עפּעס האָט מיר געשטערט אַ וואָלגער טאָן אַף אים מײַנע דײַגעס. עפּשער די טיפֿע קנייטשן, וועלכע די צײַט האָט דורכגעלייגט אַף זײַן קליינעם בלאַסן פּענעמל, עפּשער דאָס דינע העלדזעלע מיטן כאָמעטל פֿונעם ניט־צוגעפּאַסטן קעלנערל, עפּשער די אָנגעשוואָלענע זעקעלעך אונטער די אָפּגעבליאַקעוועטע אויגן. נו, וואָס קאָן מען פֿון אים פֿאָדערן? דער פּענסיע־עלטער בייטיקט זיך אין רעוועראַנסן. מע מוז עס נעמען אין אַכט... געדאַרפֿט געווען אים באַגלייטן מיט קאָוועד אַף פּענסיע, און אַ סאָף...

אָבער פֿון אַזעלכע געדאַנקען ווערט דיר אַליין ניט־גוט אָפּן האַרצן. מיר האָט זיך פּלוצעם פֿאַרוואָלט אומקוקן זיך אָפּן אייגענעם וועג, אָפּן אייגענעם מאַראַפּאָן און זיך דערמאָנען אין מײַן פֿיניש־ליניע... ניט זעלטן טראַכט איך וועגן איר. וואָס זשע איז שוין דאָ צו ריידן וועגן אָט דעם גריגאָרי איסאַאַקאָוויטשן?

אָבער, כאַפּנדיק אַ קוק אַף אים, האָב איך מיטאַמאָל פֿאַרשטאַנען: ער קימערט זיך לאַכלוטן ניט.

— איך בין דאָך דאָס גאַנצע לעבן מײַנס געלאָפֿן! אונטערגעטריבן די צײַט... גאָט מײַנער! — ער האָט אויפֿגעהויבן זײַן הענטל, ווי ער זאָל ווײַזן, ווהין ער איז געלאָפֿן. — צום האָריזאָנט, — האָט ער פֿאַרטרוימט צוגעגעבן.

— פֿונוואַנען עס קומען די פֿריילינגען? — האָב איך אונטערגעזאָגט.

— פֿונוואַנען ווייסט איר? — האָט ער זיך פֿאַרכידעשט.

— אַלע ווייסן, נאָר קיינער וויל זיך ניט מודע זײַן. — האָב איך געענטפֿערט.

ער האָט נאָכאַמאָל זיך אַרומגעקוקט, פּונקט ווי ער וואָלט געוואָלט מיר פֿאַרטרויען עפּעס אַ סאָד, און איך האָב דערפֿילט, ווי ער באַמיט זיך צוצוגעבן דעם דאָזיקן סאָד וואָס מער באַדײַטיקײַט. נו, גוט. מיר וועלן זען.

— אײַך אינטערעסירט, וואַרשײַנלעך, פֿאַרוואָס עס שטייען ליידיק אונדזערע עלעקטראָנישע רעכנמאַשינען? עמעס? כ'האָב געטראָפֿן?

איך האָב באַדײַטפֿול אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. מיר האָט זיך שוין ניט געוואָלט פֿלאָגן דעם דאָזיקן מענטשן, צושטיין צו אים מיט וועלכע־ניט־איז פֿראַגעס. איך בין דאָך ניט קיין רעווידיר־קאָמיסיע. ביפֿראַט, ער איז אַזאַ אַלטער, מידער מענטש. און דער מאַראַפּאָן... באַ יעדערן איז ער אַף זײַן אויפֿן ניט לײַכט... וואָס איז דאָ צו ריידן...

— עפּשער געדענקט איר, — האָט פּלוצעם געזאָגט קאַץ, — נו, יאָ, אַלע ווייסן דאָך דאָס באַרימטע קינדערש מײַסעלע וועגן דעם הענדעלע, וואָס האָט זיך דערוואָרגן מיט אַ קערנדל... דאָס אומגליקלעכע הענדעלע האָט באַדאַרפֿט נאָר אַ קליין שטיקעלע פּוטער...

דער אַלטער האָט אַ קוק געטאָן אַף מיר, פּונקט ווי ער וואָלט געוואָלט באַנעמען, צי איך שטויס זיך אָן, וואָס ער וויל אויסברײַען.

— דאָס קערנדל, זעט איר, איז געבליבן שטעקן באַם האָנעכל אין העלדזל... — ער האָט נאָכאַמאָל אויפֿגעהויבן אַף מיר זײַנע אויגן. — ...און עס האָט שוין מער ניט געקאָנט נאָרמאַל קרייען. איר פֿאַרשטייט?

ער האָט אַ זיפֿץ געטאָן, געגומען אַרומלויפֿן הין און צוריק לעבן פֿענצטער. מיטאַמאָל זיך אָפּגעשטעלט, אויפֿגעהויבן אַ פֿינגער אויך... דערלאַנגט אַ קלאַפּ:

— דאָס איז דאָך אַ האָן, און, איר פֿאַרשטייט, ער קרייעט ניט! און פֿאַרוואָס? איבער עפּעס אַ קליין שטיקעלע פּוטער. און דאָ, פֿאַרשטייט איר מיך, האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּראָצעס! אַ שרעקלעכער פּראָצעס! איר געדענקט? די קו גיט ניט קיין מילך, פֿון וועלכער מע מאַכט פּוטער. פֿאַרוואָס? דערפֿאַר, וואָס די שניטער האָבן איר ניט אָנגעקאָסעט קיין היי. און פֿאַרוואָס האָבן די שניטער ניט אָנגעקאָסעט קיין היי? ווײַל די שמידן האָבן ניט געוואָלט אָנשאַרפֿן די קאָסעס. און די שמידן שאַרפֿן ניט די קאָסעס, ווײַל... נו, און אַזוי ווײַטער.

נו, דאַכט זיך, אַז דער שמועס האָט אַ שײַכעס צום איניען, — האָב איך אַ טראַכט געטאָן.

— און אונדזער גערמאַן, — האָט פֿאַרענדיקט זײַן מאָשל דער אַלטער, — ניט אַהער און ניט אַהין...

ווער איז דער גערמאַן, — האָב איך באַלד פֿאַרשטאַנען. ער האָט, פֿאַרשטייט זיך, אין זינען גערמאַן וואַלענטינאָוויטשן, דעם דירעקטאָר פֿון דעם דאָזיקן אַנשטאַלט. יאָ, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, מיט וואָס זשע האָט אײַך ניט צוגעטראָפֿן אײַער דירעקטאָר? דאַפֿקע ער האָט דאָך אײַך, קאַץ,

כ׳ווייס ניט, ריכטיק צי ניין, פאַרטרויט אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכע זאַך. און מיר, אַגעוו, געזאָגט וועגן אײַך: „גייט צו אונדזער קאַצן, ער איז בײַ אונדז דער רעדלפירער אין געביט פון נײַער טעכניק".

— אײַער דירעקטאָר, ווי ס׳ווײַזט מיר אויס, באַציט זיך צו אײַך ניט שלעכט, — האָב איך געזאָגט אַ ביסעלע מיט פאַרוואָרף.

גריגאָרי איסאַאַקאָוויטש האָט אומדערוואַרט אויסגעגלאָצט די אויגן און גענומען לאַכן.

— אוי, איך האַלט ניט אויס! כאָזערט איבער, וואָס איר האָט געזאָגט. איר רעדט עס ערנסט?

פּלוצעם האָט ער אויפגעהערט לאַכן. אַ קוק געטאָן אויפן זייגער.

— מיט אונדזער אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט, — האָט ער אַרויסגעבראַכט מיט קאַס, — קומט אויס זיך צונויפשטויסן אויף יעדן שפּאַן.

ער האָט זיך אָנגעברויגעזט און שוין ניט באַמערקט מײַן אָנוועזנהייט.

— און ווער איז שולדיק? מיר אַליין זײַנען שולדיק, — האָט ער דערקלערט זיך אַליין.

ער האָט געקאָכט, ווי אַ סאַמאָוואַר.

— ווּ איז בײַ מענטשן די אָנשטענדיקייט? ווּ איז אָרנטלעכקייט? ווּ זײַנען סאָפּקאָלסאָף די פּרינציפּן, פרעג איך אײַך!

וועמען פרעגט ער? ער ווענדט זיך דאָך ניט צו מיר. ער איז אויף עמעצן אין קאַס, און איך, ווי כ׳וואָלט ניט געווען אָט דאָ לעבן אים. מיר האָט זיך אַפילו אויסגעוויזן, אַז ער האָט אינגאַנצן פאַרגעסן אָן מיר.

— קיין שום פּרינציפּן! — האָט קאַץ אויפגעבראַכט געטײַנעט. — וווּהין זײַנען אַהינגעקומען די פּרינציפּן?

איך האָב מאַשינעל זיך אַרומגעקוקט. בעעמעס! וווּהין זײַנען זיי אַהינגעקומען, די פּרינציפּן? און כ׳ווייס ניט פאַרוואָס, ס׳האָט זיך מיר דערמאָנט מײַן ערשטע לערערן יעקאַטערינע זאַכאַראָוונע. זי האָט אַלץ געוווּסט. איינע אויף דער גאַנצער וועלט האָט זי געקענט דײַטלעך און אָנשוילעך אָנמאָלן אויפן טאָוול די פּרינציפּן אונדזערע.

— אָט, קינדער, — פלעגט זי אונדז מיט זיכערקייט דערקלערן, — אָט זעט איר פאַר זיך דעם קאַפּיטאַליזם.

אַ מאַך מיטן קרײַדל איבער דעם שוואַרצן טאָוול, און עס באַווײַזט זיך אויף אים אַ צילינדער, אַן אומגעהײַער אויפגעבלאָזענער בויך, שטײַף אַרומגעצויגן מיט שמאָלע הויזן. און פון ביידע זײַטן פונעם קאַפּיטאַליסטישן בויך — באַגנעטן. נאָך אַ מאַך מיטן קרײַדל — און דער גאַדלעסדיקער קאַ־פּיטאַליסטישער בויך איז צעשניטן פון ביידע זײַטן.

— פון רעכטס — דאָס זײַנען די באַגנעטן פון די אונטערדריקטע פעלקער. פון לינקס — די הילף פון די ברידער לויטן קלאַס. אָט דאָס איז אונדזער פּרינציפּ!

די לערערן ברענגט אַרויס יעדער וואָרט באַזונדער און קוקט זייער אויפמערקזאַם אין אונדזערע פאַרקישעפטע פּנעמער. זאַט אָנגעקוקט זיך אויף אונדז און אויפן איינפאַכן בילד, וואָס זי האָט אָנגעמאָלט, טוט זי אַ לײַכטן פאָך מיט אַ פּײַכט שמאַטקעלע און ווישט אויף איין אויגנבליק דאָס בילד פונעם טאָוול און לייזט פונקט אַזוי לײַכט אַלע קלאַסן־ווידערשפּרוכן.

— און מײַן פּרינציפּ, — האָט קאַץ אויסגעשריִען, — מײַן הויפּט־פּרינציפּ איז — מע דאַרף! אָבער, צווישן אונדז גערעדט, אין דעם טאַקע באַשטייט מײַן גרעסטער טאָעס. איך נעם זיך שטאַרק צום האַרצן אָט דעם „מע דאַרף" און קריך אויף די גלײַכע ווענט. איך פאַרשטיי שטענדיק, אַז מע דאַרף... און קאָן זיך בעשום־אויפן ניט איבערמאַכן. ווען מע זאָגט דיר: מע דאַרף — טו אַליין אַ טראַכט: וואָס און צוליב וואָס. און נאָך. פאַרוואָס ווייסט עמעצער בעסער פון דיר, וואָס מע דאַרף, און וואָס מע דאַרף ניט? מײַן טאַטע האָט קימאַט מיט הונדערט יאָר צוריק אַליין אַלץ גע־וווּסט און קיינער האָט אים ניט געקאָנט אָראָפּשלאָגן פון די פּאַנטעליקעס, זאָל ער אַפילו געווען זײַן מיט טויזנט קעפּ...

מיר זײַנען שוין אַריבערגעגאַנגען אין אַ קליין צימערל, וואָס גריגאָרי איסאַאַקאָוויטש האָט עס אָנגערופן „מײַן קאַבינעט". ער האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר דעם, וואָס ער האָט ניט קיין שום זיסע זאַכן צו דער קאַווע. מע האָט געקאָנט מיינען, אַז קאַווע איז געווען...

— מײַן טאַטע, — האָט אָן איבערײַס פאָרגעזעצט גריגאָרי איסאַאַקאָוויטש, — איז איינמאָל געוואָרן שטאַרק איבעראַשט, ווען כ׳האָב אים געזאָגט: „ניין". „דו ביסט נאָך אַ שנעק, — האָט ער מיר געזאָגט, — פונוואַנען זשע ווייסטו, ווּ איז „יאָ" און ווּ איז „ניין"?"

דאָס איז שוין געווען זייער לאַנג, — האָב איך אַ טראַכט געטאָן.

— איז אָט, מײַן טאַטע האָט מיר געזאָגט: „גרישע! מאָרגן פאָרסטו קיין וואַרשע". און איך האָב געענטפערט: „ניין!" און טשיקאַווע איז, אַז איך בין טאַקע ניט אַוועקגעפאָרן!

וויפל זשע זײַט איר אַלט, כאָשעווער גריגאָרי איסאַאַקאָוויטש? שוין לאַנג־לאַנג, ווי קיינער זאָגט קיינעם ניט אַזעלכס. און אײַער דירעקטאָר, אָט דער שלימאַזל גערמאַן וואַלענטינאָוויטש, האָט,

כוח אײַך, מער, קײנעם ניט געקאָנט געפֿינען אױף צו ארבעטן מיט דער רעכנטעכניק... נישקאָשע פֿון אַן אױסװאַל! אַט האָט איר א בײַשפּיל פֿון טאָן עפּעס צוליב א „פֿײַגעלע".

אָבער גריגאָרי איסאַאַקאָװיטש האָט פֿאַרגעזעצט באַגײַסטערט רײדן זײַנס.

— איך בין געװען דער ערשטער מענטש אױף דער װעלט, װאָס האָט זיך אײַנגעשטעלט זאָגן דעם טאַטן „נײַן". און איר קאָנט מײנען, אַז איך האָב ניט געװאָלט פֿאָרן קײן װאַרשע, קײן פּױלן! איך האָב װעגן דעם געטרױמט... געקאָלעמט װעגן יאַגעלאָנער אוניװערסיטעט, װעגן קראָקע... נאַר!.. מײַן טאַטנס פֿאָרשלאָג האָט װידערשפּרעכט מײַנע אײגענע פּרינציפּן. און איך האָב אײן מאָל פֿאַר אַלע מאָל זיך אָפּגעזאָגט.

רײדנדיק אַזױ, האָט גריגאָרי איסאַאַקאָװיטש אופֿגעלײַכטן מיט אַזאַ שײַנענדיקן שמײכל, אַז מיר האָט זיך פּלוצעם אױסגעװיזן, אַז ער איז בעעמעס גאָר ניט אַזױ אַלט.

— אָבער די הינדעלעך, — האָט ער פֿאַרגעזעצט, שמײכלענדיק, — װעל איך אײַך אײַך זאָגן, אױב זײ װעלן אופֿהערן אונדז צו לערנען, אונדז, די אַלטע העגער, װיאַזױ צו לעבן אױף דער װעלט, — װעט זײַן ניט גוט! — מיר װעלן דאַן טױגן אױף קאַפּאַרעס! אַט, אַשטײגער, מײַן ברודער...

גאָט מײַנער, — האָב איך ניט־װילנדיק א ציטער געטאָן, — ער װעט דאָך באַלד אָנהײבן א מײַסע װעגן זײַן ברודער... און װאָס גײען מיך אָן אַלע זײַנע קרױװים? איך האָב א קאָנקרעטע אופֿגאַבע: מע דאַרף אױסקלאָרן די סיבעס, װעלכע שטערן צו באַהערשן די עלעקטראָנישע רעכנטעכניק. און איר דערצײלט מיר דאָ מײַסעס װעגן אײַערע קרױװים...

— ...ער האָט אױך געהאַט פֿלענער... דער טאַטע האָט געהאַט זײַנע, דער ברודער, אַרן, — זײַנע. אים, פֿאַרשטײט איר, האָבן געפֿעלט, ניט מער און ניט װײניקער, אײגענע לאַבאָראַטאָריעס. ער איז געװען א כימיקער. אַן עמעסער כימיקער. קימאַט א מענדעלײעװ. באַ זײַנע צװאַנציק יאָר איז ער שױן געװען א פּראָפֿעסאָר. א פּראָפֿעסאָר פֿונעם אָדעסער אוניװערסיטעט. איר האָט קײן טאָעס ניט, ריכטיק דערהערט. און אונדזער טאַטע, אַלעװהאַשאָלעם, האָט פֿון אַזאַ גליק אינגאַנצן פֿאַרלױרן דאָס געפֿיל פֿון מאָס. „אױב אונדזער אַרן איז אַזאַ גלענצנדיקער כימיקער, — האָט ער געזאָגט, — טאָ פֿאַרװאָס זאָלן מיר ניט װערן קײן קאָנקורירנדיקע פֿירמע? מיר װעלן קאָנקורירן מיט „פֿאַרבען־אינדוסטרי". איר באַנעמט, װוּהין ער איז פֿאַרפֿלױגן, דער טאַטע אונדזערער? און נאָך דאַרפֿט איר װיסן, אַז מײַן טאַטע פֿלעגט ניט װאַרפֿן קײן װערטער אַפֿן װינט. און קײנער האָט ניט געקאָנט אים אַראָפּשלאָגן פֿון זײַן װעג. און איך האָב געדאַרפֿט טאַקע אין צוזאַמענהאַנג דערמיט פֿאָרן קײן װאַרשע.

געכאַפּט א קוק אױפֿן זײגער, האָט גריגאָרי איסאַאַקאָװיטש פֿאַרגעזעצט זײַנע דערמאָנונגען.

— נו, װעל איך אײַך פֿרעגן: האָב איך געקאָנט מסכּים זײַן אַרײַנזעצן זיך אין צוג און זיך לאָזן אַהין לױט מײַן טאַטנס אופֿטראָג? פֿאַרשטײט זיך, אַז נײַן. פֿאַרװאָס? דערפֿאַר, װײַל עס האָט ניט אַנטשפּרעכט מײַנע אײגענע פּרינציפּן. איך בין בײַכלאַל געװען קעגן אַזאַ פֿאַנאַנדערטײלן די רעכט אױף פּראָדוציר־מיטלען. און שױן. און איך בין ניט אַװעקגעפֿאָרן. און כאָטש מיר איז שױן נאָכדעם קײנמאָל ניט אױסגעקומען צו זײַן אין װאַרשע — טוט מיר ניט באַנג. איך האָב קײן כאַראַטע ניט, כאָטשבי דערפֿאַר, װאָס כ'האָב דאַן פֿאַרטײדיקט מײַנע פּרינציפּן. נו, און װאַרשע... װאָס שײַך װאַרשע, דאַרף איך זיך מודיע זײַן, אַז מיך פֿאַרפֿאָלגט דער גורל. אין פֿינף־און־פֿערציקסטן, װינטער איז אונדזער טײל דורכגעגאַנגען גאָר נאָענט לעם װאַרשע, סאַכאַקל עפּעס א הונדערט קילאָמעטער צאָפֿנדיקער. נאָר דער אָנגריף, אױב איר געדענקט, איז געװען אַזאַ האַסטיקער... מע האָט ניט געקאָנט קײן מינוט אַפֿילע געפֿינען, ביפֿראַט נאָך מיר, סאַפּיאָרן. איר געדענקט דאָך? נאָר װי קאָנט איר געדענקען? איר זײַט דאָך דעמאָלט געװען נאָך גאָר א קינד.

ער האָט נאָכאַמאָל געװאָרפֿן א בליק אױפֿן זײגער און געזאָגט זײער שטרענג:

— אָבער באַ מענטשן, װאָס ארבעטן, זאָל אַזױ מיט גאָרניט אַװעק די צײַט, — דאָס װאָלט מײַן טאַטע קײנעם ניט דערלױבט.

ער האָט א קוק געטאָן אױף זײַנע ברײט צעשפּרײטע פֿינגער און דערנאָך — נאָכאַמאָל אױפֿן זײגער. איך האָב מיטאַמאָל דערפֿילט, װיאַזױ ער האָט זיך אינערלעך אָנגעשטרענגט און, פּונקט װי א מאַשין, װאָס איז אַרײַנגעפֿאָרן אין לײם, אָנגעהױבן בוקסעװען אױף אײן אָרט. מיר האָט זיך פֿאַר־װאָלט אים א ביסל באַרוּיקן, אים זאָגן: „מע דאַרף ניט אַזױ נערװירן. װאָס איז די סיבע?" אָבער ער האָט פּלוצעם פֿאַרמאַטערט א פֿרעג געטאָן:

— איר װײסט, װאָס באַטײַט דער אױסדרוק: „ארבעטן פֿאַר דער פּאָליצע?"

פֿאַרשטײט זיך, איך האָב זיך אָנגעשטױסן — עס גײט א רײד װעגן אַן ארבעט, װעלכע קײנער דאַרף ניט, אָדער װאָס קאָן איבער פֿאַרשײדענע סיבעס ניט רעאַליזירט װערן. אַזױ טאַקע האָב איך אים געענטפֿערט.

— איז אָט װאָס, — האָט מיר טרױעריק געזאָגט גריגאָרי איסאַאַקאָװיטש, — דאָ האָט איר טאַקע אַזאַ פֿאַל. קאָץ איז דער הױפּט־אָנפֿירער פֿון ארבעט „פֿאַר דער פּאָליצע".

מיטאמאָל... האָט ער זיך צעהיצט, אָנגעהויבן ארומלויפן איבער זײַן „קאבינעט”, זשעסטיקולירן מיט קאס און צעשיטנדיק איבערן דיל זײַנע פאפירענע קײַקעלעך. אָט נאָרוואָס האָב איך געטראכט, אז דער דאָזיקער אלטער מענטש, וואָס שטייט שוין אָף זײַן פיניש־ליניע, איז פארינטערעסירט צו זײַן אָף אַן ארבעט, זײַן צווישן מענטשן און אפילע ניט צוליבן פארדינסט... פּאָשעט אזוי, לויט דער אינערציע. אָבער אומגעריכט האָב איך דערפילט, אז עס איז ווײַט ניט אזוי. ער, אָט דער קאָמישער אלטער, איז גאנץ ערנסט אופגעבראכט, וואָס אים קומט אויס טאָן עפעס אזוינס, וואָס ברענגט קיין נוצן ניט, אין דער צײַט, ווען... אין זײַן אופריכטיקײַט האָט מען ניט געקאָנט צווייפלען. ער האָט געוואָלט טאָן א נוצלעכע ארבעט. נו, און ווער איז קעגן דעם?

ער האָט אומגעשמײַעט איבערן „קאבינעט”, געשיט מיט גלײַכווערטלעך און מעשאָלים, מיט קאס זשעסטיקולירט און, פון צײַט צו צײַט, ווענדנדיק זײַן בליק צו דער סטעליע, געפרעגט:

— קאָץ איז דער רעדלפירער פונעם אײַנגלידערן די נײַע טעכניק? יאָ? און ווער, אויב ניט קאָץ, האָט אײַך געוואָרנט, אז מיט דער דאָזיקער מאשין איז די זאַך ניט אזוי פּאָשעט. און שולדיק בין איך אליין, — האָט ער זיך פּלוצעם געווענדט צו מיר, ווי ער וואָלט זיך דערמאָנט, אז איך בין דאָ. — פארוואָס? טאקע דערפאר, וואָס אָף דער עלטער ווערט דער זיקאָרן פול מיט לעכער. צי האָט מען דען געמעגט פארגעסן, וואָס עס איז געשען מיטן גראפיק פון נעץ־פּלאַנירונג? פּונקט אזא מײַסע!

איך האָב קוים זיך אײַנגעהאלטן ניט אויסצושרײַען: „וואָס גייט מיך אָן אײַער „נעץ־גראפיק”? נאָך וואָס דארפט איר אָנלאָדן מײַן הומאניטארן מויעך מיט אָט די שווערוואָגיקע באגריפן?

— מע דארף ניט... — האָב איך א קרעכץ געטאָן.

— איר דארפט ניט! — האָט זיך אָנגעכאפּט דער אלטער. — און ער? איר מיינט, אז ער, — און מיטן טײַטפינגער א מאַך געטאָן צו דער סטעליע, — ער האָט עס באדארפט?

ער האָט אויסגעגלאָצט אָף מיר זײַנע קײַלעכיק געוואָרענע אויגן און שוין מער ניט דערמאָנט מיר קיין פערסאָנאזש פון אַן אָפּערעטע. איצט איז ער מער געווען ענלעך אָף יאָהאַן דעם גרויזאמען, וואָס וועט אָט־אָ באלד הארגענען זײַן זון. אויסגעהאלטן זײַן צאָרנדיקן בליק, האָב איך בלויז דעמלט לײַכט אָפּגעעטעמט, ווען כ׳האָב ווידער דערהערט דעם אָפּערעטישן טעמבער פון זײַן שטים.

— ביכלאל אָבער, — האָט שוין קימאט רויִק געזאָגט דער אלטער, — ביכלאל זאָלט איר וויסן, איז אין אונדזער ארבעט א נעץ־גראפיק זייער נייטיק. אָן אזא גראפיק וועלן מיר קיינמאָל ניט פּאָטער ווערן פון אוראלן און פארשיידענע פּלאָנטערנישן. איר קאָנט דאָס פארשטיין? — האָט ער פארענ־דיקט ווידער צערודערט.

— אוי, גאָטעניו, — האָב איך זיך אליין געזידלט, — אָט בין איך ארײַנגעפאלן...

— און אפן יעסאָד פונעם נעץ־גראפיק, — האָט קאָץ פאָרגעזעצט זײַנס, — אפן יעסאָד פון דעם דאָזיקן גראפיק וואָלט מען געקאָנט פאנאנדערוויקלען די ארבעט, ווי עס דארף צו זײַן, ביפראט, ווען מע זאָל אײַנשליסן אַן עלעקטראָנישע רעכנמאשין.

ער האָט א קוק געטאָן אָף מיר, אָבער מיך ניט געזען.

— אָבער אָף אלץ, כאַווײרים, דארף מען צײַט. מע דארף האָבן צײַט און מע דארף אלץ ראַ־דיקאל ענדערן. דעם סטיל דארף מען ענדערן, כאַווײרים! דאָס איז א פאקט!

מע האָט געקאָנט מיינען, אז ער שטייט אין א קאבינעט פון א הויכן אנשטאלט אָדער אָף א גרויסער טריבונע פאר א פילצאָליקער אאודיטאָריע פון אָפּאָנענטן. גאָט מײַנער! ווּהין האָט מיך דער רועך געבראכט? ווּהין האָט עס מיך פארטראָגן? אָבער דאָס איז דאָך א גאנץ סאָלידע אָר־גאניזאציע.

— און דאן וואָלט מען בעפירעש געקאָנט אײַנשליסן די עלעקטראָנישע רעכנמאשין, — האָט ווײַטער געהאלטן אין איין דערווײַזן גריגאָרי איסאאקאָוויטש. — אָבער נעמט אין אכט! אַן עלעקטראָ־נישע רעכנמאשין פּאָדערט, אז מע זאָל אלץ פריִער צוגרייטן, כאַווײרים! זי וועט אײַך ניט ענטפערן אָף אײַערע פראגעס, אויב איר וועט ניט האָבן קיין צוגעגרייטע פּראָגראמען. עס איז דאָך א קלוגע מאשין, כאַווײרים! און אָף צו ארבעטן מיט איר פּאָדערן זיך פּראָגראמען, איבערגעזעצטע אָף איר, דער מאשינס, לאָשן. און קיין שום „דערלאנגט!” אָדער „מע דארף!” וועט דאָ ניט דורכגיין.

און ווײַטער האָט ער גענומען רעדן וועגן דעם, אז די מאשין וועט ניט זאָגן, אז זי וויל ניט אר־בעטן. זי ווייסט ניט פונעם וואָרט „ניין”. זי וועט פּאָשעט שטיין שטיל, ווי א שטיקל מעבל. ס׳איז איר אלציינס, וויפל מע האָט אָף איר אויסגעבראכט וואָליוטע־רובלען. זי שפּײַט זיך אויס דערוף. אומ־געריכט האָט ער זיך ארומגעקוקט און ווידער זיך דערמאָנט אין מיר. ער האָט זיך צוגעזעצט אָף א בענקל און קימאט שעפּטשענדיק מיר אָנגעהויבן צו דערקלערן, וואָס איז אזוינס דער נעץ־גראפיק, אָן וועלכן מע קאָן ניט אָרגאניזירן די ארבעט פון דער עלעקטראָנישער רעכנמאשין, דערפאר, ווײַל ס׳וועט ווידער זיך אָנהייבן א פּלאָנטערניש.

ביסלעכווײַז האָב איך אָנגעהויבן באַנעמען, אַז אַדאַנק דעם נעץ־גראַפיק קאָן מען זיך דערשלאָגן, אַז פאַרשיידענע ספּעציאַליסטן זאָלן זיך אײַנשליסן אין דער אַרבעט איבערן פּראָיעקט נאָכאַנאַנד. און דאָס וועט העלפן צו שאַפן די נייטיקע אָרדענונג.

— די ערשטע שריט באַם שאַפן דעם פּראָיעקט מאַכן דאָך די טעכנאָלאָגן. יאָ? זיי פּלאַנירן, וויאַזוי מע דאַרף פאַנאַנדערשטעלן די אויסשטאַטונג. און שוין דערנאָך, — האָט מיר דערקלערט גריגאָרי איסאַאַקאָוויטש, — שליסן זיך אײַן די אַרכיטעקטאָרן. און נאָך זיי — די סאַנטעכניקער, עלעקטריקער אַאַוו.

— הערט! — האָב איך מיטאַמאָל פאַרשטאַנען. — איז דאָך דער נעץ־גראַפיק טאַקע אַ גוטע זאַך!

— וועגן וואָס זשע רעדט איר? — האָט שטאָלץ מיר געענטפערט קאַץ. — טאַקע דערנאָך האָב איך זיך מיט אים ניט געשפּאַרט, ווען ער האָט מיר פאָרגעלייגט אויסצואַרבעטן דעם דאָזיקן גראַפיק. אויב מיר ווייסן, וויפל עס פאָדערט זיך צײַט פאַר דעם אָדער יענעם פּראָיעקטירונג־פּראָצעס — ווערן די גרונטפראַגן אַ סאַך פּאַשעטער געלייזט, און די מאַשין וועט ניט שטיין אָן אַרבעט.

— און איר האָט געאַרבעט אָן אַט דעם גראַפיק?

— מיר אַרבעטן אויך איצט אָן אים! — האָט קאַץ אויסגעשריִען מיט כּעס, וואַרפנדיק די קײַקעלעך אין מיסטקערבל. — און ווו זײַנען אַלע מײַנע פאַנאַנדעראַרבעטונגען? אויף דער פּאָליצע. אין אַרכיוו.

הערט! — האָט זיך מיר אויך פאַרוואָלט וואַנדלען צו דער סטעליע. — קאַץ רעדט דאָך צו דער זאַך!

— וואָס האָב איך געקאָנט דערווידערן גערמאַנען, — האָט פאַרגעזעצט גריגאָרי איסאַאַקאָוויטש, — ער האָט געזאָגט: „מע דאַרף!” איך האָב אַליין פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז זייער אַ נייטיקע זאַך. און דאָ קאָן מען גאָרניט זאָגן קעגן. איך האָב דאָך פאַרשטאַנען, אַז אָן דעם וועט זיך באַקומען, ווי אינעם מאָשל: דער קרעפּס קריכט אַפּצוריק, דער שוואַן רײַסט זיך אין די הימלען, און דער העכט שלעפּט צום וואַסער... און דער וואָגן? איר ווייסט אַליין, ווו ער איז. דער וואָגן, מוז איך אײַך מעלדן, האָט ביז הײַנטיקן טאָג זיך ניט גערירט פון אָרט.

דער אַלטער האָט נעבעך באַוויזן בלויז איבערכאַפּן דעם אָטעם און ווײַטער גענומען דערציילן.

— „אַכוץ אײַך, גריגאָרי איסאַאַקאָוויטש, — האָט גערמאַן מיר געזאָגט, — איז ניטאָ, ווער ס'זאָל די דאָזיקע אַרבעט אָפּטאָן!” זאָג איך אים: „גערמאַן, איר שפּאַסט! איר האָט אין אײַער רעשוס אַזאַ גלענצנדיקן פּלאַניר־אָפּטייל! צוואַנציק מענטשן לויטן שטאַט, און אַלע — איינס אין איינס. ניטאָ קיין איין וואַקאַנסיע! איז וואָס וועלן זיי טאָן, אַז קאַץ וועט זיך פאַרנעמען מיט אויסאַרבעטן די נעץ־פּלאַנירונג?” און ער, דער דירעקטאָר, ענטפערט מיר: „וועמען זשע פון די דאָזיקע צוואַנציק לייגט איר פאָר?” אַ פראַגע געטאָן, און אַליין שמייכלט ער כיטרע. ער האָט בכלל אַזאַ טעווע. אַ כיטרער, איז ער, ווי אַליין מעפיסטאָ. „עפּשער איטקינען?” און לאַכט. „איר ווייסט דאָך, גריגאָרי איסאַאַקאָוויטש, וואָס עס וועט אונדז אויף דעם זאָגן איטקין”. יאָ, איך האָב געוווּסט, וואָס עס קאָן זאָגן איטקין. עס איז אַפילו ניט באַקוועם איבערצוכאַזערן די ווערטער. איבערהויפּט פאַר אַ דאַמע...

איך האָב שוין צוביסלעכווײַז אָנגעהויבן זיך פאָרשטעלן דעם פּאָן, דאָס הייסט, די לאַגע אין דער דאָזיקער אונטערנעמונג. און קאַץ...

אין איין אויגנבליק האָט ער דערקלערט, אַז וויבאַלד מע האָט אים איבערגעוואָרפן אויף אַן אַנדער אַרבעט, וועט קיינער זײַנע גרונטפליכטן ניט אויספילן. און ער איז דאָך אין טעכנישן אָפּטייל. און דאָרט איז אויך דאָ אָן אַ שיעור וואָס צו טאָן.

— נאָר וואָס קאָן מען מאַכן? אַזוי איז עס... וואָס וועסטו טאָן, אויב דו ביסט צו אַ באַוווּסטזיניקער?!

אויף די טרעפּ איז געווען שטיל, אָבער גריגאָרי איסאַאַקאָוויטש האָט פון צײַט צו צײַט זיך צוגעהערט, וואָס ס'טוט זיך דאָרט. ער האָט שוין באַוויזן מאַכן אַ גאַנץ בערגל נײַע פּאַפּירענע קײַקעלעך, אָט דער אומרויִקער אַלטער. איך האָב קוים באַוויזן נאָכשפּירן, ווי זיי פליִען אין קאָרב.

— עס וועט אײַך, פאַרשטייט זיך, פאַרכידעשן, אָבער גערמאַן האָט מיך געקויפט...

קאַצס דערקלערונג האָט מיך געבראַכט אין פאַרלעגנהייט. סטײַטש? צי דען זענט איר פעיִק?..

— אײַלט זיך ניט... איך וועל באַלד אײַך אַלץ געבן צו פאַרשטיין. ער האָט מיר געזאָגט: „מיר וועלן פאַרשטעקן דעם מיניסטעריום אין אַרבל, מיר וועלן זיי דערווײַזן, אַז מיר זײַנען גערעכט, ניט אויף די פינגער, נאָר מיט דער הילף פון רעאַלע ציפערן. מיר וועלן אַלץ אויסרעכענען און באַווײַזן די גאַנצע אומבאַגרינדעטקײַט פון די ווילקירלעכע, ניט־רעאַלע טערמינען, וואָס זיי גיבן אונדז אויף פּראָיעקטירן”. און איר ווייסט, — ער האָט מיך אײַנגערעדט...

דער אַלטער האָט זיך צעפלאַמט. פון צײַט צו צײַט האָט ער געכאַפּט אַ קוק אויף דער סטעליע, ווו עס האָט באַדאַרפט זיך געפינען די אָדער יענע אַמטלעכע פּערזאָן. וואַנדנדיק זיך אין געדאַנק צו פאַרשיידענע נאַטשאַלניקעס, האָט ער געפונען פאַר יעדערן פון זיי אַ נײַע אינטאָנאַציע, און מיר האָט צײַטנווײַז זיך געדוכט, אַז פאַר מיר טרעט אַרויס ניט איין מענטש, נאָר אַ גאַנצער קאָלעקטיוו.

— עס איז מיר שטענדיק געווען טשיקאַווע: פֿונוואַנען ווייסן זיי דאָרטן, אין מיניסטעריום, וויפֿל צײַט עס פֿאָדערט זיך פֿאַר דער אַרבעט איבער אַ פּראָיעקט. מיר אַרבעטן, און זיי ווייסן אַלץ... ווי געפֿעלט עס אײַך?

איך האָב אויך אָנגעהויבן זיך פֿילן עפּעס אומבאַקוועם. גאָט באַהיט, זאָל ער נאָר ניט מיינען, אַז איך וויל אויך באַווײַזן, קלוימערשט אין זײַנע אינייאַנים מערער, ווי ער. איך האָב זיך דאָך געהאַט אָפּגעזאָגט פֿון דער קאָמאַנדירונג אין דעם דאָזיקן אַנשטאַלט, פֿון אָט דער קאָמפּליצירטער מיסיע. אָבער גריגאָרי איסאַאַקאָוויטש האָט מיר ניט געגעבן די מעגלעכקייט זיך פֿאַרנייגן פֿאַר אים.

— איר זײַט דאָך ניט געקומען מיך לערנען! — האָט ער זיך צעלאַכט, — און זיי לערנען! איך האָב זיך גענומען פֿאַרן נעץ־גראַפֿיק נאָר קעדיי דערווײַזן די מיניסטעריער, ווי אומבאַגרינדעט עס זײַנען אָפּט זייערע פֿאָדערונגען. אָבער אין אונדזער מיניסטעריום וועט איר קיינעם מיט גאָרנישט ניט פֿאַרכידעשן.

די נײַע פֿאַפֿירענע קײַקעלעך האָבן זיך באַקומען אַ סאַך גרעסער, ווי די פֿריִערדיקע, און קאַץ האָט זיי געוויקלט מיט אַזאַ אַזאַרט, פּונקט ווי ער וואָלט געמאַכט האַרמאַט־קוילן, אויב ניט אויף אײַנ־צונעמען די סיראַקוזן, איז לעכאָלהאַפּאָכעס אויף צו פֿאַרכאַפּן עמעצן פֿון די מיניסטעריער.

— ווען אין מיניסטעריום האָט מען דערזען מײַן פּאַקעט פֿאַנאַנדעראַרבעטונגען, איז מען צוערשט אַנציקט געוואָרן. איך דאַרף אײַך זאָגן, — האָט מיט שטאָלץ באַמערקט קאַץ, — דער פּאַקעט האָטווירקלעך אויסגעזען זייער סאָליד. דאָרט האָט מען עס ליב. זיי האָבן אַפֿילו געפּרוּווט אים אַ וועג טאָן. „וואָגיקו!" — האָבן זיי געזאָגט. „אַזאַ אַרבעט... און נאָך פֿאַרן טערמין! מע דאַרף אויסשרײַבן אַ פּרעמיע!" אָבער דאָס האָבן זיי, פֿאַרשטייט זיך, געזאָגט צו פֿרי. ווען זיי האָבן זיך אַרומגעזען, איז געוואָרן: „ניין". „ניין! אַזעלכע צעבלאָזענע טערמינען אײַערע טויגן אונדז ניט. אויף דעם, וואָס איר לייגט פֿאָר אויסטיילן אַ האַלב יאָר, — דאַרף קלעקן דרײַ כאַדאָשים. מיר נייטיקן זיך ניט אין אַזעלכע ווייסנשאַפֿטלעכע פֿאַנאַנדעראַרבעטונגען!" אָט אַזוי! און קיין שום באַגרינדונגען. און מײַן גערמאַן...

שיידימלעך האָבן אָנגעהויבן אַרומלויפֿן אין זײַנע אָפּגעבליאַקעוועטע אויגן.

— ווי מיינט איר, וואָס האָט געזאָגט גערמאַן? איר וועט קיינמאָל זיך ניט אָנשטויסן. ער האָט געזאָגט: „באַרויִקט זיך, גריגאָרי איסאַאַקאָוויטש, די פּרעמיע פֿאַר אײַער אַרבעט וועט איר סײַוויסײַ באַקומען". און דאָ האָב איך זיך דערמאָנט, וויִאַזוי כ'האָב אַמאָל געקענט אָפּענטפֿערן מײַן טאַטן, ווען זײַן פֿאָרשלאָג האָט ניט געשטימט מיט מײַנע פּרינציפּן. איך האָב געזאָגט גערמאַנען פּונקט אַזאַ „ניין!", ווי אין יענע ווײַטע טעג פֿון מײַן יוגנט כ'האָב געזאָגט דעם טאַטן.

איך האָב עס אַפֿילו איבערגעכאַזערט עטלעכע מאָל, דאָס וואָרט זאָל קלינגען איבערצײַגעוודי־קער. „ניין, גערמאַן, — האָב איך אים געמאָלדן, — אויב איר קאָנט אָפּגעבן מײַנע פֿאַנאַנדעראַרבע־טונגען אין אַרכיוו, אויף דער פּאָליצע, אויב די גאַנצע אַרבעט מײַנע וועט ניט אויסגענוצט ווערן ווי עס געהער צו זײַן, — שפּײַ איך זיך אויס אויף אײַער „פּרעמיע"!" אָט אַזוי האָב איך אים געזאָגט. און עס זײַנען דערבײַ געווען אײדעס. זיי האָבן עס אויך געהערט... און אויך אָט דער איטקין אונד־זערער. ער וואָלט זיך בעשום־אויפֿן ניט אָפּגעזאָגט... איך פֿאַרזיכער אײַך! און אַליין גערמאַן? ער האָט דען כאָטש איין מאָל זיך אָפּגעזאָגט פֿון דעם, וואָס ס'גייט אַליין אין די הענט? זיי פֿאַרטראַכטן זיך אַפֿילו ניט, פֿאַרוואָס זיי באַקומען פּרעמיעס. איז אָט. אויב עס געפֿינען זיך אַזעלכע, וואָס זײַנען אימשטאַנד אַרופֿוואַרפֿן אַ נוצלעכע זאַך אויף דער פּאָליצע, — טאָ זאָלן זיי אַליין צאָלן פֿאַרן העזעק, וואָס זיי האָבן פֿאַרשאַפֿט דער מעלוכע. אָבער ניט זעלטן טוט זיך אַלץ אָפּ קאַפּויר: זיי פֿאַרשאַפֿן העזעק, און פֿאַר דעם באַקומען זיי פּרעמיעס! וויפֿל האַלט איצט דער זייגער? — האָט קאַץ אָן שום אינטערוואַל אַ געשריי געטאָן.

ער האָט אַ טאַפּ געטאָן דעם ציפֿערבלאַט, געגעבן זיך אַ ריס פֿון אָרט, אַרופֿגעלאָפֿן אויף די טרעפּ און באַלד זיך אומגעקערט.

— דיר באַשטימט מען אויף צוויי! — האָט ער מיר אונטערגערוקט זײַן זייגערל. — נאָך צוויי גייען דורך נאָך צוויי! און — עס איז קיינער ניטאָ! ווען מײַן טאַטע פֿלעגט זאָגן: צוויי", איז שטאַרב, זאָל דיך אַפֿילו איבערפֿאַרן אַ פֿאַעטאָן, אָבער צוויי אַזייגער וועסטו שטיין פֿאַר אים, ווי אַ סאָלדאַט פֿאַר אַ גענעראַל!

קאַץ האָט זיך אַזוי צעקאָכט, אַז איך האָב אַ טראַכט געטאָן: מע דאַרף ענדיקן. כ'האָב נאָך לאַכלוטן גאָרנישט ניט דערוווּסט זיך וועגן די עלעקטראָנישע רעכנמאַשינען, און ער האָט מיר שוין אָנגעהויבן דערקלערן די באַדײַטונג פֿונעם נעץ־גראַפֿיק.

— ווען כ'האָב צום ערשטן מאָל געזאָגט דעם טאַטן: „ניין", — האָט פֿאָרגעזעצט דערמאָנענען זיך גריגאָרי איסאַאַקאָוויטש, — האָט ער באַשטימט, אַז איך בין אַראָפּ פֿונעם זינען. אָבער פֿון דעם האָט זיך אַלץ אָנגעהויבן. ס'איז שווער צו פֿויעלן בא זיך מאַכן דעם ערשטן טראָט. דערנאָך וועט עס שוין גיין פֿון זיך! אין ענדגילטיקן דיִאַגנאָז האָט מיר דער טאַטע געשטעלט, ווען ער האָט זיך

דערוואוסט, אַז איך בין פֿרײַוויליק אַוועק אין דער רויטער אַרמײ. נאָך אַזאַ אויפֿטו האָט ער געמאָלדן: מעשוגאַים קאָן איך מײַנע קאַפּיטאַלן ניט פֿאַרטרויען. אַזוי, אַז אין דער צוואָע איז מײַן נאָמען אַפֿילע ניט דערמאָנט געוואָרן. איך האָב, פֿאַרשטייט זיך, געזאָגט: גוט, וועל איך האָבן ווייניקער קלאָפּאָט. איך האָב מיר געהאַט מײַנע אייגענע איניאַנים. איך האָב געדאַרפֿט בויען דעם סאָציאַליזם. אַן אויפֿגאַבע, וועל איך אײַך זאָגן, ניט פֿון די לײַכטע. נאָר דערפֿאַר וואָס פֿאַר אַ פּערספּעקטיוו!.. און אַפֿן טאַטנס קאַפּיטאַלן האָבן זיך געפֿונען באַלאַנים. אַ שאָד נאָר, וואָס דאָס איז געווען אונדזער פּעטער מוישע, דעם טאַטנס אַן אייגענער ברודער. בעסער וואָלט עס שוין געווען עמעצער פֿון דער זײַט. און דאָ, האָט איר אײַך, ווידער קאָץ. ניט באַקוועם, פֿאַרשטייט איר מיך...

גריגאָרי איסאַאַקאָוויטש האָט פּלוצעם זיך הויך צעלאַכט.

— איך שטעלט זיך פֿאָר! — האָט ער לאַכנדיק קוים אַרויסגעבראַכט. פֿון די אויגן האָבן זיך באַ אים געקײַקלט טרערן, ווי באָב.

— גאָט מײַנער! — האָט גריגאָרי איסאַאַקאָוויטש, קײַכנדיק געשטאַמלט, — כ'בין דאָך דאַן געווען נאָך גאָר אַ קליין באָכערל!

איך האָב מיט פֿאַכעד געקוקט אַפֿן אַלטן און מוירע געהאַט, ער זאָל ניט דערשטיקט ווערן. אָבער ברעקלעך פֿראַזעס האָבן ניט איבערגעלאָזט קיין ספֿייקעס. ער האָט געשריִען, אַז דעם טײַערן פּעטער זײַנעם מוישע האָט ער דאָך אַוועקגעשיקט אַף יענער זײַט פֿונעם אָקעאַן אַ באָלשעוויסטישן גרוס. יאָ, דאַפֿקע די דאָזיקע ווערטער האָט ער אַרויסגערעדט אין די איבעררײַסן, ווען דער הוסט האָט אים אָפּגעלאָזט.

אַז דער הוסט איז צוביסלעך אײַנגעגאַנגען אײַנגעשטילט געוואָרן, האָט גריגאָרי איסאַאַקאָוויטש אויסגעווישט מיטן טיכעלע דאָס פֿאַרשוויצטע פּאָנעם און אַ פֿרעג געטאָן:

— איר ווייסט, וואָס איז אַזוינס מאַפּר? — און ניט וואַרטנדיק אַף קיין ענטפֿער, דערקלערט: — צווישנפֿעלקערלעכע אָרגאַניזאַציע צו העלפֿן רעוואָליוציאָנערן. יאָ, איך האָב געגעבן מײַן פּעטער מוישע רעוואָליוציאָנערע הילף. איך האָב דאַן געדינט אין מאָפּר. אַף מײַן פּעטערס ניט־באַפֿלעקטן נאָמען האָב איך אַרויסגעשיקט אַ גאַנצן קאָנטיינער מיט מאָפּר־ליטעראַטור. איר מעגט זײַן זיכער. דער פּעטער מוישע האָט שוין דאַן געהאַט גענוג צו טאָן מיט דער אַרגענטינער אַדמיניסטראַציע. ער איז דאָך אַוועק קיין אַרגענטינע מיטן טאַטנס קאַפּיטאַל. אָט איז געווען אַ צײַטעלע!

ער האָט זיך געשווינד אויפֿגעהויבן פֿונעם שטול און ווידער אַוועקגעזעצט זיך. זײַנע אויגן האָבן געפֿינקלט מיט אַ פֿרישן גלאַנץ. ער איז איצט געווען זייער ווײַט פֿון מיר, ערגעץ צווישן זײַנע כאַווירים פֿונעם מאָפּר.

נאָר אָט האָט ער זיך אומגעקערט פֿון די יוגנטלעכע טרוימען אין זײַן „קאַבינעט".

— מײַן פּעטער מוישע, זאָלט איר וויסן, איז אויך געווען אַ טרוימער. אָבער אַף זײַן אויפֿן. עס האָבן זיך אים אויך געכאָלעמט כימישע זאַוואָדן. און שולדיק אין דעם אַלעמען איז געווען מײַן ברודער אַרן. ער איז געווען אַ כימיקער. קימאַט אַ מענדעלייעוו. אָט דער פּראָפֿעסאָר אונדזערער האָט אויך געהאַט זײַן טרוים, ער האָט געטרוימט האָבן לאַבאָראַטאָריעס. אַ נאַיוווער מענטש! אַלץ, וואָס עס האָט אים איבערגעלאָזט דער טאַטע, האָט ער אָפּגעגעבן דעם פּעטער מוישע. און דאָך האָט אונדז אָפּגעגליקט. איך בענטש שטענדיק גאָט פֿאַר דעם, וואָס מײַן ברודער אַרן האָט ניט פֿאַרפֿלעקט אונדזער פֿאַמיליע. אונדזער אַרן, לאָז אים די ערד גרינג זײַן, איז געשטאָרבן, איידער מיר האָבן זיך דערוואוסט דעם פּעטער מוישעס אַרגענטינער אַדרעס. איר געדענקט, וואָס פֿאַר אַן עפּידעמיע פֿון דער אינפֿלוענציע האָט זיך פֿאַרשפּרייט אין אייִן־און־צוואַנציקסטן?

ער האָט טיף זיך אַרײַנגעקוקט אין מיר מיט די פֿאַרלאָפֿענע אייגעלעך און פּלוצעם אַ קלאַפּ געטאָן זיך אין קאָפּ:

— וואָס רעד איך! איך פֿאַרגעס אַלעמאָל, אַז איר זײַט נאָך אַ קינד!

ער האָט שווער אַ זיפֿץ געטאָן, פּונקט ווי פֿון יענער צײַט אָן, ווען די עפּידעמיע פֿון דער אינפֿלוענציע האָט אַוועקגענומען פֿון דער וועלט זײַן עלטערן ברודער אַרן, זײַנען מער קיין צאָרעס ניט געווען.

דאָ האָט זיך דערהערט אַ קאָל:

— פּעטער גרישע! — האָט אָפּגעהילכט אַף אַלע טרעפּ.

— אוי, אַ מאַמזער! — האָט קאָץ מאַשינעל אַ קוק געטאָן אַפֿן זייגער.

— פּעטער גרישע! אין פֿינף מינוט אַרום וועל איך אַראָפּקומען צו אײַך.

קאָץ האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער טיר.

— איך וואַרט שוין אַף דיר מער ווי צוויי שאָ!

אָבער די טרעפּ האָבן מער קיין איין קלאַנג ניט אַרויסגעבראַכט.

— אָט אַזוי, — האָט קאָץ ווידער זיך אַנידערגעזעצט אַפֿן בענקל, — וואָס וועט איר אַף דעם זאָגן?

ער האָט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און פארמאכט די אויגן. זײַן מידער אויסזען האָט אײדעס געזאָגט. אז מער איז ניטאָ פון וואָס צו ריידן. מיט די לעצטע קויכעס האָט ער אופגעהויבן דעם קאָפּ און געמאָלדן:

— באַלד ווע איר זען אָט דעם כעוורעמאן. ער וועט נאָך באַוויַיזן, ווער ער איז! א ספּעציאַליסט פון דער העכסטער מאדרייגע! איר וועט אליין א קוק טאָן אף דעם אויצער. אָן אים וועט זיך גאָרניט באקומען. דאָס איז א פאַקט!

גריגאָרי איסאאקאָוויטש איז מיטאמאָל געוואָרן מונטערער. ער האָט ווידער א וויַיז געטאָן מיטן פינגער ארוף־צו.

— אפילע ער... אפילע ער, דאכט זיך, הייבט אָן צו פארשטיין, אז אָן וואָוואָטשקען... אז וואָוואָטשקען דארף מען פאָלגן און צאָלן דארף מען אים, ווי געהער צו זיַין. און אויב אים גלוסט זיך גיין אין גוטע קאָסטיומדלעך, איז זאָל ער גיין, קאָלזמאן ער איז יונג.

עס זיַינען אדורך ניט קיין פינף און ניט קיין צען מינוט, נאָר די באגעגעניש איז פונדעסטוועגן פאָרגעקומען.

— פעטער גרישע, — האָט וואָוואָטשקע אויסגעשריִען נאָך אײדער ער איז אריַין אין „קאבינעט”. — איך בין געווען בא גערמאנען. עס האָט זיך דאָך גאָרנישט ניט גערירט פון אָרט! אויב ס'וועט וויַיטער זיַין אזוי, וועט איר מיך ביכלאָל דאָ מער ניט זען.

— וועלוול! — האָט אים קאַץ געוואָלט אָפּשטעלן. — וואַרט צו! וואָס האָסטו זיך אזוי צעשריגן? איך וואַרט אף דיר שוין גוטע צוויי שאָ!

וועלוול, א באַוואָקסענער מיט א פּאטלע לאַנגע געל־רויטע האָר, האָט נאָר א וואָרף געטאָן אין קאַצס זיַיט אן אומגעדולדיקן בליק און אָפּגעשטעלט אים אפן בערגל פּאפּירענע קיַיקעלעך. ער האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געזאָגט:

— איך זע, פעטער גרישע, אז איר האָט דאָ אומזיסט קיין צײַט ניט געפּאטערט.

קאַץ האָט זיך א ביסל פארלוירן און צונויפגעשאַרט די קיַיקעלעך.

— א נארישע געוווינהיַיט, — האָט ער, ווי פארענטפערנדיק זיך, א מורמל געטאָן, — די נערוון האַלטן ניט אויס...

— איז אָט וואָס, פעטער גרישע! מיַינע נערוון האַלטן אויך ניט אויס, ווען איך רעד, ווי צום לאָמפּ. אויב אײַער גערמאן וועט ניט אויסטיילן קיין מענטשן, וואָס וועלן זיך לערנען ארבעטן אף עלעקטראָנישע רעכנמאשינען, — וועל איך ביכלאָל מער ניט קומען צו אײַך. איר זאָלט אפילע וואַרטן ניט קיין צוויי שאָ, נאָר צוויי יאָר. איך האָב א פּרינציפּ: איך ארבעט ניט „פאר דער פּאָליצע”. כ'האָב אף דעם קיין צײַט ניט. מיר האָבן שוין פון לאַנג געמאַכט די פּראָגראַמען, אָבער די אָפּטיילן גיבן אונדז ניט קיין קאָנקרעטע אופגאבעס. אזוי אז — זײַט מיר געזונט!

און דאָס איז אַלץ. מיט די ווערטער איז ער ארויס פונעם „קאבינעט”.

— ער איז דאָך בעפירעש גערעכט! — האָב איך געזאָגט, כאָטש קיינער האָט מיך ניט געפרעגט.

גריגאָרי איסאאקאָוויטש האָט זיך א צי געטאָן צו די פּאפּירלעך, פון וועלכע עס באקומען זיך אויסגעצייכנטע קוילן אף אײַנעמען די סיראקוזן, נאָר זײַן האַנט איז געבליבן הענגען אינדערלופטן.

— יאָ... די נערוון, — האָט ער א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. — זאָלן כאָטש די דאָזיקע הינדעלעך אונדז אויסלערנען, אונדז — די אַלטע הענער...

ער האָט מיט א זיפץ נאָכאמאָל א קוק געטאָן אף זײַן זייגערל.

— און אויב זיי וועלן ניט אויסלערנען, — וועט זײַן ניט גוט! דאָס זאָג איך אײַך, איך — קאַץ.

■

— אָט דאָרט, — האָט ער מיר אָנגעוויזן אױף די לױפנדיקע ראַכוועסן, — אָט דאָרט זײַנען אין איין־און־פערציקסטן אָנגעגאַנגען שווערע, פאַרביטערטע שלאַכטן... דער סוינע האָט זיך געריסן קיין מאָסקווע...

זײַנע ווערטער האָבן זיך געלייגט מיט אַ בלײַענער שווערקײַט. דער שראַם אױף זײַן פּאָנעם האָט געקראָגן אַ שוואַרצלעך־רויטן קאָליר. און צוזאַמען מיט דער דערמאָנונג האָבן זיך אַ טראָג געטאָן פיר לאַנגע בלוטיקע מילכאָמע־יאָרן. עס האָט זיך אַ דריי געטאָן אַ ריזיקע ראָד פון שלאַכטן, וואָס זײַנען פּלוצעם דאָ באַם וואַגאָן־פענצטער אַרויסגעטראָטן מיט אַזאַ נאָענטקײַט.

מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ערגעץ אין דער טיפער פאַרגאַנגענהײַט האָב איך אים שוין באַגעגנט, אָט דעם אַלטן מילכאָמע־וועטעראַן, באַם באַפרײַען וואַרשע אָדער בײַ די ווענט פון רייכסטאַג...

און עפשער איז עס גאָר ניט ער געווען?

אין שכיינעס, בײַ אַ צווייטן פענצטער, איז געשטאַנען אַ קרעפּטיקער מאַנצבל, אַזוי, אַריבער די זעכציק. זייער אַ בלאָנדער און זייער אַן אויסגעקעכלטער. ער האָט געטראָגן אַ העל־ברוינעם, ווי נאָרוואָס אויסגעפּרעסטן קאָסטיום, אַ פרישן געווירעטן העמד און געלע גלאַנציקע שיך. פון זײַן גאַנצן, ניט לויט דער עלטער אויסגעפּראַנטעוועטן שטאַלט, האָט געוויית מיט עפּעס אַ פאַרהוילענער פרעמדקײַט.

באַם טישל, פאַרזונקען אין לייענען אַ בוך, איז געזעסן אַ יונגע פרוי. מיר זײַנען אויפגעפאַלן איר פעך־שוואַרצע, קורץ געשוירענע האָר, מענערישער פאַרקעמט, דער אויפגעדעקטער האַלדז מיטן גאָלדענעם קייטעלע. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זי שטעלט בעקיוונדיק אַרויס דעם פלאַם פון אירע שוואַרצע, מיט אַ גרינלעכן בײַ־קאָליר, אומרויִקע אויגן און לאָזט אָפּן דעם שימער פון אירע ווײַסע ציין.

זי האָט פּלוצעם אָפּגעריסן אירע אויגן פון דעם אָפענעם בוך, געכאַפּט אַ פאַרשערישן קוק אויף דעם מאַנצבל, און אַ קוים באַמערקטער שמייכל האָט אַ שניר געטאָן אירע היפש־רויטע און היפש־פולע ליפּן.

ס'איז שווער געווען טרעפן, צו וועמען דער שמייכל איז געווענדט — צו דעם מאַן באַם פענצטער אָדער צום בוך, וואָס זי לייענט.

דערנאָך האָט זי אומגעקערט אירע אויגן צום בוך. אַ פּאָר מאָל געמישט עפּעס אַ זײַטל אַהין און צוריק, אַ ווײַלע זיך פאַרקלערט מיט אַ ווײַטן פאַרטראָגענעם בליק און, ווי פאַרגעסן דעם גאַנצן אַרום, אַ פליסטער געטאָן מיט קוים זיך באַוועגנדיקע ליפּן:

— אודיוויטעלנאָ! — וווּנדערלעך!

איך האָב צוגעוואָרפן אַ זײַטיקן בליק צו דעם אָפענעם בוך. געוואָלט אויפכאַפּן כאָטש אַ שורע פון דעם, וואָס זי האָט געלייענט מיט אַזאַ באַגײַסטערונג. מעגלעך, אַז די דאָזיקע שיינע פרוי האָט גלײַכצײַטיק אויך געלייענט מײַנע געדאַנקען, ווײַל זי האָט גענומען דאָס בוך אין די הענט אַזוי, אַז איך זאָל קאָנען זען דעם שאַרבלאַט. און מיטאַמאָל — וווּנדער איבער וווּנדער, ס'איז דאָך אונדזער ערשטער „יעזשעגאָדניק”.

איך האָב ניט געקאָנט צוימען מײַן נײַגער. און ווען איך האָב בײַ איר געפרעגט, וואָס האָט זי אַזוי אַנציקט, האָט זי מיט אַ פאַרכידעשטן טאָן געענטפערט:

— איך האָב ניט געוווּסט, אַז ער האָט אויך געשריבן אין ייִדיש.

עס האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט פון אַן אַנדער וועלט אַראָפּגעפאַלן, און די אַנדערע וועלט איז געווען קאַזאַקעוויטשעס ייִדישע לידער אין דער רוסישער איבערזעצונג.

— סאַראַ גלענצנדיקע מעגלעכקײַט דאָס איז... אין איין באַנד זיך באַקענען מיט אַ גאַנצער ריי שעפער פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איר איז עפּעס ווי אַ שאָד געוואָרן אויסצוטרינקען מיטאַמאָל די פרייד און בענקשאַפט, וואָס האָט געשטראָמט פון דעם בוך. זי האָט איבערגעריסן דאָס לייענען. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז זי איז אַ קראַנקן־שוועסטער, אַרבעט אין אַ קליניק אין טאַרטו, און אירע עלטערן וווינען אין קלײַפּעדע.

דערהערט דאָס וואָרט „קלײַפּעדע”, האָט דער אויסגעפּראַנטעוועטער מאַנצבל באַם פענצטער זיך האַסטיק אויסגעדרייט צו אונדז, זיך צעשמייכלט מיט אַ סאַך קנייטשן אַרום זײַנע קאַלטע, אָפּגע־בליאַקעוועטע אויגן און ליבלעך אַ פרעג געטאָן:

— שפּריכט יעמאַנד פאָן אינען דויטש?

מיר איז עפּעס ניט געווען צום האַרצן זיך אַרײַנצולאָזן מיט אים אין אַ געשפּרעך, נאָר אָפּזאָגן האָט מיר אויך אויסגעזען ניט־לײַטיש, און איך האָב קורץ געענטפערט פאַר אונדז ביידן:

— יאָ.

א וואָרט נאָך א וואָרט, און איך האָב זיך דערוווּסט, אז ער איז א טוריסט פון מיַרעוו־דיַטשלאַנד. געווען שוין אין מאָסקווע, לענינגראַד. ער איז אנציקט פון דעם געזעענעם אין ראַטנפאַרבאַנד.

— איך האָב אַלץ געזען מיט די אייגענע אויגן... איך האָב באַוווּנדערט דאָס רויִקע לעבן, די איַנגעשטעלטע אָרדענונג... איך דאַרף זאָגן, אז איך האָב געזען מער, ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט... וואָס פאַר מיר איז אָבער געווען באַזונדערס אומדערוואַרט, דאָס זיַנען די וויַטזיכטיקע ענדערונגען, וועלכע קומען איצט פאָר בא איַך...

ער האָט גערעדט מיט א מאָדנע אויסשפּראַך. דאָס זיַנען געווען עפּעס צעוויקלטע קלאַנגען מיט נאָכקלאַנגען, וועלכע האָבן קימאַט אומפאַרשטענדלעך געמאַכט די פּאַשעטסטע דיַטשישע ווערטער. און מיר, איך ווייס אפילע ניט פאַרוואָס, האָט זיך אויסגעוויזן, אז מיט זיַנע שוואַכים האַמערט ער אויס א מאַסקע אף צו פאַרהוילן זיַין עמעסדיק פּאָנעם.

ווער איז ער? פון וועלכע קאַנטאָן?

גלײַך ער וואָלט ארויסגעהערט מיַין פראַגע, האָט ער באַמבאַסטיש אויסגערופן:

— איך בין פאַן מע־מעל!

מיר איז טייקעף קלאָר געוואָרן סיַי דער אקצענט זיַנער, סיַי דאָס האסטיקע רעאַגירן, דערהערנדיק דאָס וואָרט „קלײַפּעדע".

איך בין געוואָר געוואָרן, אז ער איז פון די „פאָלקסדויטשע", וועלכע האָבן אין פערציקסטן יאָר, זיַענדיק פאַרשיקערט פונעם נאַציסטישן דורמאַן, פאַרלאָזט זייערע איַינגעזעסענע, באַלטישע היימען.

מעמעל — קלײַפּעדע... ערשטע יוגנט־יאָרן...

זיי האָבן צאַרנדיק געריסן די פּעדעם, וועלכע האָבן זיי פאַרבונדן מיט אָט דער ערד, און קיין אַנונג ניט געהאַט, אז אין א טאָג וועלן זיי זיך פאַרבענקען נאָך די אַלע וועגן, וואָס זיַנען געווען זייער לעבן, זייער בּיאָגראַפיע...

מעמעל — קלײַפּעדע...

ער האָט געוואָלט שאַפן דעם איַינדרוק, אז אויך אין אים צאַפּלען נאָך שפּורן פון בענקשאַפט.

— איך בין דעמלט יונג געווען, און די וועלט איז געווען ייַנגער... — האָט ער זיך ווי פאַרענטפערט, און ניט געפילט, אז ער רעדט מיט דער שפּראַך פון א פאַרשווונדן לעבן.

מיר אָבער האָבן אופגערעגט די דאָזיקע ווערטער זיַנע, די שאַבלאָן־ווערטער. איך האָב א קוק געטאָן צום פענצטער, בא וועלכן איך בין געשטאַנען מיט א מין שאָ צוריק. דער אַלטער וועטעראַן האָט נאָך אַלץ געמאַסטן מיט זיַנע בליקן דעם לויפנדיקן דרויסן, ווי ער וואָלט געסילעוועט זיַנע וויַטע דערמאָנונגען. און איך האָב א טראַכט געטאָן: ער איז דאָך אויך דעמלט יונג געווען און זיכער ניט געוואָלט קיין מילכאָמע, וואָס האָט איבערגעלאָזט ניט נאָר א פאַרצויגענע וווּנד אף זיַין פּאָנעם, נאָר אויך א טיפן ריס אין דער נעשאָמע... און איך האָב פון אופרעגונג, וועלכע איך האָב מיך באמיט צו האַמעווען, איבערגעפרעגט:

— וועלכע וועלט? — און קוים מיַין אייגן קאָל דערקענט, — עפּשער יענע, וואָס האָט מיט אונדזער בלוט געשריבן גאַנצע קאַפּיטלען געשיכטע פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט?

זיַנע וואַסערדיקע אויגן האָבן זיך געצונדן און געלאָשן. די פּאַדערשטע ציין זיַנע, געלבלעכע, אָפּגעניצטע, נאָר געניג שטיַפע, האָבן ארויסגעשמייכלט מיט א ביַיסיק צערונענעם שמייכל.

א ניט־אָנגענעמע שטילקייַט האָט זיך אוועקגעשטעלט, ווי א פרעמדע וואַנט, און די רעדער האָבן די שטילקייַט צעוואַקלט.

ס'האָט זיך געפילט, אז ער וויל אויסמיַידן די דערמאָנונגען וועגן יענער צייַט. מיר האָט זיך אויך ניט איבעריק געגלוסט אופצוריַיסן אַלטע וווּנדן. דערפאַר איז אונדזער שמועס גיך אריבער צו די היַינטיקע טעג, זיך געדרייט ארום די אמעריקאַנער פאַרשינגען און די שאָלעם־מאַניפעסטאַציעס אף מיַרעוו, באַרירט די לעצטע געשעענישן מיטן כעמישן אָפּפאַל, וואָס האָט פאַרומרייניקט די וואַסערן פונעם ריין, א באַזונגענעם מיט אזא ליבשאַפט פון הייַנריך הייַנע.

— צי זיַינען עס ניט די זעלבע כעמישע זאַוואָדן, וואָס האָבן מיט קימאַט א האַלבן יאָרהונדערט צוריק געגרייט סאַם פאַר די גאַזקאַמערן?

זיַנע קאַלטע אויגן האָבן מיך דורכגענומען מיט א בליק, וואָס האָט ניט אַנטהאַלטן אין זיך גאָרניט פון באַשיידנקייַט. ער האָט זיך ארומגעקוקט, ווי ער וואָלט מיטאַמאָל דערזען א וווּנדער, און א פראַגע געטאָן:

— זינד זי יודע?

מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אז זיַין שטים האָט זיך באַמיט אריַינצולייגן אין דעם וואָרט „יודע" איבערגעטריבענע צעצויגנקייַט.

די יונגע פרוי, וואָס האָט די גאַנצע צײַט זיך צוגעהערט אַ שוויַיגנדיקע צו אונדזער געשפּרעך און זעט אויס, עפּעס־וואָס פֿאַרשטאַנען, האָט געקוקט אויף אים מיט גרויסע שטרענגע אויגן, ווי זי וואָלטן באַ אים עפּעס געמאָנט. און זי האָט פֿילדײַטיק אַ זאָג געטאָן צו מיר:

— ווידימאַ, איזטיעק...[1]

זי האָט ניט פֿאַרפֿינקטלעכט פֿון וועלכע... נאָר איך האָב געקאָנט שווערן, אַז אָט דער טוריסט, וועלכער האָט אָן שום נויטווענדיקייט זיך געווענדט צו אונדז, האָט אין דער לעצטער וועלט־מילכאָמע געטראָגן ניט קיין ברוינעם אָנצוג, נאָר אַ ברוין העמד פֿון אַן אַנדערן שניט...

איך האָב ניט באַמערקט, ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען און ווי לאַנג ס'האָט געדויערט די דעמערונג, און אויך ניט, ווען עס האָט זיך אין לױפֿנדיקן פֿענצטער באַוויזן אַ זילבערנע לעוואָנע.

## אויף דער עסטאָנישער ערד

דאָרט, ווו די צאָפֿן־וואַסערן פֿונעם באַלטישן יאַם באַשווענקען די מאָלערישע ברעגן פֿון עסטאָניע, ליגט ברייט צעוואָרפֿן די ווונדערלעכע אַלט־נײַע שטאָט טאַלין — דער ווירטשאַפֿטלעכער און קולטורעלער צענטער פֿון דער רעפּובליק.

קיינער האָט מיך באַם אָנקומען אַהין ניט אָפּגעוואַרט.

איך בין אַראָפּ פֿון דער באַן און, אויסמײַדנדיק בעקיוון דעם שטאָטישן טראַנספּאָרט, האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט צופֿוס איבער דער אײַגנאַרטיקער שטאָט, וואָס פֿאַרײַסט זיך צו די הימלען מיט אירע פֿילצאָליקע פֿאַרשפּיצטע טורעמס און שפּילן, מיט גאַנצע אַנסאַמבלען מיטלאַלטערלעכע דענקמעלער און געבײַדעס.

איך האָב געוווּסט, אַז אָלגע קאַליונדי, די גאַסטפֿרײַנטלעכע און גוטהאַרציקע אָלגע, וועט באַטאָג, באַלד נאָכן ענדיקן אירע לעקציעס אין אינסטיטוט, מיך פֿירן איבער די שטאָטישע קוואַרטאַלן, מיר אַלץ ווײַזן, וועגן אַלץ דערציילן. זי איז ניט בלויז אַן אַנגעזעענער לעקטאָר פֿון קונסט־געשיכטע, נאָר אויך אַ באַוווּסטער גיד. מיר האָבן וועגן דעם אָפּגערעדט מיט אַ וואָך צוריק אין לעניגראַד, ווו מיר האָבן זיך געטראָפֿן אין ערמיטאַזש.

ביז באַטאָג איז אָבער נאָך ווײַט.

טו איך דערווײַל איינער אַליין אַ בלאָנקע צווישן די איבערגעפּלאָנטערטע גאַסן און געסלעך, וואָס דערציילן פֿון ווײַטע פֿאַרלאָפֿענע צײַטן.

דער פֿרימאָרגן, אַ בלענדנדיק העלער, האָט מיט ליכטיקע אויגן אַרײַנגעקוקט אין די שערנגעס גראָטעסקפֿאַרמיקע פֿענצטער, צעלייגט אויף די שווערע פֿאָרטאָלן, באַפּוצטע מיט אָרנאַמענטאַלער שניצערײַ, שפּילעוודיקע גאָלד־פֿלעקן, שטראַל מיט שטראַל האָבן געשטיפֿט, זיך צעגויפֿגעגאָסן אין איין ברייטן פֿאַס און באַשײַנט די פֿילצאָליקע אַלעגאָרישע רעליעפֿן אויף די פֿאַסאַדן.

איך שנײַד דורך איין גאַס, פֿלאָנטער זיך אַרײַן אין אַ צווייטער. די טעמפּלען אויף די גאַסן איבעראַשן מיט זייער פּראַכט. עס קרייצן זיך פֿאַרשיידענע סטילן, פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַלע טראַדיציעס. עס טראָגן זיך דורך די יאָרהונדערטער פֿון שטורמישער געשיכטע. און עס דאַכט, ס'לעבן נאָך אין די אַלטע ווענט שאָטנס, סודעס, קלאַנגען פֿון פֿאַרצײַטנס.

און אַזוי בלאָנקענדיק, קום איך צו צו דעם באַרימטן געפּלאַסטערטן צענטער, צו דער ראַטושע, דעם גאָטישן דענקמאָל פֿון פֿריִען מיטלאַלטער, ווו עס קוקט אַראָפּ פֿונעם סאַמע שפּיץ טורעם דער היטער פֿון דער שטאָט, דער אַלטער פֿליוגער טאָמאַס, וואָס שפּילט זיך מיטן ווינט און באַגריסט מיט עסטאָנישער פֿרײַנטלעכקײַט:

— טערע־טערע.. גוט־מאָרגן...

אין איין רעגע האָט די זון מיט גאָלדענעם שטויב באַשאָטן די שטאָט, מיסטאַמע פּונקט אַזוי, ווי מיט יאָרהונדערטער צוריק, בײַס איר יוגנט, ווען פֿרעמדע ריטער־אָרדענס האָבן געוועלטיקט איבער איר.

טאַלין — אַ לעבעדיק שטיק מיטלאַלטער, אײַנגעראַמט אין מאָדערנער אַרכיטעקטור, וואָס הייבט זיך אַרויס מיט אַ שימער פֿון נײַקייט, און ווו קאָנסטרוקטיווע צוועקמעסיקייט רופֿט זיך איבער מיט האַרמאָנישער עסטעטיק.

גלאָז און מעטאַל, צוגויפֿגעשמאָלצן און צוגויפֿגעגאָסן אין איין גאַנצקייט, שפּאַרן אונטער די הימלען מיט אַזאַ לײַכטקייט, גלײַך זיי וואָלטן זיך געלאָזט אין אַ געוועט מיט די אַלטערטימלעכע שפּילן און טורעמס.

[1] ווײַזט אויס, ער איז פֿון יענע... (רוס.).

פּלוצעם האָב איך דערפֿילט הינטער זיך עמעצנס בליקן און דערהערט דריבנע אײַלנדיקע טריט, קוידעם ווײַטלעכע, דערנאָך אַלץ נעענטער און נעענטער. מיר איז געווען ניט באַקוועם זיך אומצוקוקן, און איך האָב פֿאַרלאַנגזאַמט דעם גאַנג.

באַלד טאַקע האָבן די טריט מיך דעריאָגט, און איך האָב דערהערט אַ פֿאַרווונדערטן אויסרוף:

— וואָס טוט איר דאָ?

איך האָב אויך ניט ווינציק זיך פֿאַרכידעשט, דערזעענדיק פֿאַר זיך מײַן ליבן אַלטן דאָקטער פּירע לוואָוונע, וועלכער ס'איז דאָרטן, אינדערהיים, ניט איין מאָל אויסגעקומען דערגיין דעם סאָד פֿון די זיגזאַגן, וואָס מײַן האַרץ האָט פֿאַרשריבן אויף דער קאַרדיאָגראַמע.

אין קלאָגאַ, וואָס ווערט אָנגערופֿן אין איין אָטעם מיט פּאָנאַר אין ווילנע און סאַלאַספּילס אין ריגע, איז אומגעקומען איר מישפּאָכע. פֿאָרט זי יעדער יאָר אויף קייווער־אָוועס. פֿאָרט געוויינטלעך אין האַרבסט, צום יאָרצײַט. די פֿאַשיסטן האָבן אין סענטיאַבער 1944 פֿאַרניכטעט דעם לאַגער, און די אַסירים צעשאָסן און פֿאַרברענט. אָבער דאָס מאָל איז זי אויוער געווען אויף דעם אײַנגעשטעלטן סיידער און געקומען אין פֿרילינג.

איך האָב זיך דערמאָנט אין דעם יונגן הירש גליק, אַ פֿאַרייביקטן אין זײַן פּאַרטיזאַנישן הימן „זאָג ניט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג", וועלכער איז, לויט געוויסע ווערסיעס, אויך אומגעקומען דאָ.

— זעט נאָר, ווי קליין ס'איז אונדזער וועלטל, — האָט פּירע לוואָוונע אַ זאָג געטאָן, האָבנדיק אין זינען צופֿעליקע באַגעגענישן, און מיט פֿאַרטראַגנקייט, ווי זי וואָלט נאָכגעפֿאָלגט נאָך אַן אַנטלאָפֿענעם געדאַנק, מיט אַ פֿלוצעמדיקן ערנסט און שטרענגקייט צוגעגעבן:

— אוי, ווי מיר דאַרפֿן אָט דאָס וועלטעלע אונדזערס היטן... ס'זאָל אַזעלכס ווי קלאָגאַ זיך מער ניט איבערכאַזערן...

און אירע קליינע אויגן זײַנען באַהויכט געוואָרן פֿון אַ ווייכער מילדקייט.

מיר האָבן זיך פֿרײַנטלעך געזעגנט. אין אַ מינוט אַרום איז זי שוין ניט געווען לעבן מיר. געבליבן זײַנען בלויז אירע ווערטער און ניט געוואָלט אַוועק...

באַטאָג.

אָלגע איז געקומען פּינקטלעך צו דער באַשטימטער צײַט. איך האָב זי דערזען פֿונווײַטנס. אַ לײַכטע, אַ שטאַלטנע, האָט זי זיך שנעל באַוועגט, גלײַך זי וואָלט וועלן מיט איר גאַנג אָפּלייקענען, אַז זי האַלט שוין בײַ פֿערציק, אַז אירע געדיכטע האָר הייבן שוין אָן זיך איבערשיטן מיט זילבער, אָבער זי איז סײַווי נאָך שיין מיט יענער צאַפּנדיקער העלער שיינקײַט, מיט וועלכער עס טיילן זיך אַזוי אויס בײַבאַלטישע פֿרויען.

ס'איז געווען גראָד פּיק־צײַט. מענטשן האָבן האַווענדיק געשטראָמט, ווי געטריבן פֿון עפּעס אַ האַסטיקער קראַפֿט. איך האָב געזען, מיט וואָס פֿאַר אַ געשיקטקײַט זי האָט אויסגעמיטן יעדן פֿאַרבײַגייער. און דאַך האָט עמעצער ניט אומיסטן זי פֿאַרטשעפּעט מיטן אַקסל, זיך אַנטשולדיקט, און זי האָט אים געענטפֿערט מיט אַ מילדן שמייכל.

— איר ווארט שוין לאַנג? — האָט זי געפֿרעגט בײַ מיר אַ פֿאַרסאָפּעטע, און מיך באַגאָסן מיט פֿרישקײַט פֿון איר יונגן בליק.

מיט עפּעס אַ געבענטשטער זאָרגלאָזיקײַט האָבן מיר אָווקגעשפּאַנט איבער די באַלעבעטע טאַלינער גאַסן.

מיר זײַנען געגאַנגען לענגויס ריזיקע שטיינערנע ווענט, אַמאָליקע שוצפֿעסטונגען. אָפּן ראַטושע־פּלאַץ האָט מיט איר גאָטישער אופֿשריפֿט מיר צוגעוווּנקען די עלטסטע אַפּטייק אין אייראָפּע. אַזוי, ווי זי האָט אויסגעזען מיט הונדערטער יאָרן צוריק, אַזוי איז זי פֿאַרבליבן ביז הײַנט. און איך בין אַרײַן אין אַ מאַסיווער טיר קלוימערשט נאָכפֿרעגן זיך נאָך אַ רעפֿוע.

די אַפּטייקערשע, אַ יונג העל־בלאָנד מיידל, וועלכע האָט זיך קוים אַרויסגעזען פֿון צווישן די טונקעלע דעמבענע שאַפֿעס, ווו עס זײַנען געשטאַנען ווײַסע אַלטפּאָרמיקע סלאָיעס מיט שוואַרצע באַצייכענונגען פֿון רעפֿועס, האָט זיך ברייט צעשמייכלט. און איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז איך בין בײַ איר הײַנט ניט דער ערשטער פֿון אַזאַ סאָרט „כוילע".

טרעפּ אַראָפּ, טרעפּ אַרויף. ווי אַ זעלטענע פּאַנאָראַמע האָט זיך געעפֿנט און געשפּרייט די ווײַט פֿון דער שטאָט מיט די באַרימטע טאַלינער ציגל־רויטע דעכער און גרינע שפּיציקע קלויסטער־טורעמס, וואָס רעדן מיט די וואָלקנס. און דער יאַם, אָט יענע מעכטיקע גרויסקײַט, וואָס האָט זשעדנע געשלונגען די שטראַלן פֿון דער נאָכמיטיק־זון, האָט אופֿגעבלאַנקט מיט זילבער.

שטיינערנע טרעפּ, פֿון דורעס אויסגעטראָטענע, און קופּערנע טאָוולען, אויף וועלכע עס קייט־לען זיך גערמאַנישע אופֿשריפֿטן — נעמען פֿון ריטערס און מאַנאַכן. און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך הער די טריט פֿון די אַסקעטיש־יעזויטישע אָרדען־ברידער, אָנגעטאָנענע אין שוואַרצע סוטאַנעס

מיט שפּיציקע קאַפּיושאָנען און מיט גראָבע שטריק אַרום די לענדן — די אורזיידעס פון יענע, וואָס האָבן מיט דוירעס שפּעטער געטראָגן שוואַרצע מונדירן מיט האַקנקרייצן...

אַלץ גייט, און די צײַט גייט.

שוין עטלעכע שאָ זײַנען אומבאַמערקט פאַרבײַ. די זון האָט זיך שוין געשאַרט צום מײַרעוודיקן האָריזאָנט. און אַלגע האָט מיר נאָך אַלץ געפירט פון גאַס צו גאַס, פון מוזיי צו מוזיי.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן, ווי שיין זי האָט גערעדט. מיט וואָס פאַר אַ פאַרליבטקײַט זי האָט אויפגעדעקט פאַר מיר די סוידעס פון די עקספּאָנאַטן, סײַ רעליגיִעזע, סײַ וועלטלעכע. מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָב איך זי געהערט און באַוווּנדערט די בילדערישקײַט פון איר שפּראַך און די רײַכקײַט פון וויסן.

ווען מיר האָבן פאַרענדיקט אונדזער עקסקורסיע איבער דעם אַלטן טאַלין, זײַנען מיר מיטן אויטאָבוס אין געציילטע מינוטן שוין געווען אין נײַעם טייל שטאָט מיט די שטרענגע קאָנטורן פון פּירקאַנטיקע בלאָק־הײַזער. און עס האָט אויסגעזען, ווי מיר וואָלטן, אומקערנדיק זיך פון ווײַטע פאַרגאַנגענע צײַטן, אַרײַן אין קאָסמישן יאָרהונדערט.

אַלגע האָט מיך פאַרבעטן צו זיך. זי האָט בעדייע געהאַט מיר ווײַזן איר פּריוואַטע בילדער־קאָלעקציע. איך האָב שוין געוווּסט, אַז זי פאַרמאָגט זייער ווערטפולע ווערק פון אָנגעזעענע הײַנט־צײַטיקע מאָלער. באַזונדערס האָט זי זיך געגרויסט מיט די עטלעכע בילדער, וועלכע עס האָט איר בעשײַטע געשענקט טאַנכום קאַפּלאַן.

לײדער האָב איך געמוזט זיך אָפּזאָגן, אָפּלייגנדיק דעם באַזוך צו איר אויף אַ צווייט מאָל, ווען איך וועל קומען אויף מער צײַט. איצט האָט אויף מיר געוואַרט אַן אַנדער באַגעגעניש.

איך האָב געהערט וועגן דער פּרוי, מיט וועלכער כ׳האָב זיך געדאַרפט טרעפן, געהאַט אָבער וועגן איר זייער קנאַפּע ידיעות. געוווּסט, אַז זי איז אַ געוועזענע ייִדישע אַקטריסע, אַז אין דער צײַט פון דער מילכאָמע האָט זי אין טאַשקענט געשפּילט אײנײנעם מיט סידי טאַל. איר שטים האָב איך אויך געהערט אײן מאָל דורכן טעלעפאָן:

— האַלאָ, דאָס רעדט מאַלי בלאַנק...

אין אָט דער שטים איז געווען אַזויפיל וואַרעמקײַט, אַזויפיל רירנדיקס, אַז ס׳איז ניט מעגלעך געווען נישט צו וועלן הערן זי אומיטלבאַר, אָן דער הילף פון מעטאַל און פּלאַסטמאַסע.

זי האָט געוווינט אין אײנעם פון די נײַע ראַיאָנען, אין אַ גאַס, וואָס טראָגט דעם נאָמען פונעם עסטאָנישן קלאַסיקער — טאַמסאַרע.

די טיר אַפן צווייטן שטאָק האָט זיך געעפנט באַלד נאָכן ערשטן אומדרייסטן קלונג. זי איז געשטאַנען פאַר מיר אָנגעטאָן אַזוי, גלײַך זי וואָלט אָט־אָט באַדאַרפט אַרויס אויף דער בינע. איר פּאָנעם מיט גוטמוטיקע קנייטשן האָט שוין באַם ערשטן בליק אַלץ געזאָגט, און מײַן שטים האָט מיטאַמאָל באַקומען אַ היימישן און זיכערן קלאַנג:

— מאַלי?..

— ביטע, קומט אַרײַן.

און זי האָט אויסגעשטרעקט צו מיר איר האַנט מיט זילבערנע אָדערלעך.

דער קליינער באַשיידענער, ציכטיק אויפגעראַמטער צימער, וווּ זי האָט געלעבט אײנײנעם מיט איר קראַנקן מאַן, האָט גלײַך באַם אַרײַנקומען דערציילט פון גענייטע פרוייִשע הענט. די ריינקײַט פון דער שטוב האָט זיך געשפּיגלט אין דער געגלאָזטער ביכער־שאַפע, אין די פאָטאָגראַפיעס אויף די ווענט, אויף וועלכע מע האָט געקאָנט זי זען אין פאַרשיידענע ראָלן. פון אַלץ האָט געטריפט אַזאַ היימישע, געמיטלעכע אײַנגעזעסנקײַט.

איר מאַן, געטראָפן פון אַ שווערן פּאַראַליטש, האָט, האַלב־ליגנדיק אויף אַ ווייכן שטול, באַוועגלאָז געקוקט אין אַ ווײַטן פּינטל. ס׳איז קענטיק געווען, אַז ער פילט ניט די אייגענע איוורים. ווי נאָר אָבער ער האָט דערשפּירט הינטער זיך מײַן אָנוועזנהײַט, האָט ער הילפלאָז פאַנאַנדערגעוואָרפן זײַנע אָפּגעצויגענע הענט:

— ש־ש־ש אָ ל ע ם אַל־ל־ל יי כ ע ם!

זי האָט אים געהאָלפן אויפשטיין. אים אונטערגעשפּאַרט מיט איר שטאַלטנעם, קימאַט מיידלשן קערפּער, און פון איר האָט געשטראָמט אַזאַ מענטשלעכע צוגעלאָזנקײַט, אַזאַ גוטסקײַט, וואָס האָט ניט קיין גרענעץ.

— דאָס איז מײַן מאַן, — און טייקעף געפונען פאַר נייטיק צוצוגעבן, — באָריס ניסקי, „בענעק" לויטן פאַרטיי־נאָמען...

איך האָב זיך דערמאָנט, אַז ערגעץ האָב איך שוין געטראָפן דעם דאָזיקן נאָמען, ערגעץ שוין געלייענט וועגן זײַנע באַגעגענישן מיט שאָלעם־אַלייכעמען, מיט פּערעצן, מיט אַשן...

זיי זײַנען ביידע אויף פאַרשיידענע וועגן געקומען פון פּוילן.

זי האָט אים אוועקגעזעצט באַם טיש לעבן זיך, פאַריכט דעם הער־אַפּאַראַט, און עס האָט זיך צעקנוילט אַ געשפּרעך. ריידן איז געווען וועגן וואָס. דאָס גאַנצע לעבן האָט זיך מיטאַמאָל אוועק־געשטעלט אין זײַן פולן פאַרנעם. און, ווי עס וואָלט ניט געווען קיין אָפּגרענעצונג פון צײַט, האָט זיך אומגעקערט דאָס שטעטל, די יוגנט, ליבע, קאַמף...

ווען זי האָט גערעדט, האָט פון אירע רייד אַרויסגעשריגן די בענקשאַפט צו דער יידישער בינע — אַנגעווייטיקטע פּעדעם, וואָס האָבן זי פאַרבונדן אין מעשעך פון לאַנגע יאָרן. זי האָט ניט דערציילט, נאָר ווי אויסגעשפּילט איר לעבנסוועג, און עס האָבן רייענווײַז זיך אַנטפּלעקט די צוואַנ־ציקער יאָרן אין בערלין, לעקציעס אין דער באַוווּסטער ריינהאַרדט־שול, די באַקאַנטשאַפט מיט אַזעלכע וועלט־באַרימטע שוישפּילער, ווי פּאַול וועגענער, מאַרלען דיטריך, אַלעקסאַנדער גראַנאַך. דערנאָך דער ראַטנפאַרבאַנד, מיכאָעלסעס טעאַטער־סטודיע און הויפּטראָלן אין פאַרשיידענע טעאַטערס פונעם לאַנד.

ווערטער, ווי לידער, האָבן זיך צעקלונגען אין איר געמיט. אַלץ איז געווען אַזוי נאָענט און אַזוי ווײַט. איך האָב אויפגעכאַפּט איר בליק, דעם פאַרהוילענעם שליסל צו די צוזויפגעקליבענע ברעקלעך פון איר דערוואַכטן זיקאָרן...

ווען ער, באָריס ניסקי, האָט דערציילט, האָבן זיך אַרויסגעהערט ווײַטע אָפּקלאַנגען פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע און פון קאַמף אין די רייען פונעם פּוילישן פּראָלעטאַריאַט. ער האָט גערעדט שווער, ווי ער וואָלט די ווערטער מיט צוואַנגען געשלעפּט. יעדע ווײַלע אָנגעהויבן פון אָנהייב, אַרײַנ־געמישט זײַטיקע זאַכן און שטיקלעך געשעענישן, וועלכע האָבן באַ אים ערגעץ טיף געדרעמלט, האָבן מיטאַמאָל דערוואַכט — קאַמינטערן, פּאַרטיי־שול, די באַוווּסטע „מײַרעווקע", רויטע אַרמיי... און באַגעגענישן מיט די גרונטלייגער פון דער סאָוועטישער יידישער ליטעראַטור...

אַף וויפל אויסגעשעפּט פון פיזישע יעסורים ס'איז געווען זײַן גוף, אַף אַזויפיל וואַך איז געווען זײַן מויער און ניט דערלאָזט אויסלעשן דאָס פײַער, וואָס האַלט אויף די נעשאָמע, ווען דער קערפּער ווערט כאַרעוו...

ווי אַ געדיכטער נעפּל וואָלט זיך צעגאַנגען, האָבן זיך אַרויסגעשיילט אַלץ נײַע שטיקער פאַר־לאָפן לעבן.

— געדענקסט, באָריס?

— געדענקסט, מאַלי?..

איינער האָט געזוכט באַם אַנדערן די פעלנדיקע שטיקער.

און ביידע האָבן זיך אָנגעשלאָגן אין נאָענטע און באַקאַנטע, וואָס זײַנען געווען געבונדן מיט איין יוגנט, מיט איין צײַט, און ביידע האָבן זיך צוגעטוליעט צו דעם גרויסן לעבן, וואָס הייסט ראַטנלאַנד...

ער האָט לאַנג געוואַרט אַף יענעם טאָג, ווען ער וועט קאָנען זיך אָוועקזעצן מיט דער פּען אין האַנט און דערציילן דאָס בוך פון זײַן לעבן. און אָט זײַנען דרײַ דיקע העפטן, געדיכט באַשריבענע מיט אַ קלאָרן יידישן קסאַוו, געלעגן אָפן טיש — די פּרוכט פון זײַן מויער און פון זײַן האַרץ.

— וועט עמעצער זיך אַמאָל אומקוקן אַף זיי?

ער האָט עס קוים אַרויסגעבראַכט מיט די ליפּן. נאָר זי האָט אין זײַן פליסטער אַרויסגעהערט אַזאַ טיפע, אַזאַ אומגעוויינלעכע פאַרזאָרגטקייט, אַז אין אירע אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן.

— עס וועט אַף דעם אויך קומען אַ צײַט...

זייערע בליקן האָבן אַף אַ רעגע זיך באַגעגנט. וויפל האָט געדויערט די רעגע? ווער ווייסט. די לענג פון אַזעלכע רעגעס לאָזט זיך ניט מעסטן לויטן סעקונדע־ווײַזער...

דער אַלטער זייגער האָט אויסגעקאַרכלט די שאָען.

ס'איז אונטערגעקומען די צײַט פון געזעגענען זיך, פון פאַרלאָזן די ליבלעכע, גאַסטפרײַנטלעכע יידישע שטוב.

אין דרויסן איז צוגעפאַלן אַ ווײַסע צאַפּנדיקע נאַכט, זיך אַראָפּגעלאָזט איבער דער וווּנדערלעך־כער שיינער עסטאָנישער הויפּטשטאָט. פון ווײַטן האָט דער יאַם געמורמלט זײַנע פון קיינעם ניט פאַרשטאַנענע רייד. און די שטאָט און דעם יאַם האָט אײַנגעהילט אַ דינע איידעלע בלויקײַט, איבער־געמישט מיט בלינצלענדיקע פײַערלעך, ווי גאָלדענע שטערן. און מיר האָט זיך געדאַכט, ווי אין אָט דער טרוימעריש פאַרהוילענער בלויקײַט, צווישן פרעמדע געבײַדעס, אַף אַ פרעמדער גאַס, גייען מיר נאָך די שאָטנס פון די צוויי אַלטע האַרציקע מענטשן — מאַלי בלאַנק און באָריס ניסקי (בענעק)...

איך בין אַרײַן אין אַן אויטאָבוס, וואָס האָט געפירט צום וואָקזאַל...

## ווײַסע נעכט

ווי ווײַט בין איך איצט פון יענע טעג, פאַרבראַכטע באַם ריגער יאַם־ברעג, טעג, וואָס האָבן זיך אַזוי פאַרקנוילט מיט געשעענישן, אַז איך מוז פריער אַרײַנעמען דעם קאָפּ צווישן די הענט, פאַרמאַכן די אויגן און נאָכאַמאָל דורכלאָזן די בילדער דורכן פילטער פון מײַן זיקאָרן.

...יורמאַלאַ — דובולטי, אַנהייב יוני.

שווער צו געפינען נאָך אַזאַ אייגנאַרטיקן פּייזאַזש, ווי דער, וואָס האָט זיך געשפּרייט פאַר מײַן פענצטער אפן צווייטן שטאָק אין ריגער פּאַנסיאָנאַט „פּריבאַלטיקאַ".

באַ אַ שמאָלן לאַנדפּאַס, צעטיילט, ווי מיט אַ שרונט, פון אַ גלאַנציק אַספאַלטירטן וועג, האָט פון איין זײַט געבריזט דער שטורמישער יאַם־אײַנגוס, אופגעהויבן שוימיקע וואַסער־וועגט און גע־שווענקט מיט אַ ווילדער בלינדקײַט די ווייך פאַרקעמטע דיונעס, און פון דער צווייטער — דער סוידעספּולער, גרינלעך פאַרגליווערטער טײַך ליעלופּע, וואָס זײַנע גרינלעכטע וואַסערן געדענקען נאָך מיסטאָמע דעם יונגן פּיסאַרעוו, וועמען זיי האָבן פאַרשלונגען אין זייערע טיפענישן.

ס'איז געווען נאָענט צו האַלבער נאַכט.

אַ דין־בלויליכע, האָט זי זיך פאַרקליבן אין צימער, געקראָכן פון אַלע ווינקלען. אַ שטומקײַט האָט אַרומגעשוועבט, געבויערט אין די אויערן מיט אַנגעלאָפּענע קלאַנגען.

איך האָב ניט געקאָנט זיך צוגעווינען צו די ווײַסע נאָרדישע נעכט, וואָס האָבן מיר דערמאָנט דאָס יונגע ליכט פון באַגינען אין מײַן היים. זיי האָבן באַ מיר אָפּגענומען דעם שלאָף. און ווי־אַזוי איך זאָל ניט געווען פאַרהענגען דאָס פענצטער, אַנשלאָפן ווערן האָב איך ניט געקאָנט.

איך האָב זיך געדרייט אפן בעט, אף וועלכן ביז מיר זײַנען פיל אַנדערע מענטשן געשלאָפן און זיכער געזען כאַלוימעס. נאָר קיינער פון זיי האָט מיר קיין ברעקל כאַלעם ניט איבערגעלאָזט.

וואָס האָב איך געקאָנט טאָן מיט זיך אַליין?

אַ העלקײַט האָט זיך געשוימט פאַר די אויגן, דאָס אופגערעגטע געמיט האָט געצאַפּלט פון אומרו, און צווישן טאָג און נאַכט איז קיין שטעטך ניט געווען. פּלוצעם האָט עפּעס אַ פלאַטער געטאָן אין דער בלויליכער ליידיקײַט, ווי אַ שטערנדל וואָלט אופגעבליצט.

מאַרק ראַזומני...

גלײַך די נאַכט אַליין האָט דעם נאָמען אויסגערופן.

עס האָבן זיך אַ מיש געטאָן צעהעלטע שאָען, פאַרבראַכטע באַ אים היימט באַטאָג.

מײַן ערשטע „באַגעגעניש" מיט מאַרק ראַזומני איז פאַרגעקומען אין אַ ווײַטער צײַט, ווען איך האָב נאָרוואָס אַריבערגעשפּאַנט די שוועל פון קינדהײַט צו יוגנט. איך האָב דעמאָלט מיט קינדערשער פאַרכאַפּטקײַט געלייענט זײַנע „הינטערגעסלעך". און הײַנט, זיצנדיק באַ אים, הערנדיק זײַנע באַ־דאַכטע רייד, זײַן דײַטשמערישן — יאָ־יאָ, האָב איך געהאַט דאָס געפיל פון אַ טאַלמיד, וואָס זיצט פאַר זײַן רעבן.

אַלע מײַנע כושים זײַנע באַהערשט געוואָרן פון די דורך יאָרן אײַנגעזאַפּטע אײַנדרוקן, וואָס ראַזומניס ווערק האָבן געמאַכט אף מיר. און עס האָט אָפּגעקלונגען אין מיר דער עכאָ פון ראַזומניס פרישן קאָל, דאָס קאָל פונעם נײַנציקיאָריקן שעפער פון אונדזער יידישער ליטעראַטור.

זײַן גאַנץ לעבן האָט מאַרק ראַזומני אָפּגעלעבט אין ריגע.

דעם גרעסטן טייל פון זײַנע דערציילונגען, דראַמען, נאָוועלעטן, האָט ער אויסגעדיכטעט דאָ, באַ די ברעגן פון דער דאַוגאַווע, און ווען איך פרעג זיך, וויאַזוי ס'איז פון דעם אַלעמען געוואָרן מאַרק ראַזומני, דער אָנגעזעענער הײַנטצײַטיקער יידישער שרײַבער, ענטפער איך זיך אַליין: אַ בוים וואַקסט אַרויס פון דער ערד. די ערד איז די איינציקע, וואָס קאָן אויסהאַלטן און שפּײַזן די וואָרצלען...

...די נאַכט האָט זיך געצויגן, געצויגן. די שאָען האָבן זיך גערוקט, ווי דער שאַרך פון פאַלב־דיקע בלעטער.

איך האָב געעפנט דאָס פענצטער.

אף יענער זײַט האָבן אַלע קעגנשטאַנדן אָנגעווירן זייערע שאָטנס. אַ קיל ווינטל האָט פאַרשפּרייט אַ שאַרפן רייעך פון בוימנאָדלען און בלומען. איך האָב געקוקט אף די פרידלעך דרעמלענדיקע הײַזער, פאַרנומען דעם פּײַכטן רויש פון די יאַם־ווײַטן.

אינמיטן וועג, געאַרעמט, ווי אַרײַנגעוואַקסן איינער אינעם אַנדערן, האָט מיט פאַרלאַנגזאַמטע טריט געשפּאַנט אַ יונג פּאָרל. זייערע שטימען האָבן אָפּגעקלונגען איבער דער גאַס, כאָטש זיי האָבן מער געפּליסטערט, ווי הויך גערעדט. און צו מײַן פענצטער זײַנען דערפלויגן אָפּגעריסענע פראַזעס:

— דאָס האָסטו געזאָגט?

— ווער? דען?

— און דו קאָנסט עס איבערכאַזערן?

— אַפילע טויזנט מאָל...

זיי האָבן מיטאַמאָל זיך אָפּגעשטעלט. זי האָט זיך א צי געטאָן צו אים אָן די שפּיץ פינגער, גלײַך זי וואָלט אָט אַזוי געוואָלט זיך אופהייבן העכער פון אים. אירע פעסטע, אָנגעשטרענגטע ליטקעס האָבן ווײַס געשימערירט.

— ווען גייט אָפּ דײַן צוג? — האָט ער געפרעגט.

— זעקס, — האָט זי קורץ געענטפערט.

און זיי זײַנען ווײַטער געגאַנגען.

זעקס אינדערפרי וועלן זיך זייערע וועגן פאַנאַנדערגיין. און ווידער וועלן זיי זוכן די שליסלען צו ערדישן גליק...

א טעמע פאַר א נאָוועלע. ניט אַזוי, אַלטער פרײַנט מארק ראַזומני?

אין דרויסן האָט אַלץ נאָך געדעמערט א ווײַסע נאַכט, און דער שלאָף האָט זיך געוויגט צווישן כאַלעם און וואָר...

## אַן אויסטערלישע באַגעגעניש

דער טאָג האָט ווײַט אריבערגעשפּאַנט די צווייטע העלפט. דער הימל איז געווען באַזונדערס בלוי און דורכזיכטיק. און די זון, א פולער פײַערדיקער קײַלער, האָט זיך גערוקט אַלץ ווײַטער און ווײַטער אָפּ מײַרעוו.

דער יאַם האָט געדרעמלט. שטילע ווינטעלעך האָבן געשויבערט זײַנע וואַסערן. און מעוועס האָבן געשוועבט איבער די זילבערנע רונצלען, קוים־קוים רירנדיק מיט די פליגלען, און זייער רוף האָט געשאַלט אין דער קלינגענדיקער הימלשער טיפקײַט.

אין אַזעלכע שאָען, ווען די וועלט איז פאַרפלייצט פון ליכט און רו, גלוסט זיך ניט צו זיצן אין צימער. נאָר מײַן פרײַנט, דער ריגער שרײַבער לעאָניד קאָוואַל, וועמענס נאָמען כ'האָב שוין געהאַט באַגעגנט אין „סאָוועטיש היימלאַנד" און אין „בירעבידזשאַנער שטערן", האָט צוגעזאָגט קומען, און איך האָב געוואַרט אָף אים.

עמעצער האָט אָנגעקלאַפּט אין מײַן טיר. נאָר מיט אַזאַ אומזיכערקײַט, אַזוי אומבאַהאָלפן, גלײַך דער „עמעצער" וואָלט זיך קוים צוגערירט צו דער טיר מיט די פינגער אָדער עפּשער זיך געיישעוועט, צי איז עס די טיר, וועלכע ער זוכט.

— לעאָניד יאָסיפאָוויטש?

— ניין.

אָף דער שוועל איז געשטאַנען אַן אומבאַקאַנטע פרוי, שוין ווײַט ניט קיין יונגע, נאָר מיט זייער יונגע געזיכט־שטריכן. אירע אויגן האָבן געפלייצט מיט א טונקעלן שימער.

— איך בין די טאָכטער פון שאָץ־אַניון...

דער נאָמען האָט א קלונג געטאָן פאַר מיר מיט א מאָדנע ווידערקאָל. דאָס האַרץ האָט אופגעצאַפּלט, איך האָב מיטאַמאָל דערפילט, ווי מיר פעלט אָטעם, גלײַך צווישן מיר און דער אַרײַנגעקומענער פרוי וואָלט קיין לופט ניט געווען.

— מיר האָט לעאָניד קאָוואַל געזאָגט, אַז איר זענט געווען באַקאַנט מיט מײַן פאָטער, — האָט זי, ווי געפרווט זיך פאַרענטפערן פאַר דעם אומדערוואַרטן באַזוך. — אגעוו, ער האָט געבעטן אײַך איבערגעבן, אַז ער קאָן לײדער הײַנט ניט קומען.

זי האָט זיך אַניוועסדיק צוגעזעצט אָפּן שטול, וועלכן כ'האָב איר אונטערגעטראָגן, און ווײַטער געצויגן איר געדאַנק:

— איך אַרבעט איצט איבער א בוך וועגן שאָץ־אַנינען, וועגן זײַן ליטעראַרישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקײַט... האָט איר ניט עפּשער מיר וואָס צו דערציילן, עפּשער אַפילע אָנשרײַבן?..

אין דער זעלבער רעגע האָט די צײַט מיט אַן אומגעהײַערער שנעלקײַט זיך א דריי געטאָן אָף צוריק, ווי א גיגאַנטישע פאַרביקע ראָד וואָלט זיך דורכגעטראָגן און איבערגעלאָזט פאַרגאַנגענע שטיקער לעבן, וואָס האָבן פאַרשטומטע געדרעמלט אין מיר און איצט פּלוצעם בא דער באַגעגעניש מיט שאָץ־אַנינס טאָכטער ווידער אופגעלעבט. ווידער אופגעבליצט א רינג נאָך א רינג.

...אָפּן קאַלענדאַר איז געווען האַרבסט 1937.

אין פּאַריזש איז פאָרגעקומען דער אַלוועלטלעכער ייִדישער קולטור־קאָנגרעס. און בא דער דײַטשישער מיזרעך־גרענעץ האָט זיך שוין אין געהיים געגרייט דער ערשטער נאַציסטישער רויב־מאַרש, וואָס וועט אין א פּאָר יאָר אַרום מיט מערדערלעכער קראַפט זיך וואַרפן אָפּן מענטשלעכן לעבן און פאַרפלייצן מיט טויט און פאַרוויסטונג קימאַט דעם גאַנצן אייראָפּעיִשן קאָנטינענט.

עסטרײַך האָט באַדאַרפט ווערן דער ערשטער קאָרבן.

נאָר ווין, די שטאָלצע קרוינשטאָט, מיט איר פּרעכטיקע פּאַלאַצן, קונציק געראָנצלטע קאָלאָנאַדן און טורעמס, מיט איר גאַנצער פאַנטאַסטישער מיטלאַלטערלעכער גאָטיק, האָט דערווײַל נאָך געלעבט איר געמיטלעכער אויסגעמאָסטן לעבן.

אין אַלטן קאַפע „צענטראַל" האָט ווי שטענדיק זיך באַגעגנט יעדן אָוונט דאָס זעלבע הײפעלע יידישע שרײַבער און קינסטלער, געקומענע פון די ווינער יידישע קוואַרטאַלן מיט זייערע טרוימען, ניגונים און פאַרבן.

איך האָב אויך געבראַכט אַהין מײַן יונגן כּאַלעם.

אין איינעם אַן אָוונט, טייקעף באַם אַריבערטרעטן די שוועל, האָב איך אין דער קלײנער איידע באַמערקט אַ נײַעם באַזוכער אין באַגלייטונג פון אַ יונגער שוואַרצכיינעוודיקער פרוי. צו מיר זײַנען דערגאַנגען איינצלנע, אָפּגעריבענע ווערטער — פון אַ לעבהאַפטן געשפּרעך:

— פאַלקס־פראָנט... שפּאַניע...

אַף דעם פּירענעיִשן האַלב־אינדזל איז אָנגעגאַנגען דער פאַרביטערטער קאַמף צווישן ליכט און פינצטערניש. און אַף אַלע געמיטער האָט געדריקט דאָס צעפּײַניקטע, מיט בלוט פאַרגאָסענע שפּאַניע.

איך האָב זיך דערנעענטערט, און מײַן געהער האָט אויפגעכאַפּט אַ גאַנצן קנויל פון ווערטער:

— דער קאַמף מיטן פאַשיזם איז דער קאַמף פאַר אונדזער קיום... די יידישע קולטור לעבט איצט איבער אַ שווערע צײַט... דעריבער איז פון העכסטער וויכטיקייט, אַז אַלע שעפערישע קויכעס זאָלן זיך אָנשליסן אין אָט דעם קאַמף...

ווער איז ער, דער, וואָס רעדט?

מיר איז אויפגעפאַלן זײַן עטוואָס לענגלעכן פּנים. די דינע, אין דער ברייט פאַרצויגענע אויגן־שפּעלטלעך, גלײַך די אויגן וואָלטן זיך באַהאַלטן אונטער האַלב־פאַרמאַכטע, פאַרזשמורעטע וויִעס. די ברעמען זײַנע האָבן פּילבאַר זיך צונויפגערוקט, און דער אומגעווײנלעכער „בליק" האָט צוגעגעבן דעם פּנים עפּעס אַ באַזונדערס מילדן אויסדרוק.

איך האָב זיך שטיל צוגעזעצט.

אין דער רעגע איז ער אַנשוויגן געוואָרן. זײַנע בלינדע אויגן האָבן געגלאַנצט פּינטלען, ווי ער וואָלט זיך צו עפּעס צוגעהערט, און אַף זײַן פּנים איז אין גיכע שאָטנס אַדורך אַ קענטיקע אופרעגונג.

קאָן זײַן, אַז ניט נאָר מיר, נאָר אַלע, וואָס האָבן געקוקט אַף אים אין דער רעגע, ווען ער איז געבליבן זיצן אַ בלײַכער, אַן אופגערעגטער, האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן דאָס איינאַרטיקע פּנים, אַף וועלכן ס'האָט אַזוי שאַרף זיך אָפּגעשפּיגלט יעדע באַוועגונג פון דער נעשאָמע...

עמעצער האָט אויסגערופן:

— כּאַוער שאַך־אַניז, באַקענט אײַך מיט אַ יונגן שרײַבער פון טשערנאָוויץ...

אוואַדע איז דער נאָמען שאַך־אַניז מיר געווען באַקאַנט פון זײַנע פּילצאָליקע אָפּהאַנדלונגען אין דער יידישער פּרעסע וועגן אונדזערע קלאַסיקער. איך האָב אויך געוווּסט, אַז ער איז פון די יעכידיי־סגולע, וואָס האָבן געזען און געהערט לעניננען. אויך זײַן פאָטאָגראַפיע איז מיר געווען אַ ביסל באַקאַנט. נאָר ער האָט אין לעבן אויסגעזען אַנדערש. עפּשער דערפאַר, וואָס דער אָביעקטיוו איז פאַרט ניט דאָס מענטשלעכע אויג.

דאָס איינציקע, וואָס כ'האָב ניט געוווּסט, — אַז ער לעבט אין אַ וועלט פון אייביקער בלינד־קײַט.

שאַך־אַניז...

ס'האָט נאָך זײַן נאָמען געפּלאַטערט אַף די שפּאַלטן פון דער פּרעסע, וואָס האָט דערציילט וועגן זײַן אַרויסטרעטונג אַפן פּאַריזשער קולטור־קאָנגרעס, צו וועלכן ער איז געווען דעלעגירט פון ריגע, איצט, אומקערנדיק זיך אַהיים, האָט ער אַף אַ פּאָר מעסלעס זיך אָפּגעשטעלט אין ווין.

ער האָט אויסגעשטרעקט צו מיר זײַן האַנט, אָבער ניט קעגן מײַנער, וועלכע איך האָב אים דערלאַנגט אַף אָפּגעבן שאָלעם, נאָר מיט אַ מאָדנע קויער פון פּינקטלעכער אָריענטאַציע זי פאַרקערע־וועט צו מײַן פּנים. און אין איין אויגנבליק האָב איך דערפילט אַף מײַן הויט די איידעלע וואַרעמ־קײַט פון זײַנע פינגער, וואָס האָבן מיט אַ זעלטענער צאַרטקײַט אַרומגעפינגערט איבער מײַנע באַקן, מײַן שטערן, ווי ער וואָלט וועלן זיך איבערצײַגן, צי יענער, וואָס האָט מיך פאַרגעשטעלט, האָט ניט גענאַרט. און מיט אַ בלײַכן שמייכל האָט ער זיך געווענדט צו זײַן פרוי:

— זע, פאַניע, טאַקע אַ יונגער...

זי האָט אים געענטפערט מיט אַ שטראַלנדיקן בליק. און ס'איז געווען אַזוי, ווי אין דער מינוט וואָלט ער זעעוודיק געוואָרן מיט איר זעעוודיקײַט.

אַלץ איז געקומען אַזוי אומדערוואַרט און אַזוי אומבאַגרײַפלעך, אַז אַלע מײַנע עטלעכע און צוואַנציק יאָר האָבן אופגעבליצט און זיך צעפּלאַמט אַף מײַן פּנים. איך האָב דערפילט, ווי עס צעגיסט זיך איבער אים אַ גלײַכע רויטקײַט. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז שאַך־אַניז האָט מיט זײַנע

פינגער „געזונט", וואָס פאַר א געדאַנקען טומלען זיך הינטער מײַן שטערן. און א הייסער שטראָם פון נאָענטקייט און אָפּשײַ האָט זיך א הייב געטאָן אין מיר.

— יאָ, טשערנאָוויץ איז א באַוווסטע שטאָט, — האָבן ווידער געפינטלט זײַנע אויגן. — ניט נאָר מיט דער ייִדישער שפּראַך־קאָנפערענץ, די פאַרגעגנגערן פונעם איצטיקן קולטור־קאָנגרעס, נאָר אויך מיט דער הײַנטיקער קולטור און ליטעראַטור...

ער האָט א פיר געטאָן מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט אין דער אייביקער פינצ־טערניש זײַנער, און פײַערלעך צוגעגעבן:

— ווער קאָן ניט אײַער שטיינבאַרג, אײַער מאַנגער...

זײַנע רייד האָבן שטראָמיק זיך געגאָסן. אַלע מוסקולן פון זײַן פּאָנעם זײַנען געקומען אין באַוועגונג, געאָטעמט מיט אן אינערלעכער קראַפט. און ער האָט אף א יונג, קלינגעוודיק קאָל גענומען רעציטירן:

> הײַ, גענוג דאָרט אין דער פינצטער
> אפן פּוילן שטרויִ צו כראָפּען.
> רוסלאַנד פיבערט אויס א פּרילינג,
> קומט אַרויס דעם פּרילינג הערן!
> עמעס, ס׳פּאַלן געלע בלעטער,
> אָבער ס׳בליִען רויטע שטערן...

און אויסגעזען האָט עס, ווי ער וואָלט מיט די מאַנגערישע שורעס געוואָלט דערמאָנען, אַז מיר האַלטן ערעוו דעם צוואַנציקסטן יאָרטאָג פון דעם גרויסן אָקטיאַבער, צו וועלכן ער האָט געהאַט א דירעקטע שײַכעס...

דעם איבעריקן רעשט טאָג האָב איך שוין פאַרבראַכט בא רויטע מאַריאַש — שאַק־אַנינס טאָכ־טער. א גאָר גאַסטפרײַנטלעכע פרוי, וואָס האָט געיאַרשנט פון אירע עלטערן אַלע גוטע מידעס.

איך האָב זיך גענומען ארומקוקן, אײַנאָטעמען אין זיך די לופט פון דער דירע, און מיטן אָטעם געוואָלט אַרײַנדרינגען אין אַלע ווינקעלעך פון דער שטוב, ווו עס האָט אָפּגעלעבט זײַן שיין לעבן שאַק־אַנין.

יעדע זאַך האָט מיך איבעראַשט, ווי איך וואָלט געקומען פון אן אַנדער וועלט. די אויגן האָבן קיין שום קעגנשטאַנד ניט געקאָנט אַרומנעמען מיט איין מאָל. ניט די שאַפעס מיט ביכער, ניט די קאַרטאָטעק און דאָקומענטן, וועלכע עס האָט מיט גרויס געטרײַשאַפט אופגעזאַמלט רויטע מאַריאַש. אף דער וואַנט איז געהאַנגען שאַק־אַנינס פּאָרטרעט. דאָס איז געווען א בילד פון די גאָר לעצטע יאָרן, ווו עס איז שוין גאָרניט פאַרבליבן פון יענעם מענטשן, מיט וועלכן איך האָב זיך געטראָפן מיט יאָרן־יאָרן צוריק. פונעם בילד האָט אַראָפּגעקוקט אן אַלטער גוטמוטיקער זיידע מיט קנייטשן, ווי נעסטן אף אן אַלטן בוים, וואָס האָט איבערגעטראָגן א סאַך שטורעמס...

איך האָב זיך ווידער דערמאָנט שאַק־אַנינס אַנריר אף מײַן פּאָנעם.

וויפל האָט ער געדויערט? מיסטאָמע ניט מער ווי אן אויגנבליק. און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, ווי איך פיל אפּסנײַ די גוטהאַרציקע וואַרעמקײַט פון זײַנע פינגער, און א צאַרט געפיל פון אָט דעם אויגנבליק האָט צעוועקט מײַן זיקאָרן.

איך האָב געקלערט, אַז איצט, אין פופציק יאָר אַרום און ערעוו דעם זיבעציקסטן יאָרטאָג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע, איז עפשער טאַקע קעדײַ צו דערציילן וועגן יענער אויסטערלישער באַגעגעניש אין ווין ניט נאָר מיט שאַק־אַנינס טאָכטער אַליין...

## לייענענדיק דײַן בריוו...

ליבער פרײַנט!

האָב ניט קיין פאַריבל, וואָס כ׳האָב טייקעף ניט געענטפערט אף דײַן בריוו. איך בין א לאַנגע צײַט ניט געווען אינדערהיים, אַרומגעפאָרן איבער די בײַבאַלטישע רעפובליקן, און דײַן בריוו איז געלעגן א ניט־געעפנטער. קאָן זײַן, אַז דו האָסט איצט שוין אפילע פאַרגעסן אין אים. עפשער אויך שוין פאַרגעסן אין אונדזער באַגעגעניש אף דער שאָלעם־אַליכעם־גאַס אין ביראָבידזשאַן.

איך האָב דיך דעמלט, א ווילד פרעמדן, אָפּגעשטעלט אין סאַמע מיט פון שטאָטישן געװּל, און זיך בא דיר נאָך עפּעס נאָכגעפרעגט. דו האָסט באַלד דערקענט, אַז איך בין ניט קיין היגער, מיר געשענקט א שמייכל, א גוט וואָרט, א וואַרעמען האַנטדרוק און גרייט געווען דערציילן וואָס מער וועגן דער געגנט. דערציילן מיט יענער פאַרליבטקײַט, וואָס איז אייגנטימלעך פאַר מענטשן אײַנגעזעסענע.

נאָר ווען דו האָסט דערהערט, פֿונוואַנען איך קום, האָט דײַן פּנים אויפֿגעלויכטן, די שאַרף־געצייכנטע זקיינישע קנייטשן האָבן זיך עפּעס ווי אויסגעגלײַכט, דו האָסט אויף מיר א קוק געטאָן מיט א גיכן פֿאַרשערישן בליק, און אין דײַנע פֿרישע, יונגע אויגן האָט זיך צעשפּילט א שאָטן פֿון אומרו.

איך האָב זיך דערוווּסט, אַז דו שטאַמסט אויך פֿון יענע ווײַטע מײַרעוודיקע קאַנטן, אַז געקומען ביסטו אַהער, ווען דאָ איז נאָך קימאַט גאָרניט געווען, כּוץ נאַסע אָנגעכמורעטע טעג. דו האָסט מיט דײַן יונגן ברען געהאָלפֿן קאָרטשעווען וועלדער, צעאַקערן רויערד און לאַנג ניט געקאָנט באַנע־מען, פֿון וואָס עס וויינט אַזוי די טײַגע — פֿון קאַלטע האַרבסטיקע רעגנס צי פֿון פֿויערישן געזאַלצע־נעם שווייס.

— איך בין דעמלט אַלט געווען אַכצן יאָר, — האָסטו לאַנג און גענוי מיר דערציילט, — אין דעם דאָזיקן עלטער איז לײַכט צו שאַפֿן זיך א נײַע היים. עס איז גענוג צו האָבן אָפֿענע אויגן און אָפֿענע אויערן, עס איז גענוג אַרומצוגיין אין דער געדיכטעניש פֿון לעבן און שטאַרק פֿילן דאָס דאָזיקע לעבן. נאָר אין האַרץ האָט געפֿלאַטערט א לײַכטער אומרו, ווי געוויינלעך, ווען א מענטש קומט אָן אויף א נײַ אָרט, ווען ער ווייסט ניט, ווער און וואָס עס דערוואַרט אים, וואָס פֿאַר סיורפּריזן דער גורל האָט פֿאַר אים צוגעגרייט. איך האָב אָבער דעמלט געהאַט כּושים שאַרפֿע און גיריקע און געזען האָב איך אין אַלעמען אַזויפֿיל שיינקײַט, אַז עס האָט געסטײַעט אויף אַרומצונעמען מיט ליבשאַפֿט די גאַנצע וועלט... און געווען איז עס, דאָס דאָזיקע געפֿיל, פּאַשעט, ווי דאָס קלאַפּן פֿון האַרץ, אײַנפֿאַך, ווי דער אָטעם פֿון ווינט, און באַשיידן, ווי דאָס טעגלעכע ברויט...

לאַנג האָבן מיר מיט צוריקגעהאַלטענע טריט געשפּרײַזט מיט דיר איבער דער שיינער, ברייטער שאָלעם־אַליכעם־גאַס. אָט זײַנען מיר געגאַנגען צום וואָקזאַל, און אָט זיך אָפּגעשטעלט באַם ברעג פֿון דער בירע.

איבער דער גאַס האָט זיך געטראָגן דער שטאָטישער טומל, און צוקאָפּנס פֿון דער בירע האָבן די אומרויִקע, לײַכט־פֿאַרכמורעטע סאָפּקעס, אײַנגעהילטע אין א דין, זיך־וויגנדיק רויכל, שטופּנווײַז זיך געהויבן צו די וואָלקנס און צו די הימלען, די דאָזיקע אוראַלטע ווײַטמיזרעכדיקע באַרג־קייטן.

דו האָסט געהאַלטן אין איין דערציילן, און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז בּיראָבּידזשאַן איז פֿאַר דיר א מין געזאַנג — א ניגון, וועלכן דו אַליין האָסט געשאַפֿן... מיר קלינגט נאָך ביז איצט אין די אויערן דײַן שטים, א וויבּרירנדיקע פֿון אויפֿרעגונג.

— די צײַט איז געגאַנגען איר אייביקן גאַנג. א כוידעש נאָך א כוידעש, א יאָר נאָך א יאָר. איך האָב שוין געהאַט א באַשטענדיקן דאַך איבערן קאָפּ, געהאַט א יונג ווײַב מיט איידעלע שטריכן פֿון א זעלטענעם שמייכל. דאָס לעבן איז געפֿלאָסן האַסטיק און ריין, ווי די וואַסערן פֿון דער בירע, און באַשטראַלט געווען מיטן אָפּגלאַנץ פֿון א ליכטיקער צוקונפֿט. האָט מיטאַמאָל דער וויכער פֿון דער צעפֿלאַמטער וועלט־סרייפֿע זיך אַרײַנגעריסן אין אונדזער לעבן... דאָס האַרץ ווערט פֿאַרקלעמט פֿון ווייטיק, ווען דו דערמאָנסט זיך אין יענע טעג...

פֿרײַנט מײַנער, איך ווייס, דו האָסט דעמלט אַלץ איבערגעלאָזט און פֿרײַוויליק אַוועק פֿאַרטיידיקן דײַן היים. אַלע היימען אונדזערע! האָסט דורכגעמאַכט א לאַנגן בלוטיקן וועג. דער ווינט פֿון ניצאָכן האָט דיך דעריאָגט באַם באַפֿרײַען פּראָג. און דו האָסט פֿון דער מילכאָמע זיך אומגעקערט א העלד. עמעס, מיט שראַמען אויפֿן לײַב און שראַמען אויף דער נעשאָמע...

לייען איך איצט דײַן בריוו, ווי א פֿאַרזעצונג פֿון אַן איבערגעריסענעם שמועס, וועלכן מיר האָבן ניט פֿאַרענדיקט. דו שרײַבסט:

„נאָך הײַנט כאַלעמען זיך מיר בלוטיקע שלאַכטן. נאָך הײַנט שטאַרבן פֿון זייערע וווּנדן גע־וועזענע סאָלדאַטן. נאָך הײַנט וואַרט מען אין א סאַך שטיבער אויף טאַטעס און זין, וואָס וועלן זיך קיינמאָל מער ניט אומקערן... צומאָל ווילט זיך מיר אויף שטענדיק פֿאַרגעסן יענע צײַט, ס'זאָל קיין שפּור פֿון איר ניט בלײַבן. נאָר איך קאָן זי ניט אויסמעקן. וווּהין איך זאָל זיך ניט קערן און ווענדן, איז זי שטענדיק מיט מיר.

אַזוי שוין איבער פֿערציק יאָר!"

ווײַטער שרײַבסטו אין דײַן בריוו, אַז אויף מײַנע שרײַבערישע וואַנדער־וועגן האָב איך אַוודע ניט ווינציק דענקמעלער געזען. דענקמעלער, וואָס פֿאַרייביקן אונדזער זיג איבער דער פֿאַשיסטישער כײַע. פֿאַראַן אָבער דענקמעלער, שרײַבסטו, צו וועלכע עס האָט זיך ניט צוגערירט קיין האַנט פֿון א קינסטלער, פֿון אַן אַרכיטעקטאָר אָדער סקולפּטאָר. דאָס זײַנען דענקמעלער פֿונעם וואָרט „געדענקען".

געדענקען מיר טאַקע, וואָס מיר זײַנען מעכויעוו צו געדענקען. ווײַל זיכּאָרן — דאָס איז ניט נאָר אומקערן זיך צום אָוואַר, דאָס איז אונדזער הײַנט, וואָס קוקט דעם נעכטן אין די אויגן. און אונדז איז טײַער דאָס, פֿאַר וואָס מיר האָבן טײַער באַצאָלט. פֿאַרשטייט זיך, אַז דעם גרויסן פֿאַרלוסט, וואָס מיר האָבן געהאַט, קאָן מען מיט גאָרנישט ניט דעקן. ס'וועט פֿאַרגיין א צײַט, א סאַך וועט זיך ענדערן אין דער וועלט, נאָר אומפֿאַרענדערט און אייביק וועט בלײַבן די גווורע פֿון אונדזער פֿאָלק.

אַף צוריקוועגס פון דער מילכאָמע האָסטו זיך פאַרהאַלטן אין דײַן אַלטער געוועזענער היים. קיין היים איז שוין ניט געווען. פאַרסאַרפּעטע רעשטלעך האָבן זיך געהוידעט אַפן ווינט. ס'האָבן זיך געוואַלגערט אָפּגעבראָכענע צעבראָכענע וויגעלעך און שפּילכלעך פון קינדער. און אַרום דעם כורבן איז נאָך אַלץ געהאַנגען דער גערוך פון אַ טלִיענדיקער סרייפע. דו ביסט אַרומגעגאַנגען צווישן די פאַרקוילטע כורוועס, צווישן גאַנצע בערג פון צעשטערונג. אַרום איז אַלץ געווען שוואַרץ, ליידיק און אומבאַוועגלעך. דאָס בלוט האָט געקאָכט אין דײַנע אָדערן, און דער מויעך האָט אופגעלעבט פאַרגעסענע שורעס:

איך בין געקומען אַ צעבראָכענער צום אָרט פון ווײ,
אין האַרץ אַ שניט, אין אויג אַ טרער,
ס'האָט פון מײַן ברוסט זיך ניט אַרויסגעריסן קיין געשריי,
נאָר אָטעמען געוואָרן איז מיר שווער...

אַף מײַרעוו האָט געברענט דער הימל מיט ברייטע פלאַמיקע שטרײַפן, און דיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די היים ברענט אַ צווייט מאָל פאַר דײַנע אויגן.

דו שרײַבסט אין דײַן בריוו, אַז יעדן פרילינג, ווען אַ בלענדיק קלאָרע ליכט באַגיסט די דופּטיקע גרינע ערד, פאַרכאַפּט דיך אַ הייסער, פיבערהאַפטער ציטער און אין זיקאָרן וואַכט אוף יענע אומפאַרגעסלעכע צײַט. און נאָך שרײַבסטו אין דײַן בריוו:

„מיר האָבן אופגעשטעלט נײַע שטעט, נײַע דערפער. בויען נײַע באַן-וועגן און נײַע זאַוואָדן. מענטשן כאַלעמען איצט פון קאָסמאָס, גאַלאַקטיק, פון ווײַטע, ניט אַנטדעקטע וועלטן. אַף די שטערן איז איצט שטיל... נאָר וואַלקנס דראָען דער וועלט... צי וועלן מיר באַווײַזן זיי צו פאַרטרײַבן?” געוויס וועלן מיר עס באַווײַזן. מיר רופן צו דער וועלט, אַז דאָס לעבן געהערט דעם מענטשן. אים געהערט דער הימל און די ערד, און דאָס ברויט, און די צערטלעכקײַט פון פרויען, און די פּאָעזיע פון שאַפן, און קיינער טאָר ניט פאַרשטעלן דעם הימל מיט שוואַרצע וואָלקנס...

איך דערמאָן זיך דעם טאָג פון אונדזער באַגעגעניש. ס'איז געווען אַ יונגער פרילינג-טאָג. די זון האָט מיט פריידיקער פאַרביקײַט אַרומגעוואַשן די ערד, און אין שפּיל פון ליכט און שאָטן האָט דאָס אַרומיקע לעבן געשפּרודלט מיט גליק און מיט האָפענונג... מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט בײַ אַ לאַריאָק, ווו מע האָט פאַרקויפט קוואַס. אין די גלעזער האָבן אופגעשפּילט בלייכע גאָלדיקע שטראָמען.

דו האָסט זיך באַרימט מיט דײַנע אייניקלעך. ניט געקענט זיך אָנדערציילן וועגן זייערע כאַריפעסן. איצט שרײַבסטו:

„וואַקסן, רײַפן קינדער און אייניקלעך, איבערכאַזערנדיק מיט אַ זשעסט, מיט אַ בליק די געוווינהײַטן פון זייערע טאַטעס און זיידעס”. און איך טראַכט אַף אַ קאָל:

— זאָלן אָט די וואַקסנדיקע און רײַפנדיקע זײַן ענלעך אין זייערע האַנדלונגען און כאַראַקטער אַף די טאַטעס זייערע. זאָל בײַ זיי אָבער זײַן אַן אַנדערן לעבן — אַ פריִדלעכס, און אַן אַנדער גורל — אַ מער גליקלעכער...

אין מײַן פענצטער קוקט אַרײַן אַ ווײַטע נאַכט, אַן אויסגעשטערנטע. בײַ דיר אין בירָאָבידזשאַן גייען איצט אוף די ערשטע זון-שטראַלן. אַ גוט-מאָרגן דיר, מײַן ליבער פרײַנט! אַ דאַנק פאַר דײַן בריוו. איך ווינטש דיר אַ לאַנגע און גליקלעכע עלטער.

■

# צווילינגען

ווען איך זאָל וועלן באַשרײַבן אַלע זיבעציק־יאָריקע, וואָס זײַנען איין עלטער מיט דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, וואָלט מיר אַף געוויס ניט געקלעקט קיין פּאַפּיר. און עפּשער אויך קיין קוי־כעס. די געשטאַלטן, וואָס איך וועל דאָ וועגן זיי דערציילן, זײַנען לעבעדיקע אײדעס פון דער רײַ־כער וועלט, וואָס דער גרויסער אָקטיאַבער האָט פאַר זיי צעעפנט.

די צוויי ייִדישע מישפּאָכעס, וועגן וועלכע איך וויל דאָ דערציילן, זײַנען פון יענע, וועלכע זײַנען פאַרפאָרן קיין מאַלאַכאָווקע פון די פאַרקאַפּצנטע ייִדישע שטעטלעך.

דאָס איז געווען אין די יאָרן נאָך דער אָקטיאַ־בער־רעוואָליוציע. לויט א באַשטימונג פון דער ראַטנמאַכט האָט זיך אין מאַלאַכאָווקע געשאַפן א קינדערהיים פאַר ייִדישע יעסוימים. און פאַר זיי איז אויך געשאַפן געוואָרן א ייִדישע שול. צווישן די לערער איז דאָ א געוויסע צײַט געווען דער באַרימטער קינסטלער מאַרק שאַגאַל.

איז אַט, דער ייִדישער קינדערהיים איז געווען דער אָנהייב פון דעם פּראָצעס, וואָס ייִדישע מיש־פּאָכעס האָבן זיך איבערגעקליבן קיין מאַלאַכאָווקע. צווישן זיי האָבן זיך אָפּגעזוכט אייגענע פון די יעסוימים און אויך פרײַנט.

אויך בערל רויזמאַן איז געווען צווישן די יעסוימים, וועלכע מע האָט פאַרפירט קיין מאַלאַ־כאָווקע, ווען ער איז געווען א ייִנגעלע פון אכט יאָר. זײַן טאַטע איז אומגעקומען אין דעם בירגער־קריג. הײַאָר ווערט אים זיבעציק יאָר. ער איז פון די צווילינגען, וואָס זײַנען געבוירן געוואָרן אין דעם יאָר פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, ער וווינט איצט אין מאַלאַכאָווקע אַף דער סווערדלאָוו־גאַס, ווי ער, בערל רויזמאַן, זאָגט:

— די סווערדלאָוו־גאַס דערמאָנט מיר די רע־וואָליוציע, וועלכע האָט מיך געמאַכט פאַר א לײַט.

בערל רויזמאַנס פרוי, זעלדע, איז אויך פון די יעסוימים, וועלכע האָבן זיך דערצויגן אינעם ייִדישן קינדערהיים. א מוטער פון דרײַ קינדער, צוויי זין און איין טאָכטער. ווען איך בין געקומען פאַראיאָרן זומער צו בערל רויזמאַנען, האָט ער מיך גלײַך געוואָרנט, אַז איך זאָל, כאָלילע, ניט זאָגן זײַן זעלדען, אַז איך וויל באַשרײַבן די צווי־לינגען. זי וויל ניט, מע זאָל וועגן איר שרײַבן, ווײַל מע קאָן נאָך איבערלויבן. דערצו נאָך קאָן מען אויסגעבן איר עלטער.

— איך, אַשטייגער, — זאָגט בערל, — שטאָלציר מיט מײַנע זיבעציק. נאָר מײַן פרוי, ווען איר אַליין באַמערקן, איז אַרײַנגעקראָכן אין דער איצטיקער ציוויליזאַציע. דוכי פון פּאַריזש, שיך פון איטאַליע... אַמאָל טו איך א שפּאַס. מיר געפעלט ניט, זאָג איך איר, וואָס זי טראָגט פרעמ־דע האָר אפן קאָפּ — א פּאַריקל. ווען בא א מענטשן איז אין קאָפּ פאַראַן אײגענער סייכל, דאַרף מען ניט אפן קאָפּ קיין פרעמדע האָר.

— יאָ, — זאָג איך, — איך האָב אײַער זעל־דען געהערט אַרויסטרעטן בא אונדז אין דאָרפראַט. זי האָט גערעדט אָן א פּאַפּירל, און אַלץ צו דער זאַך.

— וואָס רעדט איר, — זאָגט בערל, — מײַן זעלדע איז דאָך א גאָסודאַרסטווענע מענטש. א קלייניקײַט, אויב... מענטשן רעדן וועגן מאַכן א פּערעסטראָיקע אַף די זאַוואָדן, קלערט שוין מײַן ווּעלדע איבערסטראָיען גאַנץ מאַלאַכאָווקע. זי איז דאָך אין דער קאָמיסיע, זי פאַרמאָגט, ווי מע פלעגט אַמאָל זאָגן, א פוס אין טשאָלנט. זי האָט א בענקל אין פּרעזידיום, אָן אָרט אין פּאַרטקאָם, צוויי קאַבינעטן האָט זי אַף אופנעמען מענטשן: אײנעם אין דאָרפראַט, דעם צווייטן דאָ אין שטוב. אַכוץ דעם, וואָס מע הערט ניט אוף צו קלינגען — אָדער אין טעלעפאָן, אָדער אין גלעקל פון דער שטוב, קומט מען צו איר מיט פולע קעשענעס טײַנעס, טערוצים, ווי מע זאָגט, מיקאָל האַמינים. נעמט, אַשטייגער, אַזא זאַך. אײנער א ייִד, איר קענט אים מינאַסטאַם, זאַלמען ראַזשבע, איז געקור־מען מיט א גאַנצן פּראָיעקט צו איר. אַף דער סווערדלאָוו־גאַס, ווו איך וווין, איז פאַראַן א דאַטשע. זאָגט ער, אַז אין 1915 יאָר האָט דאָרט געוווינט א ייִדישער דאָקטער פון דעם מאָסקווער שפּיטאָל, ווו עס איז געלעגן מיט א וווּנד דער ייִדישער דיכטער אָשער שוואַרצמאַן. דער דאָקטער האָט

טאקע געהיילט די ווונד בא אָשער שווארצמאנען. וויל זאלמען ראזשבע, אז אף דער דאטשע זאָל מען מיט א געדענק־טאָוול אָפּמערקן די דאָזיקע זאך. און נאָך האָט ער טײַנעס, פארוואָס ווייסט מען ניט, אז אין מאלאכאָווקע האָט אמאָל שאליאפּין געזונגען. אָט, לעמאָשל, האָט מען זיך דערוווּסט, אז אייניקע פון פּושקינס קרויווים האָבן אין מאלאכאָווקע אויסגעבויט א שול. אזא מײַסע. האָט מען וועגן דעם אין דער צײַטונג „איזוועסטיא" געשריבן. וואָס זאָגט איר אף דעם? מײַנע קינדער האָבן זיך דאָך געלערנט אין דער שול, וואָס האָט א שײַכעס צום פּאָעט אלעקסאנדער סערגייעוויטש פּושקין!

— איך ווייס, — זאָג איך, — איך האָב וועגן אָט דער שול אויך געלייענט אין דער צײַטונג. און וועגן דעם דאָקטער וועל איך מיט זאלמען ראזשבע זיך דורכשמועסן. איך וויל, איר זאָלט מיר עפּעס־וואָס וועגן זיך דערציילן.

— וועגן זיך? — טוט בערל א טיפן זיפץ. — איר זײַט געקומען צו מיר, רווזן, ניט אין קיין גרינגער צײַט. איך קלער איצט וועגן דעם גורל פון מײַן ברויט־זאוואָד. ווי אײַך איז באוווּסט, איז די פּערעסטראָיקע איצט אויך צו אים דערגאנגען. מענטשן פֿאָדערן, אז דאָס ברויט זאָל ווערן נאָך געשמאקער.

— מיט די כאלעס, וואָס מע באקט אף אײַער זאוואָד, קוויקט מען זיך אין מאלאכאָווקע אין יעדער שטוב, — זאָג איך אים.

— מײַנע כאלעס? איך ארבעט דאָך ניט איינער, קיין אײַנהאָרע, עטלעכע הונדערט ארבעטער. עס וואָלט ניט געשאט זיך ארײַנכאַפּן צו אונדז אפן זאוואָד, א קוק טאָן מיט די אייגענע אויגן.

— איך ווייס, אז די כאלעס ווערן אויסגעבאקט לויט אײַער טעכנאָלאָגיע. געשמאקע כאלעס, — זאָג איך.

— יאָ, — ענטפערט ער, — ביפראט ווען מע טונקט זיי אײַן אין דער יויך פון געפילטע פיש. מאלאכאָווקער ייִדן זעצן זיך ניט צו דעם טיש, ווען לעבן די כאלעס טראָגן זיך ניט די רייכעס פון געפילטע פיש. נעמט מיך אליין, בא מיר איז א כאלע אָן פיש ווי א געשמאקער קוש, וואָס מע גיט נאָר אין כאָלעם.

אך, — זאָג איך, — ווי די צײַטן בײַטן זיך! איך געדענקט דאָך, אפּאָנעם, פּערעצעס באָנציע־שווײַג, וועלכער האָט נאָר געקלערט צו האלטן א פּיסנע כאלע אין די הענט.

— באָנציע־שווײַג, זאָגט איר, און איך ווייס אויך די ווערדע פון פּיסנע ברויט, — האָט בערל רויזמאַן זיך פארקלערט און אָנגעהויבן דערציילן. — אין דער צײַט פון דער מילכאָמע מיט די פאשיסטן בין איך געווען א שאָפער אפן לענינגראדער פראָנט. אונטערן פײַער האָב איך דורכן אײַנציקן וועג איבער דער לאדאָגער אָזערע געפירט ברויט פאר די לענינגראדער הונגעריקע מענטשן אין דער בלאָקאדע. און אף צוריק פון לענינגראד האָב איך ארויסגעפירט קינדער און קראנקע פרויען, געראטעוועט פון טויט...

איך האָב שוין, דאכט זיך, וועגן דעם געוווּסט, ווײַל מיט רויזמאנען האָב איך זיך שוין ניט איין מאָל באגעגנט.

— אויב מאכן א פארגלײַך, — זאָגט רויזמאַן, — בין איך איצט אויך א סאָלדאט פון דעם פראָנט, נאָר פון אן אנדערן — פונעם פראָנט אף איבערבויען מײַן ברויט־זאוואָד. כאָטש די מעלוכישע אופנאם־קאָמיסיע האָט זיך נאָך צו אונדז ניט דערקליבן, פארשטייט איך אליין, אז מײַן טעכנאָלאָגיע אף אויסבאקן נײַע אסאָרטימענטן געבעקס, וואָס די קוינים פֿאָדערן, איז איצט פארן ברויט־זאוואָד א שווערער איניען. איר פארשטייט, מיר איז איצט, ווי איר ווייסט, זיבעציק. איך האָב שוין די רעכט צו גיין אף פּענסיע, נאָר ווי קאָן איך איצט טאָן אזא טרייפע זאך? דער זאוואָד האָט זיך געבויט פאר מײַנע אויגן. ער איז פאר מיר די צווייטע היים. דאָרטן ארבעטן שוין א סאך מײַנע דערצויגלינגען. אויב מײַנע יאָרן וועלן מיר ניט א קנייטש טאָן, קלער איך נאָך וועגן נײַער טעכנאָלאָגיע אף אויסבאקן נײַע מינים געבעקס, אפילע ייִדישע קיכעלעך. אָט, ווי איר זעט, בין איך ניט פאר אײַך קיין באָנציע־שווײַג. איך רעד א סאך, ווי מע זאָגט איצט, אָבער מיט נאקעטע רייד וועסטו גאָרניט אופטאָן. די פּערעסטראָיקע פֿאָדערט טאכלעס. ס'איז געקומען די צײַט, ווען דו וועסט ניט אָפּקומען מיט אבי־וואָס. ווען מע וואָלט צוריק מיט א צען יאָר זיך א נעם געטאָן פאר דער פּערעסטראָיקע, וואָלטן מיר צו די זיבעציק יאָר פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע אויסגעזען א ביסל שענער.

איך האָב פארשטאנען, אז מײַן מיטשפּרעכער איז שוין מיד געוואָרן, ווײַל גערעדט האָט ער מיט אזא פּאטאָס, ווי ער וואָלט זיך אויסגעטײַנעט ניט בלויז פאר מיר איינעם. נאָר פונקט ווי ער וואָלט געוואָלט, אז די גאנצע וועלט זאָל אים הערן.

פּלוצעם האָט ער זיך א כאַפּ געטאָן:

— אָ־האָ, זעט נאָר, דער רעגן האָט שוין אופגעהערט. קומט ארויס אין מײַן גאָרטן.

מיר זײַנען ארויסגעגאנגען, ווען די זון האָט שוין ווידער צעזיפּט אירע שטראלן. אין דעם פּילפּארביקן סאָד האָבן די פּרוכטביימער שוין אויסגעזען אָנגעזעטיקטע מיט רעגן. ס'האָבן זיך אָנגעבלאָזן רויטע ווײַמפּערלעך, בישכיינעס מיט אגרעסן. איך האָב טיף א שלונג געטאָן דעם פרישן רייעך פון רויזן־בלומען.

— אָט, איר זעט, — האָט רויזמאַן מיר אָנגעוויזן אף אן עפּלבוים. — דאָס האָב איך אים פארפלאנצט צוריק מיט פינף און צוואנציק יאָר, ווען מײַן דריט קינד איז געבוירן געוואָרן, מײַן זון נויעך. ער איז אין איין עלטער מיט אײַער

זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“, און אַזויווי איך מיט מײַן זעלדען האָבן גאָרניט געוווּסט וועגן אונדזערע עלטערן און זיידעס, האָבן מיר באַקלערט אָפּזוכן פֿאַר אונדזער זון אַ נאָמען פֿון די פֿאַרשטאָרבענע ייִדישע שרײַבער. איז אָט, האָבן מיר אויסגעקליבן דעם נאָמען פֿון נויעך לוריע. וועט איר מיך פֿרעגן, פֿאַרוואָס עפּעס נויעך לוריע? ווײַל ער איז געווען דער ערשטער ייִדישער שרײַבער, וואָס האָט באַזוכט אונדזער קינדערהיים. דאָס הייסט, ניט נאָר ער, — צו אונדז פֿלעגן קומען צוגאַסט פּערעץ מאַרקיש, שמועל ראָסין, יאשע זעלדין, בער אָרשאַנסקי און אַ סאַך אַקטיאָרן פֿונעם ייִדישן טעאַטער. איציק פֿעפֿער האָט אונדז געלייענט אַ ליד וועגן בירָאָבידזשאַן. איך געדענק נאָך די ליד אַף אויסוווייניק:

שלאָף, מײַן קינד, פֿאַרמאַך די אויגן,
טונקלער ווערן בערג.
ס'איז אַן אָדלער דורכגעפֿלויגן
זײַן זאָלסטו, ווי ער.

און ווי ער, זאָלסטו זיך הויבן,
זײַן מיט וואָלקנס גלײַך,
דורך די אָונטיקע שויבן
קוקט דער בירע־טײַך...

ווען רויזמאַן האָט פֿאַרענדיקט לייענען, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— איר ווייסט, מיט וואָס קאָן מען פֿאַרגלײַכן מאַלאַכאָווקע מיט בירָאָבידזשאַן? דערמיט, וואָס אַף דער בירָאָבידזשאַנער ערד און אַף מאַלאַכאָווקער ערד האָבן די פֿאַשיסטישע שטיוול ניט געטראָטן.

ווען רויזמאַן האָט מיך צוגעפֿירט צו אַ צווייטן עפּלבוים, צו דעם בוים, וואָס איז פֿאַרפֿלאַנצט געוואָרן אין דעם טאָג, וואָס עס איז געבוירן געוואָרן זײַן עלטערער זון זיאַמע, איז פּונקט אָנגעקומען זיאַמע. ער האָט זיך גלײַך מיט מיר באַגריסט:

— איך קען אײַך. איר זײַט אַמאָל געווען בײַ מיר אין צעך און זיך געקליבן באַשרײַבן אין „סאָוועטיש היימלאַנד“ אונדזער עקספּערימענטאַלן זאַוואָד. כּײַ וואָלט איר זיך איצט אַרײַנגעכאַפּט, וואָלט איר געזען, אַז אין אַ סאַך זאַכן, וואָס איר האָט אַזוי געלויבט, האָט די מעלוכע־קאָמיסיע געפֿונען היפּשע כעסרוינעס.

— איך האָב אַלץ געשריבן לויט אײַער אָפּשאַצונג, — האָב איך זיך פֿאַרענטפֿערט.

— עמעס, עמעס. די מעלוכישע אויפֿנאַם־קאָמיסיע האָט אונדז דערנאָך אויפֿגעעפֿנט די אויגן אַף אַ סאַך אונדזערע כעסרוינעס. אָט איצט כאַפּט זיך אַרײַן אין אונדזער זאַוואָד, וועט איר שוין גאָר עפּעס אַנדערש זען.

איך האָב אים צוגעזאָגט.

זיאַמע פֿרעגט באַם טאַטן:

— די מאַמע איז אין שטוב?

— זען דײַן מאַמע קאָנסטו נאָר אָפּדערנאַכט, צו וועטשערע וועסטו זי טרעפֿן.

— טאַטע, גיב איר איבער אַ קוש פֿון מיר, איך דאַרף טייקעף אַרויספֿליִען קיין קוזבאַס.

— וואָס? ס'האָט שוין ווידער עפּעס געטראָפֿן מיט אײַער קאָמבײַן?

— געטראָפֿן, טאַטע, געטראָפֿן. דער קאָלבן האָט מיך אונטערגעפֿירט...

— דער קאָלבן? ווידער אַ צאָרע.

— טאַטע, דער מאַמען אָבער זאָג גאָרניט, זאָג איר, אַז איך פֿאָר אויספּאָרשן אַ נײַעם פּלאַסט קוילן.

ער האָט זיך געזעגנט און אין אײַלעניש אַוועקגעלאָפֿן. דער טאַטע האָט נאָר באַוויזן דעם זון מיטגעבן אין וועג אַרײַן פֿרישע עפּל פֿון דעם בוים, וואָס ער האָט פֿאַרפֿלאַנצט, ווען זײַן זון זיאַמע איז געבוירן געוואָרן.

רויזמאַן האָט זיך צוגעזעצט אַף אַ באַנק אונטער דעם צעוואַקסענעם עפּלבוים און נאָך אַ שווײַגנדיקער מינוט אַ קוק געטאָן אַף מיר מיט זײַנע פֿאַרזאָרגטע אויגן.

— אָט זעט איר, רוּוֹן, קינדער זײַנען ניט קיין ביימער, וואָס ווערן אײַנגעפֿלאַנצט לעבן דער שטוב אַף שטענדיק. קינדער זײַנען ווי די פֿייגלען.

איך האָב אַ פֿרעג געטאָן:

— זאָגט מיר, בערל, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ קאָלבן, וואָס קימערט אַזוי אײַער זיאַמען?

— וויאַזוי אײַך דערקלערן? דער קאָלבן איז ווי דאָס האַרץ פֿון דעם קאָמבײַן. מע אַרבעט אים אויס אינעם צעך, וווּ זיאַמע איז דער שעף. און נאָך אַרבעט מען אויס אין זײַן צעך אײַזערנע קרעפֿן, וואָס פֿאַרבײַטן הילצערנע. מע שפּאַרט מיט זיי אונטער די סטעליעס פֿון די קוילן־שטרעקן, צו פֿאַרהיטן די שאַכטע פֿון אַן אָבוואַל, די פֿאָראָדע זאָל זיך ניט אַראָפּשיטן אַף די שאַכטיאָרן. אָט ווי איר זעט, איז מײַן זונס אַרבעט ניט ענלעך אַף מײַנער, איך באַק כאַלעס, און ער האָט צו טאָן מיט מעטאַלן...

אַף דער זעלבער סווערדלאָוו־גאַס לעבט די מישפּאָכע ראָזענקאָוויטש. זי, ראָכיל איזראַילעוונע, טראָגט אַף איר ברוסט ערן־צייכנס פֿאַר אָנטיילגענומען אין דער גרויסער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע. זי איז געווען אַ דאָקטער. פֿון די זיבעציק יאָר, וואָס זי לעבט אַף דער וועלט, אַרבעט זי פֿערציק יאָר אין מאַלאַכאָווקער פּאָליקליניק אַלס דאָקטער־קאַרדיאָלאָג. וויפֿל מענטשלעכע הערצער האָט זי אויסגעהערט פֿאַר אָט דער צײַט! וויפֿל מאָל האָט מען זי בײַנאַכט אויפֿגעוועקט, זי זאָל געבן גיכע הילף די קראַנקע!

ראָכיל ראָזענקאָוויטש איז אויך פֿון די מישפּאָכעס, וואָס האָבן זיך באַזעצט אַף דער מאַזל־

דיקער ערד אין מאַלאַכאָווקע. איצט איז זי אַ מאַמע פֿון צוויי קינדער, איר טאָכטער האָט אויך פֿאַרענדיקט דעם מעדיצינישן אינסטיטוט. דער זון אירער איז אַ געאָלאָג, ראַכיל איזראַילעוונעס מאַן איז אַן אינזשעניר, ער אַרבעט אין מאַלאַכאָווקער עקספּערימענטאַלן זאַוואָד. ער איז דער באַלעבאָס פֿון דער שטוב און אויך די באַלעבאָסטע.

— ווען ניט מײַן מאַן, — זאָגט ראַכיל איזראַילעוונע, — וואָלט איך זיך ניט כּפֿראָווּעט מיט אָט די קאַרדיאָגראַמעס, וואָס ליגן אויף מײַן טיש. ער, מײַן מאַן, פֿאַרבײַט מיר אָפּטמאָל אין דער קיך. שטילערהייט גייט ער צו צו מיר, ווען איך קוק אַרײַן אין די הערצער, לייגט אַרויף אויף מײַן פּלייצע זײַן צאַרטע האַנט און זאָגט: „ראָכעלע, גיי כאַפּ עפּעס איבער". דאָס זאָגט ער שוין דאַן, ווען ער באַמערקט לויט מײַנע אויגן, אַז איך האָב אין דער קאַרדיאָגראַמע קיין געפֿאַר ניט דערזען. פֿאַר דער צײַט, וואָס איך פֿאַרנעם זיך מיט דער הייליקער אַרבעט, דערקענט ער שוין אין מײַן פֿאַרזאָרגטן קוק, אַז עפּעס אַזוינס איז ניט אין בעסטן, עפּעס האָט מיט אַ האַרץ געטראָפֿן. אין דער טיפֿער נאַכט, ס'מעג אַפֿילו אין דרויסן זײַן אַ זאַווערוכע, פֿאַרשאָטן דער וועג מיט שניי, און אַפֿילו אַ רעגן, פֿיל איך אויס מײַן דאָקטערשן כּיוון, איך לויף צום כּוילע אים אָנזאָגן, אַז ער זאָל זיך אופֿירן אַזוי, ווי עס פֿאָדערט זײַן קראַנק האַרץ.

אין מאַלאַכאָווקע ווייסט מען שוין, אַז ווען דער דאָקטער ראַכיל איזראַילעוונע קומט אין אַ שטוב, ווערט דעם קראַנקן גרינגער אויפֿן האַרצן.

די מישפּאָכע ראָזענקאָוויטש שרײַבט אויס דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", אויך אייניקע פֿון ראַכיל איזראַילעוונעס פּאַציענטן זײַנען אַבאָנענטן פֿונעם זשורנאַל. מאַמע־לשון האָט זי ניט פֿאַרגעסן. זי דערמאָנט זיך:

— ווען איך האָב געהיילט די ווונדן אויף דער מילכאָמע, האָב איך לויטן קרעכץ געוווּסט, ווער פֿון וועלכן שטאַם עס איז. אַלע האָבן געקרעכצט אויף זייער לשון. ייִדישע פֿאַרווונדעטע סאָלדאַטן האָב איך געהערט קרעכצן אויף ייִדיש: „אוי, מאַמעניו, טײַערע!" און אויך: „גאָטעניו ליבינקער!.."

און אַרויסגעזאָגט האָט זי די ווערטער „מאַמעניו...", פּונקט ווי זי פֿילט נאָך איצטער דעם ווייטיק פֿון יענע סאָלדאַטן, וועלכע זי האָט געהיילט.

— יאָ, — זאָגט זי מיט אַ זיפֿץ, — אייניקע פֿון יענע סאָלדאַטן האָבן, צום באַדויערן, שוין קיינמאָל זייערע מאַמעס ניט געקאָנט אַרומנעמען...

ראַכיל איזראַילעוונע פֿאַרקלערט זיך און נאָך אַ פּאַוזע:

— אײַ, הערצער, הערצער... איך קאָן אײַך פֿון מײַן פּראַקטיק עפּעס־וואָס דערציילן. אָט איינמאָל באַנאַכט קלאַפּט מען מיר אָן אין פֿענצטער, מע רופֿט מיך צו אַ קראַנקן. איך גיי אַרײַן אין שטוב, ליגט אויפֿן בעט אַ ייִד מיט אַ שיינער באָרד. דאָס האַרץ האָט אים אַ כאַפּ געטאָן, מיינט איר פֿאַרוואָס? זײַן טאָכטער וויל כאַסענע האָבן פֿאַר אַ באָכער, און אָט דער באָכער איז אים דאַפֿקע ניט צום האַרצן — לעבט ער איבער... אָדער נעמט, אַשטייגער, אַזאַ פֿאַל. מע האָט מיך אַרויסגערופֿן צו איינער אַ פֿרוי. איר זון, אַ ייִנגל פֿון דרײַצן יאָר, איז אַנטלאָפֿן ערגעץ און שוין צוויי כאַדאָשים יאָוועט ער זיך ניט אַהיים. ווייסט איר פֿאַרוואָס? די מאַמע, וואָס ליגט איצט מיטן קראַנקן האַרץ, האָט אים פֿאַרבאָטן, דעם ייִנגל, פֿירן זײַנע כאַווײרים אין שטוב אַרײַן, זיי זאָלן, כאָלילע, ניט אויסשמירן דעם פּאַרקעט־פּאָל. איז איר ייִנגל פֿון פֿאַרדראָס אַנטלאָפֿן פֿון דער שטוב, איז, ווי איר זעט, דער מאַמעס ווייטיק ניט פֿון קיין שרעק, ניט פֿון קיין צאָרעס, דאָס איז פֿון צופֿיל ווויל־טיקן. מע ווערט פֿאַרזונקען אין קלעם פֿון דער מאָדע — מע זאָל ניט אָנרירן דעם שפּיגלדיקן פּאַרקעט. און איך געדענק, ווי מײַן מאַמע פֿלעג שעפּן נאַכעס פֿון די גריבעלעך אין דער ליימענער ערד פֿון אונדזער שטוב. ווען מײַנע כאַווערטעס פֿלעגן די גריבעלעך אויסגראָבן מיט די אָפּצאַסן פֿון זייערע שיך, איז דאָס געווען אַ סימען פֿון פֿריידיקע מינוטן, ווען די שטוב איז אָנגעפֿילט מיט מענטשן. איצט שטייען אין די הײַזער פּליושענע בענקלעך, באַצויגן מיט ווײַסן לײַוונט, ווי טאַכריכים, און די שטומקייט פֿון דער שטוב איז ווי אויף אַ בעסוילעם. מענטשן ווערן קראַנק דערפֿון, וואָס מע ווייסט ניט די פּרײַז פֿון לעבן. אַלץ איז פֿאַר זיי קאַרג. מע פֿאָדערט איבעריקע ווילטיקן.

— מיט וואָס אָבער קאָן מען אָפּמעסטן די מאָס פֿון לעבן? — פֿרעג איך.

— ס'איז פֿאַראַן אַ מאָס, — זאָגט זי, — אויב אַ מענטש וויל זײַן צופֿרידן מיטן לעבן, דאַרף ער ניט פֿאָדערן מער איידער ער גיט אַליין.

ס'איז אַרײַנגעקומען ראַכיל איזראַילעוונעס זון, דער געאָלאָג.

— איר זעט, — שמייכלט די מאַמע, אָנווײַזנדיק אויף אים, — זײַן זיידע, מײַן טאַטע, האָט זיך שטענדיק געווענדט מיט אַ טפֿילע צום הימל, געוואַרט פֿונעם הימל הילף. און אָט זײַנע אייניקלעך ווייסן, אַז רײַכקײַט נעמט זיך פֿון אונטער דער ערד. ער האָט שוין אָפּגעזוכט פֿאַרן לאַנד קוילן, נאַפֿט, אַפֿילו גאָלד. איצט קלײַבט ער זיך אַ גריבל טאָן אין אונדזער מאַלאַכאָווקער ערד...

יענער טאָג איז, קאָן מען זאָגן, געווען בא מיר גאָר אַ געלונגענער. אַ קלייניקײַט, זיך באַקענען נעענטער מיט צוויי מישפּאָכעס, וועלכע זײַנען געקומען אויף דער וועלט אין איין יאָר מיט דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. צווילינגען פֿון דער נײַער עפּאָכע. גליקלעכע צווילינגען!

■

הירש רעלעס

# די קראַנאָוושטשיצע

דאָ, אין ארבעטער־ישעוו, האָט מען זי גערופן ארלעקינע, און דער דאָזיקער נאָמען האָט איר אזוי געפּאַסט, זי איז מיט אים אזוי זיך צונויפגעוואַקסן, און א סאַך האָבן געמיינט, דאָס איז דער עמעסער נאָמען אירער.

נאָך דער ארבעט אין די אָוונטן, פלעגט מען זי זען מיט א גיטאַרע אין האַנט צווישן די יאַטן פון איר בריגאַדע. זי האָט געזונגען קופּלעטן. א סוואַ־רע, אַז זי פלעגט זיי אליין צוטראַכטן. א הויכע, א דאַרע, מיט שוואַרצע האָר און שוואַרצע פלאַמיקע אויגן, אין א בונט קלייד, האָט זי אויסגעזען ווי א פּערסאָנאַזש פון אַן אָפּערעטע.

מע האָט זי געהאַלטן פאַר א ציגיינערן, כאָטש פּינקטלעך האָט עס קיינער ניט געוווּסט.

איינמאָל, ווען זי איז געגאַנגען אין גאַס מיט דער גיטאַרע, האָט עפּעס א יאַט זיך צו איר צוגעטשעפּעט:

— קראַסאַוויצע, וואַרף מיר אויס אַף קאַרטן!

— מע זעט אָן קאַרטן, אַז דו ביסט א לאָווע־לאַס. — האָט זי אים אָפּגעענטפערט, — שטייט צו צו אומבאַקאַנטע פרויען.

— ניט צו אַלע.

— האָסט נאָך געוואָלט צו אַלע!

פּאַרטשעפּע זיך מיט א וואָרט, וועט זי קיין באַל־כויוו ניט בלייבן. זי צאָלט מיט רעוועך. צייטנווייז פלעגט זי אַפילע ניט שוינען די כעוורע פון דער בריגאַדע. זי איז געווען אין בריגאַדע די קראַ־נאָוושטשיצע. האָט עמעצער פון די יאַטן ניט אַזוי גיך צוגעטשעפּעט צום טראָס דאָס קעסטל מיט וואַפּנע, האָט זיך גלייך דערהערט פון אויבן:

— שטייט מיט א צעעפנט מויל! און די לערער פון אָוונט־שול קלאָגן זיך, אַז ווען מע רופט אים אויס צום טאָוול, קאָן ער דאָס מויל ניט עפענען.

איינמאָל, ווען זי האָט זיך געיילט אַניאָגן די פאַרלוירענע צייט און וואָס גיכער אראָפּלאָזן די וואַפּנע, האָט איינער פון די יאַטן אויסגעשריִען:

— פּאַרזיכטיק! וועסט מיר נאָך אין קאָפּ דער־לאַנגען!

— האָסט דען א קאָפּ? — האָט פון דער קאַ־בינע זיך דערהערט איר קאָל. — ווען דו וואָלסט פאַרמאָגט א קאָפּ, וואָלסטו שוין פון לאַנג אָפּגע־געבן דעם עקזאַמען אַף העכערן דעם ראַזריאַד.

ענלעכע דיאַלאָגן האָט מען אָפט געקאָנט הערן אַפן בוי־פּלאַץ.

— דערלאַנג! דערלאַנג! — פלעגט אין אַזוינע פאַלן מיט צופרידנקייט זאָגן דער בריגאַדיר יער־שאָוו. א ברייטפּלייציקער יאַט, מיט א רונד פּנים און א קירפּאַטער נאָז. — איך ווייס ניט, ווי פאַר וועמען, נאָר פאַר מיר זיינען דיינע ווערטער פּאַ־שעט ווי א באַלזאַם!

און טאַקע, אירע רעפּליקעס פלעגן גוט אריין אין נאָז, כאָטש זיי פלעגן געזאָגט ווערן אין שפּאַס, און דאָס האָט אים געהאָלפן האַלטן די דיסציפּ־לין.

ניט אומזיסט פלעגט ער זאָגן, אַז בא אים אין בריגאַדע פונקציאָנירט א מינדלעכע סאַטירישע אַודיציע.

דער פּאַרוואַלטער פון קלוב אַגניוויצעוו האָט זיך מאַמעש געבעטן בא ארלעקינען, זי זאָל אָנ־טיילנעמען אין דעם אַנסאַמבל פאַר געזאַנג און טאַנץ, נאָר זי האָט בעשום־אויפן ניט געוואָלט.

— איך קאָן זינגען נאָר דעמלט, ווען דאָס האַרץ פאָדערט, און ניט ווען מע הייסט מיר, — האָט זי אים געענטפערט.

מיט דער צייט וועסטו זיך צוגעוווינען זינגען בא אַלע אומשטאַנדן, — האָט ער זי איינ־גערעדט, — ביסט יונג, וועסט נאָך ענדיקן א קאָנ־סערוואַטאָריע, ווערן א באַוווּסטע זינגערן...

— מיר אַרדנט פּולקום אין מיין איצטיקע ארבעט.

— אָבער ביסט דאָך א געבאָרענע זינגערן! מע דאַרף שטרעבן צו עפּעס העכערס און קוקן ווייַ־טער!

— מיין ארבעטס־אָרט געפינט זיך אַף א גע־העריקער הייך, און פון דאָרטן קאָן מען זען אַף צענדליקער קילאָמעטער ווייט.

— שטענדיק קומסטו אָפּ מיט שפּאַס. כאָטש איין מאָל רעד ערנסט. זאָג, פאַרוואָס ווילסטו ניט אָנטיילנעמען אין אַנסאַמבל?

— ווייל מיין מאַמע האָט זיך מיט אַזוינס ניט געעיסעקט און האָט מיר ניט געהייסן.

— אויב אַזוי, איז טאַקע אינטערעסאַנט צו וויסן, ווער איז דיין מאַמע, — האָט זיך אַגניוו־צעוו אָנגעכאַפּט אָן דער געלעגנהייט צו דערוויסן זיך עפּעס וועגן איר אָפּשטאַמונג און פאַרגאַנגענ־הייט.

— מיין מאַמע איז א פרוי.

— אומעגלעך מיט איר צו ריידן, — איז אַגניוצעוו געקומען צו אַן ענדגילטיקן אויספיר און אוועק.

אין די אָוונטן, ווען זי פלעגט זיך טרעפן מיט די יאטן פון דער בריגאדע אין סקווער אָדער אין קאפע, האָט זי מיט זיי געשפאסט מער העפלעך, ווי בײַם דער ארבעט, האגאם מיט קיינעם פון זיי האָט זי באזונדערס זיך ניט געכאוועוועט. נאָך מער, ס'איז אומעגלעך געווען צו באשטימען, וועמען פון זיי סימפאטיזירט זי מער אָדער ווייניקער. און דאָס גראדע האָט די כעוורע פולקום אײַנגעאָרדנט. מאכמעס ווען זי וואָלט איינעם פון זיי אָפגעגעבן די איבערוואָג, וואָלטן אלע איבעריקע טיף אין הארצן געייפערט.

מיידלעך פון אנדערע בריגאדעס האָבן פארטײַעט צו איר אנטיפאטיע דערפאר, וואָס זי האלט אין קלעם אזויפיל סימפאטישע יאטן, מיט וועלכע ס'וואָלט געווען אינטערעסאנט פארברענגען די צײַט. צושטיין צו דער קאָמפאניע, ווו עס געפינט זיך ארלעקינע, איז געווען ניט אָנגענעם, ווײַל די גאנצע אופמערקזאמקײַט פון די יאטן איז געווען געווענדט נאָר צו איר, און אַף די איבעריקע מיידלעך האָט מען קיין אכט ניט געלייגט. די מיידלעך האָבן זיך געהאלטן ווײַט פון איר, און זי האָט צו זיי אויך זיך איבעריקס ניט געצויגן.

די טעלעפאָניסטקע פראניע, אָדער „די קאלטע שיינהײַט”, ווי מע רופט זי דאָ, מאכמעס, כאָטש זי איז א גאנץ פײַנע, נאָר איר שיינקײַט איז עפּעס ניט קיין פרוויישע, זאָגט, אז ניט אנדערש, ווי די ארלעקינע מיינט, אז דאָ, אַף דער בויונג, איז ניטאָ קיינער, פאר וועמען זי וואָלט געקאָנט דאָס הארץ אנטפלעקן, דערפאר פירט זי מיט קיינעם קיין ערנסטע שמועכן ניט און קומט אָפּ מיט שפאסן. אַף דעם האָט די ביבליאָטעקערן אראָנאָווא געענטפערט:

— מע דארף ניט זוכן באנאכט אין א פינצטערן צימער קיין שווארצע קאץ, ביפראט ווען זי איז גאָר ניטאָ דאָרטן.

ס'איז געווען פארשטענדלעך, וואָס האָט מיט דעם געמיינט די ביבליאָטעקערן, און פיל זײַנען טאקע מיט איר מאסקים געווען.

אָבער די יאטן פון בריגאדע זײַנען געווען זיכער, אז ארלעקינע לעבט איבער עפּעס א שווערע טראגעדיע, און דערמיט איז פארבונדן דאָס, וואָס זי האָט פארלאָזן מינסק און געקומען אין דאָזיקן העק. און דאָס, וואָס זי שפאסט און ציט אָן אַף זיך אזא פריילעכקײַט, טוט זי עס, קעדיי צו בײַקומען דעם שווערן גײַסטיקן צושטאנד. מעגלעך, אז ס'איז טאקע אזוי, ווײַל די באָבע אקולינע, וועלכע לעבט איינע אליין און קעדיי ס'זאָל איר זײַן ניט אזוי אומעטיק, האָט זי ארײַנגעלאָזט צו זיך די ארלעקינע אלס קווארטיראנטקע, דערציילט, אז באנאכט הערט מען דורכן ווענטל, ווי דאָס מיידל כליפּעט נעבעך.

ווען דאָס איז דערגאנגען צו דער בריגאדע, האָבן די יאטן אָנגעהויבן באציִען זיך צו איר מיט נאָך מער אופמערקזאמקײַט. דאָך האָט מען ניט געוואגט ארויכווײַזן צו איר קיין באזונדערע געפילן, קעדיי ניט אויסטיילן פון די איבעריקע כעוורע. דער איינציקער, וואָס האָט זיך יאָ עס דערלויבט, איז געווען וואסיע טשערטאָק, „דער אייגנטימער פון די גרויסארטיקע באקענבארדן”, ווי מע האָט אים דאָ גערופן, ווײַל נאָר ער איינער אין בריגאדע האָט זיך פארלאָזט אזא באָרד.

איינמאָל האָט ער זיך אָנגענומען מיט דרייסטקײַט און פאר אלעמען אין די אויגן זי אײַנגעלאדן גיין מיט אים אין אָפרו־טאָג קלײַבן יאגעדעס אין וואלד.

— מיט מיר וועט עס ניט זײַן מאזלדיק, — האָט זי געענטפערט, — זוך זיך אַן אנדער קאָמפאניאָנקע.

— דערפאר וועט מיט דיר זײַן פריילעך.

— און מיט דיר וועט זײַן צופיל פריילעך. וואָס צופיל — טויג אויך ניט.

אַף דעם האָט ער געענטפערט:

— כ'וואָלט וועלן כאָטש איינמאָל דיך זען אזא, ווי דו ביסט אין דער ווירקלעכקײַט, דאָס הייסט אָן דער מאסקע פון אַן ארלעקין.

— דאָס וועט פאָרקומען דאן, ווען וועסט אופהערן זען קאפויר.

— ניט נאָר איך אליין קאָן דיך ניט פארשטיין.

אַף דעם האָט זי אים אויסגעזונגען א קופּלעט אונטערן אקאָמפאנעמענט פון דער גיטארע:

— ווי ס'געפעלט דיר, אזוי רוף מיך.
פאר א פילקע כ'בין א וואנט,
כ'בין א שטעכלקע, נאָר פרווו מיך
נעמען מיט א הוילער האנט.

אין בריגאדע איז געווען בלויז איין מענטש, מיט וועמען זי האָט געשפאסט זייער פאָרזיכטיק, קאָנטיק, מוירע האָבנדיק אָנרירן זײַן אייגנליבע. דאָס איז געווען דער יינגסטער צווישן אלע כעוורע, דער שטילשווײַגנדיקער יונג ראָמקע רומער, וועלכער איז געקומען אהער פון א פּאָלעסיער שטעטל. דער דאָזיקער ראָמקע האָט געהאט א נייגונג צו סקולפּטור און האָט געטרוימט אָנקומען זיך לערנען אין א קונסט־אינסטיטוט. סײַ די היימישע, סײַ די לערער פון שול און אויך די כאווײרים זײַנע האָבן אַף אים געלייגט גרויסע האָפענונגען. זיי זײַנען געווען זיכער, אז מיט דער צײַט, וועט ער ווערן א בארימטער קינסטלער, נאָר באקומען האָט זיך ניט ווי מע האָט געטראכט. מע האָט אים ניט אָנגענומען אין אינסטיטוט, דער קאָנקורס איז געווען צו א גרויסער. האָט עס אים מאָראליש דערשלאָגן. דערצו האָט ער געקראָגן נאָך א גרעסערן מאָראלישן קלאפּ. דאָס מיידל, וואָס ער האָט ליב געהאט,

האָט זיך אין אים אַנטוישט און זיך צונויפֿגעגאַנגען מיט אַ טענצער פֿון אַן אַנסאַמבל. האָט ער טראַץ דעם ווילן פֿון די עלטערן פֿאַרלאָזט דאָס שטעטל און געקומען אַהער אויף דער בוידעם. ציי די שווערע טראַוומע האָט אויף אים אַזוי געווירקט, צי ווייל לויטן כאַראַקטער איז ער געווען אַזאַ, אָדער צוליב ביידע סיבות צוזאַמען, נאָר אויף דער בוידעם האָט ער זיך געהאַלטן געזונדערט פֿון אַלעמען. געוווינט האָט ער אַלס קוואַרטיראַנט בײַ אַן אַלט פּאָרפֿאָלק. אין די אָוונטן פֿלעגט ער אין קלוב הינטער די קוליסן, אין אַ קליין צימערל, וואָס אַגניוצעוו האָט אים ספּעציעל אויסגעטיילט, מאָלן אַפֿישעס, דעקאָראַציעס, וועלכע האָבן זיך געפֿאָדערט פֿאַר די שטעלונגען. קיין געצאָלטס האָט ער דערפֿאַר ניט באַקומען, נאָר אויסגעפֿילט האָט ער די דאָזיקע אַרבעט מיט גרויס כיישעק. צײַטנווײַז פֿלעגט ער אַפֿילו נעכטיקן אין דאָזיקן צימערל.

ער איז געווען אַ הויכער, אַ דאַרער און שטענדיק אַ פֿאַרכמורעטער, האָט מען אים געקרוינט מיט אַ צונעמעניש: „דער ריטער מיטן אומעטיקן געזיכט". צו אַלץ איז ער געווען פֿילבאַר, ווי אַ מימאָזע. איבערהויפּט האָט ער קרענקלעך רעאַגירט, ווען מע פֿלעגט אים דערמאָנען מיט אַ וואָרט. מערסטנס האָט ער אין אַזוינע פֿאַלן אָפּגעשוויגן, נאָר לויט זײַן פּנים פֿלעגט מען דערקענען, אַז ער לעבט פֿון דעם שטאַרק איבער. ניט נאָר די אַרלעקינע, נאָר אויך די כעוורע פֿון בריגאַדע פֿלעגן זיך אָפּהיטן אַרײַנזאָגן אים עפּעס אין אַ שפּאַס. אָבער וואַסיע טשערטאַק האָט מיט אים ווייניק־וואָס זיך גערעכנט.

— ראַמקע, העכער דעם קאָפּ! — האָט ער צו אים געטײַנעט. — מיידלעך האָבן ניט ליב קיין פֿאַרכמורעטע.

לויט דעם, ווי ראַמקע האָט מיט אַ פֿאַרביטערטער גרימאַסע זיך אָפּגעקערט פֿון וואַסיען, האָט מען באַשײַמפּערלעך געקאָנט זען, וואָס פֿאַר אַן אײַנדרוק עס האָט געמאַכט אויף אים די דאָזיקע רעפּליק. טשערטאַק אָבער האָט זיך ניט געמאַכט פֿון דעם קיין ווען דערפֿון. אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט ער ווידער איבערגעכאַזערט די זעלבע ווערטער.

ראַמקען האָט עס דערעסן, און וועלנדיק ווײַזן, אַז ער איז ניט אַזאַ ניונקע ווי מע מיינט, האָט ער בייז אַ ברום געטאָן:

— קײַקל זיך צום טײַוול צוזאַמען מיט די מיידלעך!

— אָ, מאַלאַדיעץ! — האָבן אים אונטערגעהאַלטן די יאַטן. — לאַנג באַדאַרפֿט אים אַזוי אָפּשיקן.

— וואַסיע מעסט אַלץ אויף זײַן אַרשין, — האָט זיך פֿון קאַבינע דערהערט דער קראַנאָווטשטשיצעס רעפּליק. — נאָר מיידלעך ליגן אים אין זינען. ניט אומזיסט זאָגט מען, אַז אַ הונגעריקער הון כאָלעמט זיך שטענדיק פּראָסע.

— אומזיסט פֿאַלט איר אויף מיר אָן, — האָט זיך פֿאַרענטפֿערט טשערטאָק, — איר זעט ניט, אַז דאָס יאַטל איז פֿון אַן אָראַנזשעריי? אויב ער וועט זײַן אַזאַ שטילינקער, אַ ניונקעלע און וועט יעדער קלייניקײַט נעמען צום האַרצן, וועט ער פֿאַרפֿאַלן ווערן. טרענירט איך אים ספּעציעל, און אויב איר ווילט וויסן, מערקן זיך שוין אָן רעזולטאַטן פֿון מײַנע באַמיִונגען. איר האָט דאָך געהערט, ווי טרעפֿלעך ער האָט מיר אָפּגעענטפֿערט. וואָס שײַעך באַהערשן דעם פֿאַך, האָט ער אונדז שוין לאַנג דעריאָגט. די ציגל לייגט ער אויס ווי אַ סטרונעלע, ניט ווי מולייער, נאָר ווי אַ סקולפּטאָר.

— פֿאַרזיכטיק! — האָט אויסגעשריִען די קראַנאָווטשטשיצע, ווען דער קאַסטן מיט קאַלך האָט זיך דערנעענטערט צו וואַסיען. — היט זיך! וואָרעם וועסט נאָך אָפּקאַלכן די קוטשמע מיט די באַקענבאַרדן, וועסטו ווערן אינגאַנצן אַ גראָווער, און אַזוינע האָבן מיידלעך פֿײַנט נאָך מער, איידער כמורנע.

מיט טשערטאַקן האָט זי זיך ווייניק צערעמאָניעט. זי פֿלעגט אים אַרײַנזאָגן אין דער פֿולער מאָס, מאַכמעס ער אַליין האָט אויך ליב געהאַט שאַרף אַרײַנזאָגן יענעם און פֿלעגט זיך ניט באַליידיקן, אויב מע פֿלעגט אים צאָלן דערפֿאַר מיט רעווען.

ס'פֿלעגט טרעפֿן, אַז אין די אָוונטן איז ראַמקע אויך צוגעשטאַנען צו די כעוורע. איינמאָל, ווען ער איז מיט זיי געזעסן אין קאַפֿע, האָט אַרלעקינע אויסגעזונגען אַ ליד, געווידמעט אים.

איר זינגען, איר מימיק, איר אַקאָמפּאַנירן איז ניט צו באַשרײַבן, דעריבער קומט אויס זאָגן פּראָסט, אַז זי האָט געזונגען ניט ערגער פֿון אַ פּראָפֿעסיאָנעלער אַקטריסע.

ווען זי האָט פֿאַרענדיקט די ליד, האָט זי אויפֿמערקזאַם אַ קוק געטאָן אויף ראַמקען. זײַן פּנים, וואָס איז געוויינלעך געווען בלאַס, האָט איצט מאַמעש געפֿלאַקערט. קאָנטיק, דאָס ערשטע מאָל אין לעבן האָט מען זיך צו אים געווענדט מיט אַזעלכע האַרציקע ווערטער. ער האָט ניט געוווּסט, ווי צו האַלטן זיך, דאָך האָט אים, ווי עפּעס אַן אונטערבאַוווּסטזיניק געפֿיל, אונטערגעזאָגט, וואָס צו טאָן. ער האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון אָרט, האַלב ערנסט, האַלב אין שפּאַס זיך פֿאַרנייגט פֿאַר איר און אַוועקגעגאַנגען.

— געזען? — האָט טשערטאַק זיך געווענדט צו אַרלעקינע. — וואָס ווײַטער, ווערט ער אַלץ מערער לײַט. דאָך איז ער נאָך זייער שעמעוודיק, דערפֿאַר איז ער אַנטרונען.

— עפּשער ניט באַדאַרפֿט? — האָט זי מיט כאַראָטע אַ פֿרעג געטאָן בײַ די כאַווײרים.

ווי אַלעמאָל, בייס די יאַטן האָבן מיט איר פֿאַרבראַכט אין קאַפֿע, איז מען געווען אַזוי מיט איר פֿאַרנומען, אַז קיינער פֿון זיי האָט קיין אַכט ניט געלייגט, וואָס אַרום טוט זיך. דעריבער איז

קיין ווּנדער ניט, וואָס מע האָט ניט באַמערקט, וויאַזוי לעבן די טישלעך, ווּ זיי זײַנען געזעסן, האָט זיך באַוויזן אַ הויכע ברייטפּלייציקע דאַמע אין אַ לעדערנעם מאַנטל. אין האַנט האָט זי געהאַלטן אַ צונויפגעלייגטן שירעם, וועלכער איז געווען פּיטש־נאַס, מאַכמעס אין דרויסן האָט גערעגנט. דערפאַר טאַקע האָט מען זיך פאַרווײַלט אין קאַפע, און ניט אין סקווער.

דערזעענדיק די פרוי, האָט בא דער קראַנאָװשטשיצע מאָמענטאַל זיך געענדערט דאָס פּאָנעם. די כיין־גריבעלעך אויף די אָנגעצויגענע באַקן זײַנען פאַרשווּנדן. די אויגן זײַנען מער ניט געווען שטיפעריש־פריילעך, נאָר פאַרוווּנדערט און דערשראָקן.

ערשט איצט האָט מען זי דערזען ניט אין דער ראָל פון אַן אַרלעקין, נאָר אין נאַטירלעכן אויסזען. אין דעם דאָזיקן אָוונט איז באַוווּסט געוואָרן דאָס, וואָס זי האָט פון אַלעמען אויסבאַהאַלטן.

זי האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי זי וואָלט דערמיט זיך וועלן באַפרײַען פון דער צעטומלטקײַט, אַ הייב געטאָן די גיטאַרע צום אַקסל און אַ זאָג געטאָן:

— כעוורע, הײַדאַ פונדאַנען!

— ניין, וועסט פון מיר ניט אַוועקגיין! — האָט אויסגעשריִען די פרוי, צוגייענדיק צו איר נאָענט.

זי האָט פעסט אָנגענומען די קראַנאָװשטשיצע פאַר אַ האַנט און אָפּגעפירט אָן אַ זײַט.

— טאַמאַרע, — האָט זי אַרויסגעבראַכט מיט אַ ציטערנדיק קאָל, — וואָס האָסטו אָפּגעטאָן מיט מײַן יאַשענקען?

— איך האָב אויסגעפילט אײַער באַגער און בין פאַרשווּנדן. וואָס פאַרלאַנגט איר פון מיר נאָך?

אַ פאַרומערטע און ערנסטע איז זי געשטאַנען קעגן דער פרוי און האָט מיט שרעק געוואַרט אויף אַ נײַער אַטאַקע.

די יאַטן האָבן דערפילט, אַז דאָ קומט פאָר עפּעס זייער אַן ערנסטע זאַך און מיט אָנשטרענגונג געוואַרט, וויאַזוי די געשעענישן וועלן זיך ווײַטער אַנטוויקלען, קעדיי אין נייטיקן מאָמענט קומען צו הילף אַרלעקינען.

— ער קומט פון דער אַרבעט, — האָט געטײַנעט די פרוי, — ליגט ער די גאַנצע צײַט אויפן דיוואַן און קוקט אויפן באַלקאָן. קוים מע דערשלאָגט זיך, ער זאָל עפּעס אָפּעסן. מיט קיינעם פון די היימישע רעדט ער קיין וואָרט ניט. ניט אַנדערש, ווי דו האָסט אים פאַרקישעפט. ניט אומזיסט נעמט מען דיך אָן פאַר אַ ציגײַנערן.

טאַמאַרע האָט מיט אַ פלינקער באַוועגונג באַפרײַט די האַנט, נאָר די פרוי האָט זי ווידער אָנגעכאַפּט.

— כעוורע, איצט איז דער סאַמע מאָמענט זיך אַרײַנצומישן, — האָט אַ שעפּטשע געטאָן טשערטאָק.

— ניט פון אָרט! — האָט אויף אים אַ צישע געטאָן יערשאָוו, — דאָ איז עפּעס אַ קאָמפּליצירטער איניען. זאָלן זיי זיך אַליין פאַנאַנדערקלײַבן. טאָמער עפּעס־וואָס, וועט טאַמאַרע אַליין זיך ניט לאָזן באַוואָלען. איר מעגט זײַן רויִק.

— וואָס האָסטו צו אים און צו אונדז? — האָט די פרוי גערעדט כאָטש שטיל, נאָר מיט אַזאַ אָנשטרענגונג, אַז מ'האָט אַלץ געהערט. — ער איז בא אונדז אַן איין־און־איינציקער. אונדזער גאַנץ לעבן האָבן מיר אים געווידמעט. אויב עס וועט...

— זאָגט דײַטלעך, — האָט איר איבערגעשלאָגן טאַמאַרע די רייד, — וואָס ווילט איר פון מיר?

— קער זיך אום צוריק, זאָל זײַן אַזוי. מיר זײַנען שוין גרייט אויף אַלץ.

די לעצטע פראַזע האָט אויפגעבראַכט טאַמאַרען.

— איך דאַנק אײַך פאַר אַזאַ גוטהאַרציקײַט צו מיר! נאָר דאָס וועט קיינמאָל ניט זײַן! אין קיין פאַל וועל איך מער ניט איבערטרעטן די שוועל פון אײַער שטוב.

לויט דעם, וויאַזוי זי האָט עס געזאָגט, האָט זיך געפילט, אַז פאַרזעצן אײַנרייִדן זי, איז ניט בלויז אומזיסט, נאָר דאָס וואָלט נאָך מער זי אַרײַנגעבראַכט אין קאַס. דאָך האָט די פרוי די האָפענונג ניט פאַרלאָרן.

— איז ווילסטו, הייסט עס, אַז ער זאָל אַהער קומען?

— אויך ניט! — האָט טאַמאַרע אַנטשלאָסן געענטפערט. — איך דאַרף ניט, אַז ער זאָל צוליב מיר מאַקריעו זײַן מיט זײַן קאַריערע.

די פרוי האָט זיך צעוויינט:

— ער גייט דאָך אויס, ווי אַ ליכט. וואָס וועל איך אים זאָגן!

— זאָגט אים, אַז איך בין ניט ווערט, ער זאָל איבער מיר אַזוי מאַטערן זיך. ער האָט דאָך זיכער אַ טאָעס אין מיר. איך בין גאָר ניט אַזאַ, ווי ער מיינט. כ'בין אַן אויסגעלאַסענע פרוי, כ'האָב זיך דאָ אַרומגערינגלט מיט אוכאַזשאָרן. זאָגט אים, אַז וואָס ס'איז נאָר פאַראַן בייזס אויף דער וועלט, דאָס איז אין מיר.

זי האָט זיך אַ זעץ געטאָן אויף אַ שטול, אַוועקגעלייגט לעבן זיך די גיטאַרע, אָנגעבויגן דעם קאָפּ אַזוי, אַז די פעך־שוואַרצע האָר זײַנען שיר ניט אַראָפּגעהאַנגען ביזן דיל. מיט אַ שוואַכער שטים האָט זי אַרויסגערעדט:

— נו, און איצטער לאָזט מיך צורו. איך בין זייער מיד.

— ניין! דאָס טאָר מען ניט דערלאָזן, — האָט זיך אַרײַנגעמישט יערשאָוו און האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט.

די פרוי האָט פון שרעק זיך אַ צאַפּל געטאָן.

— באַרויִקט זיך, — האָט ער געזאָגט, — מיר זײַנען ווײַט ניט אַזוינע, ווי איר מיינט. אַלץ, וואָס

— זײַ רויִק, נאָכאַמאָל וועט זיך עס איבערכאַזערן, ווען בא מיר אף דער דלאָניע וועלן אויסוואַקסן האָר, — האָט אים טשערטאָק פאַרזיכערט.

ער האָט געפּרוּווט א פלירטעווע טאָן מיט דער טעלעפאָניסטקע פראַניע, נאָר גלײַך זיך אַנטוישט אין איר.

— ניט פון דעם קאַליבער! — האָט ער געזאָגט, — מיט איר איז גוט אף א לעווײַע גיין.

דאָך האָט בא כעוורע געטליִעט א האָפענונג, אַז טאַמאַרע וועט זיך אומקערן.

— לאָמיר ניט זײַן קיין עגאָיִסטן, — האָט געזאָגט יערשאָוו. — פאַר איר וועט זײַן בעסער, אויב זי וועט פאַרבלײַבן דאָרטן.

— ווײַזט זיך אַרויס, אַז כאָטש לויטן אויסזען און לויט די געניג איז זי ענלעך אף א ציגײַנערן, — האָט א זאָג געטאָן א יאַט פון דער בריגאַדע, — איז זי גאָר אינדערעמעסן א ייִדישקע.

— א נײַס! — האָט זיך אַרײַנגעמישט טשערטאָק. — איך האָב עס באַמערקט פונעם ערשטן קוק אף איר.

— ווער זי זאָל ניט זײַן, — האָט רעזומירט יערשאָוו, — נאָר א יאַטיכע איז זי אף אַלע פינף. איר האָט באַמערקט, ווי זי האָט זיך פעסט גענומען אין די הענט און מאַמעש העלדיש זיך געהאַלטן אפמאָרגן נאָך דעם, ווי זי האָט זיך באַגעגנט מיט דער שוויגער? מע דאַרף זײַן שטאַרקער פון אײַזן אף קאָנען אַזוי זיך באַהערשן.

און דאָך האָט זי זיך אומגעקערט. ניט צום מאַן, נאָר מיטן מאַן. די בויִונג האָט באַקומען נאָך אַן אַרכיטעקטאָר, און, ווי ס'האָט זיך נאָכדעם אַרויסגעוויזן, א טאַלאַנטפולן.

אף דער אַרבעט איז ווידער פריילעך געוואָרן. איצט האָט זי געשפּאַסט מיט די יאַטן גוטמוטיק, אָן א טראָפּן בייזקײַט. אין די אָפּרו־טעג פלעגן זיך כעוורע אַרײַנכאַפּן צו דעם יונגן פּאָרפאָלק אף א היימישן וואַרמעס.

אָן אָפּטער אַרײַנגייער צו זיי איז געוואָרן דער ריטער מיטן אומעטיקן געזיכט, ראָמע רומער, וועלכער האָט זיך שוין א ביסל אויסגעמענטשלט אף דער בויִונג, ווי עס קאָנסטאַטירט מיט צופרידנקײַט זײַן דערציִער אף געזעלשאַפטלעכע יעסוידעס וואַסיע טשערטאָק.

און בלויז איצט האָט דער פאַרוואַלטער פון קלוב אָנגיוועצעוו זיך דערשלאָגן זײַנס: טאַמאַרע האָט זיך אײַנגעשלאָסן אין היגן אַנסאַמבל פון געזאַנג און טאַנץ. אינגיכן איז זי דאָרט געוואָרן די הויפּט־סאָליסטקע.

טאַמאַרע האָט אף זיך אָנגערעדט, איז ליגן, כאָטש אף וויפל מיר וויסן, איז זי ניט קיין ליגנערקע.

אפמאָרגן איז טאַמאַרע געקומען צו דער אַרבעט, ווי אַלעמאָל, מיט א ציכטיק פּאָנעם, די ברעמען עטוואָס אונטערגעפירט. זי האָט זיך אופגעהויבן און אַרײַן אין קאַבינע, א רעגע זיך פאַרטראַכט, א טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ און מיט ביידע הענט זיך גענומען פאַר די הייבערס:

— נו, כעוורע, איז הייבן מיר אָן א נײַעם אַרבעטסטאָג, — האָט זי געמאָלדן, פּונקט ווי דאָס וואָלט געווען א נײַס פאַר זיי, און דערבײַ האָט זי אין א שפּאַס געוואָרנט. — יאַטן, זײַט פאַרזיכטיק! הײַנט בין איך א בייזע.

— שרעק אונדז ניט, מיר זײַנען ניט פון די שרעקעוודיקע, — האָט איר גערן געענטפערט טשערטאָק, זײַענדיק צופרידן, וואָס, ניט קוקנדיק אף דער נעכטיקער געשעעניש, האָט זי ניט פאַרלאָרן דאָס געפיל פון הומאָר.

די אַרבעט איז טאַקע הײַנט געווען אָן אָנגעשטרענגטע. ס'זײַנען געבליבן געציילטע טעג ביז פאַרענדיקן דעם קאַרקאַס פון דער פינפשטאָקיקער געבײַדע, וואָס זיי האָבן געבויט. דאָך איז די שטימונג געווען א געהויבענע, די אַרלעקינע שפּאַסט, ווי ס'וואָלט גאָרנישט ניט פאָרגעקומען. הייסט עס, אַז זי קלײַבט זיך ניט פאַרלאָזן די בריגאַדע.

ווען מע האָט אין עטלעכע טעג אַרום פאַרענדיקט אויסלייגן דעם קאַרקאַס, האָט טאַמאַרע גענומען אף א וואָך אורלויב אפן אייגענעם כעזשבן און איז אַוועקגעפאָרן קיין מינסק דערלײדיקן אייניקע איניאָנים, ווי זי האָט זיך אויסגעדריקט פאַר די כאַוויירים פון בריגאַדע. פאַרביטן האָט זי טשערטאָק, וועלכער האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק געענדיקט קורסן אַלס קראַנאָוושטשיק, נאָר ער האָט געהאַלטן פאַר גלײַכער זײַן א מוליער, מאַכמעס דערבײַ האָט מען געקאָנט מער פאַרדינען.

— אַמבאַ! איצט וועלן מיר זי שוין זען, ווי די אייגענע אויערן, — האָט געמאָלדן יערשאָוו מיט א פאָרוואָרף, פּונקט ווי די יאַטן וואָלטן שולדיק געווען אין דעם.

אָן איר איז טאַקע אף דער בויִונג געוואָרן אומעטיק. איבערהויפּט נאָך דער אַרבעט. די יאַטן האָבן געבלאָנקעט יעדערער פאַר זיך, געזוכט עפּעס א פאַרווײַלונג. קעדיי פאַרטרײַבן דעם אומעט, האָט טשערטאָק זיך געפּרוּווט ווענדן צום ביטערן טראָפּן, נאָר יערשאָוו האָט אים געוואָרנט, אויב דאָס וועט זיך איבערכאַזערן, וועט ער אַרויספליִען פון דער בריגאַדע.

■

מאקס ריאַנט

# דער באַלעבאָס פֿונעם ראַיאָן

מיט יאָסיף זאַכאַראָוויטשן, וועל איך אײַך זאָגן, איז ניט אַזוי לײַכט צו טרעפֿן זיך. פֿון גאַנצפֿרי איז ער שוין אױף די פֿיס, און זעלטן קאָן מען אים פּאַקן אױפֿן אָרט. איך קלינג אָן, פֿרעג זיך אָן בײַ דער סעקרעטאַרשע: ווּ איז ער? ענטפֿערט זי:

— אַוועקגעפֿאָרן אין די אונטערנעמונגען...

אַזאַ טעווע האָט ער, אַזוי איז שוין בײַ אים אײַנגעפֿירט געוואָרן פֿון טאָמיד: אַליין מיט די אייגענע אויגן זען, וואָס עס טוט זיך אױפֿן אָרט גופֿע.

ער פֿאַרשטייט גאַנץ גוט, אַז אַנדערש טאָר מען ניט, קיין זײַטיקע באַאָבאַכטערס גייען דאָ ניט אָן. אויב מע וויל, אַז „די ראָד זאָל זיך דרייען", ווי ער האָט ליב צו זאָגן, דאַרף מען זײַן טאָמיד צווישן מענטשן און „אַליין פֿאַרקאַטשען די אַרבל", באַזונדערס איצט, ווען אױפֿן טאָג־סדר זײַנען אױף אַ נײַעם אויפֿן געשטעלט געוואָרן פֿינף וויכטיקסטע פּראָבלעמען: טעמפּן, עפֿעקטיווקײַט, קוואַליטעט, שפּאָרזאַמקײַט, אָרדענונג!

איך קלינג אָן נאָכאַמאָל, ענטפֿערט די סעקרעטאַרשע:

— יאָסיף זאַכאַראָוויטש איז אַוועקגעפֿאָרן...

— וווּהין? — פּרוּוו איך אויסקלאָרן.

— אױף אַ באַגעגעניש מיט די ווײַלער.

און אַזוי טאָג־אײַן, טאָג־אויס. אין קאַבינעט זיצט ער זעלטן.

האָקיצער, יאָסיף זאַכאַראָוויטש באַדאַלאָוו איז אַ מענטש אַ פֿאַרנומענער. אױף זײַנע אַקסלען ליגט איינער פֿון די גרעסטע שטאָטישע ראַיאָנען אין סאַמאַרקאַנד, דער סיאַבער ראַיאָן, און ער, דער פֿאָרזיצער פֿונעם ראַי־אויספּירקאָם, איז מעכוּיעוו טאָגטעגלעך לייזן קאָלערליי פֿראַגן, זיך פֿאַרנעמען מיט אָן אַ שיר אינייאָנים, זײַן פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין זײַן ווירטשאַפֿט, אין ראַיאָן, הייסט עס.

לעסוף האָב איך זיך פֿאָרט דערקלונגען צו אים, און מיר האָבן זיך צונויפֿגערעדט: שאַבעס, אַרום דרײַ אַזייגער נאָך מיטיק, נעמט ער מיך אױף אומבאַדינגט.

און אָט בין איך בײַ אים אין אויפֿנאַם־צימער. בײַ אַ האַמעטנעם צווייטומבאָוון טיש זיצט אַ כײַנעווודיק מיידל מיט לאַנגע דין־געפֿלאָכטענע שוואַרצע צעפּלעך, אין אַ פֿײַן־אויסגענייטער מיט גאָלדנקאָלירקע און ווײַסזילבערדיקע פֿעדעם טיובעטייקע. אין אויסגעשפּראָכענע אוזבעקשקע, וועלכע מע מאָלט געוויינלעך אױף די בילדער.

מיר האָבן זיך באַקאַנט. מאַכוראַ הייסט זי. פֿאַזילאָוואַ. אַרבעט אין דעם פּלאַן־אָפּטייל פֿונעם ראַי־אויספּירקאָם. עס טוט אַ קלונג דער טעלעפֿאָן. זי נעמט אײַליק דאָס טרײַבל.

— דעזשורנע פֿון ראַי־אויספּירקאָם, — רעקאָמענדירט זי זיך אָפּ און פֿאַרשרײַבט עפּעס אינעם אָפֿענעם זשורנאַל, וועלכע ליגט אױפֿן טיש.

דערנאָך גייט זי צו צום טעלעוויזאָר, וואָס שטייט באַם פֿענצטער אין ווינקל, שליסט אים אײַן און זאָגט צו מיר מיט אַ שמייכל:

— עס זאָל אײַך פֿריילעך זײַן צו וואַרטן, און מיר צו דעזשורען...

אױף דער וואַנט הענגט אַ גרויסער זייגער מיט פֿײַן־אינקרוסטירטע טירעלעך. איך כאַפּ אַלע ווײַלע אַ קוק אױף אים און הער זיך צו, צי עמעצער גייט ניט.

זעענדיק מײַן אומרויִקײַט, מונטערט דאָס מיידל מיך אונטער:

— ערגערט זיך ניט. יאָסיף זאַכאַראָוויטש האָט צוגעזאָגט, וועט ער געוויס קומען.

די ווײַזערס אױפֿן זייגער באַווײַזן שוין אױף דרײַ. עס דערהערן זיך אינעם זייגער הילכיקע מעלאָדיעקלאַנגען. טאַקע באַלד באַווײַזט זיך באַדאַלאָוו — אַ ניט־הויכער, ברייטפּלייציקער מאַנצבל אין אַ פֿײַנעם העל־גרויען אָנצוג. ער וואַרפֿט אױף מיר אַ פֿרײַנטלעכן בליק, און מיר באַגריסן זיך.

יאָסיף זאַכאַראָוויטש איז אויפֿגעלעבט און מונטער, ווי ער וואָלט נאָרוואָס דערהאַלטן אַ פֿריידיקע בסורע. און בעעמעס. ער פֿירט מיך אַרײַן אין זײַן גערױמען און ליכטיקן קאַבינעט, זעצט מיך אַנידערלעבן זיך באַם ברייטן טיש און דערציילט מיר, אַז אָקאָרשט, אױף אַ באַראַטונג אין שטאָטקאָם פֿון דער

פאַרטיי, האָט ער זיך דערוווּסט, אַז דעם סיִאַבער־ראַיאָן, מיט וועלכן ער פירט אָן, האָט מען צוגעייגנט די איבערגייענדיקע רויטע פאָן פון דער שטאָט פאַר די דערגרייכטע דערפאָלגן אינעם אויספילן די סאָציִאַליסטישע פאַרפליכטונגען.

עס קומט אַרײַן דאָס דעזשורנע מיידל און שטעלט אַוועק אויפן טיש אַ הויכן פאָרצעלײַענעם טשײַניק, אַ פול פאַרפאַרעטן מיט גוט שמעקנדיקער גרינער טיי פונעם בעסטן סאָרט, וואָס מע רופט דאָ „פינף־און־נײַנציקער". אין די היגע ערטער, זאָלט איר וויסן, באַגייט זיך ניט קיין שום באַגעגעניש אָן טיי. דאָס סאַמע ערשטע, וואָס מע טוט, אַז עס קומט אַרײַן אַ גאַסט, דערלאַנגט מען אים טיי אין אַ פּיִאַלע, און ערשט דערנאָך הייבט מען אָן צו שמועסן.

איך דערצייל באַדאַלאָוון, וואָס פאַר אַן איניען האָט מיך צו אים געבראַכט, און באַווײַז אים אונדזער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד". ער בלעטערט אים דורך, קוקט זיך גוט אײַן אין די אויסיִעס, לייענט מיט אינטערעס איבער דעם רעזומע אויף רוסיש:

— צום באַדויערן, פאַרשטיי איך ניט אויף ייִדיש, נאָר ווי ס'איז צו זען פונעם אינהאַלט, פון די פאַרביקע געמעלן, דאַרף דער זשורנאַל זײַן אַן אינטערעסאַנטער. עס וואָלט ניט געשאַט אים אַרויסלאָזן אויך אויף רוסיש, וואָלט ער געהאַט נאָך אַ בעסערן און גרעסערן שעם. מיר, בוכאַרער ייִדן, וואָלטן אים גערן געלייענט.

ער איז אויסגעוואַקסן אין אַן אָרנטלעכער האָרעפּאַשנער מישפּאָכע און איבערגענומען בײַ טאַטע־מאַמע די בעסטע מײַלעס: מיזאַמקײַט, ערלעכקײַט, ווילהאַרציקײַט אין דער באַציִונג צו מענטשן.

די עלטערן האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אינעם ריזיקן און אַקשאָנעסדיקן קאַמף קעגן די באַסמאַטשעס, פאַר באַפרײַען זיך פון די ווילדע מיטלאַלטערלעכע מינהאָגים, אײַנפירן אַ נײַעם סאָוועטישן אַרט לעבן.

די מוטער, זילפאַ כאַיִמאָוונע, איז אין די יונגע יאָרן געווען אַן ענערגיש מיידל, צווישן די ערשטע קאָמיוגיסטקעס אין סאַמאַרקאַנד. צו פערצן יאָר איז זי אָנגעקומען אַרבעטן אויף דער פאַבריק „כודזשום", וואָס אויף אוזבעקיש באַטײַט עס „אָנגריף". די נײַע געעפנטע אונטערנעמונג אויף צו אָנוויקלען זײַדענע פעדעם אויף שפּולן איז בעעמעס געווען אַן אָנגריף אויף די אַלטע היגע פאַראָנדקעס, וועלכע האָבן ניט צוגעלאָזט פרויען צו קיין שום געזעלשאַפטלעכפּראָדוקטיווער אַרבעט. צענדליקער מיידלעך, אַזעלכע אַקטיוויסטקעס, ווי זילפאַ, האָבן זיך געשטעלט בײַ די וויקל־מאַשינען און אָנגעהויבן זיך אַרײַנציִען אינעם נײַעם לעבן. צווישן די ערשטע איז אויף דער פאַבריק „כודזשום" אָנגעקומען אַרבעטן אויך דער טאַטע זכאַריע. דאָ האָט ער זיך באַקאַנט מיט זילפאָן און כאַסענע געהאַט מיט איר.

אינגיכן האָט מען זכאַריען געשיקט זיך לערנען אין טאַשקענט אויף קורסן בײַ דער פּראָמאַקאַדעמיע. נאָכן פאַרענדיקן די לער האָט ער אָנגעפירט פיל יאָרן מיט אַ צער, עטלעכע מאָל געווען סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פון דער פאַבריק. אין 1942 איז ער אַוועק אויפן פראָנט, אָנטיילגענומען אין די שלאַכטן בײַ סטאַלינגראַד און אויפן קורסקאָרלאָווער בויגן און שפּעטער — אין מאַנדזשוריע, קעגן די יאַפּאַנישע מיליטאַריסטן. ער איז אַ קאַוואַלער פון פופצן שלאַכט־אָרדענס.

— מײַנע עלטערן, — גרויסט זיך יאָסיף זאַכאַראָוויטש, — האָבן קיין לײַכטע גליקן ניט געזוכט. — ער כאַפּט איבער דעם אָטעם, טוט אַ זיפץ. — די מוטער איז ניטאָ שוין, זאָל זי האָבן אַ ליכטיקן גאַניידן. דער טאַטע איז בלויז צו זיבעציק יאָר אַוועק אויף פּענסיע — אַלץ אָפּגעצויגן, ניט געוואָלט זיך שיידן מיט דער אַרבעט, מיט די מענטשן...

דאָס גלײַכווערטל זאָגט: „דאָס עפּעלע פאַלט ניט ווײַט פונעם ביימעלע". אַזעלכע, ווי די עלטערן, זײַנען אויך די קינדער. דער טאַטע זכאַריע ראַכמילאָוויטש קאָן זײַן שטאָלץ מיט זיי. פּאָשעטע, האָרעפּאַשנע מענטשן. אַרבעטן אויף דער זעלבער פאַבריק. די ייִנגערע טאָכטער, ריווע, האָט זיך אויסגעלערנט פאַר אַ מעדיצין־שוועסטער און איז פאַרנומען אין מעדיציניִשן פּונקט, די עלטערע טאָכטער, ראָזע, איז אַן אינזשעניר־טעכנאָלאָג.

און אַליין יאָסיף זאַכאַראָוויטש? נאָכן פאַרענדיקן די שול איז ער אָנגעקומען אויף דער פאַבריק פאַר אַ לערן־ייִנגל.

ער דערציילט:

— באַוויזן מיר דעם פאַך האָט דער בעסטער שלאָסער אַנטאָן באַקשיעוויטש טיבערקאָוו. אַ געוועזענער פראָנטאָוויק. מײַן טאַטע קען אים גוט און האַלט פון אים...

די אַרבעט האָט יאָסיף זאַכאַראָוויטש צונויפגעפאָרט מיט דער הינטער־אויגיקער לער אין סאַמאַרקאַנדער אוניווערסיטעט. שוין זײַענדיק אַ דיפּלאָמירטער אינזשעניר, איז ער צוערשט אַ היפּשע צײַט געווען אַ מײַסטער אין מעכאַנישן צעך, זיך אָנגענומען מיט דערפאַרונג און מיט פּראַקטישע געוווינהײַטן.

דעם יונגן ספּעציִאַליסט האָט מען באַמערקט און אַרויסגערוקט אויף דער שטעלע פונעם דירעקטאָרס שטעלפאַרטרעטער און דערנאָך אַלס דירעקטאָר פון דער פאַבריק „כודזשום".

דאָ ניט לאַנג צוריק איז בײַ די באַדאַלאָווס געווען אַ טאָפּלטע סימכע. מע האָט אָפּגעמערקט זכאַריע ראַכמילאָוויטשעס פינף־און־זיבעציקסטן געבורטסטאָג, און אין אַ כוידעש אַרום, אין דעם זעלבן גערױמען הויף, בײַ די זעלבע יאָמטעוודיקע טישן, האָט הילכיק געקלונגען אַ פרייִלעכע כאַסענע.

יאָסיף זאַכאַראָוויטש וווינט אויף דער טאָלמאַסעווער גאַס צוזאַמען מיט זײַן פאָטער זכאַריע, מיט

דער פרוי מאַוראַט יאַכיעלעוונע און מיט דרײַ טעכטער. די עלטערע, עלע, איז שוין אַן אויסגעגעבענע, אַן אַקושערקע, בערטע לערנט זיך ערשט אין זעקסטן קלאַס, און די כאַסענע האָט מען געפּראַוועט ווערען — זי איז אַ דאָקטערין אין דעם זעלבן געבורט־הויז, וווּ עס אַרבעט די שוועסטער עלע. דער כאָסן — אַ הויכער, שטאַלטנער יונגערמאַן מיט אַ פרײלעכן קלוגן גלאַנץ אין די אויגן, איז אַ ספּעציאַליסט פון די הײַנטיקע נײַע פּראָפעסיעס — אַ פּראָגראַמיסט אינעם רעכנצענטער פון דער געגנטלעכער סטאַטיסטישער פאַרוואַלטונג.

אַ קנאַפּ יאָר איז יאָסיף זאַכאַראָוויטש אָפּגעווען דירעקטאָר פון דער פאַבריק „כודזשום" — און ווידער אַ נײַע אַרבעט: מע ווײלט אים אויס פאַרן פאָרזיצער פונעם סיאַבער ראַי־אויספּירקאָם. און אָט איז שוין זעקס יאָר, ווי ער פירט אָן מיטן ראַיאָנישן סאָוועט פון פאָלקס־דעפּוטאַטן.

מיר איז דאָ ניט לאַנג אויסגעקומען צו זײַן אויף אַ סעסיע פונעם ראַיסאָוועט. ס'איז געגאַנגען אַ רייד וועגן איינער פון די וויכטיקסטע פּראָבלעמען, וואָס שטייען הײַנט־צו־טאָג: אַרויסלאָזן מער גוטע געברויך־זאַכן פאַר דער באַפעלקערונג. צו דער סעסיע איז געמאַכט געוואָרן אַן אויסשטעלונג פון סכוירעס, וואָס די אונטערנעמונגען פונעם ראַיאָן לאָזן אַרויס. איך בין געווען אַליין אַן איידעס, ווי די דעפּוטאַטן האָבן פרײַנטלעך אַרומגערינגלט באַדאַלאָוון, אָפנהאַרציק און געמיטלעך מיט אים געשמועסט. און ער האָט אויסגעזען ווי אַ גלײַכער צווישן גלײַכע, ניט פּאָזירנדיק, ניט אַרויסווײַזנדיק קיין מינדסטן אָנדײַט, אַז ער איז מיט עפּעס־וואָס העכער לויטן טשין, ווי עס רעדט זיך — „דאָס אייבערשטע פונעם שטייסל" אין ראַיאָן.

— טוט נאָר אַ קוק, וואָס פאַר אַ ווײלע זאַכן מיר האָבן לעצטנס אָנגעהויבן אַרויסלאָזן, — האָט ער מיט פרייד אָנגעוויזן אויף די עקספּאָנאַטן פון דער אויסשטעלונג און בייסמײַסע אינקרוצן דערציילט, אַז פאַר די יאָרן פונעם לעצטן פינפיאָר איז אינעם ראַיאָן, כוץ דער גרינטלעכער פּראָדוקציע, אויסגעאַרבעט געוואָרן סכוירע פון פאָלקס־געברויך קימאַט אויף אָנדערהאַלבן מיליאָן רובל. עס ווערט דורכגעפירט אַ ברייטע פּראָגראַם פון רעקאָנסטרויִרן די אונטערנעמונגען, אײַנגלידערן די פאָרגעשריטענע טעכנאָלאָגיע. און אין דעם אַלעמען באַטייליקן זיך אַקטיוו די אַרבעטער, אינזשענירן, טעכניקער, די דעפּוטאַטן פונעם ראַיאָנעם סאָוועט.

אויף דער סעסיע האָבן די דעפּוטאַטן אַרויסגעשטעלט עטלעכע אָנפֿראַגן. ביכלאַל, אָנפֿראַגן, וויאַזוי עס ווערן אויסגעפילט די אָנזאָגן פון די וויילער, וויאַזוי עס ווערן רעאַליזירט די אָנגענומענע באַשטימונגען און געלייזט די נייטיקע פראַגן און פּראָבלעמען, איז שוין אַליין פאַר זיך געוואָרן אַ וויכטיקע זאַך אין דער טעטיקײַט פון די פאָלקס־דעפּוטאַטן. שוין אַליין די טײַנעס זייערע, פאַרוואָס עס איז שוואַך אָרגאַניזירט דער האַנדל מיט גרינס און פרוכטן, פונוואַנען נעמען זיך די כעסרוינעס אין דער אַרבעט פון די בויער, און אַזוי ווײַטער — זאָגן איידעס וועגן דעם ערנסטן צוגאַנג פון די דעפּוטאַטן צו באַפרידיקן די נויטווענדיקײַטן פון די פּראָסטע מענטשן.

— אַוואַדע, ניט טאָמיד גיט זיך אונדז אײַן אַלץ צו לייזן אָפּעראַטיוו און גרינטלעך, — באַדויערט יאָסיף זאַכאַראָוויטש. — נאָר ווערטפול איז דאָס, וואָס אונדזערע דעפּוטאַטן ווײַזן לעצטנס אַרויס מער איניציאַטיוו און אַקטיווקײַט אין אַלע געביטן פון זייער טעטיקײַט.

ער קוקט אַרײַן אין דעם דיקן בלאָקנאָט, וואָס ליגט אויפן טיש, און גיט צו:

— אַגעוו, דעפּוטאַטן זײַנען בא אונדז מענטשן פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, און צווישן זיי — ניט ווייניק יידן.

צום באַדויערן, זײַנען אויך פאַראַן אַזעלכע דעפּוטאַטן, וועלכע באַרעכטיקן ניט דעם צוטרוי, וואָס מע האָט זיי אַרויסגעוויזן. פון קיינעם באַהאַלט מען עס ניט אויס. און באַדאַלאָוו דערציילט, וויאַזוי דער ראַיאָנער סאָוועט האָט געהאַט אָפּגענומען בא איינעם אַ דעפּוטאַט זײַן מאַנדאַט פאַר ערנסטע כעסרוינעס אין דער אַרבעט, בא אַן אַנדערן — פאַר ניט־אָרנטלעכע מײַסים.

באַדאַלאָוו זעט אויס ווי אַ יונגערמאַן, כאָטש ער ווערט שוין באַלד אַלט פופציק יאָר. ער איז פול מיט קויכעס און ענערגיע, מיט טרוימען און פאַרלאַנגען, מיט פאַרטראַכטן און זוכונגען. זײַענדיק אַ מענטש מיט אַ רײַכער לעבנס־דערפאַרונג, מיט אָרגאַניזאַטאָרישע פעיִקײַטן, באַמיט ער זיך טאָן אַלץ, וואָס עס איז אָפּהענגיק פון אים גופע, דעם פאָרזיצער פונעם ראַי־אויספּירקאָם, ווי אויך פון די דעפּוטאַטן פון דעם ראַיאָנעם סאָוועט, אַז די נײַע אויפגאַבן פונעם הײַנטיקן טאָג, בייס אומעטום אין לאַנד גייט אַ האַסטיקע איבערגעשטאַלטיקונג אין אַלע געביטן פונעם לעבן, זאָלן מיט דערפאָלג פאַרווירקלעכט ווערן אויך בא אים, אין סיאַבער ראַיאָן.

■

## שירע גאָרשמאַן

# עקאָנאָמיק איז א האַרט ניסל

ווי קומט די קאַץ איבערן וואַסער, וויאַזוי בין איך געקומען צו די לאַכמאַנס?

כ׳האָב זיך באַקאַנט אין א טרויעריקן טאָג, ווען מיר האָבן באַגלייט וואָרן גאָנטאַרן אין דער אייביקייט, מיט זייער א כיינעוודיקער פרוי, מיט מאַריע גריגאָריעוונע קאַראָנעץ. געגעבן איינער דער אַנדערער די טעלעפאָנען, און ווי נאָר זי פלעגט מיר קלינגען, איז שטענדיק דער זעלבער פּיזמון:

— פאָלגט מיך, קומט מיט מיר צו די לאַכמאַנס, דאָס זײַנען אַזעלכע מענטשן, וואָס זאָל איך אײַך ברייען, איר וועט אַליין זען.

און כאָטש די נאָוואָטאָרן־גאַס, ווו די לאַכמאַנס לעבן, איז פון מיר א גוטער האָזן־שפּרונג, בין איך אין איינעם א שאַבעס אַהין אוועקגעפאָרן.

ווען איך בין געקומען, איז מאַריע גריגאָריעוונע שוין געזעסן דאָרטן און איר גאַנצער אָנבליק האָט געוויזן, אַז זי איז דאָ אַן אייגענער מענטש.

נאָר ביז צו קומען אויף יענער גאַס מוז איך זיך צוריקערן אין מעטראָ־וואַגאָן.

אָט זיצט א כאָפּטע יונגע כעוורע, די שפּיציקקנאָכיקע קני צעשפּרייט, ווי קראָקוויס, אַנטקעגן זיי שטייט א באַיאָרטע פרוי מיט די מאָדערנע צײַגענע בלינדע טאָרבעס, אַז קיין בייז־אויג זאָל אַהין ניט אַרײַנקוקן. לעבן מיר שטייט א ייִנגערע אין א קאַראַקול־פעלץ. איר קליין בייז פּענעמל קוקט פון אונטער דער ברייטער פוטערנער הוט ווי א פײַג פון אונטער א דעכעלע. וויפל שפּעלעך האָט מען אָפּגעשונדן, אַז די־אָ זאָל זײַן אָנגעוואַרעמט!

דאָס אַלץ האָב איך באַקוקט און, פאַרשטייט זיך, מיטגענומען צו די לאַכמאַנס. נאָר אַז יויסעף לוואָוויטש האָט געעפנט די טיר, איז מיר אַלץ אַרויסגעשפּרונגען פון זינען. איך האָב דאָך געטראַכט — „א דאָקטער, א פּראָפעסאָר פון עקאָנאָמיק”, מיסטאָמע איז דאָס דער עמעסער סוכאַר, א שטיק האָלץ, אָדער, ווי מע זאָגט אין קעשענעוו, א „סעכער”. נאָר דאָס אַלץ איז אַוועק ווי רויך, וואָרעם אַזאַ שמייכל, אַזעלכע פריידיקע אויגן. איינס און צוויי בין איך שוין אָן דעם מאַנטל, און לעבן מײַנע פיס שטייען שליורקעס, ווי געזאָגט, אָן א געגעם איז קיין גאַניידן ניטאָ. אַז מע זעט א סאַך גלײַכגילטיקע פּענעמער, איז זייער, אָנגעלייגט א שמייכל, פרײַנטלעכקײַט. אין א ווײַלע אַרום איז שוין דאָ יויסעף לוואָוויטשעס פרוי, אינע יאַקאָוולעוונע, א ביסעלע פול, אָבער אויך דורכויס שמייכל, פרײַנטלעכקײַט.

— מיר זײַנען אײַך זייער בלאַגאָדאַרנע, אָטליטשנע, וואָס איר זײַט געקומען!

איז שוין פאַרשטענדלעך, אַז קיין מאַמע־לאָשן קען זי ניט.

מע זאָגט: וואָס פאַר א ראָוו, אַזאַ קאָהאָל. לויט מיר, וואָס פאַר א קאָהאָל — אַזאַ ראָוו. אַזויפיל זעליקײַט, אַזוי צוטריטלעך, מאַמעש די נעשאָמעס אין די הענט אַנטקעגן דעם גאַסט. כאָטש מיר זײַנען ניט נאָרוואָס געבוירן, און ס׳איז צו פאַרשטיין, אַז אַכוץ דעם גייט א לעבן מיט ביטערקײַט, מיט שווערקײַט, מיט קראַנקע קרויווים, צו וועלכע מע דאַרף פאָרן, און נאָך, נאָך א סאַך נייטיקע זאַכן.

אָבער...

אָבער וויפל מאָל איך בין דערנאָך ניט געווען בא די לאַכמאַנס, האָב איך ניט געטראָפן אויף זייערע פּענעמער פאַרצאָרנטקײַט אָדער אומעט — אַלעמאָל געשמייכלט, אַלעמאָל באַגעגנט מיט גרייטקײַט. אינע איז דאָך ביכלאַל אָן א גאַל. זײַט וויסן, אַז מע טאָר גאָרנישט ניט זאָגן. טאָמער האָב איך זיך מיט א פּאָר יאָר צוריק אַרויסגעכאַפּט, אַז איך האָב ניט קיין געשטריקט יאַקל, האָט זי מיר אין איינעם א זונטיק געבראַכט א געשטריקט יאַקל. ווי שטעלט איר זיך פאָר, פון אַזאַ מאַטאָנע ווערט ביטער אין נאָז. פאַרשטייט זיך, לאַכמאַן איז ניט קיין בעניאָכיד, ער האָט נאָך צוויי ברידער. סײַ ער, סײַ דער עלטערער ברודער האָבן דורכגעמאַכט די גאַנצע מילכאָמע, האָבן א סאַך באַלוינונגען. דער סאַמע עלטערער וווינט אין עלעקטראָסטאַל, און ער האָט מיט א קורצער צײַט צוריק געהאַט אַן אינפאַרקט. אַלע שאַבעס פאָרן אַהין יויסעף לוואָוויטש און אינע. איצטער איז אים שוין א ביסעלע בעסער.

קיין געסט פעלן דאָ ניט. ערשטנס, דער פּלימעניק, ליאָווע, דער ייִנגערער ברודער שימען, אויך א מענטש אָן א גאַל, וואָס האָט איין צאָרע — ער

קאָן ניט זײַן אַליין. זוכט ער, ווײַל זײַן פֿרוי איז ניט לאַנג צוריק געשטאָרבן, ניט דאָ געדאַכט. דער פֿלימעניק ליאָווע איז אַ קאַנדידאַט פֿון כעמישע וויסנשאַפֿטן. ער האָט אַ שמייכעלע — אַ רעטעניש, גלײַך איר הייבט ניט אָן צו וויסן, וואָס אים איז באַוווּסט, אָבער זייער אַן אַנטוויקלטער באָכער, אַף אַזויפֿיל אַנטוויקלט, אַז ער האָט שוין גאָר ווינציק האָר אויפֿן קאָפּ. טאַקע צו אים זאָגט אינע:

— ליאָוושקע, בוד דאָבר, שטעל אַוועק דעם טיש.

איינס און צוויי איז דער טיש פֿאַנאַנדערגעלייגט, אינע שפּרייט אַרויף דעם ברייטן, ציכטיקן טישטעך, שטעלט פֿאַנאַנדער אַלע פֿאַרשפּײַז, וואָס זי האָט צוגעגרייט, — אַ סאַלאַט פֿון בורעקעס, אַ סאַלאַט פֿון פּאָמידאָרן אין סאַמע פֿראָסט, אַ סאַלאַט פֿון גרינע אַרבעס מיט קאַרטאָפֿל און מיט האַרטע אייער, הערינג, שפּראָטן, נאָך און נאָך. פֿונדעסטוועגן האָט יוסף לוואָוויטש ניט קיין געדולד און שרײַט:

— באַלעבאָסטע, מיר זעצן זיך אָדער מיר שטייען נאָך אַלץ?

— מיר זעצן זיך. מיר זיצן שוין.

יוסף לוואָוויטש גיסט אָן אין די קעלישקעס און באַמערקט גאַנץ זאַכלעך:

— מע טאָר טאַקע ניט, נאָר צו קאַפּעלעך מאַכט ניט אויס.

ליאָווע קאָן דאָס ניט אַריבערטראָגן: „סע מאַכט ניט אויס, צי עס מאַכט יאָ אויס, וואָס האָסטו מיר געגעבן אַ פֿינגערהוט, גיב אַ לײַטיש גלעזל?״

מע עסט, מע טרינקט. די באַלעבאָסטע שווינדלט אַהין און אַהער, ווײַל מיט דעם, וואָס עס איז געשטאַנען אויפֿן טיש, ענדיקט זיך ניט. עס איז נאָך דאָ אַ יויך, אַ ראָסלפֿלייש, געבראָטענע אָף, אַרומגעקרענצלט מיט געקאָכטע פּרוכטן, גרינס.

געסט פֿון אומעטום. ס׳איז דאָ אַ גאַסט פֿון טאַשקענט. ס׳איז דאָ אַ גאַסט פֿון פֿרונזע, ס׳איז דאָ אַ גאַסט פֿון קאַווקאַז. דאָס זײַנען יונגעלײַט, וואָס וועלן פֿאַרטיידיקן אַ דיסערטאַציע. דעריבער הערט מען אויף צו עסן און זייער אַפּאָנענט יוסף לוואָוויטש זאָגט זייער ערנסט, אַפֿילו אומעטיק:

— אַבראַזאָוואַניע האָט נאָך קיינעם ניט געשאַט, עסט, עסט, אָבער וויסן זאָלט איר און געדענקען: דעריקער איז ניט דאָס, וואָס דער פּראָפֿעסאָר וועט אײַך זאָגן, נאָר דאָס, וואָס איר אַליין גופֿא פֿאָדערט פֿון זיך און ווילט פֿון זיך זען. איך ווייס ניט אײַער אויסקומעניש, אָבער געוויס האָט איר ניט געהאַט אַזאַ קינדהײַט, ווי איך און מײַנע ברידער, וועלכע האָבן קיין קינדהײַט ניט געהאַט. איך בין געבליבן אַ יאָסעם צו נײַן כאַדאָשים, איך געדענק, ווי די שכײַנעס האָבן מיך געהאָדעוועט, איינע אַ שכײַנע האָט אַפֿילו געוואָלט מיך נעמען פֿאַרן אייגענעם זון, אָבער דער טאַטע, אָלעווהאַשאָלעם, האָט ניט געגעבן: „איך בין דער טאַטע, און די קינדער זײַנען מײַנע״. אָט זיצט מײַן עלטערער ברודער שימען, צו אים האָט די שטיפֿמאַמע געשריִען: „סימקע, נאָך וואָס ביסטו אַרײַנגעלאָפֿן, ווילסט שוין ווידער גאַנוועגען ברויט?״ און מײַן שימען פֿלעגט אַוועקגיין מיט דעם, וואָס ער איז געקומען. צי דען דאַרף איך זאָגן, אַז הונגער איז ניט קיין זיסע זאַך. אײַך צאָלט מען דערפֿאַר, וואָס איר לערנט זיך, איר זײַט בײַ טאַטע־מאַמע, וועלכע קויפֿן אײַך זייגערלעך, שוכוואַרג, און איך ווייס אַליין ניט וואָס!



יוסף לאַכמאַן

ס׳ווערט שטיל. יוסף לוואָוויטש זיצט אויך שווײַגנדיק מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן־לעפֿלעך, נאָר סײַוויסײַ זעט מען, אַז ער איז איצט אין זײַן קליין שטעטעלע דונעוועץ, און ער הערט מאַמעש: „דו ביכט שוין ווידער געקומען גאַנוועגען ברויט?״

בײַ די לאַכמאַנס איז אַלעמאָל געמיטלעך, כאָטש איצטער איז אין זייער דירע געוואָרן ענגער, ווײַל דער זון, וואָס האָט געענדיקט דעם פֿיזקולטור־אינסטיטוט און ער האָט אַזאַ ספּעציאַליטעט, אַז מע זאָל באַהיט ווערן! — ער איז אַ לערער פֿון שווערד־געפֿעכט, האָט שוין כאַסענע געהאַט, און איין צימער פֿאַרנעמען איצטער די יונגע. דער געפֿעכט־מײַסטער און זײַן ווײַב מײַעטשקע — אַלץ גייט קעשורע, אָבער ווען איך קלינג אָן און פֿרעג:

— אינע יאַקאָוולעוונע, וואָס הערט זיך בײַ מײַעטשקען?

הער איך טאָמיד:

— דערווײַל איז נאָך אַלץ בײַ אונדז איבווייניק.

איך פֿאַרשטיי דאָס, ווײַל אינע יאַקאָוולעוונע איז דאָך אויף דער צײַט איינינעם מיט דער שנור. איצט פֿאַרט מײַעטשקע שוין זעלטענער צו דעם

פעטער, וואָס איז, נעבעך, אַן אַלמען, צו דער פּלימעניצע, וואָס האָט אַ קליין קינד, צו אַ מיטאַרבעטערן, וועלכע איז ניט מיט אַלעמען, און צום צווייטן פעטער, וואָס איז ניט קיין אַלמען, אָבער פונדעסטוועגן פלעגט אינע יאַקאָוולעוונע אַלע וואָך אַוועקפירן געננוג שפּײַז. ווערטלט זיך יויסעף לוואָוויטש:

— איך הערט, שירע־לעבן, איך וואָלט שוין בעסער געוואָלט, איך זאָל זײַן אירער אַ פעטער אָדער אַ פּלימעניצע, וואָרעם איך זע זי קימאַט ניט.

דאָס איז אַזוי. מישפּאָכע. פאַרשיידענע פּאַסירונגען. אַכוץ דעם עלטערן ברודער, וואָס ליגט אין עלעקטראָסטאַל. דער ייִנגערער ברודער שימען האָט שוין אַ ווײַב, מאַזלטאָוו! קומט ער טאַקע מיט דעם ווײַב אַלע שאַבעס. ס׳קומט פון גאָרקי דער דיכטער עליע ביידער, ער איז אויך פון דונעוועץ, האָט ער דאָ אַ ברידערלעכע באַגעגעניש. זאַלמען ליבינזאָן איז דאָ אויך אַ גאַסט. אַזוי אַז דאָ פעלט ניט, אַכוץ מיר. נאָר יויסעף לוואָוויטשן איז קנאַפּ, וואָס ער איז אַ פּראָפעסאָר, אַ דאָקטאָר פון עקאָנאָמיק, ער זעצט נאָך איבער לידער אויך און דערמאָנט אָפּט, וואָס פאַר אַ גוטע „אָטמעטקעס" ער פלעגט האָבן אין דער ייִדישער אַכטיאָריקער שול, וועלכע ער האָט געענדיקט. וויאַזוי אַהינצו פלעגן קומען האָפּשטיין, האַלקין, און וויאַזוי פעפער האָט אַמאָל געלויבט זײַנע אַ ליד, ווו עס האָט זיך געגראַמט „אימפעט" מיט „קימפעט". ער האָט געגלעט דעם קליינעם יויסעפן איבערן קעפּל און צוגעזאָגט אַ וווּנדערלעכע צוקונפט.

דאָ האָט מען זייער ליב מאַמע־לאָשן, אַפילע פאַרן ברודער פון עלעקטראָסטאַל האָט שימען אויסגעשריבן „סאָוועטיש היימלאַנד", ס׳ווערט אַרומגערעדט יעדער נומער פונעם זשורנאַל. ס׳טרעפט אויך, אַז יויסעף לוואָוויטש דערמאָנט זיך, אַז אַף פּאָסילקעלעך פון דער היים אין אינסטיטוט האָט ער ניט געדאַרפט וואַרטן, הונגעריק איז ער אַלעמאָל געווען, פונדעסטוועגן געענדיקט אַף „אויסגעצייכנט", אין 1972 פאַרטיידיקט אַ דאָקטאָר־דיסערטאַציע, פאַרשטייט זיך, האָט מען גוט געדאַרפט אַרײַנהאָרעווען און אַרײַנלערנען. און ווען ער האָט מיט מאַזל פאַרטיידיקט, איז אים צוגעייגנט געוואָרן דער טיטל פּראָפעסאָר, דאָקטאָר פון עקאָנאָמישע וויסנשאַפטן. און אָט איז שוין דאָס דרײַ־און־צוואַנציקסטע יאָר, ווי ער אַרבעט אין דעם צענטראַלן עקאָנאָמיש־מאַטעמאַטישן אינסטיטוט פון דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פססר.

נאָר דאָס איז אים אַלץ קנאַפּ. זעצט ער איבער אַף ייִדיש פּושקינען און איז טאַקע מיט דעם געווען אין רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד". און ער האָט, עמעס, האַרצוויייטיק, וואָס דערווײַל איז עס נאָך ניט אָפּגעדרוקט...

---

## כראָניק

### ערן־בירגער פון דער שטאָט טשערנאָוויץ

אין איינעם אַ זוניקן זונטיקדיקן האַרבסט־טאָג האָט טשערנאָוויץ צום ערשטן מאָל געפּײַערט אַ נײַעם יאָמטעוו. הייסן הייסט ער — „דער טאָג פון דער שטאָט", און איז געווען געווידמעט דעם זיבעציקסטן יאָרטאָג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע.

דאָס איז געווען אַ יאָמטעוו פון פרייד און פון בלומען, פון הערלישער מי, פון געזאַנג און פון טענץ אַף די פּלעצער און גאַסן פון דער שטאָט, פון פיל רעגעוודיקע באַגעגענישן אין די שטאָטישע מוזייען, פאַרביקע פאָרשטעלונגען אין די קלובן און קולטור־פּאַלאַצן.

אין די פּײַערונגען האָבן אָנטיילגענומען דעלעגאַציעס פון ריאַזאַנער, טערנאָפּאָליער און אוזשגאָראָדער געגנטן.

דער צענטער פון די פּײַערונגען איז געווען דער שטאָטישער סטאַדיאָן, וווהין עס האָבן זיך צונויפגעקליבן אַריבער פופצן טויזנט מענטשן. די אַרויסטרעטונגען פון די זינגער און דעקלאַמאַטאָרס, די קאָלאָריטפולע ספּאָרטיווע פאַרמעסטונגען זײַנען געווען איבעראַשנדיקע.

דער פאָרזיצער פון שטאָטראַט פּאַוועל מיכײַלאָוויטש קאַספּריוק האָט אין זײַן עפענונגס־רעדע געמאָלדן, אַז צען כאָשעווע לײַט פון דער שטאָט איז צוגעייגנט געוואָרן דער טיטל — ערן־בירגער פון דער שטאָט טשערנאָוויץ.

צווישן זיי דער העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד וו. אי. פּריכאָדקאָ, דער געוועזענער סעקרעטאַר פון אונטערערדישן געגנטקאָם פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון רומעניע ב. ש. קאַץ, דער פאַרדינסטפולער בויער פון דער רעפּובליק אי. וו. ריגאַ, דער שרײַבער כ. ג. מעלאַמוד, דער פּראָפעסאָר פונעם טשערנאָוויצער אוניווערסיטעט אָ. אי. לאַפּושאַנסקאַיאַ, דער פאָלקס־אַרטיסט פון דער רעפּובליק פּ. ג. מיכניעוויטש און אַנדערע.

## אף דעם בלויען עקראַן

פֿאַר ביידן פֿאַר אונדז, מײַן געפֿונענער כאַווער, דאָס איז ניט קיין ניַיס...
שוין דרײַ פֿערטל שאָ אפֿן בלויען עקראַן מע באַווײַזט
דאָס שטעטכל ערד, ווו געפֿלאַקערט עס האָט דאַן דער קריג,
ווו מיר האָבן מיט קויעך דעם ביטערן סוינע באַזיגט.
און אָט איז דער קייוער, ווו ס׳ליגן אין אייביקן שלאָף
די כעווירע די יונגע, וואָס האָבן פֿאַרטיידיקט דאָס דאָרף.
לעם דערפֿל קעסיידער א טײַכל א רויִקס פֿליסט,
לעקאָוועד די קעמפֿער איז אויפֿגעשטעלט אַן אָבעליסק.
איך וויים, אַז דו האָסט ניט פֿאַרגעסן דעם טאָג און די שאָ.
. . . . . . . . . . . . . . .
שוין לאַנג אף דעם בלויען עקראַן ווערט געוויזן קינאָ.

## ווינטער

איך שטיי אף מײַן פּאָסט
פֿונדערפֿרי:
מיט א כאַווער בישכיינעס.
א פֿראָסט
און א שניי ביז די קני —
ניט ווײַט איז דער סוינע.
איך זע ווי דער ווינט
אין זײַן זײַט
בייגט די שטעכיקע דראָטן.
דאָ היט מען די טריט
און די צײַט,
דאָ האָט נאָך קיין מענטש ניט געטראָטן.

די טריט איך דערקען,
די געפֿאַר,
יעדן אָפּקלאַנג — פֿונוווײַטן...
כ׳האַלט מײַן ביקס אין די הענט
ווי מע דאַרף,
ביז מע וועט מיך פֿאַרבײַטן.
כ׳טרעט ניט אָפּ פֿונעם אָרט,
ווו א קנויל
הוילע טאָפּאָלן שטייען.
— ווער גייט עס דאָרט?
סטאָי! איך באַפֿויל.
— רויטאַרמייער!

## ביזוואַנען איך לעב

די ערטער, ווו איך בין געווען,
אצינדער איז שווער צו דערקענען.
וועליקיִע לוקי און רזשעוו,
און דאָרטן — פֿיל הייליקע נעמען.

ביזוואַנען איך אָטעם און לעב,
איך וועל מײַן זיקאָרן געטרויען.

כ׳געדענק: אין א יישעוו לעם וועג
האָט אָפּגעשטעלט מיך א פֿויער.

איך האָב בא דעם אַלטן באַמערקט
א טרער אין די אויגן און ווייטיק,
ווײַל ווער ס׳זאָל ניט דורכגיין, האָט ער
געמיינט, אַז א זון זײַנער גייט עס.





שלוימע ווערכאַווסקי

# העלדן שטאַרבן ניט!

וועגן די לעגענדאַרע העלדנטאַטן פון די פליִער דערוויסן מיר זיך אויך איצט, אין פערציק יאָר אַרום, א סאַך נײַס. אַזוי, לעמאָשל, איז אַלעמען באַוווּסט דער העלדנטאַט פון ניקאָלײַ גאַסטעלאָ און פון זײַן עקיפּאַזש, וועלכע האָבן דעם 26 יוני 1941 געריכטעט זייער ברענענדיקן באָמבאַרדירער אין דער געדיכטעניש פון א פײַנטלעכער מעכאַניזירטער קאָלאָנע. ניט אַלע אָבער ווייסן מיסטאָמע, אַז פּונקט אַזאַ העלדנטאַט זײַנען באַגאַנגען העכער 500 עקיפּאַזשן אין באַשטאַנד פון 766 פליִער, שטורמאַנס, ראַדיסטן און לופט־שיסער. זעכצן פון זיי זײַנען געבליבן לעבן. אויך די דאָזיקע אָנגאַבן זײַנען אָבער ניט קיין ענדגילטיקע. אין די ווײַטערדיקע פאָרשונגען קאָנען ווערן באַוווּסט נײַע נעמען פון העלדן.

1

אין זשורנאַל „כאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 5 פאַרן 1975 איז דערציילט געוואָרן וועגן זעקס פליִער־ייִדן, וועלכע זײַנען באַגאַנגען דעם זעלבן העלדנטאַט. אין רעזולטאַט פון זוכונגען, זײַנען געפונען געוואָרן א סאַך נײַע אינטערעסאַנטע מאַטעריאַלן. איך וועל דערציילן וועגן 13 פליִער, שטורמאַנס, לופט־שיסער — ייִדן, וועלכע זײַנען באַגאַנגען דעם אומשטערבלעכן העלדנטאַט — א פײַערדיקן טאַראַן.

דעם 27 יוני 1941 האָבן די מיליטער־קויכעס פונעם מײַרעוו־פראָנט פאַרגעזעצט די שווערע פאַרטיידיקונגס־שלאַכטן צאָפנדיקער פון מינסק, און אויף דער באָברויסקער ריכטונג זײַנען זיי אָפּגעטראָטן איבערן טײַך בערעזינא.




א דענקמאָל איסאַק פּרעסײַזענען און זײַן עקי־
פּאַזש נעבן דאָרף ראָגאָוואָ אױפֿן אָרט פֿון דעם
העלדישן טױט פֿון די דרײַ שלאַכטלײַט

און אינדערלופֿטן... דאָרט זײַנען געגאַנגען פֿאַרביטערטע שלאַכטן. די קויכעס זײַנען געווען ניט קײן גלײַכע. שווער איז אונדזערע פֿאַרניכטלער, שטורמאָוויקעס, באָמבאַרדירער אויסגעקומען אין די ערשטע טעג פֿון דער מילכאָמע, ווען אין די לופֿט־שלאַכטן און אױף די אַעראָדראָמען האָבן די פֿײַנט פֿאַרניכטעט אַרום 1200 אונדזערע אַעראָפּלאַנען.

אין הײסן האַלבטאָג פֿון דעם 27 יוני האָט דער ריינג פֿון שנעל־באָמבאַרדירער פֿונעם עלטערן לײַ־טענאַנט איסאַק פּרעסײַזען געמאַכט דעם ערשטן אַרויספֿלי פֿון וויטעבסק, דאָרט איז דער פּאָלק גע־שטאַנען אין זומער־לאַגערן. נאָכן אויספֿילן די פֿאַר־געבונג האָט דער מעכאַניקער דערזען אין זײַן אַעראָפּלאַן צען לעכער פֿון קוילן. אָבער פּרעסײַ־זען האָט געהײסן גרייטן דעם באָמבאַרדירער צו א נײַעם אַרויספֿלי. „ניטאָ קײן צײַט איצט אױף אָפּצו־רוען", — האָט ער געזאָגט. נאָכן רעמאָנט האָט די עסקאַדריליע זיך אױפֿגעהויבן אינדערלופֿטן, אין דער זײַט פֿונעם קעגנער.

בײַס דער באָמבאַרדירונג פֿון די דײַטשישע טאַנ־קען און פֿון דער מאַטאָ־פּעכאָטע האָט א זעניט־סנאַריאַד אָנגעצונדן דעם בענזין־באַק פֿון פּרעסײַ־זענס אַעראָפּלאַן. אַראָפּשלאָגן דאָס פֿײַער האָט זיך ניט אײַנגעגעבן. דער אַעראָפּלאַן האָט זיך פֿאַר־וואַנדלט אין א פֿלאַמענדיקן פּאַקעל מיט א שוואַרצן שלייף פֿון רויך.

דורך דעם געקנאַל פֿון זעניט־אופֿרײַסן האָט אין די שלעמאָפֿאָנען פֿון די פֿליִער פֿון דער עסקאַדרי־ליע זיך דערהערט פּרעסײַזענס שטים, געווענדט צום עקיפּאַזש:

— איך וועל אומקומען אַליין! שפּרינגט!

יענע אָבער, וועלכע האָבן שוין באַלד צוויי יאָר זיך ניט צעשיידט מיט אים סײַ אױף דער ערד, סײַ אינדערלופֿטן, האָבן ניט פֿאַרלאָזט דעם קאָמאַנדיר.

פֿריִער האָט מען אַלפּי טאָעס געמיינט, אַז פּרע־סײַזענס שטורמאַן איז געווען אַלעקסאַנדער פּוניג־סקי און דער לופֿט־שיסער — מיכאַיִל טרעטיאַקאָוו. איצט איז פֿעסטגעשטעלט לויט דאָקומענטן, אַז צוזאַמען מיט אים זײַנען אומגעקומען דער שטור־מאַן־מעכאַניקער, מיליטער־טעכניקער פֿון צווייטן ראַנג פּ. פֿ. אַקינין און דער שיסער־ראַדיסט, סטאַר־שינאַ א. וו. באַראַנאָוו.

די קאַמפּס־כאַווײרים פֿונעם דרייסטן קאָמוניסט האָבן געזען, ווי זײַן ברענענדיקער באָמבאַרדירער האָט האַסטיק פּיקירט אױף אַן אָנהויפֿונג פֿון פֿײַנט־לעכע טאַנקען און אויטאָמאַשינען. אינעם הימל האָט זיך דערהערט א מוירעדיקער אופֿרײַס, אין דער לופֿט האָבן זיך א הייב געטאָן ברוכשטיקער פֿון פֿאַשיסטישער טעכניק, קערפּערס פֿון דײַטשישע סאָלדאַטן.

איסאַק פּרעסײַזען און זײַן עקיפּאַזש זײַנען אומגעקומען, דער העלדנמוט פֿון די שלאַכטלײַט איז געווען שטאַרקער פֿונעם טויט.

דאָס איז געשען אױפֿן אַנדערן טאָג נאָך ניקאָלײַ גאַסטעלאָס העלדנטאַט.

אָט וואָס עס האָט געשריבן פּרעסײַזענס פּאָלק־כאַווער, איצט גענעראַל־מאַיאָר פֿון אַוויִאַציע ב. וואַ־סיליעוו: „...די דאָזיקע אומרויִקע יוני־טעג האָבן זיך אײַנגעגעשניטן אין מײַן זיקאָרן אױפֿן גאַנצן לעבן. נאָך דעם 22 יוני האָבן די אַוויִאַטאָרן פֿונעם 128־טן באָמבאַרדירער־פּאָלק, אין וועלכן כ'האָב געקעמפֿט, זיך פֿאַרזאַמלט אױף א מיטינג. דער עלטערער לײַ־טענאַנט פּרעסײַזען — א גוטמוטיקער און רויִקער גוואַר, אַן ערשטקלאַסישער שיסער, האָט, אַרויס־טרעטנדיק אױפֿן מיטינג, געזאָגט: „אָפּגעבן פֿאַרן זיג דאַרף מען אַלץ. אויב ס'וועט זיך פֿאָדערן, וועל איך אָפּגעבן מײַן לעבן".

דער קאָמאַנדיר פֿונעם 128־טן באָמבאַרדירער־פּאָלק האָט געשריבן אין אײנעם פֿון די ערשטע שלאַכט־ראַפּאָרטן: „בײַסן באָמבאַרדירן בא ראַדאָש־קאָוויטשי גרויסע אָנהויפֿונגען פֿון די פֿײַנטלעכע טאַנקען איז פּרעסײַזענס אַעראָפּלאַן אונטערגעקלאַפּט געוואָרן מיט אַן אויסערסט שטאַרקן פֿײַער פֿון דער זעניט־אַרטילעריע. זײַן פֿלאַקערנדיקער אַעראָפּלאַן איז אַראָפּגעפֿאַלן אין דער געדיכטעניש פֿון די מאַ־שינען".

ווער זשע איז געווען פּרעסײַזען, וויאַזוי איז ער געקומען צום העלדנטאַט?

איסאַק זינאָוויעוויטש פּרעסײַזען איז געבוירן געוואָרן דעם 15 אויגוסט 1911 אין דער שטאָט פּראָסקוראָוו (איצט כמעלניצקי) אין אַן אָרעמער מישפּאָכע פון אַ שנײַדער. אין 1919 האָבן די פּעטליוראָווצעס דערהאַרגעט זײַן מוטער און שווער פאַרוווּנדעט דעם טאַטן. מיט קאָנטשיקעס האָבן זיי געשלאָגן די קינדער. איסאַק האָט מיט זײַן קער־פּער פאַרשטעלט דאָס שוועסטערל ניִנע, וואָס איז אַלט געווען איין יאָר, געראַטעוועט עס פון טויט און אַליין אַלפּי נעס לעבן געבליבן.

ווען ער האָט פאַרענדיקט די שול, האָט דער באַ־כער אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס מאָדעלירער אויף אַ פּראָסקוראָווער אונטערנעמונג, שפּעטער געקומען קיין לענינגראַד און זיך אײַנגעאָרדנט אַלס אַרבע־טער אויפן זאַוואָד „עלעקטראָאַפּאַראַט". געוואָרן אַ שלאָגלער פון דער פּראָדוצירונג, אַרײַנגעטראָטן אין קאָמיוג און איינצײַטיק זיך געלערנט אין אָוונ־טיקן אַרבפאַק. אין 1932 האָט אים די זאַוואָדישע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אויפגענומען, ווי אַ פאַרגעשרי־טענעם אַרבעטער און אַקטיוון קאָמיוגיסט, אין דער פּאַרטיי. אין דעם זעלבן יאָר, ווען די פּאַרטיי און דער קאָמיוג וואָרפן אַ רוף: „די יוגנט — אויף אַעראָ־פּלאַנען!", קומט פּרעסײַזען אָן אין דער אוויִאַ־שול פון דער שטאָט ענגעלס און פאַרענדיקט זי מיט דערפּאָלג.

ער האָט שנעל באַהערשט די באַנאַכט־פלוגן, געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָט זיך אויפ־געהויבן אויף אַ באָמבאַרדירער אויף אַ הייך פון 8.000 מעטער. ער האָט אָנטיילגענומען אין די אוויִאַציע־פּאַראַדן אין די יאָרן 1940 און 1941, געפירט זײַן אַעראָפּלאַן אינעם הימל איבער דעם רויטן פּלאַץ פון דער הויפּט־שטאָט צוזאַמען מיט די בעסטע פּי־לאָטן פון אונדזער לאַנד. זײַן קאַמפס־מײַסטער־שאַפט איז אויסגעפּרוווט געוואָרן אין דעם באַ־פרײַונגס־מאַרש אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד. אין דער מילכאָמע מיט די ווײַספינער האָט ער דערלאַנגט צעשמעטערנדיקע קלעפּ דעם פײַנט.

דער אָנדענק פון אַ. פּרעסײַזענען און זײַנע שלאַכט־כאַווײרים איז ניט פאַרגעסן געוואָרן. אויפן קרייצוועג פון דעם שאָסיי לעבן דעם דאָרף ראַ־גאַווע איז אים אויפגעשטעלט אַ דענקמאָל פון ראַ־זעווען און גרויען גראַניט אויף אַ גרינעם פּאָן — דרײַ גרויסע גראַניט־שטיינער מיט אַן אויפשריפט אויף אַ מעמאָריאַל־ברעט.

2

וועגן איסאַק מאָיסייעוויטש בעציסן איז אינעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" אויך געווען פאַר־עפנטלעכט אַ פאַרצייכענונג. איצטער זײַנען געפונען געוואָרן נײַע מאַטעריאַלן וועגן אים.

דער צווייטער מילכאָמע־זומער. די מיליטער־קרעפטן פונעם בריאַנסקער פראָנט האָבן געפירט בלוטיקע פאַרטיידיקונגס־שלאַכטן. מאָנטיק דעם 29 יוני 1942, אויפן צווייטן טאָג פון דער וואָראָניזש־



איסאַק בעציס

וואָראָשילאָווגראַדער אָפּעראַציע, האָט אינדערפרי געגאָסן אַ שטאַרקער רעגן, און דאָס האָט אַ ביסל געהאַמעוועט דעם אָנגריף פונעם קעגנער. צו האַלב־טאָג האָט ווידער אַ שײַן געטאָן די זון. דרײַצן אוזיי־גער האָט דער אָנגריף פון די דײַטשישע מיליטער־קויכעס זיך באַנײַט...

די שלאַכטן האָבן אָנגענומען אַ פאַרביטערטן כאַראַקטער. די פראָנט־צײַטונג „צעשמעטערן דעם פײַנט" האָט אין יענע טעג געשריבן: „אונדזערע פּליִער האָבן פאַר איין טאָג פאַרניכטעט 10 טאַנקען, 283 אויטאָמאַשינען, 30 פונקטן פון דער זעניט־אַרטילעריע, אויפגעריסן אַ כקלאַד מיט סנאַריאַדן, 7 אַעראָפּלאַנען אויף די אַעראָדראָמען".

נאָך דעם טראַגישן אומקום פונעם פּאָלק־קאָמאַנ־דיר, העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד יורי ניקאָלײַע־וויטש גאַרבקאָ איז מיט אַ רירנדיקער רעדע באַם אָרן אַרויסגעטראָטן דער פּאָלק־קאָמיסאַר, דער גע־וועזענער אָנפירער פון דעם אָדעסער קאָמסאָמאָל איסאַק מאָיסייעוויטש בעציס. אים האָט מען באַ־שטימט פאַרן קאָמאַנדיר פון דעם 24־טן באָמבאַר־דיר־אוויִאַפּאָלק פון דער 241־טער אוויִאַדיוויזיע, וועלכע האָט זיך באַזירט אויף אַ פראָנט־אַעראָדראָם הינטער יעלעץ.

אין דעם זעלבן טאָג, דעם 29 יוני, האָט מען דעם פּאָלק־קאָמאַנדיר בעציסן איבערגעגעבן אַ באַפעל: „לעבן דעם וואַסער־באַריער אינעם קוואַדראַט 017887 אַטאַקירן די קאָנצענטראַציע פונעם פײַנטס מיליטער".

אַרויסרופנדיק דעם לייטענאַנט אַרטיוכאָוו, האָט בעציס געזאָגט: „מע דאַרף פליִען אין אויסשפּי־רונג אָן דער באַגלייטונג פון פאַרניכטלער. דאָס איז זייער אַ וויכטיקע פאַרגעבונג, אויסשפּירן די

אָנהויפונג פונעם פײַנטס מיליטער. מירן פליִען צוזאַמען, איך וועל גיין אַלס פירנדיקער, די אעראָפּלאַנען זײַנען אפן סטאַרט".

צוויי פיקירנדיקע באָמבאַרדירער „פּע־2", אונטער דער אָנפירונג פונעם פאָלק־קאָמאַנדיר, זײַנען אוועק אַף מיזרעך. אין דער אָנגעמערקטער צײַט האָבן די באָמבאַרדירער זיך דערנעענטערט צום ראַיאָן, ווו די פאַשיסטישע כאַיאַלעס און טעכניק האָבן אַקשאָנעסדיק זיך געריסן אַף מײַרעוו.

אומגעריכט האָבן בעציסעס מאַשין אַטאַקירט זעקס פאַרניכטלער „מעסערשמיט־109". דער פליִער האָט געפּרוווט זיך באַהאַלטן אין די וואָלקנס און זיך אָפּרײַסן פון די פאַשיסטישע שפּאַרבערס. דאָס איז אים אָבער ניט געלונגען...

דער עקיפּאַזש האָט אָנגעהויבן פירן אַ ניט־גלײַכע שלאַכט. עס האָט אים געהאָלפן דער אעראָפּלאַן, וואָס איז געפלויגן פון לינקס. זיי האָבן אָראָפּגעקלאַפּט צוויי „מעסערשמיטן", אָבער די איבעריקע האָבן אַקשאָנעסריק פאַרגעזעצט אַטאַקירן.

בײַ „פּע־2" האָט אָנגעהויבן ברענען דער רעכטער מאָטאָר. קוילנוואַרפער־טראַסעס האָבן דורכגעשטעפט דעם פיוזעליאַזש אין עטלעכע ערטער, ס'האָט אויפגעהערט אַרבעטן די ראַדיאָסטאַנציע, ס'איז אומגעקומען דער שטורמאַן קאָנדראַשקאָווס קוילנוואַרפער.

קעדיי אַראָפּשלאָגן דאָס פײַער, האָט בעציס האַסטיק אַ וואָרף געטאָן די מאַשין אַף לינקס, אָבער די פײַנטלעכע פאַרניכטלער האָבן אומופהערלעך אַטאַקירט. ס'האָט אָנגעהויבן ברענען אויך דער לינקער מאָטאָר. דעם הימל האָט באַלויכטן אַ פײַערדיקער פלאַקער. דעמלט האָט דער באַפליגלטער קאָמיסאַר געריכטעט זײַן פלאַקערנדיקן באָמבאַרדירער אין דער געדיכטעניש פון די דײַטשישע מיליטער־קויכעס. אַ פּאַרטוויבנדיקער אופרײַס האָט אופגעטרייסלט די לופט. דער קעגנער האָט געליטן אַן אויסערסט גרויסן פאַרלוסט.

איסאַק מאַיסייעוויטש בעציס איז געבוירן געוואָרן דעם 22 מײַ 1911 אינעם דאָרף קאַטאַרזשינאַ, אָדעסער געגנט, אין אַ מישפּאָכע פון אַ קוסטאַר. אַ קאָמיוגיסט פון די 20־ער יאָרן, איז ער געוואָרן אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי אין 1931. פון 1932 געדינט אין דער סאָוועטישער אַרמיי.

אין 1939 איז בעציס — קאָמיסאַר פון דער עסקאַדריליע פונעם 24־טן אוויִאַפּאָלק פון קעגנלופטשוץ. אָנטיילגענומען אין די שלאַכטן מיט די ווײַספינער, באַלוינט מיט אַן אָרדען פונעם רויטן שטערן און מיט אַ מעדאַל „פאַר גבוראַסקײַט".

פאַר אויסצייכענען זיך אין די שלאַכטן פאַרן פאָטערלאַנד, פאַר דער געניטער פּאָליטישער אָנפירונג מיטן פאָלק האָט דער אויבערקאָמאַנדיר פון די מיליטערישע לופט־קויכעס פונעם בריאַנסקער פראָנט פּ. פּ. פּאָלינין באַלוינט דעם קאָמיסאַר אי. מ. בעציסן אין נאָיאַבער 1941 מיט אַ לעניןאָרדען.




איזראַיל קאַפּיליעוויטש

## 3

דאָס איז געשען אפן לענינגראַדער פראָנט, אין איינעם פון די טעג פון דער 900־טאָגיקער לעגענדאַרער פאַרטיידיקונג פון דער באַלאַגערטער שטאָט. דער פּאָלק, אין וועלכן עס האָט געדינט דער סערזשאַנט איזראַיל טאַראַסאָוויטש קאַפּילעוויטש, באַוויזן מוסטערן פון העראָיזם בײַסן אויספילן די קאַמפּס־פאַרגעבונגען. דער פליִער קאַפּילעוויטש האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס שרעקלאָזער פאַרניכטלער און שטורמאָוויק.

דעם 7 נאָיאַבער 1941 איז דער רינג פון אעראָפּלאַנען אין באַשטאַנד פון אַ. דאַנילאָוון, ס. איוואַכנענקאָן און אי. קאַפּילעוויטשן אַרויסגעפלויגן אַף צו צעשמעטערן אַ קאָלאָנע פון די פאַשיסטישע מיליטער־קויכעס. פון הינטן איז פאַרבליבן די פראָנט־ליניע. צו דער פאָדערשטער פּאָזיציע האָבן זיך באַוועגט מיליטער־טיילן פון דער דײַטשישער מאָטאָריזירטער שיסער־דיוויזיע. לויט דער קאָמאַנדע פונעם פירנדיקן אעראָפּלאַן, האָט דער רינג זיך אַ לאָז געטאָן אין אָנגריף. נאָך פיר אַטאַקעס זײַנען פון דעם סוינעס קאָלאָנע פאַרבליבן כקעלעטן פון פלאַקערנדיקע מאַשינען.

בײַס דער באָמבאַרדירונג פון די מיליטער־קויכעס פונעם קעגנער אינעם ראַיאָן פון וואָלכאָוו האָט אַ סנאַריאַד פון דער זעניט־אַרטילעריע אָנגעצונדן קאַפּילעוויטשעס אעראָפּלאַן. די קאַבינע איז געווען פול מיט רויך. ס'האָבן אָנגעהויבן ברענען דעם פליִערס אונטעס. אָבער דער דרייסטער פּילאָט האָט ניט געוואָרפן די מאַשין, געלונגען זי אוועקגעזעצט אַף זײַן אעראָדראָם און צוזאַמען מיטן צוגעלאָפענעם מעכאַניקער פאַרלאָשן דאָס פײַער. פאַר אָט דעם טאַט איז לויטן באַפעל פונעם לעני־

גראדער פראָנט דער סערזשאַנט איזראַיל טאַראַסאָ־ וויטש קאַפּילעוויטש באַלוינט געוואָרן מיטן אָרדען פון דעם רויטן שטערן, באַקומען דעם טיטל לייטע־ נאַנט און באַשטימט געוואָרן אַלס קאָמאַנדיר פונעם רינג. מע האָט אים דעמלט אויך אָנגענומען אַלס קאַנדידאַט פאַר א מיטגליד פון דער פּאַרטיי.

א בײַשפּיל פאַר די פּלִיער איז געווען דער דריי־ סטער פּאָלק־קאָמאַנדיר מאַיאָר גאָלובאָוו. ער האָט גענומען צו זיך אַלס פירנדיקן דעם יונגן פּלִיער איזראַיל קאַפּילעוויטש, צוזאַמען פּלִיען זיי דורכ־ מאַכן אין איינציקע טעג צו 5—6 קאַמפּס־פּלִיִען. צוויי מאָל האָט קאַפּילעוויטש געראַטעוועט דעם קאָ־ מאַנדירס לעבן.

מיירעוו־פראָנט...

דעם 8 יולי 1942, 11 אויגער מיט 4 מינוט, האָבן פונעם אַעראָדראָם ראַזשניא (אַף צאָפן פון דער שטאָט סוכיניטשי) זיך אופגעהויבן אין דער לופט צען פּאַרניכטלער אונטער דער אָנפירונג פון לייטענאַנט א. פ. קוזקין. אין אָט דער גרופּע איז אויך אַרײַן דער לייטענאַנט קאַפּילעוויטש, וועל־ כער איז פיל מאָל געפלויגן באַמבאַרדירן אײַזנבאַן־ סטאַנציעס און עשעלאָנען פונעם קעגנער. נאָך דער געלונגענער באַמבאַרדירונג פון דער סטאַנציע סאַ־ לאָנאָווקא האָט קאַפּילעוויטש זיך אויסגעקערעוועט און געוואָלט נעמען די ריכטונג אהיים, אָבער א זע־ ניט־סנאַריאַד האָט געטראָפן אינעם אַעראָפּלאַן. קאַ־ פּילעוויטש איז פאַרוואונדעט געוואָרן. די כאַווירים האָבן געזען, ווי די ברענענדיקע מאַשין האָט זיך לאָז געטאָן אין דעם לעצטן פּיקע. א געריכטעטע מיט א פעסטער האַנט פונעם פּילאָט, האָט זי זיך אַרײַנגעשניטן אין די שטייענדיקע אַף דער סטאַנ־ ציע עשעלאָנען. א פאַרטויבנדיקער אופרײַס האָט אופגעטרייסלט די לופט. דעם גאַנצן טאָג האָבן געברענט אַף אָט דער סטאַנציע עשעלאָנען פונעם קעגנער.

איזראַיל קאַפּילעוויטש איז געבוירן געוואָרן אין 1920 אין דער שטאָט דובראָוונאָ. איינגיכן זײַנען זיי־ נע עלטערן, דויערסדיקע וועבער, איבערגעפאָרן קיין וויטעבסק. אין 1937 האָט ער אָנגעהויבן בא־ זוכן דעם וויטעבסקער אַעראָקלוב, און אין צוויי יאָר אַרום האָט ער מיט גרויס פרייד מיטגעטיילט די עלטערן, אַז ער איז פאַרעכנט געוואָרן אַלס קורסאַנט אין דער אָדעסער מיליטערישער לופט־שול. אין 1941 האָט ער פאַרענדיקט מיט אָן אויסצייכע־ נונג די שול און אָנגעהויבן זײַן דינסט אין די מי־ ליטערישע לופט־קרעפטן.

שוין פון די ערשטע טעג איז ער אַפן פראָנט. צוערשט איז ער געפלויגן אַף באַמבאַרדירער, שפּע־ טער זיך איבערקוואַליפיצירט אַף א פּלִיער־פאַרניכט־ לער און געפלויגן אַף די אַעראָפּלאַנען „לאַג־3". אין באַשטאַנד פון א פאַרניכטונגס־פּאָלק האָט מען אים געשיקט אַפן לענינגראַדער פראָנט, דערנאָך אַפן מיירעוו־פראָנט.

פאַר איין יאָר פון דער מילכאָמע האָט ער דורכ־ געמאַכט בא 200 אַרויספּלִיען, אַראָפּגעקלאַפּט אין די לופט־שלאַכטן פיר פײַנטלעכע שפּאַרבערס. נאָכן טויט איז ער באַלוינט געוואָרן מיטן לענין־אָרדען.

## 4

אין דער אוראַלסטער שטאָט בוכאַרא איז אין אַן אָרעמער יידישער מישפּאָכע געבוירן געוואָרן אין מאַרט 1912 א ייִנגעלע, וועלכע מע האָט געגעבן א נאָמען לעאָן. זײַן טאַטע, וואָלף יאָסיפאָוויטש ווילִ־ קאָמיר, האָט פון קליינווײַז אָן געאַרבעט אַלס געדונגענער אַרבעטער, שפּעטער אַלס אָנגעשטעל־ טער. נאָכן בירגערקריג איז די מישפּאָכע ווילקאָמיר אַריבערגעפאָרן קיין מאָסקווע.

לעאָן איז געווען א פעיִק ייִנגל, גוט זיך גע־ לערנט, אין שול געשריבן לידער. נאָכן דערפּאָלג־ רײַכן ענדיקן די שול אין 1929 האָט אים, א זי־ בעצניאָריקן באָכער, די אַרבעטס־בירזשע געשיקט אַף שוואַרצאַרבעט. וווּהין נאָר האָט דעם קינפטיקן פּאָעט ניט פאַרטראָגן דער גוירל! פון 1929 ביז אויגוסט 1930 האָט ער געאַרבעט אין דער שטאָט איוואַנאָוואָ אַף א מעלאַנזש־קאָמבינאַט אַלס געהילף פון א שלאָסער. אומקערנדיק זיך צוריק קיין מאָס־ קווע, איז ער געווען א וואַרקשטעל־אַרבעטער אַפן זאַוואָד „באָרעץ" ביז פעוואַראַל 1931. פון 1931 ביז אַפּרעל 1932 איז ער געווען פאַרוואַלטער פון אַן אָפּטייל אין דער צײַטונג „טאַגילסקי ראַבאָטשי" אין דער שטאָט ניזשני־טאַגיל. דאָרט איז ער געוואָרן א קאָמיוניסט.

אין 1934 האָט ער זיך אומגעקערט קיין מאָסק־ ווע, געאַרבעט אין דער צײַטונג „פּאַסטראָיקאַ", געוואָרן א סטודענט פונעם ליטעראַרישן אינסטיטוט באַם שרײַבער־פאַרבאַנד פון פּססר, ווו ער האָט גע־ לערנט ביזן 1938 יאָר. איינצײַטיק איז ער געווען


לעאָן ווילקאָמיר

א קאָרעספּאָנדענט פון דער צײַטונג „זאַ אינדוסטריאַליזאַציו“ (סווערדלאָווסקער געגנט), פונעם סאָף 1937 ביז נאָיאַבער 1938 — א מיטאַרבעטער פון דער צײַטונג „מאַשינאָסטראָיעניע“.

אין 1938 איז ווילקאָמיר א רויטאַרמייער אין דער רעדאַקציע פון דער צײַטונג „קראַסנאַיאַ זוועזדאַ“. אין אַפּרעל 1939 פאַרעכנט מען אים אין די קאַדרען פון דער רויטער אַרמיי, ער ווערט א קאַנדידאַט פון דער פּאַרטיי. אין א יאָר אַרום באַקומט ער דעם טיטל עלטערער פּאָליטרוק.

דעם 29 יולי 1942 איז דער מיליטערישער קאָרעספּאָנדענט פון דער צײַטונג „קראַסנאַיאַ זוועזדאַ“ לעאָן ווילקאָמיר ארויסגעפלויגן אויף א קאַמפּס־פאַרגעבונג אַלס שיכער־ראַדיסט מיטן פּליער לייטענאַנט מאַסלאָוו — שטורמעווען א דײַטשישע קאָלאָנע. דרײַ קילאָמעטער דאָרעמדיקער פון דער סטאַניצע יערמאַקאָווסקאַיאַ האָט א זעניט־סנאַריאַד אונטערגעקלאַפּט דעם עראָפּלאַן. דער פּליער און דער מיליטערישער קאָרעספּאָנדענט האָבן באַשלאָסן ריכטן דעם ברענענדיקן שטורמאָוויק „איל־2“ אין דער געדיכטעניש פון די דײַטשישע טאַנקען און אווטאָמאַשינען...

...אינעם קאָלווירט „דער וועג צום קאָמוניזם“, וואָס געפינט זיך אין טאַצינער ראַיאָן, ראָסטאָווער געגנט, איז פאַראַן א פעלד פון שלאַכט־רום. אזוי רופן עס די האָרעפּאַשניקעס פונעם דאָרף. מיט עטלעכע יאָר צוריק איז אויף אָט דעם פעלד אויפגעשטעלט געוואָרן אַן אָבעליסק מיט אַן אויפשריפט: „זומער דעם 19 יולי 1942 זײַנען בייסן אויספילן א שלאַכט־פאַרגעבונג העראָיש אומגעקומען דער מיליטערישער פּליער לייטענאַנט מאַסלאָוו און דער קאָרעספּאָנדענט פון דער צײַטונג „קראַסנאַיאַ זוועזדאַ“ לעאָן ווילקאָמיר“.

...אויף א מינוט שטעלן זיך אָפּ לעבן דעם דענקמאָל די קאָמבײַנען, גיבן א סיגנאַל און פאָרן ווײַטער — אזא איז די טראַדיציע פון די אַקערער, וועלכע נעמען אַראָפּ די גערעטעניש אויפן פעלד פון שלאַכט־רום, — אָפּגעבן א סאַליוט די אומגעקומענע. אזוי איז פאַרייביקט געוואָרן דער אָנדענק פון די העלדן, וועלכע זײַנען באַגאַנגען אַן אומשטערבלעכן העלדנטאַט.

5

סטאַלינגראַד.

...דעם 28 אויגוסט 1942 האָט מען דעם באַטאַליאָן־קאָמיסאַר אי. פּ. זאַזולינסקי מיט א גרופּע פּליער ארויסגערופן אויפן קאָמאַנדע־פּונקט.

— אײַך איז באַאויפטראָגט צו דערלאַנגען א שטורעם־קלאַפּ איבער דער מעכאַניזירטער קאָלאָנע פונעם פײַנט, — האָט געזאָגט דער שעף פונעם שטאַב און באַוויזן אויף דער מאַפּע דעם טײַך־אַריבערגאַנג לעבן קאַלאַטש־אויפן־דאָן. — איך בעט



איסאַק זאַזולינסקי

פאַרגעדענקען, אַז דעם אָביעקט היטן שטאַרק אָפּ די אַוויאַציע און די זעניט־אַרטילעריע פונעם קעגנער.

11 אזייגער אינדערפרי האָבן לויט א סיגנאַל פונעם קאָמאַנדע־פּונקט זיך אויפגעהויבן די שטורמאָוויקעס „איל־2“ פון דעם אַעראָדראָם לעבן דעם דאָרף לענינסקאָיע באַם טײַך־וואָקזאַל פון סטאַלינגראַד און גענומען דעם קורס אויף מײַרעוו. אין א האַלבער שעה אַרום האָט דער פירנדיקער פון דער גרופּע וו. פּ. ניקיטין געגעבן א סיגנאַל: „אַכטונג, איך זע דעם ציל!“

דער קאָמיסאַר האָט א קוק געטאָן אויף אונטן: אינדערווײַטן האָט זיך געזען דער איבערגאַנג דורכן דאָן, און איבער אים האָבן אין אַן אומענדלעכן שטראָם זיך באַוועגט טאַנקען, פּאַנצער־טראַנספּאָרטירן, אווטאָמאַשינען. דאָס אַלץ איז געגאַנגען אויף סטאַלינגראַד. די פאַשיסטן האָבן באַמערקט די עראָפּלאַנען און געעפנט א שטורמישן פײַער פון זעניט־האַרמאַטן און קוילנוואַרפערס.

ס׳האָט זיך דערהערט א קאָמאַנדע פונעם פירנדיקן: „אין אַטאַקע, נאָך מיר!“. אויסלאָדנדיק די באָמבעס, האָט אונדזער פינפלינג, פירנדיק א העפטיקן פײַער, פאַרגענומען די צווייטע אַטאַקע. אומגעריכט האָט א פײַנטלעכער סנאַריאַד געטראָפן אין זאַזולינסקיס עראָפּלאַן, ס׳האָט אָנגעהויבן ברענען דער בענזין־באַק, דער מאָטאָר. דאָס פײַער האָט אַרומגעכאַפּט דעם פליגל, די קאַבינע איז פאַרפולט געוואָרן מיט רויעך. אָבער דער קאָמיסאַר האָט ניט פאַרלאָזט די ברענענדיקע מאַשין.

— פאַרן היימלאַנד! — האָבן די פרײַנט דערהערט אין עפיר זאַזולינסקיס שטים.

דער אונטערגעקלאַפּטער אָדלער איז ארײַן אין דעם לעצטן פּיקע. ס׳האָט א דונער געטאָן א שרעקלעכער אויפרײַס. אין דער הייך האָט זיך אויפגעהויבן

א שוואַרצער זײַל פֿון רויך און פֿײַער, עס זײַנען געפֿלויגן רעשטלעך פֿון פֿײַנטלעכער טעכניק.

איסאַק פּינכעסאָוויטש זאַזולינסקי איז געבוירן געוואָרן דעם 23 אַפּריל 1906 אינעם שטעטל קאָטיעלניאַ, אַנדרושעווסקער ראַיאָן, זשיטאָמירער געגנט. פֿון דעם 23 נאָיאַבער 1941 אָנטייל־גענומען אין דער מילכאָמע, געווען דער קאָמיסאַר פֿון אַן עסקאַדריליע אינעם אַפּסנײַ אָרגאַניזירטן אַוויאַ־פּאָלק. באַלוינט מיט די אָרדענס פֿון דער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע צווייטע מאַדרייגע און פֿונעם רויטן שטערן.

## 6

דער 503־טער אַוויאַפּאָלק, אין וועלכן ס׳האָט געדינט דער לייטענאַנט איסאַק שוואַרצמאַן, האָט זיך באַטייליקט אין דער שוץ פֿון מאָסקווע. אין 1942 איז דער פּאָלק אַריבערגעוואָרפֿן געוואָרן הינטער סטאַלינגראַד, און שוואַרצמאַן האָט ניט איין מאָל אויף זײַן „איל־2" אָנטיילגענומען אין שטורמעווען די דײַטשישע מיליטער־קויכעס. דעם 8 סענטיאַבער 1942 האָט ער בײַסן אויספֿילן אַ קאַמפֿס־פֿאַרגעבונג דורכגעפֿירט אַ טאַראַן אויף אַ יאַבאָשע־ציל.

פֿאַרן באַגאַנגענעם העלדנטאַט איז אי. ד. שוואַרצמאַן באַלוינט געוואָרן נאָכן טויט מיטן אָרדען פֿון דער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע פֿון דער ערשטער מאַדרייגע.

אי. ד. שוואַרצמאַן איז געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט טיראַספּאָל, מאָלדאַוויע, אין 1941 פֿאַרענדיקט די מיליטערישע אַוויאַ־שול אין אָדעס. מיטגליד פֿון דער פּאַרטיי פֿון 1939.

## 7

דעם 18 מאַרט 1943, בײַסן שטורמעווען דעם פֿאַשיסטישן אַעראָדראָם אין אַלאַקורטי (פֿינלאַנד), האָבן אונדזערע פֿליִער דורכגעריסן דעם פֿײַער־באַריער, און דער פֿײַנטלעכער אַעראָדראָם איז קימאַט ביזן גרונט פֿאַרניכטעט געוואָרן.

אין דער שטורעם־גרופּע איז געווען דער לייטענאַנט זינאָווי אַבראַמאָוויטש לעוויצקי. בעשאַס ער איז אַרויסגעגאַן פֿון דער אַטאַקע, האָט אין זײַן אַעראָפּלאַן געטראָפֿן אַ סנאַריאַד. דער שטורמאָוויק האָט אָנגעהויבן ברענען. דעם פֿליִער איז געוואָרן קלאָר, אַז עס וועט אים ניט בלויז נישט געלינגען זיך דערקלײַבן צו זײַן אַעראָדראָם, נאָר אַפֿילע אַריבערגיין די פֿראָנט־ליניע. און ער האָט געריכטעט זײַן פֿלאַקערנדיקן „איל־2" אויף אַ פֿײַנטלעכער זעניט־באַטאַרייע.

צוזאַמען מיט אים איז אומגעקומען דער לופֿט־שיסער וואָלאָדימיר געאָרגיעוויטש טאַלאַלייעוו.

ז. אַ. לעוויצקי איז געבוירן געוואָרן דעם 12 דעקאַבער 1918 אין דער שטאָט דניעפּראָפּעטראָווסק. געווען אַ פֿליִער אינעם 602־טן אַוויאַ־פּאָלק און אַן עלטערער פּילאָט אין דעם 828־טן אַוויאַפּאָלק. באַלוינט מיטן אָרדען פֿון רויטן שטערן.

## 8

גרייטנדיק זיך צו אַן אָנגריף, האָבן די פֿאַשיסטן אין 1943 פֿאַרטראַכט אַ נײַע אָפּעראַציע — דעם פּלאַן „ציטאַדעל", וועלכער האָט פֿאָרויסגעזען צו דערלאַנגען דורך אָריאָל און בעלגאָראָד אומגעריכטע קאָנצענטרירטע קלעפּ, אַרומרינגלען און פֿאַרניכטן די סאָוועטישע מיליטער־קויכעס אויפֿן קורסקער בויגן און דערנאָך אַנטוויקלען דעם אָנגריף אין דער טיף פֿון אונדזער טעריטאָריע. אין גאַנג פֿונעם קאָנטער־אָנגריף האָט אונדזער קאָמאַנדשאַפֿט אויסגענוצט לײַכטע באָמבאַרדירער „פּאָ־2".

באַנאַכט, דעם 9 אויפֿן 10 מײַ, איז אַרויסגעפֿלויגן אַ גרופּע באָמבאַרדירער „פּאָ־2" פֿונעם 970־טן באָמבאַרדיר־פּאָלק, כּדי דערלאַנגען אַ באָמבעקלאַפּ איבער די פֿײַנטלעכע עשעלאָנען, וועלכע האָבן זיך קאָנצענטרירט אינעם ראַיאָן פֿון דער סטאַנציע גלאַזונאָווקע, אָרלאָווער געגנט. צווישן די עקיפּאַזשן איז געווען דער אַעראָפּלאַן פֿון דער פֿליִערין אַלעקסאַנדרע פּאָליאַקאָווא און דעם שטורמאַן יעפֿים סאַגײַדאַטשני.

ווען דער באָמבאַרדירער האָט זיך דערנעענטערט צום ציל, איז ער אַרײַנגעפֿאַלן אין דער שײַן פֿון פּראָזשעקטאָרן, און אַרום אים האָבן אָנגעהויבן זיך רײַסן זעניט־סנאַריאַדן.

— קאָמאַנדיר, דער קורס אויף דעם וואַסערטורעם, — האָט דערהערט פּאָליאַקאָווא די שטים פֿונעם שטורמאַן יעפֿים סאַגײַדאַטשני.

דער ציל דערנעענטערט זיך. דאָס פֿײַער פֿון דער פֿײַנטלעכער זעניט־אַרטילעריע האָט זיך פֿאַרשטאַרקט. שפּליטערס פֿון סנאַריאַדן האָבן דורכגעלעכערט דעם קאָרפּוס פֿונעם אַעראָפּלאַן. אָבער די פֿליִערין פֿירט אים צום ציל. אָט זעען זיך שוין אויף די וועגן עשעלאָנען מיט קריגס־טעכניק. אַ זעניט־סנאַריאַד האָט געטראָפֿן אין סאָוועטישן אַעראָפּלאַן. דער מאָטאָר האָט אָנגעהויבן אַרבעטן ניט־רעגולער, פֿון אונטער דעם קאַפּאָט האָט זיך אַרויסגעריסן אַ פֿײַער.

— וואַרף אַראָפּ די לאַסט, שטורמאַן! — האָט אויסגעשריגן פּאָליאַקאָווא, אײַנהאַלטנדיק דעם אַעראָפּלאַן אויפֿן אָנגעמערקטן קורס.

סאַגײַדאַטשני האָט אָנגעקוועטשט אויפֿן באָמבעוואַרפֿער, און באָמבעס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אויפֿן סוינע.

פּאָליאַקאָווא האָט געפּרוּווט פֿאַרלעשן דאָס פֿײַער, אָבער ס׳האָט זיך איר ניט אײַנגעגעבן. דער פֿלאַם האָט זיך דערקליבן צו דער קאַבינע.

— יעפים, שפרינג! — האָט די פּליִערן באַפוילן דעם שטורמאַן.

— אין געפענקעניש קלײַב איך זיך ניט, — האָט געענטפערט סאַגײַדאַטשני.

און זיי האָבן אָנגענומען אַ באַשלוס דערלאַנגען מיט זייער באָמבאַרדירער דעם לעצטן קלאַפּ איבערן סוינע. אַ רגע — און דער פלאַקערנדי־קער עראָפּלאַן „פּאָ־2" האָט זיך אַרײַנגעשניטן אינעם עשעלאָן פונעם פײַנט. אַ ריזיקער אופרײַס האָט אופגעטרייסלט די לופט, צום הימל האָט זיך אופגעהויבן אַ זײַל פון רויך און פײַער.

אזוי זײַנען אומגעקומען די קאָמיוגיסטן — די איין־און־צוואַנציקיאָריקע פליִערן אַלעקסאַנדרע פּאָוולאָווגאַ פּאַליאַקאָווא פון דער שטאָט באָריסאָ־גלעבסק און דער דרײַ־און־צוואַנציקיאָריקער שטור־מאַן יעפים אַבראַמאָוויטש סאַגײַדאַטשני פון דער שטאָט קיראָוואָגראַד.

## 9

דעם 19 יולי 1943 איז אין ראַיאָן פון זמיִעווקע, קורסקער געגנט, אונטערגעקלאַפּט געוואָרן בײַסן אַטאַקירן די טאַנקען פונעם קעגנער דער עראָ־פּלאַן פונעם פליִער אַ. ס. טשערעזעוו. אַ סנאַריאַד האָט געטראָפן אינעם הינטערשטן בענזין־באַק, די מאַשין האָט אָנגעהויבן ברענען. אויסקערעווענדיק זי צו אַ טאַנקען־קאָלאָנע, האָט דער פליִער זיך אַרײַנגעשניטן אין איר. צוזאַמען מיט אים איז אומ־געקומען דער לופט־שיסער, יינגערער סערזשאַנט דאַוויד גריגאָריעוויטש אודערמאַן.

## 10

אין אויגוסט 1943 האָט די ראַדיאָ פונעם פּאַ־שיסטישן דײַטשלאַנד אָנגעהויבן טרומייטערן אויף דער גאָרער וועלט, אַז די אוויִאַציע פונעם סאָוועָ־טישן שווארציאַמישן פלאָט איז פולקום פאַרניכטעט. די סאָוועטישע קאָמאַנדשאַפט האָט באַשלאָסן דורכפירן אַן אָפּעראַציע, וועלכע האָט געדאַרפט אָפּפרעגן דעם ליגן.

דעם 28 סענטיאַבער האָט אַ גרופּע טאָרפּעדנ־טרעגער בעראָש מיטן פּאָלקאָוניק בידזינאַשווילי זיך אופגעהויבן פונעם אַעראָדראָם געלענדזשיק און גענומען דעם קורס צום יאַם. דער ציל איז געווען קאָנסטאַנצאַ — אַ פאַרפעסטיקטער האַפן פונעם סוינע, העכער 800 קמ. די ווײַט. קעדיי דער קעג־נער זאָל ניט באַמערקן די טאָרפּעדנטרעגער, איז די גרופּע אַ שטיקל צײַט געפּלויגן אויף מיטעלע הייכן, נאָכדעם זיך אַראָפּגעלאָזט ביז 100 מעטער. און דאָך האָבן די היטלעראָווצעס זי באַגעגנט מיט אַ קאָנצענטרירטן זעניט־פײַער. דאָס האָט אָבער ניט אַראָפּגעשלאָגן די באָמבאַרדירער פונעם קורס.

מאַנעווורירנדיק, האָבן די עקיפּאַזשן זיך דורכגעריסן דורכן פײַער און אַטאַקירט מיט טאָרפּעדעס די פײַנטלעכע שיפן. די ערשטע טאָרפּעדע האָט זיך אָפּגעטיילט פון דעם פּאָלקאָוניק בידזינאַשווילי'ס עראָפּלאַן. ס'האָט זי רעכטצײַטיק אַראָפּגעוואָרפן דער שטורמאַן שיקע אַבראַמאָוויטש קאַרדאַנסקי. דער קלאַפּ איז דערלאַנגט געוואָרן מײַסטערהאַפט. דער טראַנספּאָרט מיט אַ טאָנאַזש פון צען טויזנט טאָן איז דערטרונקען געוואָרן. אין אָט דער זעל־בער צײַט האָט אַ פײַנטלעכער סנאַריאַד אונטער־געצונדן דעם עראָפּלאַן. דער צווייטאָטאַריקער טאָרפּעדנטרעגער, אין ארומגעכאַפּטער מיט פײַער, האָט געענדערט דעם קורס. אײַגיכן האָט ער זיך אַרײַנגעשניטן אין אַ ריזיקן נאַפּט־רעזערוואַר.

דער העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד וו. פּ. רוקאָ־וויצין, אַן אָנטיילנעמער פון דער אָפּעראַציע, דער־מאָנט זיך: „אַראָפּוואַרפנדיק די טאָרפּעדעס, האָבן מיר זיך דורכגעטראָגן איבער די שיפן, איבער דער שטאָט, דערנאָך פאַרקערעוועט אויף צוריק. אין אָט דעם מאָמענט האָב איך דערהערט בידזינאַשווילי'ס קאָל: „דער עקיפּאַזש איז אומגעקומען. די מאַשין ברענט. זײַט מויכל, כאַווײרים!" און ווירקלעך, נאָכן עראָפּלאַן האָט זיך געצויגן אַ רויך־עק... איך האָב אַ קוק געטאָן און דערזען אַ סקלאַד מיט ברענשטאָף — טעלעכע נאַפּט־רעזערוואַרן. ס'זײַנען דורכגעגאַן געציילטע סעקונדעס — און דאָרט האָט אַ דונער געטאָן אַן אופרײַס פון אַ מוירעדיקער קראַפט..."

דער קאָמאַנדיר פונעם עקיפּאַזש שאַ בידזינאַ־וויטש בידזינאַשווילי, דער שטורמאַן שיקע אַבראַ־מאָוויטש קאַרדאַנסקי און אַנדערע מיטגלידער פו־נעם עקיפּאַזש זײַנען אומגעקומען, אָבער דער ציל פון אָט דעם ספּעציעלן פאַרפּלאַנירטן פלוג איז דערגרייכט געוואָרן. אַ פאַרברענטער נאַפּט־רעזער־וואַר, דערטרונקענע שיפן, סרייפעס אינעם האַפן האָבן דערוויזן די קאַמפּספּעיִקײַט פון דער אוויִאַ־ציע פונעם שווארציאַמישן פלאָט.

## 11

צוועלף טעג האָבן געדויערט די פאַרביטערטע שלאַכטן, ווען דער לענינגראַדער פראָנט, די יאַמ־לײַט און פליִער פונעם רויטפּאַניקן באַלטישן פלאָט האָבן דורכגעריסן און בײַגעקומען די שטאַרק פאַרפעסטיקטע, טיף עשעלאָנירטע שוץ פון די דײַטשן הינטער לענינגראַד.

אין יענע גרויזאַמע טעג האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט די פליִער פונעם באַלטישן פלאָט. אין אַ כמורנעם פראָסטיקן קאַיאָר דעם 17 יאַנ־וואַר 1944 איז דער שטעלפאַרטרעטער פונעם קאָ־מאַנדיר פון דער 9־טער אוויִאַדיוויזיע איסאַק אַראָ־נאָוויטש אירזשאַק אַרויסגעפלויגן צו שטורמעווען די פײַנטלעכע פּאָזיציעס הינטער לענינגראַד. זײַ־



איסאַק אירזשאַק

ענדיק שוין באם ציל, האָט ער אומגעריכט זיך אָנגעשטויסן אין זעניט־אופּרײַסן. איבער דער קאַבינע האָבן זיך באַוויזן פײַער־צונגען. אַן עסיקער רויך האָט געשניטן די אויגן. די מאַשין האָט געברענט.

ניט האָבנדיק קיין מעגלעכקײַט צו ראַטעווען דעם עקיפּאַזש און די מאַשין, האָט דער שטאָלצער אָדלער געריכטעט זײַן פלאַקערנדיקן שטורמאָוויק אַף דעם הויז, וועלכן די היטלעראָווצעס האָבן פאַרוואַנדלט אין א שטיצפּונקט. אונטער די רעשטלעך פונעם עראָפּלאַן און פון די ווענט פון דער צעקלאַפּטער געבײַדע זײַנען אומגעקומען פיל פאַשיסטן און אווטאָמאַשינען.

איסאַק אַראָנאָוויטש אירזשאַק איז געבוירן געוואָרן דעם 27 נאָיאַבער 1908 אין דער שטאָט דריסאַ, ווײַסרוסלאַנד. אין דער רויטער אַרמיי האָט ער געדינט פונעם 1931, דרײַ יאָר זיך געלערנט אין דער שול פון מיליטערישע פליִער.

א יאָר פאַרן קריג איז ער געווען קאָמאַנדיר פון א רינג פון דער 10־טער אוויִאַ־עסקאַדריליע פונעם פאָלקאָמאַט פון אינערלעכע אינייאַנים אין דער שטאָט גראָדנע, ווײַסרוסלאַנד. אָנהייבנדיק פון די ערשטע טעג פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע, האָט ער זיך געפונען אין באַשטאַנד פונעם רויטפאָניקן באַלטישן פלאָט, ווו ער איז באַגאַנגען זײַן אומשטערבלעכן העלדנטאַט.

12

איליאַ באָריסאָוויטש קאַטונין האָט אָנגעהויבן זײַן דינסט אין דער אוויִאַציע פונעם יאָר 1940 אַלס פליִער־אינסטרוקטאָר. אין אָנהייב פון דער מילכאָמע האָט ער זיך געפונען אין א רעזערוו־פאָלק, געגרייט יונגע פליִער פאַרן פראָנט. פיל זײַנע דערצויגלינגען האָבן זיך אויסגעצייכנט, אייניקע האָבן פאַר זייערע העלדנטאַטן באַקומען דעם הויכן טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד.

קאַטונין שרײַבט איין ראַפּאָרט נאָכן אַנדערן, ער וויל אַליין גראָמירן דעם פאַרהאַסטן סוינע. אין סאָף 1942 האָט מען באַפרידיקט זײַן באַקאָשע.

דעם ערשטן קאַמפּס־פלוג האָט קאַטונין דורכגעפירט צוזאַמען מיט זײַן שיסער־ראַדיסט סערזשאַנט א. מאַרקין. זעקס „אילן" האָבן אונטער קאַטונינס קאָמאַנדשאַפט דערטרונקען אין איינער א שלאַכט א דײַטשישן יאַם־טראַנספּאָרט.

דעם 23 אַפּרעל 1944 האָט די לופט־אויסשפּירונג באַמערקט אינעם באַרענץ־יאַם א גרויסן קאַראַוואַן פײַנטלעכע שיפן, וועלכער האָט זיך באַוועגט אונטער א שטאַרקער וואַך. אַנטקעגן דעם קאַראַוואַן זײַנען אַרויסגעפלויגן אַכט „אילן" בעראָש מיטן קאַפּיטאַן קאַטונין. דער קעגנער האָט באַגעגנט די סאָוועטישע עראָפּלאַנען מיט א מעכטיקן פײַער און מיט אומופהערלעכע אַטאַקעס פון פאַרניכטלער. קאַטונין האָט דער ערשטער זיך דורכגעריסן צום ציל. ער איז פאַרוווּנדערט געוואָרן, נאָר פאַרגעזעצט פּיקירן. זײַן „איל" איז אונטערגעקלאַפּט געוואָרן. די מאַשין האָט אָנגעהויבן ברענען. דער דרייסטער פליִער האָט דורך דער ראַדיִאָ אויסגעשריגן צו די כאַווײרים:

— שלאָגט שטאַרקער די מענוואָלים! א טויט דעם פאַשיזם!

ער האָט זײַן ברענענדיקן עראָפּלאַן א קער געטאָן צו דעם גרעסטן פײַנטלעכן טראַנספּאָרט. ס'האָט זיך דערהערט א פאַרטויבנדיקער אופרײַס.



איליאַ קאַטונין

דעם קאָמוניסט איליא באָריסאָוויטש קאַטונין און דעם קאָמיוגיסט אנדריי מיכײַלאָוויטש מארקין איז צוגעייגנט געוואָרן נאָכן טויט דער טיטל העלד פון סאָוועטנפארבאנד.

## 13

דעם 16 אפרעל 1945 האָט דער 1־טער און 2־טער ווײַסרוסישע און דער 1־טער אוקראַיִנישער פראָנטן אָנגעהויבן די בערלינער אָנגריף־אָפּעראַציע. אנטקעגן דער הויפּט־שטאָט פונעם רײַך זײַנען געווען קאָנצענטרירט די 4־טע, 16־טע, 2־טע און 18־טע לופט־ארמייען, וועלכע האָבן פארמאָגט סאַכאקל 8500 אעראָפּלאנען.

אין אָט דעם טאָג, זײַנען דער 341־טער באַזונדערער באָמבארדיר־פּאָלק און דער 4־טער גווארדײיִשער אוויִא־קאָרפּוס ארויסגעפלויגן אף צו דערלאנגען א מאסירטן באָמבע־קלאַפּ איבערן קאָמאנדע־פונקט אף די זײלאָוור־הייכן און איבער דעם אײַזנבאַן־קנופּ אינעם ראַיאָן פון פיורסטענוואלד. די באָמבארדירער האָבן ארויפגעוואָרפן 500־קילאָגראמאָווע פוגאס־באָמבעס פּונקט אינעם צענטער פון דעם אײַזנבאַן־קנופּ. א יאַם מיט פײַער האָט ארומגעכאפּט די עשעלאָנען מיט טאנקען און ברענשטאָף, די סקלאדן מיט קריגס־טעכניק.

צווישן די אטאקירנדיקע איז געווען א קאָמירגישער עקיפּאזש: דער קאָמאנדיר, ייִנגערער לייטענאנט אלעקסאנדער בעלאָוסאָוו, דער שטורמאן, ייִנגערער לייטענאנט באָריס סאָלאָמאָניק, דער צווייטער פּילאָט, ייִנגערער לייטענאנט ניקאָלײַ דאָדאָר, דער שיסער־ראדיסט, סטארשינא לעאָניד קליוכין, די לופט־שיסער, ייִנגערע סערזשאנטן סערגיי לעשוקאָוו און אנאטאָלי מוראוויאָוו.

אומגעריכט זײַנען פון הינטער די וואָלקנס ארויסגעפלויגן צוויי פּאָר „מעסערשמיטן” און האַסטיק אטאקירט בעלאָוסאָווס און שילאָווס עקיפּאזשן. די ערשטע האָט אָנגעהויבן ברענען בעלאָוסאָווס מאשין, דערנאָך האָט אופגעפלאקערט דער מאָטאָר פון שילאָווס אעראָפּלאן. די ברענענדיקע עקיפּאזשן האָבן זיך געהאלטן אין איין ריי, אָבער אין א פּאָר מינוט ארום האָט זיך אופגעריסן שילאָווס מאשין.

בלײַבנדיק אליין, האָט בעלאָוסאָווס ברענענדיקער באָמבארדירער פאַרגעזעצט זיך ציִען אף מיזרעך. און פּלוצעם האָט די מאשין, אויסקערעווענדיק זיך אף צוריק, אָנגעהויבן פּיקירן...

דער געוועזענער סעקרעטאר פון דעם קאָמיוגקאָמיטעט פונעם 341־טן פּאָלק יעווגעני ווערעשטשאגין דערמאָנט זיך: „פארן ארויספלי האָט מען זיי אינפאָרמירט וועגן די אונטערערדישע סקלאדן


באָריס סאָלאָמאָניק

אינעם ראַיאָן פון פיורסטענוואלד. ווען איך האָב דערזען, ווי בעלאָוסאָוו האָט פארקערעוועט זײַן אעראָפּלאן, האָב איך פארשטאנען, אז גראָד אין יענעם ראַיאָן האָט ער געריכטעט זײַן ברענענדיקן באָמבארדירער. מיר האָבן געהערט זײַנע לעצטע ווערטער: „מיר ברענען... שפּרינגען וועלן מיר ניט... מיר אטאקירן!..”

דער טוישעוו פון דער דײַטשישער שטאָט שטראוסבערג היינץ כאאזע האָט שפּעטער דערציילט, וויִאזוי ער האָט בײס א זונטיק־שפּאציר אין וואלד געפונען רעשטלעך פון אן אעראָפּלאן און א בײַטל מיט דאָקומענטן. עקספּערטן האָבן פעסטגעשטעלט, אז דער קאָמיוגישער בילעט האָט געהערט ניקאָלײַ דאָדאָרן. עס זײַנען געפונען געוואָרן בריוו, א נאָטיץ־ביכל און א פּיסטאָלעט.

ס׳האָט זיך אויך אײַנגעגעבן פעסטצושטעלן ביאָגראפישע ידיִעס וועגן באָריס סאָלאָמאָניקן. ער איז געבוירן געוואָרן דעם 16 יאנוואר 1922 אין דער שטאָט וואָראָניעזש. פונעם 1941 יאָר — א קורסאנט פון דער טאשקענטער מיליטערישער אוויִאשול. אין 1943 האָט ער זי פארענדיקט און געוואָרן א שיסער־באָמבארדירער. פון דעם 6 אוגוסט 1944 — שטורמאן אינעם 341־טן באזונדערן באָמבארדיר־פּאָלק. דעם 16 אפּרעל 1945 איז ער אומגעקומען באַם אויספילן א קאמפּס־פארגעבונג. געבראכט געוואָרן צו קווורע אין דער שטאָט בוקאָוו (דײַטשישע דעמאָקראטישע רעפּובליק).

דער העלדנטאט פון די פליִער וועט קיינמאָל ניט אופהערן ארויסרופן אנציקונג בא די סאָוועטישע מענטשן. און יעדער פון די דאָזיקע העלדנטאטן איז אינעם זיקאָרן פונעם פּאָלק אומשטערבלעך.

העלדן שטארבן ניט!

ציײכענונגען — פונעם אווטאָר



פאקסימילע פון אשר שווארצמאן

POSTALE. — POCZTOWKA.

ПОЧТОВАЯ КАРТОЧКА



● דאָוויד שווארצמאַן — אָשער שווארצמאַנס ברודער. 1902

אָשער שווארצמאַנס אופשריפט אױף א פּאָסטקאַרטל. 3 אווגוסט 1914

● אָשער שווארצמאַן (ערשטער פון רעכטס) צווישן א גרופּע יונגע ליטעראַטן

אָשער שווארצמאַן





פון אונדזער פֿאָטאָ-אַרכיוו


недельное иллюстрированное приложение к газ. „Дер Эмес“

עמעס

אילוסטרירטע וועכנטלעכע בײלאגע

№ 6. דעם 15־טן אפריל 1926

אף ערד

די הילע פון דער וועכנטלעכער בײַלאגע צו דער צײַטונג „עמעס“, נום. 6, 1926




א גרופע סאָוועטישע יידישע טוער. פון רעכטס אף לינקס: יאנקל לעווין, אווראָם מערעזשין, עסטער (פרומקינע), א. בראכ־מאן, א. טשעמערינסקי, שימען דימאנ־שטיין, מוישע ליטוואקאָוו, מוישע אלטשו־לער. פעוורא־ל 1930

# פראָבלעמען און פּערספּעקטיוון

## אויף דער באַראַטונג פון די יונגע ייִדישע שרײַבער
## אין דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד“



אַנטײלנעמער אין דער ערשטער באַראַטונג מיט יונגע סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער

## אַרן ווערגעליס: מעכאַדעש זײַן דעם העמשעך

פון אייביק אָן זעט די ייִדישע ליטעראַטור דעם שיינעם כאַלעם, אַז זי פאַרמאָגט שוין אַ נאָרמאַלע „דעמאָגראַפיע“: דער צוווּקס פון שעפערישע קוי־כעס שטײַגט איבער די פאַרלוסטן. נאָכן אוועקגיין פון די דרײַ קלאַסיקער האָבן אויף די וואַקאַנט־ער־טער זיך גלײַך געלאָזט באַלאָטירן, אַרויסשטעלנ־דיק בעמעס קלאַסישע אָנהייב־ווערק, דאָוויד בערגעלסאָן, שאָלעם אַש, אַוורום רייזען, יויסעף אָפּאַטאָשו, דער ניסטער, און אין די טריט פון די דאָזיקע שוין דעמלט באַרימטע מײַסטערס האָט געשפּאַנט די צעצווײַגטע ייִדישע פּראָזע פון די צוואַנציקער—דרײַסיקער יאָרן. עס זײַנען דורכגעגאַן פיל צענדליקער יאָרן, און הײַנט רעדן מיר ווידער וועגן די דרײַ קלאַסיקער — ניט וועגן מער און ניט וועגן אַנדערע. ס'איז אַ באַדויערנדיקער עמעס, אַז אַזוי ווי בא דעם פאָלק, טרעפן אויך בא דער ליטעראַטור שווערע, אַפּילע קאַטאַסטראָפאַלע צײַטן. אין מעשעך פונעם לעבן פון איין דאָר, צו וועלכן עס געהערן די הײַנט פונקציאָנירנדיקע עלטערע ייִדישע שרײַבער, איז די סאָוועטישע ייִדישע ליטעראַטור צעטרייסלט גע־וואָרן ביזן גרונט אַמווייניקסטנס אין צוויי צײַט־אָפּשניטן: אין די שפּעטע דרײַסיקער און אין די שפּעטע פערציקער — אָנהייב פופציקער יאָרן, ווען אין רעזולטאַט פון סטאַלינס קולט־ווילדענישן האָט די אײַזערנע לאַפע פון יעזשאָוון—בעריען זיך אַראָפּ־געלאָזט אויף די קולטורן פון די סאָוועטישע פעל־קער, בעסויכעם פונעם ייִדישן פאָלק.

און דאָך איז ניט פאַרשלאָגן געוואָרן דער קוואַל. אין אָנהייב פון די זעכציקער יאָרן האָט די ייִדישע ליטעראַטור באַוויזן אַן אויסשליסלעכע לעבנספּעיִקײַט, אַרויספירנדיק אין דער עפנטלעכ־קײַט אַזאַ אָנזאַמלונג פון ייִדיש־שאַפונג, ווי „סאָ־וועטיש היימלאַנד“. אין מעשעך פון דעם פאַרגאַנ־גענעם פערטל יאָרהונדערט איז פאַר אונדזערע אויגן פאָרגעקומען דער דראַמאַטישער פאַרמעסט

צווישן לעבן און טויט אין דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור. געזיגט האָט דאָס לעבן. האגאם אינעם נאַטירלעכן אומבייַט פון דורות זייַנען איינער נאָכן אנדערן געפאַלן די דעמבן: ווענדראָף, אויסלענדער, אַלטמאַן, טייף, קיפּניס, שטערנבערג, דריז, גרוביאַן, זאַבאַרע, רעמעניק, פאַליקמאַן, גאָנטאַר, דרוקער און נאָך, האָט עס ניט געבראַכט די ליטעראַטור אינגאַנצן געגומען צו פּראָפעסיאָנעלער דיסטראָפיִע, פאַרקערט — ווי יעדער געזונטער אָרגאַניזם האָט זי געענטפערט מיט אימוניטעט־מאָביליזירטקייַט, מיט ארויסברענגען פאַרבאָרגענע לעבנס־קויכעס, מיט איין קאַדרען־„פּריזיוו" נאָכן אנדערן.

דאָס ערשטע מאָל האָבן מיר אופגערופן נייַע שעפערישע קאַדרען מיט דער הילף פון אַן אַקציע אָף אומקערן צום ייִדישן וואָרט שרייַבער, וואָס זייַנען איבער פאַרשיידענע פּערזענלעכע סיבעס אוועקגעגאַנגען פונעם „צעך" אין די פריִערדיקע יאָר. די ייִדישע ליטעראַטור איז באַרייַכערט געוואָרן מיט אַלט־נייַע נעמען: כאַיִם ביידער, הירש בעריאָזקין, ליפּע העלער, באָריס מאָגילנער, פּיניע פּלאָטקין, עליע ביידער, כאַיִם גורעוויטש, מוישע פּענס, יויסעף איצקאָוו, מאַקס ריִאַנט, דאָוויד בראָמבערג, זיאַמע טימענטשיק, מענדל גאָלדמאַן, פייסי יאַנאָווסקי, מאָטל גרוומאַן. פּיל שרייַבער וועלכע זייַנען ביז די זעכציקער יאָרן געווען באַוווּסט ווי אוטאָרן פון איינער אָדער צוויי פּובליקאַציעס, האָבן זיך אַקטיוויזירט אין דער פולער מאָס אָף די זייַטן פון „סאָוועטיש היימלאַנד", צווישן זיי — בער האַלפּערן, אַווראָם פּליבלודע, עלישעווע קאָנצעדיק, אַרן יערוסאַלימסקי, יאַשע רוביאַן, לייב ווילסקער, יויסעף שוסטער, אַלעקסאַנדער גובניצקי, באָרעך שיינגאַוטער, מוישע מאַרגאָלין, רווען פּוסטילניקאָוו, יאַשע טשערניס, זאַלמען קאַהאַן, געדאַליע קאָסאָי, מוינע שולמאַן, מוני גלייזער, רעפאָעל גאָלדענבערג. אין זייערע רייַפע יאָרן האָבן פאַרבונדן דעם גוירל מיט דער ייִדישער ליטעראַטור, ווערנדיק באַשטענדיקע אוטאָרן פון „סאָוועטיש היימלאַנד" סאָניע פּריי, כאַיִם טאַמאַרקין, מוישע וואָלף, נאָכעם פרידמאַן, אַווראָם רובינשטיין, אַרן בייגעלמאַן, שימען סאַנדלער, זינאָווי קאָמפּאַנייעץ, דאָוויד בעלקין, באָריס שיינין, מאַניע קאַטיאַראָווע, מאַניע לאַנדמאַן, ייִסראָעל קאָוועלמאַן, בינימין גאָראָדעצקי, זאַלמען יאַקוב, מוישע לאַיעוו, מאַנפרעד שוסטער, מוישע ליאַכאָוויצקי, מאַקס גאָלדין, טשאַרנע יאַראָשעוויטש, גאָלדע מיכלסאָן, בראָניע סינעלניקאָווע, דמיטרי זילמאַנאָוויטש, שלוימע ווערכאָווסקי, הענריקאַס זימאַנאַס, עליע בילאָוויטשוס, יעווסיי יאַצאָווסקי. פון אַנדערע נאַציאָנאַלע שעפערישע סוויווע זייַנען דורך „סאָוועטיש היימלאַנד" געקומען אין דער ייִדישער ליטעראַטור אַלעקסאַנדער ליזען, אוראַן גוראַלניק, זאַלמען ליבינזאָן, קימע גריידינאַ, דינע קאַלינאָווסקאַיאַ, גריגאָרי באָנדאַרעווסקי, ליאָנעל דאַדיאַני.

איך האָב בעקיוון זיך געסטאַרעט ניט ארויסלאָזן קיין איינעם פון די, וואָס דאַרפן אין אָט דעם קאָנטעקסט אָנגערופן ווערן, און אויב דאָס איז דאָך געשען, בעט איך אָנווייַזן מיר אפן בלויז. די געשיכטע פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור וועט בעלי־סאָפעק געשריבן ווערן, און ס'איז ווינטשנסווערט, ס'זאָלן בלייַבן אין זיקאָרן פון די קינפטיקע היסטאָריקער וואָס מער איינצלהייַטן און פּראָטים פון דער צייַט, אין וועלכער מיר לעבן איצט.

יאָ, דער ערשטער „פּריזיוו" פון שעפערישע קאַדרען פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור, וועלכן ס'האָט מיט פאַראַנטוואָרטלעכקייַט פאַר איר קיִעם און מיט דורכגעטראַכטע, קאָנסעקווענטע מיטלען דורכגעפירט דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", איז געווען אַזוי מאַזלבראָכעדיק, אַז די ליטעראַטור האָט זיך שוין געקאָנט פאַרגינען צו זען דעם גוטן כאָלעם, אַז זי פאַרמאָגט אַ נאָרמאַלע „דעמאָגראַפיע". אָבער אין טאָך האָט דאָס אַלץ ניט געקאָנט נאָרמאַליזירן די בלוט־צירקוליאַציע און דעם אומבייַט פון לעבנס־קויכעס אין דער ליטעראַטור, וועלכע האָט מיט יאָרצענדליקער צוריק פאַרלאָרן אירע רעזערוו־באַזעס. ס'האָט זיך באַקומען אַזאַ לאַגע, ווי דאַן, ווען ראָבינזאָן האָט געפונען בא זיך אין קעשענע אַ קערנדל, עס פאַרזייט אפן אינדזל, און ס'איז אופגעגאַנגען ווייץ. קיין אייגן ברויט־פעלד אָבער האָט דאָס אינדזל ניט געבוירן.

אין די לעצטע עטלעכע יאָר האָבן מיר צוגעגרייט און פירן דורך דעם צווייטן, סאַמע איקערדיקן „פּריזיוו" פון קאַדרען אין דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור — אַן אופרוף פון יונגע קויכעס, מיט וועלכע ס'איז מעוברעס די ליטעראַטור גופע. אין אַזאַ פלאַך אוועקשטעלן די פראַגע האָט אונדז געגעבן אַ מעגלעכקייַט די פרוכטבאַרע צייַט פון „סאָוועטיש היימלאַנד" — אַ פערטל יאָרהונדערט שעפערישע מי פון דער אופגעריכטער ייִדישער ליטעראַטור אין ראַטנפאַרבאַנד. ווי מיר ווייסן, האָבן די ערשטע רעזולטאַטן אין דעם פּראַט זיך באַוויזן נאָך אין די זיבעציקער יאָרן, ווען צו די לידער פונעם יונגן ייִדיש־געבילדעטן רוס פון קויבישעוו אַלעקסאַנדער בעלאָוסאָוו האָבן זיך פאַרייניקט אָף די זייַטן פון „סאָוועטיש היימלאַנד" די דערציילונגען און קינסטלערישע פאַרצייכענונגען פון די יונגע ייִדן־אינזשעניערן פון פּערם, דעם פּאָרפּאָלק בראָכע און אַרן בורשטיין, און שפּעטער האָבן זיך באַוויזן די לידער פונעם יונגן אַרמייִשן אָפיצער זיסי ווייצמאַן, די פּאָלקלאָר־פאַרצייכענונגען פון דעם קעשענעווער קאָמפּאָזיטאָר וולאַדימיר ביטקין.

דאָס איז געווען אַ גוטער אָנהייב. דער פּראָצעס האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּרייט און זיך פאַרטיפערט, באַקומענדיק דעם מאַסשטאַב פון אַ שעפערישער העמשעך־באַוועגונג. הייַנט־צו־טאָג האָט „סאָוועטיש היימלאַנד" באַרייַכערט זייַן אוטאָרן־קאָלעקטיוו מיט אַרום פערציק יונגע ליטעראַטן. די צוויי דערשינענע ספּעציעלע יוגנט־נומערן פונעם זשורנאַל — פאַר יול 1986 און יול 1987 — זייַנען אַ וואָגיקער בייַטראָג אין דער הייַנטצייַטיקער ייִדישער ליטעראַטור. אייניקע פון די יונגע זייַנען שוין רייַף אָף צו „איבערגיין אין העכערן קלאַס", דאָס הייסט — אָנהייבן פונקציאָנירן אין דער ליטעראַטור אָף די זעלבע יעסוידעס, ווי די שרייַבער פונעם עלטערן דאָר. אויסער די אָקאָרשט אָנגע־

רופענע פינף „אָנהייבער" — די בורשטיינס, ביטקין, ווייצמאַן און בעלאָוסאָוו — זײַנען שוין אין א היפּשער מאָס פּראָפעסיאָנעל געשולט באָריס סאנדלער (אין פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל" איז דערשינען זײַן בוך „טרעפּלעך צו א נעס", און ער גרייט צום דרוק א צווייטן בוך), לעוו בערינסקי (זײַן ערשטע זאמלונג לידער גייט ארויס אין „סאָוועטסקי פּיסאטעל"), ווי אויך דער פּראָזאיקער גענאדי עסטרײַך און דער דיכטער און עסעיסט וועלוול טשערנין (ביידע גרייטן זיי איצט פארן פארלאג זייערע ערשטע יידישע ביכער).

אפילו ווען פון פּערציק וואָלטן בלויז אָט די נײַן געבליבן א רעאלער צוווּקס צו דער אויסגעבענקטער נאָך א נײַעם נאָמען יידישער סאָוועטישער ליטעראטור, — דאן וואָלט עס אויך געווען אן ערשטראנגיקע פארן העמשעך געשעעניש. מיר קאָנען אָבער אָנרופן אויך אנדערע יונגע שרײַבער (לעמאָשל, מיכאָעל פעלזענבאום, פעליקס כאימאָוויטש, דמיטרי יושקאָווסקי, מישע לעמסטער, פּאַינע גרימבערג, אלעקסאנדרע אײַכענוואלד), וועלכע ארבעטן ערנסט און ווײַזן ארויס דערפרייענדיקע באגאבונג.

דער העמשעך איז אונדזער גרויסע זאָרג. וואָס איז עס — העמשעך? ניין, ניט אָפּציִען דעם ענדעטערמין פון אונדזער נאציאָנאלער ליטעראטור און קולטור, ניט פּאָשעט פארלענגערן, פּראָלאָנגירן זייער לעבן. אין יידיש, ווען מע זאָגט „לאנגע יאָרן", „ביז הונדערט און צוואנציק", איז דער אָנשטעל פון קאָנקרעטער ווינטשעוואניע א קלוגשאפטלעכע פאָלקס־שירמע. יעדערן באזונדער — הונדערט און צוואנציק, און דורך דעם — אייביקײַט דעם מענטשן־שטאם. העמשעך איז — ווײַטער פאָרזעצונג. ס'איז די שורע, די ריי אין א צוקינפטערגאנג, ניט איבערגעריסנקײַט, צוזאמענהאנג און טיקער פּערספּעקטיוו, דער פאָדעם, וואָס ציט זיך, די גאָלדענע קייט. האָבן א העמשעך באטײַט: פורעמען א ריי אינעם צײַט־אויסמעסט, זײַן געבונדן מיטן אָנהייב און איבערלאָזן אן אָרט פאר דעם פאָלגנדיקן. דער העמשעך איז אומופהערלעך, קעסיידערדיק, ווײַטערדיק. ער איז אָפּטימיסטיש און גאנץ פעסט בא זיך: ווו וואסער איז געלאָפן, דאָרט וועט עס ווײַטער לויפן. צײַטגאנג, צײַטנבײַט שפּארן אָן אין דער אייביקײַט. צײַט־געדויער און לעבנס־צײַט זײַנען סינאָנימען. נאָך דער שוידערלעכער מילכאָמע און ביז די זעכציקער יאָרן, ווען מיר האָבן אָנגעהויבן דעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד", איז אונדזער ציל געווען — אײַנהאלטן דעם פאָדעם, ניט אופהערן צו שאפן. איצט איז דער ציל — אומפארגייקײַט, העמשעך. די יונגע, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין אָט דער מיסיע, וועלן ניט שטעלן אפן פאָדערשטן פלאן אייגננוץ, ווײַל דעם לוין וועט געבן די צײַט, זי אליין וועט אָפּשאצן די ווערט פון אונדזער אלעמענס באגאבונג און באשליסן, ווער עס זאָל דערהויבן ווערן, און ווער עס זאָל דערנידעריקט ווערן — מי יאָרום אומי יעשאָפּעל[1].

אונדזערע טאטעס פלעגן, שטייענדיק אונטערן פרײַען הימל, מיטן פּאָנעם געווענדט צו דער נײַער לעוואָנע, זי מעכאדעש זײַן, זאָגן א געבעט בא איר אופגיין, דאָס הייסט — אופנעמען דעם געבורט פונעם נײַעם ווי דעם העמשעך פון דער וועלט.

לאָמיר מעכאדעש זײַן דעם העמשעך!

## מיכאָעל פעלזענבאום (בעלץ): דאָס איז א גרויס גליק, טײַערע כאווײרים

דער גליקלעכער פאל האָט צונויפגעזאמלט אונדז אינײנעם, און דער פאל האָט א נאָמען — די זאָרגן וועגן דער צוקונפט פון דער יידישער ליטעראטור. עס זײַנען דורכגעגאן 70 יאָר זינט דער דאטע, פון וועלכער די סאָוועטישע יידישע ליטעראטור האָט אָנגעהויבן איר געשיכטע. דער עלטערער דאָר יידישע שרײַבער האָט זיך געלערנט בא די קלאסיקער. הײַנט האָבן מיר, יונגע, דאָס גליק צו פאָרמירן זיך שעפעריש אונטער דער האשפּאָע פון א שטארקער גרופּע עלטערע שריפטשטעלער, וועלכע טראָגן אף זייערע פּלייצעס די שווערע לאסט פון הײַנטצײַטיקע זאָרגן.

אין די לעצטע יאָרן האָבן מיר אלע מאמאָשעסדיק דערפילט די אקטועלקײַט פון העמשעכדיקײַט. יעדער מענטש פארשטייט, אז א מישפּאָכע אָן קינדער איז אן אומגליקלעכע מישפּאָכע. אין דער מישפּאָכע פון די סאָוועטישע יידישע שריפטשטעלער זײַנען, ווי מיר זעען, געבוירן געוואָרן א סאך קינדער. די יונגע ליטעראטן האָבן אָן שום רעזערוון און אָן פאָרלויפיקע באדינגונגען באקומען די פולע מעגלעכקײַט צו רעדן פון דער הויכער טריבונע, וואָס הייסט „סאָוועטיש היימלאנד", מיט דער ברייטער לייענער־אאודיטאָריע.

אָבער דער נאָמען „שרײַבער" איז דערווײַל אן אוואנס, ס'איז ריכטיקער צו זאָגן, אז מיר לערנען זיך צו זײַן שרײַבער — דאָס איז אונדזער ווילן, אונדזער טרוים. פון די ליטעראטן, וואָס מיר רופן זיי יונגע, ווילט זיך מיר אויסצייכענען דעם פּראָזאיקער באָריס סאנדלער, דעם פּראָזאיקער גענאדי עסטרײַך, די פּאָעטן אלעקסאנדער בעלאָוסאָוו, וועלוול טשערנין, לעוו בערינסקי. זיי האָבן שוין געפונען זייער אייגן קאָל, ארײַנגעטראָגן אין דער יידישער ליטעראטור א פריש שטרעמעלע, א נײַעם העלד, הײַנטצײַטיקע טענער. די מערהײַט אָבער יונגע זײַנען בא אונדז, ווי מע זאָגט, אין סאמע אָנהייב.

דאָס, וואָס די בארימטע יידישע שרײַבער באהאנדלען הײַנט מיט אונדז ערנסטע פּראָבלעמען פון דער ליטעראטור, איז בעפיירעש א גרויסער קאָוועד. דאָס באטײַט, אז מע פארטרויט אונדז, און מיר דארפן געבן א ווירדיקן ענטפער אף דעם

[1] מי ירום ומי ישפל (העבר.).

דאַזיקן צוטרוי. ווי־אַזוי? פאַרשטענדלעך, מיט ערנ־סטער שאַפונג. מיר דאַרפן געדענקען אין וואָס פאַר א צײַט מיר לעבן. די צײַט פון גלאָסנאָסט און פון איבערבויונג גיט א מעגלעכקייט דער יונגער ליטעראַטור צו זײַן א קעמפערישע און שרײַבן וועגן אַלץ דעם ריינעם עמעס. דאָס איז דאָך א גרויס גליק, טײַערע כאַווײרים! דער שרײַ־בער קאָן איצט זײַן זיכער, אז גאַרנישט וועט ניט האַמעווען זײַן טאַלאַנט.

מיר אַלע זײַנען גײַסטיקע קרויווים. דאָס סאָ־וועטישע לעבן איז דער קוואַל פון אונדזער שאַ־פונג. לויט מײַן מיינונג, איז דער הײַנטיקער קאַ־באַלעס־פּאָנעם א היסטאָרישער פאַר דער סאָוועטי־שער יידישער ליטעראַטור, ווײַל אָן העמשעכדיקייט איז ניטאָ קיין לעבן, ניטאָ קיין שאַפונג, ניטאָ קיין באַוועגונג פאָרויס.

און נאָך וויל איך זאָגן גאַנץ אָפן אָט וועגן וואָס. אונדזערע לערער, וועלכע געפינען זיך דאָ אין זאַל, האָבן דורכגעמאַכט ניט קיין גרינג לעבן אין דער יידישער ליטעראַטור. מיר באַוווּנדערן זייער מוט, וואָס איז באַוויזן געוואָרן ניט נאָר אף די שלאַכטפעלדער פון דער מילכאָמע, פיל מוט האָבן געפאָדערט אויך די ליטעראַרישע שלאַכטן אין דער ניט־ווײַטער פאַרגאַנגענהייט. מיט א גע־פיל פון שטאָלץ קוקן מיר אף די פאַרהאַרטעוועטע וועטעראַנען, וועלכע שטייען אין פאָדערגרונט פון דער יידישער סאָוועטישער קולטור.

מיר דאַרפן צולייגן אַלע אונדזערע קויכעס צו דערציִען דעם נײַעם יידישן לייענער. אונדזער כיוו איז באַמיִען זיך צו פאַרהיטן די יידישע שפּראַך און איבערגעבן זי דעם קומענדיקן דאָר. אויב מיר וועלן דאָס ניט טאָן, וועט די צוקונפט אונדז ניט מויכל זײַן. מיר קאָנען עס דערגרייכן בלויז מיט אָנגעשטרענגטער שעפערישער אַרבעט, מיט אָפּהיטן די קעמפערישע פּאַטריאָטישע טראַדי־ציעס פון אונדזערע פאָרגייער.

## באָריס סאַנדלער (קעשענעוו): וועגן אייניקע פראַגן, וואָס שטייען אַפן טאָג־סיידער

עס האָט זיך אָוואַדע באַקומען צופעליק, אז גראָד דער זיבעטער נומער איז געוואָרן אונדזער נומער, דער יוגנטלעכער. „זיבן“ — איז א צאָל, מיט וועלכער עס זײַנען פאַרבונדן אין פאָלק גוטע סימאָנים. לעמאָשל: בייס עס ווערט געבוירן א קינד — א זיבעלע, בלײַבט עס לעבן, כאָטש ס׳איז ניט אינגאַנצן אָן אויסגעטראָגנס. מע זאָגט אַפילע, אז שימשן האַגיבער איז געווען א זיבעלע.

אַקעגן וואָס זאָג איך עס? מיר אַלע, דער נאָכ־מילכאָמעדיקער דאָר יידישע שריפטשטעלער, זײַ־נען „זיבעלעך“ פון דער יידישער ליטעראַטור. אַנ־דערש גערעדט, עס פעלט אונדז נאָך גענוג און גענוג, קעדיי ווערן רײַפע שרײַבער. אָבער מיר זײַנען דאָ! מיר לעבן!

אויב ציִען ווײַטער דעם פאַרגלײַך, פאָדערט אזא „ליטעראַריש אייפעלע“ א גוטע ניאַנקע. אזא איז פאַר אונדז אַלע געוואָרן דער זשורנאַל „סאָ־וועטיש היימלאַנד“.

אויב זאָגן דעם עמעס, האָבן מיר נאָך מיט עטלעכע יאָר צוריק געקאָנט בלויז טרוימען וועגן דעם, אז ס׳זאָל צונויפגערופן ווערן א באַראַטונג, ווי די הײַנטיקע. עס וואָלט זיך זייער געוואָלט, אז אַזעלכע באַגעגענישן אונטערן דאַך פון „סאָווע־טיש היימלאַנד“, זאָלן ווערן טראַדיציאָנעלע, כאָטש איין מאָל אין יאָר זאָלן מיר זיך צונויפנעמען און אַרומריידן אונדזערע פּראָבלעמען, באַהאַנדלען די ווערק, אויסהערן איינער דעם אַנדערן, מיט איין וואָרט, פאַרוואַנדלען די באַגעגענישן אין א מין שעפערישן סעמינאַר. אגעוו, וואָלטן אונדז גע־בראַכט נוץ אויך די אַלגעמיין־אַלפאַרבאַנדישע שרײַבערישע סעמינאַרן פון יונגע דיכטער, פּראָ־זאַיִקער, וועלכע קומען פאָר סיסטעמאַטיש. מע דאַרף נאָר, אז דער שרײַבער־פאַריין זאָל ניט פאַר־געסן אין אונדז.

א פּאָר ווערטער וועגן דעם, וואָס עס טוט זיך „אף דער יידישער גאַס“ בײַ אונדז אין מאָלדאַוויע. צום באַדויערן, טוט זיך דאָרטן ווײַניק. עס גייט איצט א רייד, מע זאָל שאַפן אין קעשענעוו א יידישן ליטעראַריש־מוזיקאַלן אַנסאַמבל, א פּראָפע־סיאָנעלן און הויך קינסטלערישן. אזא אַנסאַמבל וואָלט אָוואַדע געפונען א פּאַסיקן באַדן. צוליב דעם איז דאָ בײַ אונדז אַלץ: סײַ מוזיקער, סײַ זינגער, סײַ דראַמאַטישע אַרטיסטן, סײַ ווער עס זאָל מיטן קאָלעקטיוו אָנפירן. עס איז שוין אַפילע פאַראַן א פּראָגראַם. מיר האָפן, אז אונדזערע מאָסקווער כאַווײרים וועלן אַרויסווײַזן די געהע־ריקע הילף דער גרופּע קעשענעווער ענטוזיאַסטן.

אונדזער כיוו, צווישן אַנדערס, איז אָפּהיטן דעם אָנדענק פון יענע שרײַבער, וואָס זײַנען אין דער טאָגטעגלעכקייט פונעם פליסנדיקן לעבן פאַר־געסן געוואָרן. מאָלדאַוויע ווייסט וועגן א גאַנצער גאַלעריי פּען־מענטשן, וועלכע זײַנען אין דער פאַר־גאַנגענהייט אַקטיוו אַרויסגעטראָטן קעגן דעם פאַ־שיזם, געקעמפט פאַר באַפרײַען בעסאַראַביע, אָנ־טיילגענומען אין דער צווישנפעלקערלעכער אַנטי־פאַשיסטישער באַוועגונג. זייערע ווערק זײַנען אין די דרײַסיקער יאָרן באַוווּסט געווען קימאַט יעדן בעסאַראַבער יידן, מ׳האָט דעקלאַמירט זייערע לי־דער אף אויסווייניק, געלייענט זיי אף סכאָדקעס און בעשאַס אַרבעטער־שטרײַקן. כ׳וויל דאָ אָנרופן כאָטש עטלעכע נעמען: הערשל ריווקין, זעליק באַרדיטשעווער, סראָל בראָנשטיין, קאַזשבער, צעל־מאַן, אָקניצער...

און נאָך איין פראַגע. בײַ אונדז אין קעשענעוו וווינען עטלעכע יונגע טאַלאַנטפולע רוסישע שרײַ־בער, וואָס שרײַבן אף יידישע טעמעס. יידיש פאַר־שטייען זיי גוט. רעדן צוביסלעך, פּרוּוון זיך אויס־לערנען לייענען און שרײַבן. איז עפשער וואָלט דער זשורנאַל געקאָנט אויסזוכן פאַר זיי אָן אָרט, טאָקע אינעם זעלבן זיבעטן נומער, וועלכער וועט זײַן אויך אף ווײַטער א יונגער, קעדיי אונטער־

האַלטן באַ אָט די אָוטאָרן דעם אינטערעס צום לעבן פון אונדזער נאַציאָנאַלער סוויווע.

אין פאַריקן זיבעטן נומער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט פאַינע גרימבערג געשריבן, אַז מע דאַרף דרייסטער עקספּערימענטירן מיט דער ייִדישער שפּראַך. ווער זאָגט, אַז ניין? יעדער עקספּערימענט, זאָל ער אַפילו זײַן ניט זייער קיין געלונגענער, ברענגט אַרײַן אַ פריש ווינטל. אָבער מיר, וואָס נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו ציען אין דער צוקונפט ווײַטער די גאָלדענע קייט פון דער ייִדישער ליטעראַטור, דאַרפן זיך דורכדריגנען מיט גרויס דרעכערעץ צו די לאָשן־אויצרעס, וועלכע מיר האָבן געיאַרשנט, אויב ניט בײַ אונדזערע מאַמעס, איז בײַ אונדזערע באָבעס. און דאָס איז עפּשער נאָך טײַערער און הייליקער.

## גענאַדי עסטרײַך (מאָסקווע): דורכלייגן סטעזשקעס צו דעם נײַעם דאָר

די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור פון די 60־ער—70־ער יאָרן האָט געבראַכט מיט זיך אַ נײַעם דאָר לייענער. יאָ, איך רעד פריִער פאַר אַלץ וועגן דעם לייענער, ווײַל דאָס, וואָס מיר האָבן הײַנט נײַע מעכאַברים, איז אַ שוטפּעסדיקע דערשײַנונג מיטן אופקום פון גאַנצע שיכטן ייִדיש־לייענער.

דער נײַער אופנעמער פון ייִדישע קולטור־ווערטן איז ניט קיין אויסנאַם, ניט קיין אוניקום, ניט עפּעס אַ מאָלדאַווישער אָדער מאָסקווער פענאָמען. די יונגע לייענער, און מיט זיי די יונגע אָווטאָרן, וווינען אין פאַרשיידענע שטעט און רעפּובליקן פון אונדזער לאַנד.

צי הייסט עס, אַז מע קאָן זיך באַרויִקן? די „גאָלדענע קייט" ציט זיך ווײַטער, מע מעג שוין זיצן און קלײַבן נאַכעס, וואַרטן אויף נײַע נעמען, וועלכע ס'וועט ברענגען מאָרגן און איבערמאָרגן די רעדאַקציע־פּאָטשט?

די „נײַע כוואַליע" ברענגט מיט זיך נײַע פּראָבלעמען. ערשטנס — וויפל האָבן מיר יונגע לייענער? ס'וועט זיך אַרויסווײַזן, אַז ווײַט ניט גענוג. צווייטנס — וואָס דאַרף טאָן די הײַנטצײַטיקע ייִדישע ליטעראַטור, כּדי צוציִען די יוגנט צום אויצער פון דער ייִדישער שפּראַך און קולטור? די דאָזיקע פּראָבלעם איז ניט קיין פּאָשעטע. די שפּראַך פון אונדזערע ווערק דאַרף דער יונגער מענטש אָפּט באַהערשן קימאַט אַזוי, ווי ער באַהערשט, לעמאָשל, ענגליש אָדער פראַנצויזיש. צו דעם נאָך, „ווי אַפּצולאָכעס", שאַפּט די ליטעראַטור אויף רוסיש און אויף אַנדערע שפּראַכן גלענצנדיקע מוסטערן פון דער ייִדישער טעמאַטיק, ברענגט אונדז ביז גאָר אינטערעסאַנטע אַנטדעקונגען, און עס באַקומט זיך, אַז די פראַגע פון אַ יונגן ייִדיש־לייענער איז אין אַ היפּשער מאָס אַ פראַגע פון דעם ניוואָ פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

דאָ, אינעם לאָקאַל פון דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד", זיצן הײַנט פאָרשטייער פון אַלע דורות. ס'זײַנען געקומען מעכאַברים פון פאַרשיידענע מעקוימעס. צי הייסט עס, אַז מיר קאָנען לייזן אָדער לעכאָלעהאָפּאָכעס אוועקשטעלן גלײַך אַלע פּראָבלעמען?

בעשום־אויפן ניט. מע דאַרף „גיין צו דעם לייענער". מע דאַרף אויסניצן די רײַכע טראַדיציעס פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", די טראַדיציעס פון ענגע פאַרבינדונגען מיטן לייענער. בלויז אַ ברייטע און אָפענע דיסקוסיע קאָן אונטערזאָגן דעם ריכטיקן וועג. עפּשער איז כּדאַי צו פאַרבעטן אין „דיסקוסיע־קלוב" אויך פאָרשטייער פון אַנדערע ברידערלעכע סאָוועטישע ליטעראַטורן, ווײַל, ווי ס'האָט בולעט באַוויזן דער לעצטער פּלענום פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד, די פּראָבלעם פון פאַרהיטן די שפּראַך־ און קולטור־אויצרעס איז קלאָר ניט קיין לאָקאַלע. ענלעכע פּראָבלעמען שטייט פאָר צו לייזן אויך אין אַנדערע „קליינע" און „גרויסע" ליטעראַטורן.

מײַן פאָטער האָט מיך אַמאָל געלערנט, אַז עכטער אינטערנאַציאָנאַליזם קאָן אויסוואַקסן בלויז אויפן יעסאָד פון ליבע צום אייגענעם פאָלק, צו דער אייגענער נאַציאָנאַלער קולטור. כ'האָב זיך דערמאָנט אין מײַן טאַטנס געדאַנק, לייענענדיק ניט לאַנג צוריק די מאַטעריאַלן פון פּלענום פון דעם שרײַבער־פאַרבאַנד. דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט אויסגעקליבן דעם סטראַטעגיש ריכטיקן וועג נאָך מיט 25 יאָר צוריק. איצט דאַרף מען פון דעם דאָזיקן ברייטן וועג דורכלייגן סטעזשקעס צו דעם נײַעם דאָר שרײַבער און לייענער.

## טעוויע גען (מאָסקווע): מענדעלעס אור־אוריינקלעך

אַ שרײַבער איז אַ גליקלעכער מענטש. ער איז גליקלעך, ווען ער זיצט בײַם שרײַבטיש און מאַטערט זיך אויף אויפצוזוכן אַ פריש וואָרט, אַן אָריגינעלע מעטאַפאָרע, אַ קלוגן פאַרגלײַך. די מאַטערניש איז אַ זיסע, מע באַמערקט ניט, ווי עס לויפט די צײַט. די גרעסטע האַנאָע האָב איך געהאַט, ווען כ'בין געזעסן אין לייענזאַל פון דער כאַרקאָווער שטאָטישער קאָראָלענקאָ־ביבליאָטעק און געשריבן אין מײַן העפטל. אָפּטמאָל האָב איך דאָס אָנגעשריבענע געגומען איבערלייענען גאַנץ הויך אויפן קאָל, דאַן פלעגט צולויפן די פאַרוואַלטערן פונעם לייענזאַל, זייער אַן אינטעליגענטע עלטערע פרוי, און הייס אַרײַנמורמלען מיר אין אויער: „יונגערמאַן, פאַרגעסט ניט, וווּ איר געפינט זיך. קאַקאָי אוזשאַס!" דער יונגערמאַן איז דאַן אַלט געווען פופצן יאָר.

אין יענער צײַט זײַנען געווען אַ סאַך יונגע ייִדישע שרײַבער. איך האָב געטרוימט לעמאַנעשעם

אַרײַנצוגײן אינעם ערשטן צענדליק. דאָס איז געווען זייער א דרייסטער פאַרלאַנג, נאָר ווען נאָך זאָל מען זײַן דרייסט, אויב ניט אין דער יוגנט?

דער עמעס איז, אז נאָך אין סאָף פון די צוואַנציקער יאָרן און שפּעטער, ווען די ייִדישע ליטעראַטור איז געווען אין איר הויכן אויפבלי, האָט מען שוין גערעדט וועגן דעם, אז מיר, דאָס הייסט די דעמלטיקע יונגע, זײַנען שוין די לעצטע, דאָס ייִדישע וואָרט האָט ניט קיין קיִעם. דער ראַבאָנען־קאַדיש באַגלייט אונדז אַלע יאָרן, זינט מיר האָבן אָנגעהויבן שרײַבן, ער גייט אונדז נאָך פּוסטריט ביזן איצט, נאָר די פּען האָבן מיר פונדעסטוועגן ניט אַרויסגעלאָזט און לאָזן זי ניט אַרויס, מיר באַמיִען זיך צו האַלטן זי וואָס פעסטער אין דער האַנט.

מע קאָן זיך פאָרשטעלן די פרייד פון די עלטערע שרײַבער, ווען זיי דערזעען יונגע שפּראָצלינגען אויפן ליטעראַרישן פעלד. מיר איז אויסגעקומען צו זײַן אין סיבירער אַקאַדעם־שטעטל. דער פאָרזיצער פונעם וויסנשאַפטלעכן ראַט, דער אַקאַדעמיקער לאַווערענטיעוו איז דאַן אַרויס מיט א לאָזונג: יעדער עלטערער געלערנטער דאַרף דערציִען א יונגן. יעדערער פון אונדז, עלטערע שרײַבער, און מיר אַלע צוזאַמען דאַרפן נעמען אונטער אונדזערע פליגלען יונגע מענטשן, וואָס זײַנען אַרײַנגעפלויגן אין דער אַלטער נעסט פון דער ייִדישער ליטעראַטור, קעדיי אײַנצונעסטעווען זיך אין איר און ווײַטער זי בויען. די נעסט האָבן אויסגעפלאָכטן און דורכגעוואַרעמט דוירעס אויסגעצייכנטע שרײַפטשטעלער. ס'איז א גרויס גליק אַרײַנצוטראָגן אַהין א נײַ קערנדל, א נײַ זוימענדל, א צוזאָג אויף נײַע גערעטענישן.

קעדיי צו שאַפן נײַס, דאַרף מען אָבער אויך וויסן דאָס אַלטס, דאָס פריִערדיקס. מײַן לאַנגיאָריקע שרײַבערישע דערפאַרונג גיט מיר דאָס רעכט צו זאָגן די יונגע: די נעסט, אין וועלכער איר זײַט אַרײַן, איז פול מיט שפּראַך־אוצרעס, וואָס אויב מע געניסט ניט פון זיי, פאַרלירט מען א סאַך, איך וואָלט געזאָגט נאָך מער — ס'איז דאַן זייער שווער, אויב ביכלאַל ניט אוממעגלעך צו ווערן א גוטער ייִדישער שרײַבער. בלויז פאַר די לעצטע פינף און צוואַנציק יאָר „סאָוועטיש היימלאַנד" איז געשאַפן געוואָרן א גאַנצע ביבליאָטעק מיט ביכער פון אונדזערע איצטיקע ייִדישע שרײַבער. לייענט זיי, די ביכער, לערנט זיך אויף די פאַראַנענע דערגרייכונגען און שוואַכקײַטן.

ווײַט, זייער ווײַט איז דער מעהאַלעך פונעם עלטערזיידן מענדעלע ביז צו זײַנע אור־אורייניקלעך באָריס סאַנדלער, גענאַדי עסטרייך, וועלוול טשערנין, זיסי וויַיצמאַן אאַ. ווײַט איז פון מענדעלעס פישקע דעם קרומען ביזן ייִנגעלע בערעלע פון סאַנדלערס דערציילונג „טרעפּלעך אַרויף צו א נעס". דער יונגער אָפיצער זיסי וויַיצמאַן האָט געדינט אינעם מיליטער אויפן ווײַטן מיזרעך, באַם טײַך סעלעמדזשא, ער שרײַבט: „סאָפּקעס און סאָסנעס, באַרויִקט זיך, שאַ! — די קריִע גייט אויף דער סעלעמדזשא. פון דאָרעם און מיזרעך, פון פאָרנט און הינטן באַלעבאַטעווען וואַרעמע ווינטן". אַזאַ איז ער, דער נײַער קאָלאָריט. אַזאַ איז די נײַע צײַט.

א שרײַבער איז אן אייביקער זוכער. אן איצטיקער ייִדישער שרײַבער זוכט און געפינט זײַנע ייִדישע פּערסאָנאַזשן אויף גרויסע אונטערנעמונגען, אין מעכטיקע קאָלעקטיוון, ער שטעלט אַוועק דעם ייִדן אַלס הויפּט־העלד אין זײַן ווערק, און קיינער וועט דערפאַר צום מעכאַבער ניט האָבן קיין טײַנעס, אויב ער וועט דעם פּערסאָנאַזש ניט געבן איזאָלירט, נאָר שילדערן די סוויווע, די מענטשן, מיט וועלכע ער אַרבעט צוזאַמען. די פאָדערונג איז אן עלעמענטאַרע, אָבער מע דאַרף זי געדענקען, קעדיי שטענדיק טרײַ אָפּהיטן דעם לעבנס־עמעס. מיר, שרײַבער, האָבן א מעגלעכקײַט אויפצואַקערן נײַע פּלאַסטן פון דער רײַכער ייִדישער געשיכטע, אָבער די וועזנטלעכסטע און איקערדיקסטע אויפגאַבע פון יעדער ליטעראַטור איז — שילדערן איר צײַט, איר עפּאָכע, אירע מענטשן. דאָס איז שײַעך אונדז אַלעמען און דעריקער די יונגע, וועלכע הייבן ערשט אָן.

ס'איז אן עמעס, אז ניט נאָר שרײַבער, נאָר אויך לייענער איז געוואָרן ווייניקער. עס האָבן זיך פאַרקלענערט די טיראַזשן פון ייִדישע ביכער. ס'איז אַוודע גוט צו האָבן א מיליאָן לייענער, אָבער ס'איז אויך ניט שלעכט, ווען יעדן לייענער קען מען קימאַט פּערזענלעך. איך זע אים שטענדיק פאַר די אויגן, מײַן אַלטן טרײַען פּיליאָריקן לייענער. איך בין געוואַקסן און האָב זיך געעלטערט צוזאַמען מיט אים. איך בין גליקלעך, ווען עס באַווײַזט זיך א נײַער לייענער, און אָט זיצן מיר אין א צימער, ווו עס האָבן, קיין אײַנהאָרע, זיך צונויפגעזאַמלט עטלעכע צענדליק שפּאָגל־נײַע ליטעראַטן, וואָס זײַנען דאָך אַוודע און אַוודע שוין נײַע ייִדיש־לייענער.

איין שרײַבער איז געוויינלעך מעקאַנע דעם אַנדערן. איך מיין ניט, אז דאָס איז א שלעכטע מידע, אויב, פאַרשטייט זיך, זי נעמט נאָר ניט אָן א קרענקלעכע פאָרם. פאַרקערט, זאָל איין מעכאַבער מעקאַנע זײַן, אויב דער צווייטער האָט אָנגעשריבן א גוט ווערק, און זאָל ער זיך באַמיִען אָנשרײַבן א בעסערס. לאָמיר אַלע שרײַבן גוטע ווערק, און זאָל מען אונדז מעקאַנע זײַן!

## ל ע אַ נ י ד ר אַ כ מ אַ ן (טשעליאַבינסק): אין א ווײַטער אוראַלטער שטאָט...

אין די איצט שוין ווײַטע פאַר מיר יאָרן, ווען איך האָב זיך גענומען דערלערנען די ייִדישע שפּראַך, האָב איך ניט געהאַט אין זינען צו ווערן א שרײַבער. איצט זע איך דאָ צווישן די מיטשעפּער פון אונדזער ייִדישער ליטעראַטור.

דער יונגער ליטעראַרישער נאָכוווּקס פאַרשטייט זייער גוט, אַז אויף דעם אויסגעקליבענעם וועג וואַרטן אויף יעדן ניט ווייניק שטרויכלונגען: ס'איז נאָך ניט אײַנגאַנצן קעשורע מיט דער שפּראַך, ניטאָ קיין פּראָפעסיאָנעלע אויסגעשולטקײַט אדג.

עס איז אָבער קיין ספק ניט, אַז אָפּ אָט דעם וועג וועלן די יונגע ייִדישע שרײַבער בײַקומען קאַלערליי מאַנגלען, דערפרייען און דערפרישן די ליטעראַטור מיט זייערע ווערק.

מיר לעבן אין אַ צײַט, ווען פּראָגרעס און קאָנסערוואַטיזם שטויסן זיך צונויף אָפּ שריט און טריט. די איבערבויונג, די „פּערעסטראָיקע" האָט אַרומגענומען אַלע געביטן פון אונדזער לעבן, סײַ פונעם ווירטשאַפטלעכן, סײַ פון דעם קולטור־לעבן. זי האָט געגעבן פיל מעגלעכקײַטן צו פאַרווירקלעכן אונדזערע שטרעבונגען און האָפענונגען. ווי באַוווּסט, איז דעמאָקראַטיע אַ מעכטיקער אינסטרומענט. מיט דעמאָקראַטיע קאָן מען זיך אופהייבן צו די הייכן פון מענטשן־פרײַנטשאַפט און אויך אַראָפּנידערן אין טהאָם פון מענטשלעכער סינע. איך האָב דאָ אין זינען די טרויעריק־באַוווּסטע געזעלשאַפט „פּאַמיאַט" אין מאָסקווע און איר פיליאַל בא אונדז אָפּן אוראַל — „אָטעטשעסטוואָ". וואָס קאָנען מיר, ייִדישע וואָרט־שעפער, וועלכע אַרבעטן אין קולטור־געביט, אַנטקעגנשטעלן זייערע אונטערגראָבערישע מײַסים? איך מיין, אַז אָפּ די זײַטן פונעם זשורנאַל און פון דעם „יעזשעגאָדניק" דאַרפן געפינען אַן אָרט מערער מאַטעריאַלן, וואָס שפּיגלען אָפּ די ראַליע, וועלכע דאָס ייִדישע פאָלק האָט געשפּילט אין דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע, אינעם בירגערקריג, אין דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע, קעמפנדיק פאַרן סאָציאַליזם האַנט בא האַנט מיט די איבעריקע פעלקער פונעם לאַנד. עס דאַרפן באַוויזן ווערן די דוירעסדיקע אינטערנאַציאָנאַלע טראַדיציעס פון אונדזער פאָלק.

אָט נעמט, לעמאָשל, מײַן היימשטאָט טשעליאַבינסק. אַ ווײַטע אוראַלער שטאָט מיט אַ קליינער ייִדישער באַפעלקערונג. ביז דער רעוואָליוציע איז די ייִדישע באַפעלקערונג געווען דאָ ביכלאַל זייער אַ נישטיקע. פונדעסטוועגן האָבן אין טשעליאַבינסק געפירט אַן אַקטיווע טעטיקײַט רעוואָליוציאָנערן־ ייִדן: ש. צווילינג, ס. קריוואַיאַ, ז. לאַבקאָוו, די ברידער אַ. און ש. יעלקין, ר. קאָסטיאַנאָווסקאַיאַ און פיל אַנדערע. אַלע האָבן זיי אָפּגעגעבן זייערע לעבנס פאַר דער מאַכט פון די ראַטן. אונדזער שטאָט היט אָפּ טײַער זייער אָנדענק. מיט זייערע נעמען זײַנען אָנגערופן גאַסן און שולן. אונדזער אַקאַדעמישער דראַמע־טעאַטער, די גאַסטראָלן פון וועלכן ס'זײַנען אָקאָרשט אַדורך אין מאָסקווע מיט גרויס דערפאָלג, טראָגט דעם נאָמען פון ש. צווילינגן. אייניקע אונטערנעמונגען זײַנען אָנגערופן מיט די נעמען פון די רעוואָליוציאָנערן. ס'וואָלט גוט געווען, אַז גראָד אַ יונגער שרײַבער זאָל פאַרעפנטלעכן אַ ציקל אַרטיקלען וועגן די העלדן. מע דאַרף באַקעמפן דעם שאָוויניזם, פון וואָס פאַר אַ זײַט ער זאָל ניט קומען, מיט אַלע מעגלעכע פאַר אונדז מיטלען.

און אָט וואָס עס ווילט זיך מיר אייצענען מײַנע יונגע קאָלעגן און נײַע פרײַנט: לייענט יעדן טאָג אָפּ ייִדיש, און וואָס מער. לייענט אונדזערע קלאַסיקער — מענדעלען, פּערעצן, שאָלעם־אַליכעמען. לייענט די הײַנטצײַטיקע ליטעראַטור, לייענט אַפּאַטאָשון און אַשן, בערגעלסאָנען און מאַרקישן, האָפשטיינען און קוויטקאָן, לייענט אונדזערע מאָדערנע סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער, אַ סאַך פון וועלכע ס'געפינען זיך איצט דאָ. פון זייערע ווערק וועט איר דערשפּירן דעם טאַם פון אונדזער שיינעם, האַרציקן לאָשן, פונעם לאָשן, אָפּ וועלכן ס'האָבן גערעדט און עס רעדן אויך אַצינד אונדזערע זיידעס און באָבעס, צומאָל אויך די עלטערן. אָפּ ייִדיש האָבן גערעדט די קדושים אין געטאָ. אָפּ ייִדיש האָט הירש גליק געשאַפן זײַן אומפאַרגעסלעכע ליד „זאָג ניט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג".

איך וויל אַרויסזאָגן אַ ווונטש, אַז אונדזער ייִדישע קולטור זאָל האָבן פון אירע יונגע זין און טעכטער פיל נאַכעס.

## וועלוול טשערנין (מאָסקווע): אין גײַסט פון איבערבויונג און דעמאָקראַטיזאַציע

עס ווילט זיך קוידעמקאָל האַרציק באַדאַנקען די רעדקאָלעגיע פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַר דעם, וואָס אונדז איז געגעבן געוואָרן אַ מעגלעכקײַט זיך פאַרזאַמלען דאָ, אינעם לאָקאַל פון דער רעדאַקציע, און צוזאַמען מיט די עלטערע פען־כאַווײרים באַהאַנדלען די הײַנטצײַטיקע פּראָבלעמען פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור. דער פּראָצעס פון אײַנגלידערן זיך אין אָט דער פּראָבלעמאַטיק מיצאַד אַ רעליאַטיוו שוין פילצאָליקער מאַכנע יונגע ליטעראַטן האָט זיך אָנגעהויבן און איז פאַרטיפערט געוואָרן נאָך דעם, ווי די אָנפירונג פון „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט אָפּגעגעבן פאַר דעם יונגן דאָר דעם פאַראיאָריקן יול־נומער פונעם זשורנאַל. שפּעטער זײַנען אינעם אָקטיאַבער־נומער פאַרן 1986 און אין האַיאָריקן מאַרט־נומער פאַרעפנטלעכט געוואָרן היפּשע ציקלען ווערק פון יונגע ליטעראַטן, און איצט האָט אונדז ווידער דערפרייט אַ נײַער יוגנט־נומער — פאַר יול פון הײַנטיקס יאָר.

זײַענדיק אַ רעדאַקציע־מיטאַרבעטער פון „סאָוועטיש היימלאַנד", נעמענדיק אַ דירעקטן אָנטייל אין דער צוגרייטונג פון די אויבנדערמאָנטע פּובליקאַציעס, האָב איך געהאַט אַ מעגלעכקײַט אַרײַנצודרינגען אינעם פּראָצעס פון דעם אופקום פון דער איצטיקער „נײַער כוואַליע" אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. פּערזענלעך אָדער דורך קאָרעספּאָנדענץ בין איך באַקאַנט מיט אַלע יונגע ייִדיש־שעפער, כ'האָב געלייענט זייערע ווערק נאָך אין קסאָוויאַד, געזען זייערע דערפאָלגן און שוועריקײַטן. דערווײַל בין איך דער אייניציקער יונגער ייִדישער ליטעראַט, וועלכער אַרבעט אין אונדזער רעדאַקציע. אין דעם פראַט האָט מיר אָפּגעגליקט— כ'האָב דערפילט דעם טאַם פון רעדאַקטאָרישער אַרבעט.

דאָס איקערדיקע באַשטייט איצט אין דעם, וואָס די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור האָט באַקומען אַ האָפֿענונג, אַז עס וועט זײַן באַ איר אַ יונגער שעפֿערישער דאָר, און דאָס גיט אונדז אַ מעגלעכקײַט — און ס׳איז אונדזער כּיוו — אַרומצורײדן אײניקע נאָך ניט געלײזטע, גאַנץ אָנגעווייטיקטע פּראָבלעמען, און טאָן עס זאַכלעך, אין גײַסט פֿון דער איבערבויונג און דעמאָקראַטיזאַציע.

אין אונדזער ייִדישער ליטעראַטור קאָן מען איצט זען געוויסע פֿאַרגלײַווערטקײַט־דערשײַנונגען, וואָס עס ווירקט אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס אויך אַף די ווערק פֿון די ייִנגערע ליטעראַטן. די פּראָבלעם פֿון דער ליטעראַטור־קריטיק שטייט זייער שאַרף, ווײַל דער דאָזיקער זשאַנער איז הײַנט־צו־טאָג ביז גאָר אָפּגעשוואַכט. צווישן די יונגע פֿאַרמאָגן מיר גענוג דיכטער, פּראָזע־שרײַבער, יודאַיִק־פֿאָרשער, אָבער וואָס איז שײַעך דער ליטעראַטור־קענטעניש און קריטיק, קאָן מען דערווײַל אָנרופֿן בלויז געציילטע אַרבעטן: פֿאַינע גרימבערגס אַרטיקלען וועגן באָריס סאַנדלערס שאַפֿונג („סאָוועטיש היימלאַנד“, נום. 7, 1986) און וועגן דער שאַפֿונג פֿון גענאַדי עסטרײַך (נום. 7, 1987), מיכאַיל קרוטיקאָווס פֿאָרשונג וועגן דער דיכטונג פֿון שמועל האַלקינען (נום. 7, 1987), און דאָס איז פּראַקטיש אַלץ.

מיט דעם זעלבן אומרו דאַרף מען רײדן וועגן דער ניט־גענוגנדיקער אַרבעט אַף צו דערציִען אַ מאַסן־לייענער. פֿאַר די שרײַבער פֿונעם עלטערן דאָר וועט נאָך אַ לייענער סטײַען, אָבער זייערע ייִנגערע קאָלעגן נייטיקן זיך אין, אַזוי צו זאָגן, אַ לייענער אין דער צוקונפֿט. דאָ איז דערווײַל געטאָן זייער ווייניק. ס׳איז סײַ אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע, סײַ אַ שעפֿערישע פֿראַגע, מיר דאַרפֿן העכערן דעם ניוואָ פֿון אונדזער שרײַבן, קעדיי דער, וואָס האָט אין דער רײַפֿער יוגנט זיך געגומען לייענען אַף ייִדיש, זאָל ניט באַדויערן, וואָס ער האָט אומזיסט געפּאַטערט צײַט אַפֿן דערלערנען די שפּראַך. ס׳איז אונדזער כּיוו אויך מיטהעלפֿן די פּאָטענציִעלע לייענער צו באַהערשן אונדזער מאַמע־לשון. אויב ניט מיר, איז ווער וועט עס טאָן?

כ׳בין ניט מסכּים מיט די חבֿרים, וואָס באַטראַכטן דאָס קומען פֿון אַ נײַעם אָטריאַד ייִדיש־שרײַבער אַלס געוויינלעכער „אומבײַט פֿון דורות“. יאָ, „מישמורות בײַטן זיך“, אָבער מיר זײַנען אַ פּרינציפּיִעל אַנדערע דערשײַנונג, איידער די פֿריִערדיקע דורות פֿון אונדזער ייִדישער ליטעראַטור. מיר לעבן ניט אין קאָמפּאַקטע נאַציאָנאַלע סוויווע — ייִדישע שטעטלעך, אונדזערע העלדן באַוווינען דעם גאַנצן ראַטנפֿאַרבאַנד. מיר פֿאַרמאָגן זייער אַ קנאַפּע ייִדישע שפּראַך־סוויווע. אַלע מיר (כּוץ די, ווער עס האָט זיך געלערנט אין דער גרופּע „ייִדיש“ אַף די העכסטע ליטעראַרישע קורסן) האָבן ניט געהאַט קיין ספּעציִעלע בילדונג אַף ייִדיש. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ לייגט אַרויף אַ געוויסן שטעמפּל אַף אונדזער שאַפֿונג און שטעלט אַרויס פּראָבלעמען.

אַ ליטעראַט קאָן ניט זײַן פֿולווערטיק, ווען ער ווייסט ניט די געשיכטע פֿון זײַן ליטעראַטור, פֿון זײַן שפּראַך, פֿון זײַן פֿאָלק, דעריבער דערפֿרייט דער פֿאַקט, וואָס דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“ פֿאַרעפֿנטלעכט פֿון צײַט צו צײַט וויסנשאַפֿטלעכע און וויסנשאַפֿטלעך־פּאָפּולערע מאַטעריאַלן אַף אָט דער טעמאַטיק. די ספּעציִאַליסטן אין געביט פֿון יודאַיִק זײַנען, פּונקט ווי די ייִדישע שרײַבער, צעוואָרפֿן איבער פֿאַרשיידענע שטעט פֿון פּססר. זייערע זעלטענע פּובליקאַציעס דאַרף מען אַלפֿי קלאַל זוכן אין קאָלערליי קליין־טיראַזשיקע זאַמלביכלעך. ס׳וואָלט געווען ניט שלעכט אָן אַנדערס מאָל דורכצופֿירן אַ ספּעציִעלע באַהאַנדלונג פֿון די ווערק, וועלכע עס פּובליקירן די יודאַיִק־פֿאָרשער.

## אַלעקסאַנדער בעלאָוסאָוו (קיִשינעוו): אַ פּאָר קורצע ווינטשן

פּונקט ווי כ׳האָב ניט זייער האָלט צו שרײַבן לאַנגע לידער, האַלט איך אויך ניט פֿון לאַנגע רעדעס און כ׳וועל דעריבער אָפּשטעלן זיך בלויז אַף צוויי מאָמענטן.

ערשטנס. דאָ זײַנען שוין אַרויסגעזאָגט געוואָרן ווינטשן, אַז אַזעלכע באַגעגענישן זאָלן ווערן אַ טראַדיציע און פֿאָרקומען כאָטשבי איין מאָל אין יאָר. עס איז אויך פֿאַראַן אַ פֿאָרשלאָג צו שאַפֿן אַ סעמינאַר פֿאַר יונגע ייִדישע שרײַבער. זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז פֿאַר ביידע פֿאָרשלאָגן שטים איך מיט ביידע הענט. אָבער ביז זיי וועלן מקוים ווערן, איז דאָך פֿאָלג מיר אַ גאַנג. און לערנען זיך דאַרפֿן מיר אַלע שוין באַלד — קיינער וועט זיך, עפּנטלעך, ניט באַליידיקן, אויב כ׳וועל זאָגן, אַז די גרעסטע מערהײַט פֿון אונדז נייטיקט זיך קודעם־כּל אין העכערן די מדרגה פֿון קענען ייִדיש. די חבֿרים פֿון קעשענעוו און אָדעס מעג מען מקנא זײַן: זיי לעבן נאָך אין אַ ייִדיש־רײדנדיקער סוויווע און האָבן דערצו אַזעלכע לערער ווי יעקבֿ שרײַבמאַן און נאָטע לוריע. שוין גאָר אָפּגערעדט פֿון די מאָסקווער טוישווים. די אַנדערע אָבער, און איך בעסוכעם, זײַנען, ליידער, אָפּגעריסן פֿון דער שפּראַכלעכער סוויווע. און דערלערנען דאָס לשון ווי געהעריק — איך ווייס עס פֿון מײַן אייגענער דערפֿאַרונג — קאָן מען בלויז, באַנוצנדיק זיך מיטן לשון. איז אויב מיר האָבן ניט קיין מעגלעכקײַט צו רעדן ייִדיש, לאָמיר כאָטש אָפֿטער קאָרעספּאָנדירן אַף דער שפּראַך, סײַ צווישן זיך, סײַ מיט די עלטערע חבֿרים, די כאַשעווע לערער אונדזערע. איך פּערזענלעך, ווען כ׳האָב זיך געלערנט ייִדיש, האָב זייער פֿיל קאָרעספּאָנדירט, קודעם־כּל מיט דעם נעסטאָר פֿון אונדזער ליטעראַטור, דעם גלענצנדיקן סטיליסט און קענער פֿון ייִדיש מאַרק ראַזומני. איך האָב זייער פֿיל צו פֿאַרדאַנקען דעם זיידן מאַרק!

איצט — צום צווייטן אינִיען. אַזויווי לויטן סטאַזש פֿון אַרײַנטרעטן אין אונדזער ליטעראַטור

בין איך עלטער פֿון די אַנדערע מער אָדער ווייניקער יונגע שרײַבער, ווילט זיך מיר האָפֿן, אַז איר, טײַערע צײַט־קאָלעגן, וועט אויף מיר ניט האָבן פֿאַריבל פֿאַר די רייד. און זאָגן וויל איך אָט וואָס: לאָמיר נעמען פֿאַר זיך לעכאַטכילע, פֿון סאַמע אָנהייב, א קלאַל — באַגיין זיך איינער מיטן אַנדערן לײַטיש, אופֿירן זיך אין דער ליטעראַטור עטיש. דאַן וועט אויך די אופֿווירקונגס־קראַפֿט פֿון די ווערק, וועלכע מיר שאַפֿן, זײַן אַן עטישע, אַ לאַנגדויערנדיקע, אַ מענטשלעכע.

דאָס איז, דאַכט זיך, אַלץ, וואָס כ׳האָב געהאַט צו זאָגן.

## יעכיעל שרײַבמאַן (קעשענעוו): וועגן לערער און טאַלמידים

איך זיץ אויף אונדזער באַראַטונג און טראַכט: וואָס וואָלטן געזאָגט אונדזערע לערער און פֿאַרגייער, די קדושים אונדזערע, בערגעלסאָן, לעמאַשל, מאַרקיש, פֿעפֿער, קוויטקאָ, ווען זיי געפֿינען זיך דאָ־אָ מיט אונדז, איצט אין די אַכציקער יאָרן, און זעען פֿאַר זיך אַזויפֿיל יונגע, העמשעכדיק־צעשטראַלטע פּנעמער? זיי וואָלטן פּונקט, ווי מיר — זייערע טאַלמידים און די לערער פֿון די איצטיקע יונגע טאַלמידים — געווען גליקלעך. שוין דעמאָלט, מיט אַריבער פֿערציק יאָר צוריק, האָט אונדזערע פֿאָרגייער געפּײַניקט דער געדאַנק: נו, און ווײַטער, וואָס וועט מיט דער ייִדישער ליטעראַטור זײַן ווײַטער? אויף דעם הײַנטיקן היסטאָרישן, וואָלט איך געזאָגט, צונויפֿקום שיילט זיך דער דאָזיקער ווײַטער קלאָר אויס, פּיקט זיך אויס דער העמשעך אונדזערער.

שרײַבן אויף ייִדיש, זײַן אַ ייִדישער שרײַבער — שוין אין דעם אַליין שטעקט אַן אופּטו. כ׳דערמאָן זיך אַ שמועס מײַנעם מיטן רוסישן דיכטער באָריס סלוצקי, מיט אַ לאַנגער צײַט צוריק, אויף אַ שפּאַציר אונדזערן אין מאַלייעווקער וואַלד, הינטער מאָסקווע. סלוצקי האָט דעמאָלט אָפּגעדרוקט די ליד זײַנע, וווּ עס זאָגט זיך, אַז פֿון ייִדיש וועלן בלײַבן נאָר די צוויי ווערטער „כאָכמע” און „כאַלע”. מיך האָט, פֿאַרשטייט זיך, גוט געקראַצבעט אַזאַ נעוויִעס. איך האָב געטײַנעט צו סלוצקין, אַז בלײַבן וועט אַלצדינג, אַלע אונדזערע ווערטער וועלן בלײַבן. אַנדערש וואָלטן מיר אויף ייִדיש ניט געשריבן. כאָטש קיין מאַסן־לייענער פֿאַרמאָגן מיר ניט און די צוקונפֿט איז אַ רעטעניש, שלײַפֿן מיר פֿונדעסטוועגן דאָס וואָרט, צערטלען עס, לייגן עס אַרויס אויפֿן פּאַפּיר אָן דער מינדסטער פּשאָרע. סלוצקי האָט מיך אָנגעקוקט און אַ זאָג געטאָן: „בעפֿיירעש, אַ העלדישקײַט”. דעמאָלט האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אין דעם זאָג זײַנעם האָט אָפּגעקלונגען איראָניע. איצט, אין אַ פּאָר צענדליק יאָר אַרום, ווען סלוצקי וואָלט געזעסן דאָ צווישן אונדז, ווען ער זאָל איבערבלעטערן די צוויי יוגנט־נומערן „סאָוועטיש היימלאַנד”, וואָלט ער, בין איך זיכער, דאָס וואָרט „בעפֿיירעש” איבערגעכאַזערט, און אויפֿן אָרט פֿון איראָניע וואָלט איך געפֿילט אי היספּײַלעס, אי אַפּשײַ.

איך בין באַזונדער גליקלעך, וואָס אין דער גרופּע יונגע ייִדישע שרײַבער אונדזערע זײַנען אויך פֿאַראַן מײַנע צוויי טאַלמידים: באָריס סאַנדלער און מישע לעמסטער. כ׳בין, קאָן מען זאָגן, געווען זייער דאַרדעקע־מעלאַמעד, אָנגעהויבן מיט זיי פֿונעם סאַמע שרײַבערישן אַלעפֿבייס. כ׳האָב געהאַט דאָס גליק צו זען מיט די אייגענע אויגן, ווי דאָס קערעלע איז אַ צעשפּאָלטנס אַרויס פֿון דער ערד, פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין צוויי גרינינקע בלעטעלעך, אַ שפּראָץ געטאָן אין דער הייך, געוואָרן צעוואַקסענער און קרעפֿטיקער, און אָט שטייען פֿאַר אונדז צוויי הויכע זונרויזן, נייגן און קערן זייערע רײַפֿע און פֿולע, מיט גילדענע בלעטלעך באַבלעטערטע „קעפּלעך” צו דער זון.

וועגן באָריס סאַנדלערן האָט מען שוין הײַנט דאָ גערעדט. זײַן ערשטלינג־בוך „טרעפּלעך אַרויף צו אַ נעס” האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף אונדזערע ביכער־פּאָליצעס, ווי אַ גלײַכער צווישן גלײַכע. מיר האָבן פֿאַר זיך אַ קלוגן באַגאַבטן פּראָזאַיִקער, וואָס צעוואַקסט זיך אי אין דער ברייט, אי אין דער טיף, און וועט, האָפֿן מיר, אויף זײַנע טרעפּלעך אַלץ גיין און גיין אַרויף. מישע לעמסטער גייט אַ ביסעלע לאַנגזאַמער. ער איז ביכלאַל אַ פּאַוואָליע־גייער. יעדעס דיכטערישע וואָרט זײַנס טראָגט ער אין זיך לאַנג אויס, ביז ער לייגט עס מיט אַ באַזונדער מין ייִראַס־האַקאָוועד אַרויס אויף פּאַפּיר. דאָס איז אי אַ מײַלע, אי אַ כיסאָרן. אַ מײַלע — מאַכמעס, וואָס אויסגעטראָגענער דאָס וואָרט איז, אַלץ עכטער באַקומט זיך עס און אַלץ טיפֿער דערגייט עס צום לייענער. אַ כיסאָרן — ווײַל יעדעס פּאַוואָליע־גיין איז כיסאָרן. פֿונדעסטוועגן, טראַכט איך, וועט לעמסטער אַזוי־אָ פּאַוואָליע־גייענדיק אויך אָנקומען גוט. יעדע שורע זײַנע איז פֿול מיט טאַלאַנט, דאָס איז דינע, אייגענע און אייגנאַרטיקע דיכטונג. כ׳דערמאָן זיך, ווי מיט עטלעכע יאָר צוריק, כ׳בין דעמאָלט געלעגן אין שפּיטאָל, האָט זיך פּלוצעם אַרײַנגעשטעלט אין מײַן פּאַלאַטע אַ יונגער באָכער מיט שוואַרצע וואָנצעלעך און מיר אַ זאָג געטאָן, אַז ער שרײַבט לידער. „נאָר שרעקט זיך ניט, — האָט ער געזאָגט, — גאָר קלייניטקע לידער, מע קאָן זיי קראַנקערהייט אויך אויסהערן”. די ערשטע ליד זײַנע האָט טאַקע פֿאַרמאָגט ניט מער, ווי פֿיר שורעלעך. אין יעדער שורעלע — צען גרײַזן. נאָר איך געדענק די ליד ביז הײַנט. ניט ווײַל זי איז געווען אַזאַ קלײנינקע, נאָר ווײַל דאָס איז שוין געווען ליד.

די נאַטור האָט זיך צעשריבן<br>
אויף מײַן פּאָנעם אין ייִדיש.<br>
אין די אויגן — אַ כידעש,<br>
אין הארצן — אַ קידעש.

לעמסטער שרײַבט נאָך הײַנט פֿירשורעדיקע אָדער אַכטשורעדיקע לידער. ער טראָגט אום אין קאָפּ לאַנגע פּאָעמעס, און אויף פּאַפּיר לייגן זיך אַרויס געציילטע שורעס. מיר קאָנען אים נאָר

ווינטשן, ער זאָל די פּאָעמעס זײַנע שאפן, אָנשרײַבן. ארבעטזאמקײַט, אײַנגעשפּארטקײַט זײַנען אויך א טייל פונעם טאלאנט. פּארמאָגט עס דער טאלאנט — צעבליט ער זיך. פּארמאָגט ער עס ניט — ווערט ער פארוויאנעט, דארט אײַן, ווי ניט־באארבעטע, ניט־באגאָסענע פלאנצונגען.

אין מײַן צײַט, אין די דרײַסיקער יאָרן אין רומעניע, ווען איך האָב געשטעלט די ערשטע טריט אין דער ליטעראטור, האָב איך, ליידער, ניט פּארמאָגט איבער זיך די זאָרגעוודיק־ווארעמע פליגלען, וואָס איר, יונגע כאוויירים אונדזערע, פּארמאָגט איצט, דאָ. סטראדיוואריוס האָט די פידל־סודעס זײַנע — פון וואָס פאר א האָלץ ער מאכט די פידלען, ווו ער נעמט דאָס האָלץ, וויאזוי ער טריקנט עס, וואָס ער לייגט ארײַן אין קליי, אין לאק אאוו. — אפילע דעם אייגענעם זון ניט אויסגעזאָגט, מיטגענומען זיי מיט זיך אף יענער־וועלט, און קיינער ווייסט ניט די סודעס ביז הײַנט. אזוי זײַנען אויך די שרײַבער דעמלט געווען קארג אף א וואָרט, די שרײַב־סודעס זייערע ניט צעטיילט, פאר קיינעם ניט אויסגעזאָגט, געלאָזט זיי פאר זיך אליין. מיר, הײַנט, זײַנען גרייט ארויסלייגן פאר א יונגן כאווער אלע פערעלעך, וואָס מיר האָבן א גאנץ לעבן, אליין, מיט די אייגענע פינגער אויסגעפּאָרפלט אין הויפנס זאמד, אין הויפנס מיסט — גיט אים אונדז נאָר אהער, דעם יונגן כאווער.

וואָס קאָן איך אײַך אין א קורצער ארויסטרעטונג זאָגן, טײַערע כאוויירים? ערשטנס: האָט ליב, פארפולקומט, בארײַכערט, האַלט הייליק דאָס לאָשן, אף וועלכן איר שרײַבט. לייגט דאָס וואָרט אײַערס ארויס אפן פּאפּיר טויזנט מאָל באטראכט, דורכגעפיבערט, אכרײַעסדיק. אין דער געשיכטע האָט זיך אזוי אויסגעדרייט, אז גראָד ייִדיש איז הײַנט אונדזער לאָשנקוידעש. שוין אפילע דערפאר, ווײַל מיט ייִדיש אף די ליפּן, מיטן שרעקלעכן אוי־ווײַ אף ייִדיש, זײַנען אומגעקומען קימאט אלע זעקס מיליאָן קאָרבאָנעס אין די היטלעריסטישע קרעמאטאָריעס און לאגערן. און ניט נאָר דערפאר. אף ייִדיש בלײַבט פארשריבן א גרויסע שווער־געפּרוּווטע פאָלקס־עפּאָפּייע. שאָלעם־אלייכעם איז, מעטאפאָריש געזאָגט, אונדזער נײַער ייִדיש־טאנאך. ניט ווײַניקער. אין שאָלעם־אלייכעמס ווערק זײַנען פארייביקט דעם פאָלקס כאָכמע און נאיִווקײַט, דער ביטערער הומאָר, די ליידן און פריידן, טנועס און האוויײַעס, כאראקטער און שטייגער ניט נאָר פאר די עטלעכע צענדליק יאָר, וואָס שאָלעם־אלייכעם האָט געלעבט, נאָר פאר די אלע יאָרהונדערטער זינט ייִדיש האָט אָנגעהויבן ווערן ייִדיש. נו, און פּערעץ? נו, און מענדעלע? נו, און אזויפיל גרויסע ייִדישע שרײַבער נאָך די קלאסיקער? נו, און אלע וואָגיקע ביכער אין דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור ביז הײַנט, ביז אײַך? האָט עס אין זינען און געדענקט עס. איר קניפּט זיך אָן אין א רײַכער בעקאָוועדיקער ליטעראטור. איר הייבט ניט אָן פון קיין אָנהייב. איר הייבט ביכלאל ניט אָן — איר זעצט פאָר, איר זענט א העמשעך.

צווייטנס — א פּאָשעטע אייצע. זײַט שרײַבער אלע פיר און צוואנציק שאָ אין מעסלעס. דערמיט טיילט זיך אויס אונדזער גאָר שווערער באַרוף פון אלע אנדערע בארופן אין דער וועלט. קאָנסט דײַן ארבעט קיינמאָל ניט פארענדיקן — פארנעמען דאָס געצײַג, פארשפּרייטן דעם טיש און מאכן שאבעס. אף שריט און טריט, ווען דו גייסט און שטייסט, דארפסטו זיך צוקוקן צו זאכן, באמערקן דאָס, וואָס אנדערע באמערקן ניט, טאקע קעדיי ווײַזן עס דערנאָך יענע, וועלכע האָבן עס ניט געזען. אנדערש וואָלט די וועלט ניט געדארפט דעם שרײַבער. אָט וועל איך אײַך דערציילן א קליינעם פאל, עפּשער אפילע א נארישקײַט, וואָס איז נאָרוואָס, ווען איך בין געפאָרן אהער מיט נאָטע לוריען אין מעטראָ, פאָרגעקומען. אנטקעגן אונדז איז געשטאנען א מיידל מיט גאָר גרויסע קײַלעכדיקע אוירינגלעך בא די אויערן. מיר האָבן ביידע געקוקט אפן מיידל, אף די אוירינגלעך אירע, און געשוויגן. איך האָב געטראכט, אז די דאָזיקע גרויסע בלישטשענדיקע אוירינגלעך וועל איך ארײַנעמען אין ראָמאן מײַנעם, אף וועלכן איך ארבעט איצט. ס'האָט מיר אפילע א בליץ געטאָן אין געדאנק א פארגלײַך: „גרויסע אוירינגלעך, א לייב וואָלט אזש געקענט דורכשפּרינגען דורך זיי". וואָס נאָטע לוריע האָט געטראכט, ווייס איך ניט. נאָר איך בין זיכער, אז ער האָט, אף זײַן אויפן, אויך געטראכט אזוי, ווי א שרײַבער דארף טראכטן אין אלע רעגעס זײַנע, אפילע ווען סאמע נישטיקע קלייניקײַטן.

דער הײַנטיקער צונויפקום איז פאר דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור א יאָמטעוו. מיר אלע וועלן דעם גאָלדענעם פאָדעם פון אונדזער ליטעראטור שפּינען ווײַטער. אויב פון די צענדליקער יונגע ייִדיש־שרײַבנדיקע ליטעראטן וועלן לאָזן וואָרצלען אפילע בלויז א העלפט, וועט דער העמשעך פון אונדזער ליטעראטור זײַן א פעסטער.

## דמיטרי יושקאָווסקי (מאָסקווע): די ליטעראטור זוכט נײַע וועגן

איינער פון אונדזערע סאָוועטישע ייִדישע קלאסיקער, איציק פעפער, האָט געשריבן:

ייִדיש הייסט ניט באסיעכידיש,
ייִדיש הייסט ניט הוילער כידעש,
ייִדיש איז א בלאסע קאלע?
ייִדיש איז א שפּראך, ווי אלע...

די לעצטע שורע זאָגט אונטער א פראגע — צי קאָן ייִדיש ווערן א שפּראך, ווי אלע? מיר דאכט זיך, אז לייזן פּאָזיטיוו די דאָזיקע פראגע קאָן מען אין די איצטיקע רעאלע באדינגונגען בלויז אף אזא אויפן: שאפן קינסטלעך כאָטשבי א באגרענעצטע ייִדיש־ריידנדיקע סוויווע. עמעצער קאָן דערווידערן, אז אזעלכע רייד האָבן ניט קיין גרונט

אונטער זיך און קיין פּערספּעקטיוו. אזא מענטש וועט זײַן אומגערעכט! אויב פונעם דעמלט שוין, דאכט זיך, טויטן העברעיִש האָט מען געקאָנט שאפן דעם לעבעדיקן איוורית, פאַרוואָס קאָן מען ניט טאָן דאָס זעלבע מיט גאָר ניט קיין טויטן נאָך ייִדיש?

איך האָב לעצטנס אָנגעהויבן צו באמערקן אז ס׳איז מיר א סאך גרינגער לייענען, שרײַבן און אפילע טראכטן אַף ייִדיש, איידער ריידן. און איך מיין, אז דאָס זעלבע פילן אויך אנדערע כאוויירים. אָט האָט איר נאָך א פראגע: כאוויירים, ווער פון אײַך קאָן זיך באַרימען, אז אינדערהיים האָט ער א מעגלעכקײַט צו רעדן ייִדיש מיט די נאָענטע און פרײַנט, אזוי, אז זיי זאָלן פארשטיין וואָס ער זאָגט, און זיי זאַלן אויך עפּעס וועלן זאָגן אַף מאמע־לאָשן? אויב אזא מענטש איז דאָ, בין איך אים הארציק מעקאנע... וויִאזוי ווערט פאראָרעמט א שפּראך, ווען זי איז באגרענעצט אינעם מינדלעכן פארקער!

ווען א קינד גייט אין דער רוסישער שול און הייבט ערשט אָן זיך לערנען לייענען, נעמט ער אין די הענט דעם בוך «Родная речь». עפשער איז אין דעם פאראן א ראציִאָנעלער קערן?

פריִער לערנט מען זיך ריידן, דערנאָך — לייענען.

אמאָל האָבן די העברעיִסטן ארויסגערוקט א לאָזונג: „יעהודי, דבר עברית!“ (ייִד, רעד העברעיִש!). לאָמיר רעדן ייִדיש, און עס זאָלן זיך שאפן קרײַזלעך פון ליבהאָבער פונעם ייִדישן וואָרט. בא די, וואָס וועלן רעדן ייִדיש, וועט זיך באווײַזן א נויטווענדיקײַט אויך צו לייענען ייִדיש, און דערמיט וועלן מיר באקומען הונדערטער נײַע לייענער פון „סאָוועטיש היימלאנד“.

און נאָך אָט וואָס. א ווערטל זאָגט: „ווען ס׳זײַנען פאראן פינף ייִדן, הייסט עס, אז עס זײַנען פאראן צען מיינונגען“. דאָ זײַנען הײַנט פאראן ארום פופציק ייִדישע שרײַבער פון פארשיידענע דוירעס, און ס׳וואָלט זיך זייער געגלוסט אויסהערן א הונדערט מיינונגען און פאָרשלאָגן בענעגייע דער טעמאטיק פון דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער ליטעראטור און וויִאזוי מע געפינט דעם גלײַכגעוויכט צווישן דעם אָוואר און דער קעגנווארט, צווישן דעם ייִדישן און אלמענטשלעכן און אזוי ווײַטער.

די דאָזיקע פראגעס זײַנען אנטשטאנען פונעם לעבן גופע, און ווען פראגעס פאָדערן אן ענטפער, הייסט עס, אז די ליטעראטור לעבט און זוכט פאר זיך נײַע וועגן.

## וולאדימיר ביטקין (קעשענעוו): פון א זינגליד ביז א סימפאָניע

לויט ווי איך טראכט, איז „סאָוועטיש היימלאנד“ ניט בלויז א ליטעראריש־קינסטלערישער זשורנאל. אין טאָך איז ער הײַנט די טריבונע פון דער ייִדישער סאָוועטישער קולטור, אַף זײַנע זײַטן געפינט זיך אָן אָרט אויך פאר געשיכטע, לינגוויסטיק, מאָלערײַ, מוזיק אדג.

אַף פארשיידענע אופאנים פּראָפּאגאנדירט דער זשורנאל ייִדישע מוזיק. דאָס איז סײַ די טראדיציִאָנעלע נאָטן־רובריק „לאָמיר זינגען נײַע לידער“, סײַ די פילצאָליקע רעצענזיעס, ארטיקלען, בײַלאגע־ביכלעך, געווידמעט דעם ייִדישן פאָלקלאָר, דער שאפונג פון די קאָמפּאָזיטאָרן און אויספילער; דאָס זײַנען אויך די קאָנצערטן, וועלכע קומען פאָר אין רעדאקציע־לאָקאל גופע; און לעסאָף — די כראָניק־נאָטיצן, וואָס אינפאָרמירן דעם לייענער וועגן נײַע קאָנצערט־פּראָגראמען, מוזיקאלישע ווערק, פּלאטן, נאָטן־אויסגאבעס, מוזיק־קענטענישע שריפטן. ווער ווייסט, עפשער וועט מען אין דריטן יאָרטויזנט צונויפשטעלן אפן סמאך פון אָט די קנאפּע שורעס די איצטיקע געשיכטע פון דער ייִדישער סאָוועטישער מוזיק אין אלע אירע זשאנרען — פון א זינגליד ביז א סימפאָניע און אָפּערע.

אין די לעצטע זיבעציק יאָר האָט די ייִדישע מוזיק געהאט אירע טריִומפן און דעפּרעסיעס, זי האָט ארויסגערוקט אייגענע קלאסיקער און אויך צופעליקע אווטאָרן. אָבער טאָמיד איז פאר איר געווען, ווי א קינסטלערישער אָריִענטיר, די ייִדישע ליטעראטור. לאָמיר כאָטשבי דערמאָנען א. קריינס סויִטע „די נאכט אפן אלטן מארק“ לויט פּערעצעס דראמע, מ. גנעסינס ראָמאנסן אַף די ווערטער פון ייִדישע דיכטער, מ. ווײַנבערגס אָפּערע „מאזלטאָוו“ לויט שאָלעם־אלייכעמען.

אין אונדזערע טעג איז, צום באדויערן, דער צושטאנד פון דער ייִדישער מוזיק ניט אינגאנצן באפרידיקנדיק. דער שפּעפערישער איבערײַס צווישן דוירעס לאָזט זיך פילן ניט בלויז אינעם פארנאכלעסיקן דאָס זאמלען פאָלקלאָר, נאָר אויך אין די שוואכקײַטן פון דער שאפונג פון ייִדישע קאָמפּאָזיטאָרן. הײַנט זײַנען פאראן בא א צענדליק ייִדישע מוזיק־שעפער, און דער גרעסטער טייל פון זיי קאָנען דאָס מוזיקאלע מאמע־לאָשן ניט דירעקט פונעם פאָלק, נאָר פון צווייטע הענט, פון די פּאָפּולערע זינגלידער און זאמלונגען.

איצט שטעלט זיך א פראגע, צי א יונגער קאָמפּאָזיטאָר קאָן זיך האלטן פאר אן עכטן ייִדישן קאָמפּאָזיטאָר, אויב ער דערגרונטעוועט זיך ניט צו די לעבעדיקע מוזיקאלישע פאָלקס־אוצרעס, קוקט ניט ארײַן אין די אומשאצבארע ארכיוון פון א. און ה. קריין, מ. גנעסין, א. וועפּריק.

אַף די צווישנפעלקערלעכע ביכער־יארידים אין מאָסקווע קאָן מען, צווישן אנדערס, זען ייִדישע מוזיקאלישע אויסגאבעס פון אויסלאנד, וואָס זייער מערהײַט קוויקן זיך נאָך מיט טכומהאמוישעוודיקע מוסטערן אלס אויסדרוק פון דער נאָסטאלגיע נאָך די אלטע צײַטן, אָדער פּאָפּוליאריזירן גײַסטלאָזע מאכערײַקעס, וואָס כוץ ייִדישע אָדער העברעיִשע ווערטער אנטהאלטן זיי ניט אין זיך קיין שום ייִדישקײַט. צום באדויערן, מוז מען אנערקענען, אז אזעלכע „מוסטערן“ פון דער ייִדישער מוזיק שאצט מען אָפּטמאָל העכער, איידער די ערשטקלא־

סישע ערנסטע קונסט. אזוי אנטוויקלט זיך געשמאקלאָזיקייַט און גלייַכגילט צום אייגענעם פאָלק.

אוואדע זייַנען הייַנט אויך פאראַן דערגרייכונגען אין דעם געביט. אויסער דעם, וואָס איך פּערזענלעך טו, פארנעמען זיך מיט זאמלען דעם ייִדישן מוזיקאלישן פאָלקלאָר דמיטרי יאקירעוויטש (מאָסקווע) און ליודמילע דאכינע (מאָסקווע). א באַזונדערע אופמערקזאמקייַט פארדינט די וויסנשאפטלעכע טעטיקייַט פון מארינע ווייַנשטיין (לענינגראד). אָבער אין דער דאָזיקער רעשימע איז דערווייַל ניטאָ קיין איין פּראָפעסיאָנעלער קאָמפּאָזיטאָר, האגאם די מעלוכע גיט אונדז אַלע מעגלעכקייַטן צו אָרגאניזירן פּאָלקלאָריסטישע עקספּעדיציעס.

ס'איז קיין סאָפעק ניט, אז יעדער איינער פון אונדז וועט לייזן די אופגעקומענע פּראָבלעמען אַף זייַן אויפן, אָבער שוין איצט איז זייער וויכטיק, אז גראָד די יונגע זאָלן „גיין אין פאָלק", נאָכאמאָל און אָבעראמאָל זוכן און פארשרייַבן די מוזיקאַלישע אויצרעס, וועלכע האָבן, ניט געקוקט אַף גאָרניט, זיך פארהיט אין מעשעך פון יאָרהונדערטער.

# הערשל פּאָליאנקער (קיִעוו): זיך אַרייַנטראכטן אין ארומיקן לעבן

שרייַבער, זאָגט די וועלט, איז א באזונדער מין פאָלק. זיי געהערן ניט, כאָלילע, צו יענעם שייוועט מענטשן, וואָס זייט זיי שיטער און זיי וואקסן געדיכט. מע קען אויסלערנען א מענטשן סטאָליערייַ, שוסטערייַ, שנייַדערייַ, אים מאכן פאר אן אינזשעניער, א טעכניקער, אפילע פאר א דאָקטער, נאָר אויסלערנען זייַן א שרייַבער — דאָס איז אויסגעשלאָסן.

שרייַבער קומען צו ניט זייער אָפט, אי דאָס איינציקווייַז, ווייַל דאָס איז זייער אן איידעלע מעלאָכע. קעדיי זייַן א שרייַבער, מוז מען פארמאָגן „גאָטס פונק", דערצו נאָך געוווינשאפט צו גרויסער האָרעוואניע.

דאכט מיר, אז בעסער פון אַלעמען האָט אמאָל דערקלערט שאָלעם־אַלייכעם, האלב ערנסט און האלב אין שפּאס, — וואָס אזוינס איז טאלאנט. טאלאנט, — האָט ער געזאָגט, — איז דאָס זעלבע, וואָס געלט... איז דאָס דאָ, איז דאָ. איז עס ניטאָ איז... ניטאָ...

אנדערע לייענען איבער א פּאָר ביכער, און עס דאכט זיך זיי, אז ווערן א שרייַבער איז גרינג און פּאָשעט. אָבער אין דער „פּאָשעטקייַט" און אין דער „גרינגקייַט" איז אַרייַנגעלייגט האָרץ, נעשאָמע, טאלאנט, לעבנס־דערפארונג, האָרעוואניע. דערפאר טאקע, אז עס קומט א טאלאנטפולער דיכטער אָדער א פּראָזאִיקער אין דער ליטעראטור, רופט עס ארויס פרייד און פארגעניגן.

דער ייִדישער ליטעראטור האָט ניט אָפּגעגליקט.

אין מעשעך פון א ריי יאָרן, דעריקער, פאר און נאָך דער מילכאָמע, ווען מיר האָבן שטארק געליטן פונעם פּערזאָנען־קולט, ווען פון אונדזערע שרייַבערישע רייען זייַנען ארויסגעריסן געוואָרן די בעסטע שעפער, איז דער צוווּקס פון יונגע געווען זייער א באשיידענער. אנדערע האָבן שוין אונטערגעזאָגט — איך מיין די סקעפּטיקער, אז די ייִדישע ליטעראטור פארענדיקט אינגאנצן איר עקזיסטענץ און גייט אונטער. באזונדערס האָבן זיך געפרייט אונדזערע סאָנים און די וואָלוועלע אסימילאטאָרן. אָבער אזא איז דער געזעץ, אז נאציאָנאלע שפּראכן און נאציאָנאַלע ליטעראטורן לעבן און וועלן לעבן, קאָלזמאן עס לעבן די פעלקער.

די ייִדישע ליטעראטור, ניט געקוקט אַף אַלע אירע שוועריקייַטן און פארלוסטן, לעבט, איז טעטיק און פארנעמט איר אָרט אין דער פילנאציאָנאלער סאָוועטישער ליטעראטור. באזונדערס האָט זי זיך צעבליט מיט א פערטל יאָרהונדערט צוריק, ווען ס'האָט אָנגעהויבן דערשייַנען דער זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד", וועלכער האָט זיך דעראָבערט א סאך קאָוועד אין דער מישפּאָכע פון ליטעראַרישע אויסגאבעס. שוין דער פאקט אליין, וואָס ער האָט באקומען אזא הויכע אָפּשאצונג פון דער סאָוועטישער רעגירונג — באלוינט געוואָרן מיטן אָרדען פון „פעלקער־פרייַנטשאפט", זאָגט איידעס וועגן די דערגרייכונגען פון אונדזער ליטעראטור. און איינע פון די וויכטיקסטע דעראָבערונגען איז, פארשטייט זיך, דאָס, וואָס פאר דער לעצטער צייַט זייַנען אין איר צוגעקומען יונגע קויכעס. מיר געפינען זיך איצט אין דער מעסיבע פון א פריילעכער און טאלאנטפולער מישפּאָכע אָנפאנגער, איך וואָלט געזאָגט — דערצויגלינגען פונעם זשורנאל. דאָ שטעלן זיי די ערשטע טריט. דאָ האָבן זיי אָנגעהויבן זייער שפּערישן וועג.

עטלעכע יונגע שרייַבער זייַנען שוין ארויס פון די ווינדעלעך, און פרייען אונדז מיט זייערע אָריגינעלע ווערק, דעריקער האָט דאָס א שייַכעס צו אונדזערע יונגע פּראָזאִיקער. עס ווילט זיך גלייבן, אז דער קאָפּ וועט זיך בא זיי ניט פארדרייען פון די ערשטע דערגרייכונגען און פון די לויבערייַען, וועלכע זיי האָבן מיט זייער טאלאנט און האָרעוואניע ערלעך פארדינט.

עס זייַנען ניטאָ קיין גרייטע רעצעפּטן, וויאַזוי צו שרייַבן דערציילונגען, נאָוועלעס, ראָמאנען — יעדער פּראָזאִיקער האָט זייַן „סאָד", זייַן צוגאנג צום שעפן מאטעריאַל. אָבער צו דעם אַלעם איז זייער וויכטיק, אז די יונגע שרייַבער זאָלן זיך אויסלערנען, וויאַזוי זיך אַרייַנטראכטן אין ארומיקן לעבן, האָבן א גוט אויג און א שארפן געהער, קאָנען אופכאפּן אין דער רעאלער ווירקלעכקייַט

דאָס, וואָס רעגט און באומרויִקט אין אונדזער געזעלשאפט.

די יונגע האָבן, דאנקען גאָט, ניט איבערגעלעבט די מילכאָמע־שוידערן. בײַסן שרײַבן קומט זיי אָבער אויס צו באַרירן די דאָזיקע טעמע. און עס איז גאָר ניט קיין מוז, אז וועגן דער מילכאָמע זאָלן שרײַבן בלויז מענטשן, וואָס האָבן אָנטיילגענומען אין איר. און דאָך איז זייער ווינטשנסווערט, אז די יונגע שרײַבער זאָלן זיך אײַנהערן אין די רייד פון יענע וועטעראנען, וועלכע האָבן א סאך געזען און געהערט, פארשרײַבן זייערע זיכרוינעס. דאָס וועט אָן שום סאָפעק צוניץ קומען אין דער ארבעט.

איך וויל ווינטשן אונדזערע יונגע פרײַנט א גליקלעך און אָנגעשטרענגט לעבן אין דער ליטעראטור און זאָגן, אז זיי האָבן אַף זיך גענומען א בעקאָוועדיקן, שווערן אָל, זיי זײַנען געקומען אין פּראָפעסיאָנעל אויסגעשולטער גרויסער ליטעראטור, וועלכע האָט א רומפולע געשיכטע און איז בארימט און געשעצט מיט אירע הײַנטיקע דערגרייכונגען.

## מישע לעמסטער (קעשענעוו): מע דאַרף זיך נעמען פאר דער ארבעט

ווען איך זעץ זיך צום שרײַבטיש, טראכט איך וועגן דעם, אז דאָס אָנגעשריבענע דאַרף זײַן הײַנטצײַטיק, ווײַל ביז אונדז זײַנען געווען שרײַבער און נאָך אונדז וועלן זיי אויך זײַן. יעדער דאָר דערציילט וועגן זיך. ס׳איז אָבער פאראן נאָך איין אַספּעקט פון אונדזער שאפונג — די נאציאָנאלע פאָרם אין דער הײַנטצײַטיקער ליטעראטור. פונוואנען נעמט מען ייִדישן קאָלאָריט? דאָס איז א פראגע פאר אלע ייִדישע שריפטשטעלער אין אלע לענדער. איך האָב געווינט אין א שטעטל, ווייס איך און געדענק נאָך עפּעס־וואָס, אָבער די ייִנגערע פון מיר? די מאָסקווער, לענינגראדער? זיי שעפּן נאציאָנאלע אייגנארטיקײַט פון ביכער. אומאָפּהענגיק, צי דאָס איז גוט, צי שלעכט, צי די בוך־קוואלן זײַנען גענוג, צי ניט גענוג, — אלציינס איז נייטיק, אז דאָס, וואָס מיר באקומען פון דער ליטעראטור גופע, זאָל זײַן ראיעל און גוט אונטערגעקליבן. מיר דאַרפן האָבן ביכער וועגן דער ייִדישער געשיכטע, ווי אויך נײַע אויסגאבעס פון די ווערק פון די גרויסע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער און דיכטער — בערגעלסאָנס, מארקישעס, שווארצמאנס, דעם ניסטערס אאוו. ס׳איז געקומען שוין די צײַט ארויסצולאָזן אַן ערנסטע אנטאָלאָגיע פון דער ייִדישער דיכטונג, צוטרעטן איבער דער ארבעט פון שאפן די געשיכטע פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור.

וואָס איז שײַך אונדז, די יונגע, איז — גענוג קאָמפּלימענטן, מע דאַרף זיך נעמען פאר דער ארבעט, ווײַל ווער וועט אנטוויקלען ווײַטער די ייִדישע ליטעראטור, אויב ניט מיר — די יונגע?

## זיסי ווייצמאן (קוּיבישעוו): מיר וועלן באַרעכטיקן דעם צוטרוי

די אופגאבע פון אונדזער דאָר איז — ניט אָנווערן די ווירדע פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור.

די פארייִנגערונג פון אונדזער ליטעראטור איז ניט קיין קינסטלעכע. דאָס איז א נאטירלעכער פּראָצעס פונעם אומבײַט פון דוירעס. אונדזער גליק באשטייט אין דעם, וואָס מיר האָבן בא וועמען זיך צו לערנען.

ווי קיינער ניט, נייטיקן זיך די יונגע שרײַבער אין שטרענגער, פּרינציפּיעלער קריטיק. ס׳איז צו באדויערן, וואָס ביז איצט האָט קיינער פון אונדזערע עלטערע שריפטשטעלער ניט אָנגעשריבן קיין אויספירלעכן ארטיקל וועגן דער שאפונג פון יונגע פּאָעטן און פּראָזאיִקער. מע האָט מיר געזאָגט, אז דער אווטאָר פונעם פאָרוואָרט צו לעוו בערינסקיס ערשטן בוך, וועלכער גייט אינגיכן ארויס, איז דער הויפּט־רעדאקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאנד". אויב דאָס איז אזוי, בין איך זייער צופרידן. איך וויל זאָגן די עלטערע שריפטשטעלער, אז מיר געדענקען, ווער ס׳האָט אונדז געבראכט אַף דער וועלט, און מיר וועלן זיך סטארען באַרעכטיקן דעם צוטרוי.

צום סאָף דערלויבט מיר פאָרלייענען פיר עקספּראָמט־שורעס, וועלכע האָבן א שײַכעס אויך צו דער הײַנטיקער באראטונג:

איר, וועטעראנען, וואָס אין שלאכט זײַט ניט געפאלן,
א לעבן דורכגעמאכט — אַף מיר אזא יאָר!
די שײַן פון לענינס דוירעס איז אַף אײַך געפאלן,
פאר אײַך פארנייגט דעם קאָפּ זײַנעם דער יונגער דאָר.

# יויסעף בורג (טשערנאָוויץ): אײַנדרוקן פון דער באַהאַנדלונג

צוויי טעג איז אױף אונדזער באַראַטונג אָנגעגאַנגען אַ הייסער אופּריכטיקער שמועס. זיצנדיק דאָ, האָב איך זיך באַמיט צו פאַרשטיין, וואָס דאָס זײַנען פאַר יונגע מענטשן, וועלכע די רעדאַקציע האָט פאַרבעטן, האָבנדיק אַזעלכע ערנסטע קאַוואָנעס. איך האָב זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו די אַרויסטרעטונגען, און כאָטש ניט מיט אַלץ, ביז די מינדסטע פּראָטים, קאָן איך מאַסקים זײַן, אָבער ס'איז פריידיק גופא דער פאַקט, וואָס יונגע, געבילדעטע אָנפאַנגער־שרײַבער האָבן מיט גרויס אינטערעס באַהאַנדלט ייִדישע ליטעראַרישע פּראָבלעמען. עמעס, ניט אַלע באַהערשן אין אַ גלײַכער מאָס די לעבעדיקע שפּראַך, אָבער ניט געקוקט אױף דעם, האָט פונדעסטוועגן זיך געשפּירט אַ פולסירנדיקער אימפּעט, וואָס זאָגט אײדעס וועגן אינערלעכער יוירונג, שווּנג און ווילן צו שאַפן אין ייִדיש.

פאַרשטייט זיך, אַז דער ווינקלשטיין פונעם ליטעראַרישן שאַפן איז דאָס קינסטלערישע וואָרט. עס דאַרף אָבער באַטאָנט ווערן, אַז דאָס וואָרט איז ניט נאָר די מאַטעריע פון געדאַנק, נאָר אויך דער נאַציאָנאַלער לעוווּש.

וועט עפּשער זײַן אינטערעסאַנט בא דער געלעגנהײַט צו דערמאָנען, אַז נאָך דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין טויזנט נײַן הונדערט אכטן יאָר, האָט דער פילאָלאָג און פאָרשער ד'ר מיזעס געזאָגט, אַז אויב אַפילו אַ טייל פון אַ פאָלק רעדט אױף דער אייגענער שפּראַך, בלײַבט אַלציינס די דאָזיקע שפּראַך אַ נאַציאָנאַלע באַם פאָלק. דאָס איז אויך שײַעך סײַ צו ייִדיש, סײַ צו דער ייִדישער ליטעראַטור.

מע דאַרף אויך אָנערקענען דעם פאַקט, אַז פאַר די לעצטע אכציק יאָר נאָך דער קאָנפערענץ האָט ייִדיש דורכגעמאַכט אַ גוואַלדיקן קפיצעס האַדערעך. מיר האָבן אָנגעיאָגט גרויסע קולטור־שפּראַכן, און געגעבן דער וועלט מאָנומענטאַלע ווערק.

אָבער די שפּראַך־אוצרעס זײַנען די ציגל, מיט וועלכע דער שרײַבער בויט זײַן געבײַדע. און עס שפּילט דערבײַ אַ גרויסע ראָל די אינפאָרמאַציע, דער סיידער פון די ווערטער, די קאָנפיגוראַציע פון דער פּראָזע. דאַכט זיך, אַז דאָס זײַנען אַלטע, עלעמענטאַרע און אַלגעמיין־באַוווּסטע עמעסן, און דאָך קומט אויס אין צוזאַמענהאַנג מיט אַט דער באַגעגעניש אַרום דעם טיש פון אונדזער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור דערמאָנען וועגן דעם.

קאָן זײַן, אַז וועלוול טשערנין איז געווען גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז עס איז בא אונדז ניט אינגאַנצן אַ נאַטירלעכער איבערגאַנג פון דאָר צו דאָר. עס איז אָבער באַוווּסט, אַז אין דער ליטעראַטור באַשטימען ניט קיין דוירעס, נאָר ווערק. אין דעם פּראַט איז באַשײַמפּערלעך, ווי אַזוי אייניקע פון די יונגע שרײַבער זוכן מאָדערנע אויסדרוק־מיטלען פאַר זייערע שטימונגען און געדאַנקען. אַנדערע זעצן פאָר באַשטימטע טראַדיציעס פון אונדזער קלאַסישער ליטעראַטור.

איך האָב אויפמערקזאַם נאָכגעפאָלגט יעדע אַרויסטרעטונג, באַוווּנדערט, מיט וואָס פאַר אַ ברען דער יונגער אוילעם האָט באַרירט פּראָבלעמען סײַ פונעם לעבן, סײַ פון דער ליטעראַטור. ס'איז שווער צו זאָגן נעוויִעס, וויפל פון די יונגע שרײַבער וועלן דערגיין צו די הייכן פון פּראָפעסיאָנעלקײַט. די געשיכטע ווייסט צו דערציילן פון שריפטשטעלער, וואָס האָבן אָפּגעזונגען זייער געזאַנג אין עטלעכע יאָר, און דערנאָך זײַנען זיי פאַרשווּנדן. ריכטיק איז אָנגעוויזן געוואָרן אױף דער זיצונג, אַז וויפל ס'זאָל ניט בלײַבן, וועט עס זײַן אַ גליקלעכער בײַטראָג צו דער ייִדישער ליטעראַטור אין דעם קומענדיקן יאָרהונדערט.

בעט זיך דערבײַ אויך מאַכן אַ ווײַט־גייענדיקן פאַרגלײַך: מיר דאַכט זיך, אַז די אַנטוויקלונג פונעם ייִדישן שאַפן האָט ניט אין קיין שום אַנדערן ייִדישן ייִשעוו אַזויפיל מעגלעכקײַטן און צוזאָגן, ווי אין אונדזער לאַנד. קיין איין גרויסער ייִדישער קולטור־צענטער קאָן זיך ניט רימען מיט אַזאַ אויפקום פון נײַע יונגע טאַלאַנטן.

איז לאָמיר האָפן, אַז אָט די ערשטע באַגעגעניש מיט אונדזערע יונגע יאָרשים וועט זײַן אַ פרוכטבאַרע.



## אווראָם קאַצעוו

# צען מיניאַטורן

### אין פּאַרטיי כ׳בין פון לאַנג

אין פּאַרטיי כ׳בין פון לאַנג, ניט צוליב א פּאַרטפּעל
(כ׳האָב א גראָבן פּאַרטפּעל, פּול מיט קינדערשע העפטן) —
כ׳צאָל איר צו, דער פּאַרטיי, צאָל מיט האַרץ, ניט מיט געלט,
איך זאָל האָבן דאָס רעכט מיט איר פּאָן זיך באַהעפטן.

### ביזן לעצטן טראָפּן בלוט

„נא דיר מײַן בלוט, אויב דו קענסט עס פאַרנעמען,
פּריש בלוט — פון ווענע צו וועגע", —
געזאָגט האָט ער צום לאַנד מיט א ניט־דאַיק געזיכט —
...און אַף זײַן אומקער פון דער מילכאָמע האָט
זיך שוין קיינער ניט געריכט.

### אַף א צווישנפעלקערלעכער טעמע

„באַפליגלטע ראַקעטעס". מאַך ניט מיט דער האַנט —
ס׳איז עכט־הומאַניש דאָך, די מענטשן־ליבע פלאַמט:
די געגנדז אַרויסגעכאַפּט, די שטײַג בלײַבט ווי געוועזן.
עס קומט צוניץ א שטײַג. מע וועט דאָך שטאָפּן געגנדז!

### גערעכט איז דאָס פאָלקסווערטל

א ביין איז דער, וואָס טראָגט אין בינשטאָק האָניק,
און ניט ווער ס׳זויפט מיט דעם פּאָלאַניק.

### שוועסטערלעך

א פּאָרעלע — א קעפּל צו א קעפּל,
פונקט ווי אַף צווייען א צעטיילטער עפּל.
איין פּאָנעם, און איין מאַמע, און איין וויג —
און אויסגעשלאָסן איז דאָ יעדער קריג!

* * *

דאָרט, ווו ס׳וואַקסט די רויז אָן דערנער,
דאָרטן איז דער אָקס אָן הערנער,
און דער וואָלף איז אָן א גאָל,
און דער קלאָל איז אָן א קוואָל.

### די עלטער

אמאָל פלעג מיר זאָגן מײַן קליינינקער זון:
— טאַטע, וואָס פליסטו? מע לאַכט דאָך דערפון?
הײַנט גיי איך פּאַוואָליע, סטאַטעטשנע, סאָליד.
— טאַטע, וואָס טוסטו?
— כ׳צייל, זוניו, די טריט.

### א הײַנטצײַטיקער מאָטל

— הונט, מײַן אַלטער הונט, האָסט אויך מיך ניט דערקענט?
וואָס האַווקעסטו אַף מיר, אַף מײַלעך שלוימען?
— שלוימע טײַערער, ס׳איז ניט אין מיר געווענדט —
איך בין א הונט באַם שוימער.

### ווען מענטשן הונגערן

אויב מענטשן הונגערן נאָך, מעג מיר פאַסטן
א טאָג צי צען אין יאָר אַלטמאָדיש פאַסטן,
קעדיי ניט אײַנדערמלען אין זאַטער רו,
ווען מענטשן הונגערן נאָך ערגעץ־ווו.

### יונגקײַט

ווער זינגט עס דאָרטן טיף אין הויף מיט אזא הילכיק קעלכל?
ווער לאָזט עס אַלעמאָל אַרויס א זיסינק קוועלכל?
דאָס האָנעכל, דאָס יונגע הענדעלע —
עס שפּראָצט שוין אַפן קאָפּ בא דעם א רויטינק פענדעלע!

• • •

# EL RESUMEN

## "Soviétish Héimland" ("La Patria Soviética")
## N° 11, noviembre, 1987

"Se advirtió que las revoluciones que más trascendental impronta dejaron sobre la historia de la humanidad, no solo respondían a los objetivos del desarrollo social en los países donde se produjeron, sino del desarrollo mundial en su totalidad. La Gran Revolución Socialista de Octubre se inscribe de modo orgánico en esta lógica. En los albores del siglo XX, cuando el paso del capitalismo al socialismo se planteó a escala planetaria, fue el Octubre el que con más plenitud plasmó este objetivo abriendo la época de transformación revolucionaria sobre el eje socialista. Al mismo tiempo, la Revolución de Octubre fue muy arraigada en la realidad rusa y adecuada a los intereses y necesidades de los pueblos de Rusia": así empieza el artículo "El gran Octubre y los destinos históricos de nuestra patria", de P. Volobúiev, miembro correspondiente de la Academia de Ciencias de la URSS, que abre el número de noviembre de "Soviétish Héimland".

1987 es el año del 70 Aniversario de la Gran Revolución Socialista de Octubre, fecha que es conmemorada con amplitud no solo en la URSS, sino en todos los países. A lo largo de once meses hemos publicado regularmente escritos dedicados a este destacado evento en la historia de la humanidad. El presente número es todo consagrado a dicho tema. Las obras literarias incluidas aquí tratan de los ya lejanos años de lucha por el socialismo, que repudiaba compromisos, y de los acontecimientos de hoy día, época de *perestroika,* dispuesta a materializar y profundizar los ideales heredados de los primeros combatientes de la Revolución.

El tema de sucesión de las generaciones es central en el número. "Aliento de la tempestad" se titula la sinopsis de la prensa judía de 1917-1920, donde como en secuencias cinematográficas aparecen los primeros pasos que la Revolución dio en nuestra patria inmensa, incluso los cambios radicales operados en el destino de los trabajadores judíos y la lucha por el nuevo modo de vida.

El lector encontrará en este número dos poemas consagrados a la Revolución: "Los Doce", de Alejandro Blok, versión en jíddish de Moishe Broderzon, y "La tempestad roja", de Leib Kvitko, uno de los fundadores de la poesía judía soviética.

The readers will find in the issue two poems devoted to the Revolution: "Twelve" by Alexander Blok translated by Moishe Broderson, and "Into the Red Storm" by Leib Kvitko, one of the founders of Soviet Jewish poetry.

The poetical world is also represented by verses of modern poets: Motl Golbstein (Simferopol), Boris Moghilner (Moscow), Pinya Plotkin (Bobruysk), and Motl Gruvman (Novgorod). Poetry is advanced by Avrom Katsev (Kherson).

Our contemporaries, their everyday life and problems are portrayed in the artistic essays under the heading "October in our Life": "So that a War May Not Interfere" by Chaim Melamud (Chernovtsy), "The Road to Life" by Hershl Polyanker (Kiev), "Siberian Motives" by Chaim Gurevich (Novosibirsk), "One Must ..." by Kima Greidina (Moscow), "Roads" by Iosif Burg (Chernovtsy), "Twins" by Ruvim Pustylnikov (Malakhovka, Moscow region), "A Crane-Master" by Hirsh Reles (Minsk), "The Master of the District" by Max Riyant (Samarkand), "A Hard Nut" by Shira Gorshman (Moscow).

"Cherkask Novelles" written in the style of artistic memoiristics are presented by Moishe Loev (Chernovtsy) under the heading "Pictures of the Past".

A series of documentary essays by Solomon Verkhovsky (Moscow) "Heroes Do Not Die" is devoted to the thirteen Jewish pilots who, during the Great Patriotic War, repeated the heroic feat accomplished by Nickolai Gastello: to Isaak Presaizen, Isaak Betsis, Izrael Kapilevich, Leon Vilkomir, Isaak Zazulinsky, Isaak Shvartsman, Zinovi Levitsky, Efim Sagaidachny, David Uderman, Shike Kardansky, Isaak Irzhak, Ilya Katunin, Boris Solomonik.

At the beginning of June this year during one of the "Sovietish Heimland" editorial board sessions there was a meeting of young Jewish writers where they discussed problems that face them and Jewish writers where they discussed problems that face them and Jewish Soviet literature at large. The magazine's issue contains speeches delivered by Aron Vergelis, Editor-in-Chief of the "Sovietish Heimland", by the Jewish writers of the older generation: Ikhil Shraibman (Kishinev), Tevje Gen (Moscow), Hershl Polyanker (Kiev), and Iosif Burg (Chernovtsy), as well as speeches by younger literary men: Mikhail Felzenbaum (Beltsy), Boris Sandler (Kishinev), Ghennadi Estraikh (Moscow), Leonid Rakhman (Chelyabinsk), Velvl Chernin (Moscow), Alexander Belousov (Kuibyshev) Dmitri Yushkovsky (Moscow), Vladimir Bitkin (Kishinev), Moisey Lemster (Kishinev) and Zisi Veitsman (Kuibyshev).



**Supplement to the issue:**
**"In the Stormy Days"**

# RÉSUMÉ

## "Sovietish Heimland" ("The Soviet Homeland")
## No 11, November, 1987

"It has been noticed that the revolutions that have left deep prints in the history of mankind were called into being not only by the necessities of social development within the countries they took place in but also by the world development at large. The Great October Socialist Revolution has organically joined the context of this general regularity. At the beginning of the 20th century, when a task of transition from capitalism to socialism matured world-wide, it was the October Revolution that implemented it in full measure by starting the era of revolutionary reconstruction of the world on new socialist principles. At the same time, the October Revolution was deeply rooted in Russian life and represented national interests and needs of the peoples of Russia"—these are the words that open the article by P. Volobuev, corresponding-member of the Academy of Sciences of the USSR, "The Great October and Historic Destinies of our Motherland" which launches the November issue of "Sovietish Heimland".

1987 is the year of the 70th anniversary of the Great October Socialist Revolution,—the date widely commemorated not only in the USSR but in all countries of the world. Throughout the year, our magazine has been publishing various materials covering this outstanding event in the history of mankind. The current, November, magazine's issue is completely composed of the material on the subject. The literary works included into the "Sovietish Heimland" November issue reflect both remote years of uncompromise struggle for the victory of socialism and events of our times—of the epoch of perestroika (restructuring) called forth to further develop and convert into facts of life the ideals bequeathed to us by the first revolutionary fighters.

The theme of the continuity of generations is vividly running all through the issue. "The Breath of Stormy Times" entitles the review of the 1917-1920 Jewish press. As a motionpicture, it presents "film stills" that have incarnated the first steps of the Revolution on the spaciousness of Motherland. Radical changes that have taken place in the life of Jewish working masses, the fight for a new way of life are also illustrated.

Читатели найдут в этом номере две поэмы, посвященные революции: «Двенадцать» Александра Блока в переводе Мойше Бродерзона и «В красную бурю» одного из основоположников советской еврейской поэзии Лейба Квитко.

Поэзия представлена также стихами современных авторов — Мотла Голбштейна (Симферополь), Бориса Могильнера (Москва), Пини Плоткина (Бобруйск) и Мотла Грувмана (Новгород). С поэтическими миниатюрами выступает Авром Кацев (Херсон).

О наших современниках, об их повседневных делах и проблемах рассказывают художественные очерки, помещенные под рубрикой «Октябрь в нашей жизни»: «Чтобы война нам не помешала» Хаима Меламуда (Черновцы), «Путь в жизнь» Гершла Полянкера (Киев), «Сибирские мотивы» Хаима Гуревича (Новосибирск), «Надо...» Кимы Грейдиной (Москва), «Дороги» Иосифа Бурга (Черновцы), «Двойня» Рувима Пустыльникова (Малаховка, Московская область), «Крановщица» Григория Релеса (Минск), «Хозяин района» Макса Рианта (Самарканд), «Твердый орешек» Ширы Горшман (Москва).

Под рубрикой «Картины былого» публикуются «Черкасские новеллы» Мойше Лоева (Черновцы), представляющие собой жанр художественной мемуаристики.

Цикл документальных очерков Соломона Верховского (Москва) «Герои не умирают» посвящен тринадцати летчикам — евреям, повторившим в годы Великой Отечественной войны подвиг Николая Гастелло, — Исааку Пресайзену, Исааку Бецису, Израилю Капилевичу, Леону Вилкомиру, Исааку Зазулинскому, Исааку Шварцману, Зиновию Левицкому, Ефиму Сагайдачному, Давиду Удерману, Шике Карданскому, Исааку Иржаку, Илье Катунину, Борису Соломонику.

В начале июня этого года на одном из заседаний редколлегии журнала «Советиш геймланд» состоялось совещание молодых еврейских писателей, на котором были обсуждены проблемы, стоящие перед ними и перед еврейской советской литературой в целом. В номере публикуются тексты выступлений главного редактора «Советиш геймланд» Арона Вергелиса, писателей старшего поколения — Ихила Шрайбмана (Кишинев), Тевье Гена (Москва), Гершла Полянкера (Киев) и Иосифа Бурга (Черновцы), а также молодых литераторов — Михаила Фельзенбаума (Бельцы), Бориса Сандлера (Кишинев), Геннадия Эстрайха (Москва), Леонида Рахмана (Челябинск), Велвла Чернина (Москва), Александра Белоусова (Куйбышев), Дмитрия Юшковского (Москва), Владимира Биткина (Кишинев), Моисея Лемстера (Кишинев) и Зиси Вейцмана (Куйбышев).



**Приложение к номеру:**
**«В те грозовые дни»**

# РЕЗЮМЕ

«Советиш геймланд» («Советская родина»)
№ 1, ноябрь, 1987

«Замечено, что революции, оставившие глубокий след в истории человечества, были вызваны к жизни не только потребностями общественного развития тех стран, где они произошли, но и мирового развития в целом. Великая Октябрьская социалистическая революция органично вписывается в контекст этой общей закономерности. В начале XX века, когда во всемирном масштабе назрела задача перехода от капитализма к социализму, именно Октябрь полнее всего выразил ее, открыв эпоху революционного переустройства мира на новых, социалистических началах. Вместе с тем Октябрьская революция имела глубокие корни в российской действительности и отвечала национальным интересам и потребностям народов России», — этими словами начинается статья члена-корреспондента АН СССР П. Волобуева «Великий Октябрь и исторические судьбы нашей Родины», которой открывается ноябрьский номер журнала «Советиш геймланд».

1987 — год 70-летия Великой Октябрьской социалистической революции, широко отмечаемого не только в СССР, но и во всех странах мира. На протяжении всего этого года наш журнал регулярно публиковал материалы, посвященные выдающемуся событию в истории человечества. Настоящий, ноябрьский, номер целиком составлен из материалов на эту тему. Произведения, вошедшие в ноябрьскую книжку «Советиш геймланд», отражают и далекие годы бескомпромиссной борьбы за победу социализма, и события нашего времени — эпохи перестройки, призванной углубить и воплотить в жизнь идеалы, завещанные нам первыми бойцами революции.

Тема преемственности поколений красной чертой проходит через весь номер. «Дыхание бурного времени» — так озаглавлен обзор еврейской прессы 1917—1920 гг. В нем, как в киноленте, воспроизводятся «кадры», которые воплощают первые шаги революции на просторах родины. Показаны также радикальные изменения в судьбе еврейских трудовых масс, борьба за новый уклад жизни.

**СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД**

**(Советская родина)**

**Ежемесячный**
**литературно-художественный журнал**

*На еврейском языке*

**Орган Союза писателей СССР**

**Издается с 1961 г.**

**Издательство «Советский писатель»**

Главный редактор **А. ВЕРГЕЛИС**



Адрес редакции журнала:
101000, Москва, Центр, ул. Кирова, 17.

Телефоны:
главный редактор — 228-27-91
ответственный секретарь — 923-96-07

Художественная и техническая редакция
С. Черняк, Е. Чернина
Корректор В. Чернин

Сдано в набор 31.08.1987. Подписано к печати 30.10.1987. Формат 70×108 1/16. Бумага типографская № 1. Печ. л. 11+0,25 вкл. (Усл. печ. л. 15,75). Бум. л. 5,5+0,125. Цена 70 коп. Зак. 474.

Ордена Трудового Красного Знамени
Московская типография № 7 «Искра революции»
«Союзполиграфпрома» Государственного
Комитета СССР по делам издательств,
полиграфии и книжной торговли.
Москва, 121019, пер. Аксакова, 13.

Цена 70 коп.
70821

issn 0134—4315

# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА



**В НОМЕРЕ:**



1987

№ 11